# ש״ס תחנה

# רב פנינים

מיט פיעלע פירושים און משלים אין עברי טייטש, צווישען
וועלכע עס געפינען זיך משלי דוד, מגדל דוד,
משלי אבות, משלי מוסר, דברי צדיקים
מנחת יצחק, מעשה חכמים, דינים,
תפלות. א. ז. וו.

ענטהאלט

## הונדערט זעקס און זיבעציג

גייע און אלטע תחנות און משלים, ארויסגענומען פון פיעלע
מדרשים און ספרי מוסר.

היברו פאבלישינג קאמפאני

Printed in United States
**Hebrew Publishing Company, New York.**

# אינהאלטס-פערצייכניס:

# לוּחַ הַמְּשָׁלִים.

זֶעהְר שֶׁעהְנֶע און קְלוּגֶע מְשָׁלִים עֶנְטְנוּמֶען פון מִשְׁלֵי דָוִד, מִנְחַת יִצְחָק, מַעֲשֵׂה חֲכָמִים, מִגְדַּל דָּוִד, קוֹל יַעֲקֹב, מִשְׁלֵי אָבוֹת, מִשְׁלֵי מוּסָר און אַנְדֶערֶע סְפָרִים:

# תְּחִנּוֹת שַׁחֲרִית

**אַ תְּחִנָּה צוּ זָאגֶען אִין דֶער פְרִיה וֶוען מֶען וַואכְט אוֹיף פוּן שְׁלָאף:**

רִבּוֹנוֹ שֶׁל עוֹלָם! אִיךְ בִּין נִיט וֶוערְט דַיין חֶסֶד וָואס דוּ טְהוּסְט מִיר צוּ יֶעדֶער צייט, בִּפְרַט בַּיי מַיין אוֹיפְשְׁטֶעהְן פוּן שְׁלָאף. אִיךְ לוֹיב אוּן דַאנְק דַיין הֵיילִיגֶען נָאמֶען פַאר דֶער נְשָׁמָה וָואס דוּ הָאסְט מִיר צוּרִיקְגֶעגֶעבֶּען מִיט דַיין עֶרְבַּארְמוּנְג:

אַ תְּחִנָּה צוּ נֶעגֶעל־וַואסֶער:

גְרוֹיסֶער בַּארֶעמְהֶערְצִיגֶער גָאט! אַזוֹי וִוי דוּ בִּיזְט קָדוֹשׁ (הֵיילִיג) וְטָהוֹר (אוּן רֵיין) אַזוֹי הָאסְטוּ פַארְזָאגְט אִין דַיין הֵיילִיגֶער תּוֹרָה אַז קְדוֹשִׁים תִּהְיוּ, אִיהְר זָאלְט זַיין הֵיילִיג. דֶערְפַאר הָאבֶּען אוּנְזֶערֶע חֲכָמִים מְתַקֵּן גֶעוֶוען, אַז מִיר זָאלֶען יֶעדֶען פְרִיהמָארְגֶען וַואשֶׁען דִי הֶענְד, וַוייל דִי הוֹיפְט טוּמְאָה לִיגְט אוֹיף דִי הֶענְד. דִי פִינְגֶער דַארְפֶען זַיין הֵיילִיג אוּן רֵיין פוּן יֶעדֶער שְׁמוּץ, אַזוֹי וִוי דוּ פֶערְלַאנְגְסְט אִין דַיין הֵיילִיגֶער תּוֹרָה:

אַ תְּחִנָּה בַּיים וַואשֶׁען דִי הֶענְד:

גֶעלוֹיבְּט בִּיזְטוּ גָאט, אוּנְזֶער גָאט, קֶענִיג פוּן דֶער וֶועלְט, וָואס הָאט אוּנְז גֶעהֵיילִיגְט מִיט זַיינֶע מִצְוֹת אוּן הָאט אוּנְז גֶעבָּאטֶען צוּ וַואשֶׁען דִי הֶענְד. וִוי דוּ שְׁרַייבְּסְט אִין דַיין הֵיילִיגֶער תּוֹרָה וִהְיִיתֶם קְדוֹשִׁים, אִיהְר אִידֶען זָאלְט זַיין הֵיילִיג. אוּנְזֶערֶע חֲכָמִים הָאבֶּען גֶעזָאגְט, מֶען זָאל דִי הֶענְד וַואשֶׁען, וַוייל דִי גַאנְצֶע אוּנְהֵיילִיגְקֵייט לִיגְט אִין דִי הֶענְד, מִיט דִי הֶענְד קֶען אַ מֶענְשׁ טְהָאן פִיעל שְׁלֶעכְטֶעס, אוּן דֶערְפַאר דַארְף עֶר זֵיי הַאלְטֶען הֵיילִיג אוּן אָפְּוַואשֶׁען פוּן זֵיי אַלֶע שְׁמוּטְץ:

אַ תְּחִנָּה צוּ אֲשֶׁר־יָצַר:

גֶעלוֹיבְּט בִּיזְטוּ גָאט, אוּנְזֶער גָאט, דֶער קֶענִיג פוּן דֶער וֶועלְט וָואס עֶר הָאט בֶּעשַׁאפֶען דֶעם מֶענְשֶׁען מִיט חָכְמָה, אוּן עֶר הָאט גֶעמַאכְט אִין אִיהְם לֶעבֶער אוּן הוֹילֶע רֶעהְרֶען, וִוי: אַ מוֹיל, נָאז,

אויפֿערן, הארץ, געדערים, און נאך און נאך. עס איז ענטדעקט און בעוואוסט פאר דיין כסא הכבוד, אז ווען איינס פון די פערמאכטע אברים זאל געעפֿענט ווערען, וואלט ניט מעגליך געווען צו לעבען און צו שטעהן פאר דיר. געלויבט ביזטו גאט, דער רופא פון אלע בעשעפֿעניששען און וועלכער טהוט גרויסע וואונדער:

## תחנה פון אלהי נשמה

דאס זאגט מען אלע טאג:

מיין גאט! די נשמה וואס דו האסט אין מיר געגעבען איז ריין. דו האסט זי בעשאפֿען, דו האסט געפֿארמט איהר געשטאלט, דו האסט זי אין מיר אריינגעבלאזען און דו היטסט זי אין מיר, און דו וועסט איהר צונעהמען פון מיר און אומקעהרען צו מיר לעתיד לבא. די גאנצע צייט וואס די נשמה איז אין מיר, דאנק איך דיר, גאט מיין גאט און דער גאט פון מיינע עלטערען, דער הערר פון אלע ווערק, דער הערר פון אלע נשמות. געלויבט ביזטו גאט, דער וואס קעהרט אום די נשמות צו די טויטע גופים:

# תחנה קבלת עול מלכות שמים.

די תחנה זאל יעדע אשה זאגען אלע אין־דער־פֿריה. זי איז מלוקט פון די היילינגע תנאים באמוראים און אויך פון די גרעסטע גאונים ני"ע:

רבון כל העולמים, הערר פון אלע וועלטען, קעניג איבער אלע קעניגע, וואס אין דיין האנד איז דאס נפש פון אלע באשעפֿעניששען, די גאנצע וועלט איז פול מיט דיין כבוד,

---

התעוררות פאר דער תפלה

די ספרי מוסר שרייבען, אז יעדער מענש ווען ער שטעלט זיך תפלה טאן פאר השי"ת דארף זיך פֿאר־שטעלען, ווי ער וואלט געווען אז ער וואלט זיך געשטעלט פאר א מלך בשר ודם צו בעטען עפעס פון אים

דער מענשליכער שכל איז גאר ניט אימשטאנד צו פערשטעהן דיין גרויסקייט מיט דיינע מעשים. אלע הימלען, די זונן, די לבנה מיט אלע שטערען, וואס יעדער שטערען איז פאר זיך גאר א בעזונדערע וועלט. אויך דער ים אוקינוס, דער ים הקרח, דער ים הגדול מיט זייערע פערשיידענע ברואים, אלע טייכען מיט זייערע פערשיידענע פיש, אלע בערג און טהאלען, אלע מדבריות מיט די פערשיידענע חיות, יעדעם ווערימעל אויף דער ערד און אונטער דער ערד, אויך אלע גרעזליך מיט אלע פערשיידענע בוימער, לויבען אלע טאג צו דיין ליבען נאמען און ווייזען אויף דיין גרוים כבוד פאר דער גאנצער וועלט. דו האסט בעשאפען דעם מענשען פון ערד, אזוי ווי די תורה זאגט „עפר מן האדמה", און דו האסט אין איהם געגעבען א נשמת רוח חיים, דאס ער זאל זיין אויסערוועהלט פון אלע בעשעפעניששען און ער זאל געוועלטיגען איבער זיי. און דיין רעכטען תכלית זאל ער געפינען מיט דעם וואס ער וועט אין אלע דיינע מעשים באקלערען דאס דיין געטליכקייט איז פול איבעראל, אזוי ווי דוד המלך זאגט אין תהלים „שויתי ה' לנגדי תמיד", איך האב נאט כביכול שטענדיג פאר מיר. דער פשט איז, אין אלע דיינע מעשים זעה איך דיין געטליכקייט פאר מיר און איך שטעל מיר פאר אין געדאנק גלייך ווי דער אויבערשטער שטעהט לעבען מיר און זעהט אלע מיינע

התעוררות פאר דער תפלה

פיר זיך זעלבסט אדער פיר זיין הויזגעזינד, געוויס וואלט באן אויף אים אנגעפאלען אן אימה ופחד. פיליכט רעדט ער ניט ווי מען בארף, פיליכט שטעהט ער ניט פאר איהם בכבוד וכדומה. ער וואלט געשטאנען אין

מַעֲשִׂים. דָאס אִיז דֶער עֶרְשְׁטֶער כְּלָל פוּן אוּנְזֶער תּוֹרָה. דָאס דֶער אִיד דַארְף שְׁטֶענְדִיג גֶעדֶענְקֶען אוּן הָאבֶּען אִין זִינֶען דֶעם בּוֹרֵא עוֹלָם, דֶען וֶוען אַ אִיד גֶעהְט אַרוּם מִיט דֶעם הֵייְלִיגֶען גֶעדַאנְק, אִיז עֶר בַּארֶעכֶענְט מִיט אַלֶע זַיינֶע מַעֲשִׂים, דָאס זַיין גַאנְץ לֶעבֶּען מִיט זַיין גַאנְצֶער פִיהְרוּנְג אוֹיף דֶער וֶועלְט, הֵן מִיט פְרוּמְקַייט אוּן מִיט מֶענְשְׁלִיכְקַייט וְהֵן מִיט עֶהְרְלִיכְקַייט זָאל זַיין אוֹיסְגֶעהַאלְטֶען עַל פִּי דִין תּוֹרָתֵנוּ הַקְדוֹשָׁה, וָואס אִיז שַׁייךְ צוּ גָאט, אוּן עַל פִּי דֶרֶךְ אֶרֶץ, וָואס אִיז שַׁייךְ צוּ דֶעם מֶענְשֶׁען. מֶען זָאל זִיךְ נִיט פִיהְרֶען אוֹיף דֶער וֶועלְט ווִי אַ בְּהֵמָה, מִיט נַארִישֶׁע גֶעדַאנְקֶען, נָאר יֶעדֶע זַאךְ זָאל זַיין מִיט דַעַת, מִיט אִיבֶּערְקְלֶערוּנְג. בִּפְרַט מִיר שְׁוַואכֶע פְרוֹיעֶן דַארְפֶען מִיר זַיין גֶעוָוארֶענְט נִיט צוּ פֶערְשְׁוַואכֶען אוּנְזֶער דַעַת, דֶען אוֹיף אוּנְז וַוייבֶּער לִיגְט דֶער הֵיילִיגֶער חוֹב פוּן דֶעם הוֹיזְלִיכֶען לֶעבֶּען, דָאס וִוירְטְשַׁאפְט פוּן שְׁטוּבּ, מִיט דִי קִינְדֶער עֶרְצִיהוּנְג. מִיר וֶוערֶען גֶערוּפֶען עֲקֶרֶת הַבַּיִת, דַארְפֶען מִיר זַיין אוֹיף יֶעדֶען טְרִיט בַּארֶעכֶענְט, יֶעדֶער זַאךְ דַארְף וֶוערֶען גֶעטְהָאן מִיט חָכְמָה, נָאר אַזוֹי ווִי רֵאשִׁית חָכְמָה אִיז יִרְאַת ה׳, מֶען זָאל זִיךְ פִירְכְטֶען פַאר גָאט, נֶעהְם אִיךְ אוֹיף מִיר דֶעם עוֹל מַלְכוּת שָׁמַיִם אוּן אִיךְ זָאג דֶעם הֵיילִיגֶען פָּסוּק „שִׁוִּיתִי ה׳ לְנֶגְדִּי תָמִיד״, דֶער אוֹיבֶּערְשְׁטֶער זָאל שְׁטַארְקֶען מַיין כֹּחַ, עֶר זָאל מִיר גֶעבֶּען פֶערְשְׁטַאנְד, אַז אִיךְ זָאל קֶענֶען פִיהְרֶען מַיין שְׁטוּבּ אוּן עֶרְצִיהֶען מַיינֶע קִינְדֶער צוּ גָאטְס־

---

**התעוררות פאר דער תפלה**

גְרוֹים שְׁרֶעק, אִין צִיטֶערְנִישׁ, פִּי־לַייכְט וֶועט נִיט אָנְגֶענוּמֶען וֶוערֶען זַיין פֶּערְלַאנְג. אוּן עֶר וֶועט נָאךְ שְׁטְרֵיינְג בֶּעשְׁטְרָאפְט וֶוערֶען. הַיינְט ווִי אִיז אַז דֶער מֶענְשׁ שְׁטֶעלְט זִיךְ תְּפִלָּה טְהָאן פַאר הַשֵּׁם־יִתְבָּרֵךְ וָואס

פָארְכְטִיגְקֵייט אוּן צוּ פְרַיינְדְלִיכֶע מֶענְשְׁלִיכְקֵייט, דָאס עֶס זָאל זַיין נִמְצָא חֵן וְשֵׂכֶל טוֹב בְּעֵינֵי אֱלֹהִים וְאָדָם. וָועלְכֶעס אִיז דֶער רֶעכְטֶער תַּכְלִית הַבְּרִיאָה פוּן יֶעדֶער אִשָּׁה. דָאס דוּרְךְ דֶעם זְכוּת זָאל אִיךְ זוֹכֶה זַיין צוּ הָאבֶּען בֵּיידֶע וֶועלְטֶען. נַחַת אוּן עֲשִׁירוּת, גֶעזוּנְד אוּן קְרַאפְט, מִיט גוּטֶע קִינְדֶער אוֹיף דֶער וֶועלְט אוּן אִיךְ זָאל נִיט דַארְפֶען חָלִילָה מוֹרָא הָאבֶען פַאר דֶעם עוֹנֶשׁ פוּן יֶענֶער וֶועלְט. אִיךְ זָאל שְׁטֶענְדִיג נוֹשֵׂא חֵן זַיין אוּן הָאבֶּען אַ לִיכְטִיג מַזָּל אוּן אִיךְ זָאל מִיךְ עֶלְטֶערְן מִיט מַיין מַאן צוּזַאמֶען, אָמֵן:

# אַ נַייעֶ תְּחִנָּה צוּ הַשְׁכָּמַת הַבֹּקֶר

**אָנָּא** ה׳ אֱלֹהִים, אִיךְ בֶּעט דִיךְ, לִיבֶּער גָאט, וָואס דוּ בִּיזְט אַ רַחוּם בַּדִּין, אֲשֶׁר בְּיָדְךָ אַפְקִיד רוּחִי בְּעֵת אִישַׁן וְאָעִירָה, וָואס אִין דַיין הַאנְד טְהוּ אִיךְ בֶּעהַאלְטֶען מַיין נְשָׁמָה אִין דֶער צַייט וֶוען אִיךְ שְׁלָאף אוּן אַז אִיךְ בִּין וַואכֶענְדִיג. אֲבַקֵּשׁ מִמְּךָ חֶסֶד וְרַחֲמִים, בֶּעט אִיךְ פוּן דִיר חֶסֶד וְרַחֲמִים, דוּ זָאלְסְט מִיךְ בֶּענְשֶׁען הַיינְטִיגֶען טָאג אוּן אוֹיךְ אַלֶע טֶעג, אַז מַיין פִיהְרוּנְג זָאל גֶעפִינֶען חֵן וָחֶסֶד אִין מַיין מַאנ׳ס אוֹיגֶען אוּן אִין מַיינֶע קִינְדֶער׳ס אוֹיגֶען אוּן אוֹיךְ אִין דִי אוֹיגֶען פוּן אַלֶע מַיינֶע בֶּעדִיענְטֶע. עֶס זָאל הָאבֶּען אַ טַעַם מַיין רֵיינְלִיכְקֵייט אוּן מַיין צִיכְטִיגְקֵייט פוּן דֶער שְׁטוּב, דָאס עֶס זָאל חָלִילָה

---

## התעוררות פאר דער תפלה

עֶר אִיז גְרֶעסֶער פוּן אַלְץ אוּן וָואס אַלְץ וֶוערְט גֶעטְהָאן דוּרְךְ זַיין ווִי־לֶען. דַארְף אוֹיף אִיהְם גֶעוִויס פַא־לֶען אַן אֵימָה וָפַחַד גָאר אָהְן אַ שִׁיעוּר. אַז דֶער מֶענְשׁ זָאל זִיךְ דָאס פָארְשְׁטֶעלֶען וֶועט עֶר גֶעוִויס תְּפִלָּה טְהָאן מִיט גְרוֹיס הַכְנָעָה אוּן כַּוָּנָה. אוּן הַשֵּׁם־יִתְבָּרַךְ וֶועט גֶעוִויס צוּ־

קיין קראנקהייט ניט אריינקומען אין מיין הויז. והנם זיי רבונו של עולם ביזט אונזער היטער, דאך האסטו געשריבען אין דער תורה הקדושה, דאס דר מענש זאל זיך ניט פערלאזען אויף נסים, און ווען דער מענש היט זיך, היט איהם דער רבונו־של־עולם אויך. און אזוי ווי עס איז בעוואוסט, דאס פיעלע אנשטעקענדע קראנקהייטען קומען פון ניט־ריינקייט, לכן בעט איך פון דיר כח און חכמה צו וויסען, ווי אזוי צו האלטען ריין מיין שטוב מיט מיין גאנץ הויזגעזינד. דו זאלסט אויך מיר שענקען פערשטאנד, איך זאל וויסען ווי צו היטען מיין געזונד מיט מיין כח, מיין מאן'ס געזונד און כח, מיט דעם געזונד און כח פון מיין גאנץ הויזגעזינד, הן מיט ריינקייט והן מיט געזונדע און געשמאקע מאכלים, דאס יעדע סעודה און יעדער מאכל זאל זיין אין צייט, בכדי מיר זאלען האבען כח צו עבודת הבורא, אזוי ווי דער פרק זאגט „אם אין קמח אין תורה". דער רמב"ם זאגט, אז אין א געזונדען קערפער קען דער דעת מיט דעם שכל זיין פעסטער און קען גיכער ניט האבען קיין טעות ווי דער שוואכער קערפער. בפרט נאך אין די היינטיגע צייטען, וואס בעוונותינו הרבים דער עול־פרנסה איז זעהר שווער, דארף מען שטארק אין זינען האבען זיך די כחות צו שטארקען, און דער עיקר איז צו זיין א שמח

---

התעוררות פאר דער תפלה

געהמען זיין תפלה. דאס איז רעכט אז אן איש פשוט שטעלט זיך מתפלל זיין, קען ער האבען ביי זיך דיעזע געדאנקען. ווי איז אבער אז א קע־ניג שטעלט זיך תפלה טאן צו השם יתברך, פעהלט איהם דאך דר גע־דאנק, ווייל ער האט דאך ניט קיין גרעסערען פאר זיך. דארום האט

בְּחֶלְקוֹ. אִיךְ זָאל חָלִילָה נִיט מְקַנֵא זַיין דֶער צְווייטֶער אִשָּׁה אוֹיף אִיהר גוּט עֶסֶען, אוֹיף אִיהְרֶע טַייעֶרֶע מַלְבּוּשִׁים אוּן אוֹיף אִיהר צִיערוּנְג. אִיךְ זָאל מִיךְ נָאר פֶּערְקוּקֶען מְקַנֵא צוּ זַיין אִין גוּטֶע אִידִישֶׁע אוֹיפְפִיהְרוּנְג. אוּן מִיט דֶעם וָואס דֶער אוֹיבֶּערְשְׁטֶער וֶועט מִיךְ מְזַכֶּה זַיין זָאל אִיךְ מִיךְ פְרֶעהֶען. דָאס עֶס זָאל זַיין שְׁטֶענְדִיג פְרֶעהְלִיךְ אִין מַיין שְׁטוּב. אִיךְ זָאל חָלִילָה נִיט וִויסֶן פוּן שְׁלֶעכְטֶס אוּן קַיין קְלָלָה זָאל נִיט קוּמֶען אִין מַיין שְׁטוּב. אוּן וַוייל עַל פִּי רוֹב זַיינֶען נָשִׁים מִיט שְׁוַואכֶע דֵעוֹת וָואס דָאס בְּרֵיינְגְט זֵיי חָלִילָה דָאס זֵיי רֵיידֶען זִיךְ אַיין מִיט קְרַאנְקְהַייטֶען, בִּיז זֵיי וֶוערֶען בֶּאֱמֶת שְׁוַואךְ. בֶּעט אִיךְ דִיךְ, רִבּוֹנוֹ שֶׁל עוֹלָם, זָאלְסְט שְׁטַארְקֶען מַיין שֵׂכֶל אוּן מַיין כֹּחַ, אִיךְ זָאל קֶענֶען אַזֶעלְכֶע שְׁוַואכֶע גֶעדַאנְקֶען פוּן מִיר פֶּערְטְרַייבֶּען. מַיין מַאן אוּן מַיינֶע קִינְדֶער זָאלֶען וֶוערֶן דֶערְפְרֵייט בְּעֵת זֵיי וֶועלֶען אַרַיינְקוּמֶען אִין שְׁטוּב. אִיךְ זָאל זֵיי קֶענֶען עֶרְפְרֶעהֶען מִיט גוּטֶע לִיעבְּלִיכֶע קְלוּגֶע רֵייד, וּבְאוֹפֶן זֶה וֶועט רוּהֶען דִי בְּרָכָה, שֶׁפַע פַּרְנָסָה וְהַצְלָחָה אִין מַיין שְׁטוּב. דָאס אִיךְ זָאל קֶענֶען גֶעבֶּען צְדָקָה מִיט אַ פְרֶעהְלִיךְ הַארְץ אוּן זָאל זִיךְ קֶענֶען שְׁטֶעלֶען דַאוֶוענֶען מִיט רֵיינֶע גֶעדַאנְקֶען. דוּ זָאלְסְט מְמַלֵא זַיין אוּנְזֶער אַלֶעמֶענְס גֶעבֶּעט צוּם גוּטֶען:

---

התעוררות פאר דער תפלה

אִיךְ דָוִד'ן. וֶועלְכֶער אִיז גֶעוֶועזֶען אַ מֶלֶךְ אִין יְרוּשָׁלַיִם אוּן דֶער גְרֶעסְטֶער קֶענִיג אִין דֶער וֶועלְט, פַאר וֶועמֶען אַלֶע הָאבֶּען גֶעצִיטֶערְט, גֶעפֶּעהֶלְט דִיעזֶער גֶעדַאנְק. וָואס־זְשֶׁע הָאט עֶר גֶעטְהָאן? הָאט עֶר פַארְזָאגְט אַז אַלֶע בַּקָשׁוֹת זָאל מֶען אִיהְם דֶערְלַאנְגֶען פַאר דֶער צַייט פוּן תְּפִלָּה.

# תְּחִנָּה מוֹדֶה אֲנִי

**מוֹדֶה** אֲנִי לְפָנֶיךָ, גָאט מַיין גָאט אוּן גָאט פוּן מַיינֶע עֶלְ־טֶערֶען, אִיךְ אָרִימֶע פְרוֹי שְׁטֶעה פַאר דִיר מִיט אַן אַיינְגֶעבּוֹיגֶענֶעם קָאפּ, מִיט אַ צוּבְּרָאכֶענֶע הַארְץ, דֶען מַיין לֶעבֶּען אִיז אִין דַיין הַאנְד אוּן מַיין טוֹיט אִיז אוֹיךְ אִין דַיין הַאנְד. אִיךְ שְׁטֶעה פַאר דִיר מִיט לוֹיטֶער צִיטֶערְנִישׁ. אִיךְ בַּאגֶעהְר פוּן דִיר, אַז דוּ זָאלְסְט מִיר מוֹחֵל זַיין מַיינֶע זִינְד וָואס אִיךְ הָאבּ גֶעזִינְדִיגְט אוּן גֶעשׁוּלְדִיגְט פוּן דֶעם טָאג פוּן מַיין גֶעבָּארֶען בִּיז הַיינְטִיגֶען טָאג, אוּן אוֹיבּ אִיךְ הָאבּ גֶעזִינְדִיגְט אִין דִי דְרַיי מִצְוֹת וָואס דוּ הָאסְט גֶעבָּאטֶען אוּנְז וַוייבֶּער, חַלָּה, נִדָּה אוּן לִיכְט־צִינְדֶען, בֶּעט אִיךְ דִיךְ, אַז דוּ זָאלְסְט מִיר הַיינְט דָאס נִיט גֶעדֶענְקֶען אוּן חָלִילָה מַיינֶע יָאהְרֶען נִיט אָפְּשְׁנַיידֶען, נָאר דוּ זָאלְסְט מִיךְ נָאךְ לָאזֶען לֶעבֶּען בִּיז אִיךְ וֶועל מְקַיֵּים זַיין וָואס עֶס שְׁטֶעהְט אִין דַיין תּוֹרָה, אוּן וֶוען מַיין צַייט וֶועט קוּמֶען צוּ שְׁטַארְבֶּען, זָאל דִי מִיתָה זַיין אַ כַּפָּרָה אוֹיף מַיינֶע זִינְד, אֲפִילוּ אִיךְ הָאבּ דָאס נִיט פֶערְדִיענְט בַּיי דַיין לִיעבֶּען נָאמֶען, בֶּעט אִיךְ דִיךְ אַ מַתְּנַת חִנָּם. דוּ הֶערְסְט דָאס גֶעבֶּעט פוּן אַלֶע מֶענְשֶׁען. זָאלְסְטוּ אוֹיךְ הֶערֶען מַיין גֶע־בֶּעט, אָמֵן, כֵּן יְהִי רָצוֹן:

אָנָּא הַשֵּׁם, אִיךְ בֶּעט דִיךְ גָאט אוּן גָאט פוּן מַיינֶע עֶלְ־

---

התעוררות פאר דער תפלה

עֶר אִיז אַרַיִים פוּן בֵּית־הַכְּנֶסֶת (שׁוּל) אוּן הָאט גֶעזָאגְט אַז יֶעדֶער זָאל אִים אִיפְּגֶעבֶּען זַיין בַּקָּשָׁה. הָאט עֶר גֶע־זֶעהֶען אַז הוּנְדֶערְטֶער מֶענְשֶׁען פוּן נָאהֶנְט אוּן וַוייט שְׁטֶעהֶען פַאר אִים מִיט הַכְנָעָה, מִיט גְרוֹיס גֶעוויין אוּן שְׁרֶעקֶען זִיךְ, אוּן יֶעדֶער ווייְנְט אוּן קְלָאגְט, אַז עֶר זָאל אִיהְם מִשְׁפָּט'ן

טֶערֶען, אִיךְ הָאבּ גֶעזִינְדִיגְט פוּן דֶעם טָאג אָן וָואס אִיךְ בִּין גֶעבָּארֶען גֶעוָוארֶען בִּיז דֶעם הַיינְטִיגֶען טָאג. יֶעצְט הָאט מִיךְ דֶערְהוֹיבֶּען מַיין הַארְץ אוּן בַּאוִוילִיגְט צוּ מַיין גָאט, צוּ וִויעֶ־דֶערְקֶעהְרֶען מִיט ווָארְהַייט מִיט מַיין גַאנְצֶען הַארְצֶען, אוּן דָאס וָואס אִיךְ הָאבּ גֶעזִינְדִיגְט, הָאבּ אִיךְ אוֹיף דֶעם חֲרָטָה. אִיךְ וֶועל שׁוֹין נִיט מְהָאן קַיין זִינְד, אִיךְ וֶועל מִיר הַיינְט אִין מַיין הַארְץ נֶעהְמֶען וַוייטֶער רֵיין צוּ בְּלַייבֶּען פוּן זִינְד וִוי אַ קְלֵיין קִינְד וָואס עֶס וֶוערְט עֶרְשְׁט גֶעבָּארֶען. גָאט, אַלְמֶעכְ־טִיגֶער, אִיךְ גִיבּ אִיבֶּער מַיין נְשָׁמָה אִין דַיין הַאנְד. אִיךְ בֶּעט אַז הַשֵׁם־יִתְבָּרַךְ זָאל אַן עֵדוּת זַיין אוּן אַלֶע סִפְרֵי־תּוֹרוֹת אִין הֵיכָל אוּן דִי עֵדָה הַקְדוֹשָׁה זָאלֶען זַיין עֵדוּת דָאס אִיךְ אַנְעֶרְ־קֶען אַז גָאט אִיז יָחִיד וּמְיוּחָד. אִיךְ הָאף צוּ הַשֵׁם־יִתְבָּרַךְ אַז מַיין נְשָׁמָה זָאל אִיבֶּער הוּנְדֶערְט יָאהְר אוֹיסְגֶעהְן מִיט דִי וֶוערְטֶער „שְׁמַע יִשְׂרָאֵל ה׳ אֱלֹהֵינוּ ה׳ אֶחָד״. אִיךְ בַּאגֶעהְר אַז מַיין נְשָׁמָה זָאל קֶענֶען צוּרִיק קוּמֶען אוֹיף דֶעם אָרְט וואו זִי אִיז גֶענוּמֶען גֶעוָוארֶען. אַצִינְד בֶּעט אִיךְ, אַז פוּן הַיינְט אוּן וַוייטֶער, וֶוען דֶער שָׂטָן וֶועט קוּמֶען אוּן וֶועט חָלִילָה מִיךְ אָנְרֵייצֶען צוּ בֵּייזֶען, זָאל זַיינֶע רֵייד זַיין בָּטֵל וּמְבוּטָל כְּחֶרֶס הַנִשְׁבָּר. אִיךְ בֶּעט הַשֵׁם־יִתְבָּרַךְ, אַז מַיין נְשָׁמָה זָאל קוּמֶען צוּ שָׂרָה, רִבְקָה, רָחֵל אוּן לֵאָה, אוֹיף דֶעם אָרְט וָואס מַיין

---

התעוררות פאר דער תפלה

מִיט חֶסֶד אוּן רַחֲמִים. וִוי עֶר הָאט דָאס גֶעזֶעהֶען, הָאט עֶר אוֹיפְגֶעהוֹי־בֶּען דִי אוֹיגֶען צוּם הִימֶעל אוּן הָאט גֶעזָאגְט: רִבּוֹנוֹ שֶׁל עוֹלָם! אַז מֶען הָאט אַזוֹי מוֹרָא פַאר מִיר בָּשָׂר וָדָם, וָואס הַיינְט בִּין אִיךְ דָא אוּן מָארְגֶען אִין קֶבֶר, הַיינְט וִוי דַארְף אִיךְ שׁוֹין צִיטֶערְן פַר דִיר מֶלֶךְ מַלְכֵי הַמְלָכִים

בַּאגֶעהְר אִיז. אוּן אוֹיבּ חַס־וְשָׁלוֹם דֶער שָׂטָן וֶועט קוּמֶען אוּן וֶועט וֶועלֶען מִיךְ אָנְרֵייצֶען, אַז אִיךְ זָאל עוֹבֵר זַיין אוֹיף אַיין מִצְוָה וָואס דוּ הָאסְט גֶעבָּאטֶען, וָואס אִין דַיין לִיעבֶּער תּוֹרָה שְׁטֶעהְט, מִכָּל־שֶׁכֵּן אַז אִיךְ זָאל חַס־וְשָׁלוֹם לֵייקֶענֶען אִין דַיין הֵיילִיגֶען נָאמֶען. זָאלְסְטוּ זִיךְ אוֹיף אִיהְם אָנְבֵּייזֶערֶען אוּן פֶערְ־יָאגֶען. אוּן אוֹיבּ אִיךְ וֶועל שְׁלֶעכְטֶע גֶעדַאנְקֶען הָאבֶּען, זָאל אַלֶץ זַיין בָּטֵל וּמְבוּטָל כְּחֶרֶס הַנִּשְׁבָּר, גְלַייךְ וִוי עֶס אִיז קֵיינְ־מָאל אִין מַיין גֶעדַאנְקֶען גֶעוֶועזֶען. אוּן אִיךְ גְלוֹיבּ אִין גָאט אוּן אִין דַיין הֵיילִיגֶען נָאמֶען, אַז דוּ בִּיזְט אֱמֶת אוּן דַיין תּוֹרָה אִיז אֱמֶת אוּן אַז דוּ בִּיזְט גֶעוֶועזֶען אוּן בִּיזְט הַיינְט אוּן וֶועסְט זַיין אַ קֶענִיג אוֹיף אֵייבִּיג, אָמֵן, כֵּן יְהִי רָצוֹן:

שׁוּב יוֹם אֶחָד לִפְנֵי מִיתָתְךָ, דֶער מֶענְשׁ זָאל תְּשׁוּבָה טְהָאן אַיין טָאג פַאר זַיין טוֹיט. דַארוּם בִּין אִיךְ הַיינְט מוֹסֵר מוֹדָעָה מִיט מַיין גַאנְצֶען שֵׂכֶל, אַז אִיךְ בִּין מַאֲמִין אִין אַלֶע שְׁלֹשׁ עֶשְׂרֵה עִקָּרִים, וָואס דִי חֲכָמִים הָאבֶּען אוּנְז מוֹסֵר גֶעוֶוען. דָאס עֶרְשְׁטֶע בִּין אִיךְ מַאֲמִין, אַז גָאט בָּרוּךְ הוּא אִיז אַ בֶּעשֶׁעפֶער פוּן דִי אַלֶע וֶועלְטֶען, אוּן הָאט בֶּעשַׁאפֶען אַלֶע בֶּעשֶׁעפֶענִישֶׁען פוּן אַלֶע וֶועלְטֶען. דָאס צְוֵוייטֶע בִּין אִיךְ מַאֲמִין, אַז גָאט בָּרוּךְ הוּא אִיז אַ יָחִיד וּמְיוּחָד, וָואס אִיז אִין עֶרְגֶעץ נִיט צוּ גֶעפִינֶען אַן אַנְדֶערֶען, עֶר אִיז הָיָה הֹוֶה וְיִהְיֶה

התעוררות פאר דער תפלה

הַקָּדוֹשׁ בָּרוּךְ הוּא? מִיט דִיעֶזֶער פַאנְ־שְׁטֶלוּנג הָאט עֶר זִיךְ גִישְׁטֶעלְט תְּפִלָּה טְהָאן צוּ הַשֵּׁם־יִתְבָּרַךְ מִיט גְרוֹים אֵימָה וְיִרְאָה, מִיט קְדוּשָׁה וְטָהֳרָה אוּן מִיט פַייעֶרְדִיגֶע גֶעדַאנְ־קֶען. דָאס זָאגְט דָוִד הַמֶּלֶךְ אִין תְּהִלִּים: לְךָ. וֶוען אִיךְ דַארְף תְּפִלָּה טְהָאן צוּ דִיר, פֶעהַלְט דָאךְ מִיר דִי

ה' אחד ושמו אחד. דאס דריטע בין איך מאמין, אז גאט ברוך הוא איז ניט צוצוגלייכען צו א גוף און קיינער קען זיין געשטאלט ניט גרייכען און ניט פינדען, דען ער האט קיין התחלה און קיין סוף, און קיין גרונד ניט צו זיין מחשבה. דאס פירטע בין איך מאמין, אז גאט ברוך הוא איז א קדמון לכל העולמות, ער איז דאס ערשט פון אלע עולמות, אבער די עולמות זיינען ניט דם ערשט פון אים, ער איז ראשון לראשונים ואחרון לאחרונים. דאס פינפטע בין איך מאמין, אז נאר צו דעם גאט איז ווערטה מתפלל צו זיין און ניט צו קיינעם מעהר, ווי דוד המלך עליו השלום האט געזאגט „ואני תפלתי לך ה' עת רצון". דאס זעקסטע בין איך מאמין, אז די נבואה פון אלע אונזערע נביאים, וואס האבען אונז נבואה געזאגט, גלויב איך, אז דאס האט אלץ גאט געהייסען זאגען. דאס זיבעטע בין איך מאמין, אז משה רבנו עליו השלום איז גע־ווען א פאטער איבער די חכמים און א העכר איבער די נביאים. דאס אכטע בין איך מאמין, אז די תורה הקדושה איז צו אונז געגעבען געווארען דורך משה רבנו עליו השלום. דאס נייגטע בין איך מאמין, אז די תורה וועט ניט פערביטען ווערען אויף אייביג, נאר ווי די תורה איז אצינד מיט אלע אותיות און ווערטער אזוי וועט זי בלייבען אויף אייביג, דאס

---

התעוררות פאר דער תפלה

פארשטעלונג, אמר לבי, האב איך מיר בעקלערט. בקשו פני, איהר אלע דערלאנגט אייערע בקשות, את פניך יי אבקש, יעצט ווען איך האב געזעהען די ציטערניש פון זיי קען איך שוין מיט דעם געדאנק בעטען דיר גאט. דארום דארף יעדער מענש זיך פארשטעלען דיזען

צֶעהְנְטֶע בִּין אִיךְ מַאֲמִין, אַז גָאט בָּרוּךְ הוּא ווייסט אַלֶע מַחֲשָׁבוֹת פוּן דִי מֶענְשֶׁען אוּן אַלֶע פֶּערְבָּארְגֶענִישׁ, אוּן הֲגַם עֶר אִיז גֶעאַכְפֶּערְט אִין אַלֶע וֶועלְטֶען, דִי בְּרֶענֶענְדִיגֶע מַלְאָכִים וָואס בֶּעדִיעֶנֶען אִיהְם הָאבֶּען קַיין עֶרֶךְ נִיט אוּן קַיין מִסְפָּר, דָאךְ אִיז עֶר מַשְׁגִיחַ אוֹיף אַלֶע מַעֲשִׂים אוּן מַחֲשָׁבוֹת פוּן דִי מֶענְשֶׁען. דָאס עֶלְפְטֶע בִּין אִיךְ מַאֲמִין, אַז גָאט בָּרוּךְ הוּא גִיט שְׂכַר טוֹב צוּ דִי וָואס דִיעֶנֶען אִיהְם מִיט'ן גַאנְצֶען הַארְצֶען. דָאס צְוֶועלְפְטֶע בִּין אִיךְ מַאֲמִין, אַז גָאט בָּרוּךְ הוּא וֶועט אוּנְז שִׁיקֶען מָשִׁיחַ בֶּן דָוִד אוֹיסְצוּלֵייזֶען אוּנְז פוּן דֶעם בִּיטֶערֶען גָלוּת, אוּן וֶוען עֶר פֶּערְזַאמְט מִיט זַיין קוּמֶען, דָאךְ טְהוּ אִיךְ הָאפֶען אַלֶע טָאג אַז עֶר וֶועט זִיךְ אַ מָאל אִיבֶּער אוּנְז דֶערְבַּארְמֶען אוּן וֶועט אוּנְז פִיהְרֶען קַיין יְרוּשָׁלַיִם, וִוי אִין פָּסוּק שְׁטֶעהְט „וּבָא לְצִיּוֹן גּוֹאֵל״. דָאס דְרַייצֶעהְנְטֶע בִּין אִיךְ מַאֲמִין אִין תְּחִיַּת הַמֵּתִים, אַז גָאט בָּרוּךְ הוּא וֶועט מְחַיֵּה מֵתִים זַיין בְּרַחֲמִים. אִין דִי אַלֶע דְרַייצֶעהְן עִקָּרִים גְלוֹיבּ אִיךְ מִיט מַיין גַאנְצֶען הַארְצֶען, אוּן אַז עֶס וֶועט חָלִילָה אַמָאל קוּמֶען אַ צַייט אוֹיף מִיר פַאר מַיין טוֹיט, אַז אִיךְ וֶועל חָלִילָה נִיט זַיין בַּיי דֶעם גַאנְצֶען שֵׂכֶל אוּן דֶער שָׂטָן וֶועט חָלִילָה מִיךְ אַרָאפְּפִיהְרֶען פוּן דֶעם רֶעכְטֶען וֶועג, בִּין אִיךְ דָאס אַלֶץ הַיינְט

---

התעוררות פאר דער תפלה

אֵיידֶעלֶען גֶעדַאנְק אוּן זִיךְ שְׁטֶעלֶען תְּפִלָּה טְהָאן צוּ הַשֵּׁם־יִתְבָּרַךְ מִיט גְרוֹיס פַּחַד. מֶען דַארְף נִיט פֶערְגֶעסֶען אַז עֶר אִיז דָאךְ נִיט קַיין מֶלֶךְ בָּשָׂר וָדָם, אוּן אַז מֶען שְׁטֶעלְט זִיךְ דָאךְ לִפְנֵי מֶלֶךְ חַי וְקַיָּם נוֹרָא תְהִלּוֹת אוּן דַאן וֶועלֶען גֶעוִויס אוּנְזֶערֶע תְּפִלּוֹת אָנְגֶענוּמֶען וֶוערֶען, אָמֵן. וְכֵן יְהִי רָצוֹן:

מְבַטֵל כְּחֶרֶס הַנִשְׁבָּר, אוּן נָאר ווִי אִיךְ גְלוֹיבּ הַיינְט מִיט מַיין גַאנְצֶען שֵׂכֶל אַזוֹי זָאל דָאס הָאבֶּען אַ קִיוּם לְעוֹלָם וָעֶד וּלְעוֹלְמֵי עוֹלָמִים. מִיר זֶעהֶען אוֹיף דֶער וֶועלְט ווִי פִיעלֶע מֶענְשֶׁען שְׁטַארְבֶּען פְּלוּצְלִינְג אוּן קֶענֶען אֲפִילוּ נִיט זָאגֶען קַיין וִדוּי, רַחֲמָנָא לִיצְלָן, דַארוּם הָאבּ אִיךְ צַייט הַיינְט, וֶוען אִיךְ בִּין קְלָאהְר אוּן הָאבּ מַיין גַאנְצֶען שֵׂכֶל, מִתְוַדֶה צוּ זַיין זִיךְ פַאר גָאט, אוּן בָּאטְשׁ אִיךְ בִּין אַ חוֹטֵא פוּן מַיין יוּגֶענְד אָן בִּיז דֶעם הַיינְטִיגֶען טָאג, וָואס אִיךְ בִּין נִיט וֶוערְטְה צוּ דֶערְמָאנֶען גָאטְ'ס נָאמֶען אוּן פְּשִׁיטָא מִתְפַּלֵל צוּ זַיין פַאר אִיהְם אוֹיף מַיין נְשָׁמָה, דָאךְ הָאבּ אִיךְ אַ בִּטָחוֹן אוֹיף זַיין גְרוֹיסֶען חֶסֶד וָואס עֶר אִיז זִיךְ מְרַחֵם עַל הַבְּרִיוֹת אוּן אִיז מְקַבֵּל תְּשׁוּבָה פוּן אַלֶע פוֹשְׁעִים וֶועלְכֶע עֶס קֶעהְרֶען זִיךְ אוּם צוּ אִיהְם מִיטְ'ן גַאנְצֶען הַארְצֶען. דַארוּם הָאבּ אִיךְ הַיינְט חֲרָטָה אוֹיף אַלֶע מַיינֶע עֲבֵרוֹת וָואס אִיךְ הָאבּ גֶעטְהָאן פוּן מַיין יוּגֶענְד אָן בִּיז יֶעצְט, הֵן בְּשׁוֹגֵג וְהֵן בְּמֵזִיד, הֵן בְּאוֹנֶס וְהֵן בְּרָצוֹן:

אוֹי לִי, וֶועה צוּ מִיר, אַז אִיךְ הָאבּ נִיט גֶעטְרַאכְט פוּן דֶעם בִּיטֶערֶען טוֹיט. אִיךְ וֶועל דָאךְ מוּזֶען אוֹיף אַלֶעס אָפְּגֶעבֶּען חֶשְׁבּוֹן אוּן אִיךְ וֶועל מוּזֶען לַיידֶען עוֹנְשִׁים קָשִׁים וְיִסוּרִים. הַיינְט הָאבּ אִיךְ אוֹיף דֶעם אַלֶעם חֲרָטָה אוּן בֶּעט פוּן מִדַת הָרַחֲמִים אַז עֶר זָאל מִיר אַלְץ מוֹחֵל זַיין. אוּן אַלֶע טֶעג וָואס

---

דברי צדיקים

דֶער סֵפֶר הַמוּסָר שְׁרַייבְּט צָרִיךְ הָאָדָם לְקַדֵם פְּנֵי צוּרוֹ קוֹדֶם הַתְּפִלָּה, דֶער מֶענְשׁ דַארְף מַקְדִים פָּנִים זַיין זַיין הֵיילִיגֶען בַּאשֶׁעפֶער מִיט מַחְשָׁבוֹת קְדוֹשׁוֹת פַּר דֶעם דַאוֶונֶען, דָם עֶר זָאל תֵּיכֶף ווִי עֶר וַואכְט אוֹיף פוּן זַיין שְׁלָאף מְקַבֵּל זַיין אוֹיף זִיךְ עוֹל מַלְכוּת שָׁמַיִם אוּן עֶר זָאל

איך וועל נאך לעבען זאלסטו מיך מיין הארץ נייגען נאר צו דיענען דיך און ניט נכשל צו ווערען חס־ושלום אין קיין שום עברה, און איך זאל זוכה זיין מתודה צו זיין זיך פאר מיין טויט, און מיין נשמה זאל אויסגעהן בקדושה ובטהרה און זאל ניצול ווערען מעונש הגיהנום, אמן סלה:

אב הרחמים, פאטער דערבארמדיגער, איך בעט דיך היינט מיט'ן גאנצען הארצען, אז דו זאלסט מיך בעשאפען א גוט הארץ דיך צו דיענען, און אלע שלעכטע מעשים וואס איך האב געטהאן ביז היינט זאלסטו לאזען פאלען און איך זאל זיין גלייך ווי איך וואלט היינט געבארען געווארען. איך זאל זיין אזוי ווי א קינד וואס איז ריין פון עברות. דען דו ווייסט דאך וואויל, אז דאס וואס איך האב געשולדיגט קעגן דיר, האב איך ניט געטהאן אום דיך צו דערצערנען, נאר מיין נארישקייט האט דאס מיטגעבראכט, ווייל איך האב ניט בארעכענט ווי געאכפערט דו ביזט, ווי דו האסט בעשאפען די ערד, וועלכע איז גרויס זעקס טויזענד מייל, און ארום די ערד האסטו ארומגערינגעלט דעם גרויסען ים, וואס נאך אונזער פערשטאנד נך האט ער קיין גרונד און קיין סוף ניט און דאס אלעס איז אנטקעגען הימעל ווי א טראפען אין ים. אויך האסטו בעשאפען זיעבען הימלען. יעדער הימעל איז ווייט פון אנדערען פינף הונדערט יאהר גאנג. דאס אלץ איז

---

דברי צדיקים

בייזיך אין הארץ קובע זיין אימה ויראה״ ער זאל ציטערען פאר דעם פחד פון השם יתברך. דאס מיט יעדער מעשה וואס ער וויל טהאן זאל ער זיך פארשטעלען שויתי ה׳ לנגדי תמיד, דאס דער אויבערשטער שטעט און זעהט זיינע מעשים און ער זל געדענקען דם חסד וואס

עוֹלָם עֲשִׂיָה, און אִיבֶּער דֶעם אִיז עוֹלָם הַיְצִירָה, און אִיבֶּער דֶעם אִיז עוֹלָם הַבְּרִיאָה, און אִיבֶּער דֶעם אִיז עוֹלָם הָאֲצִילוּת. און אַלֶע עוֹלָמוֹת צוּזַאמֶען זַיינֶען זֶעהְר קְלֵיין אִיז פֶערְגְלַייך מִיט דַיין כִּסֵא הַכָּבוֹד, און דֶער כִּסֵא הַכָּבוֹד הָאט קַיין עֶרֶך נִיט אַנְטְקֶעגֶען דַיין שֶׁעהְנְקַייט, אַכְפֶּערְקַייט און שְׁטַארְקַייט, וָואס אִיז נִיט מֶעגְלִיך אֵייבִּיג דִיךְ אַ מִקְצַת צוּ לוֹיבֶּען. נוּ, וְוִי בִּין אִיךְ גָאר פֶערְנַארְט גֶעוֶוען און הָאבּ קֶעגֶען דִיר מוֹרֵד גֶעוֶוען נִיט מֶעהְר. אִיךְ בִּין אַזוֹי שָׁפֵל אִין פֶערְשְׁטַאנְד, אַז אִיךְ הָאבּ דָאס נִיט גֶעטְהָאן מִיט מַיין גֶעוִויסֶען. הַיינְט הָאבּ אִיךְ בְּטָחוֹן אִין דַיין לִיבֶּען נָאמֶען, דֶען דוּ עֶפֶענְסְט דַיין הַאנְד מְקַבֵּל צוּ זַיין דִי וָואס טְהוּעֶן תְּשׁוּבָה מִיטְ'ן גַאנְצֶען הַארְצֶען, וְוִי דוּ הָאסְט גֶעזָאגְט דוּרְךְ דַיינֶע נְבִיאִים „שׁוּבוּ בָּנִים שׁוֹבָבִים אֶרְפָּא מְשׁוּבוֹתֵיכֶם", טְהוּט תְּשׁוּבָה, מַיינֶע קִינְדֶער, וֶועל אִיךְ הֵיילֶען אַייעֶר ווִילְדְקַייט. אַזוֹי זָאלְסְטוּ הַיינְט פַארְגֶעסֶען מַיין גֶעבֶּעט און מַיינֶע טְרֶעהְרֶען, וָואס אִיךְ פַארְגִיס פַאר דִיר, און זָאלְסְט מִיר גֶעבֶּען מַיין פַּרְנָסָה, אַז אִיךְ זָל קֶענֶען דִיךְ דִינֶען בְּשִׂמְחָה און זָאל זוֹכֶה זַיין לְחַיֵי עוֹלָם הַבָּא צְווִישֶׁען דִי צַדִיקִים וְצִדְקָנִיוֹת וָואס הָאבֶּען תַּעֲנוּג מִזִיו הַשְּׁכִינָה, און זָאלְסְט מִיר דֶערְנָאךְ מַאכֶען לֶעבֶּען צוּ תְּחִיַת הַמֵתִים, וֶוען דוּ וֶועסְט זִיךְ דֶערְבַּארְעמֶען אִיבֶּער דַיין פָאלְק יִשְׂרָאֵל, בִּמְהֵרָה בְיָמֵינוּ. אָמֵן סֶלָה:

---

דברי צדיקים

הַקָדוֹשׁ בָּרוּךְ הוּא הָאט מִיט אִיהם גֶעטְהָאן, עֶר הָאט אִיהם צוּרִיק גֶע־שֶׁענְקְט זַיין חִיוּת און צוּרִיק גֶעגֶע־בֶּען זַיין פִּקָדוֹן דִי הֵיילִיגֶע נְשָׁמָה, דַארוּם בְּבֵית אֱלֹהִים נְהַלֵךְ בְּרָגֶשׁ, דֶען יֶעדֶער מֶענְשׁ בַּאדַארְף זַיין פוּן דִי עֶרְשְׁטֶע צֶעהְן וָואס קוּמֶען אִין שׁוּהֶל דֶען דִי עֶרְשְׁטֶע צֶעהְן הָאבֶּען אַזוֹי פִיעל שָׂכָר אַנְטְקֶעגֶען אַלֶע וָואס זַיינֶען אִין שׁוּהֶל:

# תְּחִנָּה עֶרֶב וָבֹקֶר.

די תְּחִנָּה זָאל מֶען זָאגֶען אַבֶּענְדְס אוּן מָארְגֶענְס פַאר יֶעדֶער תְּפִלָּה

רִבּוֹנוֹ שֶׁל עוֹלָם. אַתָּה יָדַעְתָּ כִּי בָּשָׂר וָדָם אֲנַחְנוּ. דוּ הֶערְר פוּן דֶער גַאנְצֶער וֶועלְט, דוּ בִּיזְט אַן אַלְמֶעכְטִיגֶער גָאט, אוּן דוּ וֵוייסְט דָאךְ וְואוּיל אַז מִיר זַיינֶען נָאר בְּלוּט אוּן פְלֵייש, אוּן מִיר הָאבֶּען נִיט קַיין כֹּחַ דָאס מִיר זָאלֶען קֶענֶען מְכַוֵּן זַיין אָדֶער מְצָרֵף זַיין די הֵיילִיגֶע שֵׁמוֹת אוּן אַלֶע כַּוָּנוֹת וָואס גֶעפִינֶען זִיךְ אִין יֶעדֶער תְּפִלָּה אוּן אִין יֶעדֶער בְּרָכָה. אוּן וֶוען מִיר וָואלְטֶען יָא גֶעוואוּסְט אַלֶע צֵרוּפִים אוּן אַלֶע שֵׁמוֹת פוּן די בְּרָכוֹת, דָאךְ וָואלְטֶען מִיר נִיט קֶענֶען גְרֵייכֶען צוּ דֶערְצֶעהְלֶען אַלֶע דַיינֶע לוֹיבּ אוּן וואוּנְדֶער, דֶען מִיר זַיינֶען נָאר מֶענְשֶׁען, בְּלוּט אוּן פְלֵייש, אוּן מִיר הָאבֶּען קַיין רֶעכְטֶען פֶערְשְׁטַאנְד צוּ בֶּעגְרֵייפֶען די גְרוֹיסְקַייט אוּן הֵיילִיגְקַייט. דַאר־רוּם זָאל זַיין דֶער ווִילֶען פַאר דִיר, גָאט, אַז עֶס זָאל זַיין גֶע־רֶעכֶענְט פַאר דִיר מַיין תְּפִלָּה פוּן שַׁחֲרִית, אָדֶער מוּסָף, אָדֶער מַעֲרִיב. יֶעדֶע תְּפִלָּה בֶּעזוּנְדֶער זָאל זַיין גְלַייךְ אַזוֹי ווִי אִיךְ וָואלְט גֶעוואוּסְט צוּ מְכַוֵּן זַיין אָדֶער מְצָרֵף זַיין אַלֶע כַּוָּנוֹת אוּן צֵרוּפֵי שֵׁמוֹת וָואס גֶעהֶען אַרוֹיס פוּן דֶער תְּפִלָּה פוּן שַׁחֲרִית אָדֶער מוּסָף, אָדֶער מִנְחָה, אָדֶער מַעֲרִיב, אוּן מַיין תְּפִלָּה זָאל אַרוֹיפְגֶעהְן פַאר דִיר, צוּ מַאכֶען אַ קְרוֹין אוֹיף דַיין קָאפּ מִיט די תְּפִלּוֹת פוּן די יִשְׂרָאֵל. וָואס וֵוייסֶען מְכַוֵּן צוּ זַיין אוּן מְצָרֵף

דברי צדיקים

דֶער בַּבְּנוּ יוֹנָה שְׁרֵייבְּט, טוֹב, עֶס אִיז גוּט, דָאס אַ מֶענְשׁ זָאל טְרַאגֶען אוֹיף זִיךְ דֶעם יָאךְ פוּן גָאט צוּ גֶעהְן אִין גוּטֶען וֶועג. אוּן צוּ גֶע־דֶענְקֶען דֶעם בַּאשֶׁעפֶער, אוּן עֶר זָאל זִיךְ יֶעדֶען טָאג מֶעהְר פֶערְשְׁטַארְקֶן אִין מִצְוֹות אוּן אִין דֶער לִיעבְּשַׁאפְט צוּ גָאט אוּן זָאל טְרַאכְטֶען אוּן גֶע־

צוּ זַיין מִיט כַּוָנוֹת וָואס גֶעהֶערֶען צוּ יֶעדֶער בְּרָכָה אוּן צוּ יֶעדֶער בַּקָשָׁה, זָאלֶען אַלֶע תְּפִלּוֹת גֶעהְן אִין זִיעבֶּעטֶען הִימֶעל אַרַיין, אָמֵן, כֵּן יְהִי רָצוֹן:

# אַ נַייעֶ יְרוּשָׁלַיִם תְּחִנָּה

**די** טַייעֶרֶע תְּחִנָּה הָאט גֶעמַאכְט אַ גְרויסֶע צַדֶיקֶת פוּן יְרוּשָׁלַיִם. מֶען זָאל אִיהר זָאגֶען אַלֶע טָאג פַאר דֶעם דַאוֶונֶען אוּן נָאך דֶעם דַאוִונֶען:

**בְּשֵׁם** יְיָ אֱלֹהֵי יִשְׂרָאֵל יוֹשֵׁב הַכְּרוּבִים, דוּ גָאט פוּן מַיינֶע עֶלְטֶערֶען, אִיךְ טְהוּ דִיךְ בֶּעטֶען מִיטְ'ן גַאנְצֶען הַאַרְ־צֶען, דוּ זָאלְסְט דִיךְ אִיבֶּער מִיר דֶערְבַּארֶעמֶען כְּרַחֵם אָב עַל בָּנִים, אַזוֹי וִוי אַ פָאטֶער דֶערְבַּארֶעמְט זִיךְ אִיבֶּער זַיינֶע קִינְ־דֶער, אוּן הֶער מַיין גֶעבֶּעט, אוּן בֶּעהִיט מִיךְ פוּן אַלֶעם בֵּייזֶען, אוּן פִיהר מִיךְ אִין דֶעם רֶעכְטֶען וֶועג אוּן פֶערְנֶעהם מַיין גֶעבֶּעט, וָואס אִיךְ טְהוּ אַלֶע טָאג בֶּעטֶען מִיט מַיין גַאנְצֶען הַארְצֶען, אוּן לָאז מִיךְ נִיט אוּמְקֶערֶען לֶעדִיג מִיט מַיין תְּפִלָּה. אוּן לָאז מִיךְ מִיט מַיין מַאן אוּן קִינְדֶער לֶעבֶּען צוּ דַיין הֵיילִיגֶער דִינְסְט. מֶלֶךְ הָרַחֲמִים, דוּ דֶערְבַּארֶעמְדִיגֶער קֶענִיג, דֶערְ־בַּארֶעם דִיךְ אִיבֶּער מִיר אוּן אִיבֶּער אַלֶע דִי מַיינִיגֶע, אוּן בֶּע־גֶעה זִיךְ נִיט מִיט אוּנְז חָלִילָה מִיט מִדַּת הַדִּין, נָאר מִיט מִדַּת הָרַחֲמִים, אוּן טְהוּ אָפּ דַיין צָארְן פוּן אוּנְז, אוּן דֶערְהֶער אוּנְ־

---

דברי צדיקים

דֶענְקֶען דָם דֶר בֶּעשֶׁעפֶער שְׁטֶעהְט שְׁטֶענְדִיג פַאר זַיינֶע אוֹיגֶען, דוּרְךְ דֶעם וֶועט עֶר גָאטְ'ס פָארְכְט הָאבֶּען אוֹיף זִיךְ אוּן וֶועט מַאכֶען זַיין הַארְץ אוּנְטֶערְטֶהֶענִיג אוּן וֶועט זִיךְ הַאלְ־טֶען נִיעדֶערִיג אוּן וֶוט הָאבֶּען חֲרָטָה אוֹיף זַיינֶע זִינְד אוּן וֶועט זִיךְ הִיטֶען מִיט אַלֶע כֹּחוֹת מֶעהר שׁוֹין נִיט צוּ

זער געבעט אלע מאהל ווען מיר טהוען דיך רופען. העלף אונז אין אלע אונזערע נויטען, דערפרעה אונז מיט וואס מיר ווילען, און זיי ממלא אונזערע בקשות וואס מיר פערלאנגען פון דיין היילינען נאמען. און זאלסט אונז העלפען אזוי ווי דו האסט געהאלפען אונזערע עלטערען פון זייער גרויסען און שווערען פיין אין מצרים, און גיב מיר גוטע און פרומע קינ־דער, וואס זאלען זיין צדיקים און חסידים און תלמידי חכמים און איך זאל זוכה זיין צו ערציהען זיי צו דיין היילינע דיענסט און זיי זאלען האבען חן און חסד אין דיינע אויגען און אין לייטענס אויגען, און מיר זאלען אויסלעבען אונזערע יאהרען אין גרויס פריידען און מיר זאלען זוכה זיין אויסצוגעבען אונ־זערע קינדער בכבוד גדול. איך בעט דיך, דו אלמעכטיגער גאט, בארימהארציגער פאטער, הערר איבער אלע הערצען, אז דו זאלסט הערען אלע מיינע תפלות און זאלסט באהיטען מיך און מיין מאן און מיינע קינדער פון אלעם בייזען, דו זאלסט מיך דערפרעהען ווי דו האסט אונזער מוטער חנה עליה השלום דערפרעהט מיט דאס, וואס זי האט באגעהרט פון דיין היילינען נאמען. מלך רחמים, דו דערבארעמדיגער פא־טער, קעניג פון דער וועלט, איך טהו דיך רופען טאג און נאכט. אלע טעג פון לעבען פערלאז אונז ניט און גיב אונז

---

יברי צדיקים

וינדיגען און דאן וועט ער זיין בע־ליעבט ביי גאט און ביי לייטען: יעדער מענש זאל זעהען צו זיין פון די ערשטע אין שוהל, און זאל שטעהן אין שוהל מיט גרויס פארכט, דען די שוהל איז אנשטאט דעם בית־המקדש. און ווען ער קומט אין שוהל זאל ער זיך א ווײלע פער־האלטען רוהיג און זאל זיך בע־טראכטען פאר וועמען ער דארף זיך

פַּרְנָסָה און אַלֶע אוּנְזֶערֶע בֶּעדֶערְפְנִישׁ פון דַיין הֵייליגֶע גֶע־
טְרַייעֶ מִילְדֶע הַאנְד און נִיט חָלִילָה דורךְ לַייטֶענְס הילְף, און
גִיבּ אונְז אַלֶע בֶּעדֶערְפְנִישׁ בְּנַחַת און נִיט מִיט צַעַר, און לָאז
מִיר זוֹכֶה זַיין צוּ דֶערלֶעבֶּען בִּיז הוּנְדֶערְט יָאהר מִיט מַיין מַאן
און קִינְדֶער צוּ זִיצֶען בַּיי מַיין טִישׁ. און מִיר זָאלֶען הָאבֶּען
גוּטֶע מְלִיצִים לְעוֹלָם הַבָּא. מֶלֶךְ מַלְכֵי הַמְּלָכִים הַקָּדוֹשׁ בָּרוּךְ
הוּא אִיךְ טְהוּ דִיךְ אָנְרוּפֶען אִין אַלֶע צַייטֶען, דֶען דוּ בִּיזְט
נָאר אֵיין גָאט און דוּ בִּיזְט מַיין שְׁפַּייזֶער, און דוּ גִיבְּסְט מִיר
אַלֶע מַיינֶע בֶּעדֶערְפְנִישֶׁען. און דוּ הָאסְט מִיךְ עֶרְנֶעהְרְט און
גֶעשְׁפַּייזְט און עֶרְצוֹיגֶן פוּן מַיין יוּגֶענְד אָן בִּיז הַיינְטִיגֶען טָאג.
בֶּעהִיט מִיךְ און מַיין מַאן און קִינְדֶער פוּן אַ מִיתָה מְשׁוּנָה,
און זָאלְסְט אוּנְז גֶעדֶענְקֶען אִין אַלֶע צַייטֶען און אוּנְז אָנְשְׁרַיי־
בֶּען צוּ גוּטֶע יָאהְרֶען, צוּ לַאנְגְ לֶעבֶּען, דֶען צוּ דַיין הִילְף הָאף
אִיךְ און אוֹיךְ אַלֶע וָואס לֶעבֶּען אוֹיף דֶער גַאנְצֶער וֶועלְט.
זָאלְסְט אוּנְז גֶעדֶענְקֶען שְׁטֶענְדִיג צוּ גוּטֶען און צוּ בֶּענְשׁוּנְג,
און זָאלְסְט אוּנְזֶערֶע תְּפִלּוֹת אַלֶע צַייט דֶערְהֶערֶען אַזוֹי וִוי דוּ
הָאסְט גֶעהֶערְט דִי תְּפִלָּה פוּן מְנַשֶּׁה מֶלֶךְ יְהוּדָה, און זָאלְסְט
אוּנְזֶער תְּפִלָּה נִיט פֶערְשֶׁעמֶען און נִיט לָאזֶען אוּמְקֶעהְרֶען זִיךְ
לֶעדִיג פוּן דִיר, דֶען דוּ בִּיזְט דֶער גָאט וָואס הֶערְט אַלֶע גֶע־
בֶּעטֶען פוּן דִי וָואס רוּפֶען מִיטְ'ן גַאנְצֶען הַארְצֶען אָמֵן.
וְכֵן יְהִי רָצוֹן:

---

דברי צדיקים

דָא שְׁטֶעלֶען און וֶוער עָם הֶערְט צוּ זַיינֶע רֵייד דַאן וֶועט עֶר בֶּעקוּמֶען מוֹרָא פַאר גָאט בָּרוּךְ־הוּא און זַיין מַחֲשָׁבָה אִין זַיין כַּוָּנה וועמ זיין איז דֶער תְּפִלָּה. דַאן וֶועט זַיין תְּפִלָּה אָנְגֶענוּמֶען וֶוערֶען פוּן גָאט מִיט בְּחַסְנוּת:

# תְּחִנַּת שְׁעָרִים

**אַ נייעֶ תְּחִנַּת שְׁעָרִים צוּ עֶפֶענֶען דִי שַׁעֲרֵי רַחֲמִים, אוּן צוּ זָאגֶען עֶס אַלֶע פְרִיהמָארְגֶען פַאר דֶעם דַאוְונֶען:**

אָנָּא אִיךְ בֶּעט דִיךְ רִבּוֹן הָעוֹלָמִים, הֶערְר פוּן אַלֶע וֶועלְטֶן, אֵל רַחוּם וְחַנּוּן, דֶערְבַּארֶעמְדִיגֶער גָאט, אַז דוּ זָאלְסְט עֶפֶענֶען דִי טוֹיעֶרֶען פוּן דַיינֶע הִימְלֶען, דוּרְךְ וֶועלְכֶע עֶס גֶעהֶען אַרוֹיף צוּ דִיר דִי תְּפִלּוֹת אוּן דָאס גֶעבֶּעט פוּן אַלֶעמֶען אוּן זָאלְסְט זִיךְ צוּ מַיין גֶעבֶּעט אוֹיךְ צוּהֶערֶען, כָאטְשׁ אִיךְ וֵויים, דָאס דוּרְךְ מַיינֶע פִיעל זִינְד בִּין אִיךְ נִיט וֶוערְטְה צוּ דֶערְמָאנֶען דַיין לִיעבֶּען נָאמֶען אוֹיף מַיינֶע לִיפֶּען, פוּנְדֶעסְטְ־וֶועגֶען מוּז אִיךְ מִיךְ אוּנְטֶערְשְׁטֶעלֶען צוּ בֶּעטֶען דִיךְ, אַז דוּ זָאלְסְט מִיר מוֹחֵל זַיין מַיינֶע זִינְד. דֶען וֶוען מֶען קוּמְט מִיט אַ בַּקָּשָׁה צוּ אַ מֶלֶךְ בָּשָׂר וָדָם, וֶוען מֶען פֶערְזִינְדִיגְט זִיךְ קֶעגֶען אִיהם, טְרֶעפְט אוֹיךְ אָפְט דָאס עֶר אִיז מוֹחֵל, בִּפְרַט נָאךְ דוּ זִיעבֶּער גָאט, וָואס דוּ בִּיזְט אַ מֶלֶךְ מַלְכֵי הַמְּלָכִים, וָואס דוּ וֶוערְנֶעהְמְסְט דָאס גֶעבֶּעט אוּן אוֹיךְ דִי טְרֶעהְרֶען פוּן אַלֶעמֶען, וֶועסְטוּ מַיין גֶעבֶּעט אוֹיךְ אוֹיסְהֶערֶען, אַזוֹי וִוי דָוִד הַמֶּלֶךְ עָלָיו הַשָּׁלוֹם זָאגְט אִין זַיין סֵפֶר תְּהִלִּים „אַשְׂחֶה בְכָל לַיְלָה מִטָּתִי", פוּן פִיעל טְרֶעהְרֶען וָואס אִיךְ פֶערְגִיס פַאר דִיר גָאט מַאךְ אִיךְ שְׁווִימֶען מַיין גֶעלֶעגֶער, אוּן דָוִד הַמֶּלֶךְ פִיהְרְט אוֹיס צוּם סוֹף „שָׁמַע ה' קוֹל בִּכְיִי", גָאט הָאט צוּגֶעהֶערְט מַיין גֶעוויין, „שָׁמַע ה' תְּחִנָּתִי", גָאט הָאט גֶעהֶערְט מַיין תְּחִנָּה וָואס אִיךְ זָאג, „ה' תְּפִלָּתִי יִקָּח", דֶער אוֹיבֶּערְשְׁטֶער וֶועט אָנְנֶעהְמֶען מַיין גֶעבֶּעט, אָמֵן סֶלָה:

# תְּחִנָּה מַה טֹּבוּ

**מַה** טֹּבוּ אֹהָלֶיךָ יַעֲקֹב מִשְׁכְּנוֹתֶיךָ יִשְׂרָאֵל: וַאֲנִי בְּרוֹב חַסְדְּךָ אָבֹא בֵיתֶךָ בִּזְכוּת אַבְרָהָם שֶׁנִּקְרָא אִישׁ הַחֶסֶד: אֶשְׁתַּחֲוֶה אֶל הֵיכַל קָדְשְׁךָ בִּזְכוּת יִצְחָק שֶׁנֶּעֱקַד עַל גַּבֵּי הַמִּזְבֵּחַ בְּמָקוֹם קָדוֹשׁ: בְּיִרְאָתֶךָ בִּזְכוּת יַעֲקֹב שֶׁאָמַר מַה נּוֹרָא הַמָּקוֹם הַזֶּה:

**רִבּוֹנוֹ** שֶׁל עוֹלָם בִּזְכוּת שְׁלֹשֶׁת אָבוֹת אֵלוּ אָבוֹא לְבֵית הַכְּנֶסֶת לְהִתְפַּלֵּל לְפָנֶיךָ וּבִזְכוּתָם תַּעֲלֶה תְּפִלָּתִי תְּפִלַּת הָאֶבְיוֹן לְרַחֲמִים וּלְרָצוֹן לִפְנֵי כִּסֵּא כְבוֹדֶךָ וְתַעֲלֶה וְתִתְנַשֵּׂא לְכֶתֶר עַל רֹאשְׁךָ עַל יְדֵי מְטַטְרוֹן שַׂר הַפָּנִים אָמֵן סֶלָה: אֵשׁ תָּמִיד תּוּקַד עַל הַמִּזְבֵּחַ לֹא תִכְבֶּה: סֵעֲפִים שָׂנֵאתִי וְתוֹרָתְךָ אָהָבְתִּי: יְיָ אָהַבְתִּי מְעוֹן בֵּיתֶךָ וּמְקוֹם מִשְׁכַּן כְּבוֹדֶךָ: וַאֲנִי אֶשְׁתַּחֲוֶה וְאֶכְרָעָה אֶבְרְכָה לִפְנֵי ה׳ עוֹשִׂי: וַאֲנִי תְפִלָּתִי לְךָ ה׳ עֵת רָצוֹן אֱלֹהִים בְּרָב חַסְדֶּךָ עֲנֵנִי בֶּאֱמֶת יִשְׁעֶךָ:

**מַה** טֹּבוּ ווִי גוּט זַיינֶען דַיינֶע גֶעצֶעלְטֶען יַעֲקֹב אוּן דָאס רוּהוּנְג פוּן דִי יִשְׂרָאֵל, דָאס אִיז דֶער הֵיילִיגֶער בֵּית־הַכְּנֶסֶת. אוּן אִיךְ קוּם מִיט דַיין גְרוֹיס גְנָאד אִין דַיין שׁוּהל בִּזְכוּת אַבְרָהָם וָואס עֶר אִיז גֶערוּפֶען אִישׁ חֶסֶד אִיךְ טְהוּ מִיךְ בּוּקֶען צוּם הֵיכַל בִּזְכוּת יִצְחָק וָואס עֶר אִיז גֶעבּוּנְדֶען גֶעוָוא־רֶען אוֹיף דֶעם מִזְבֵּחַ אוּן בִּזְכוּת יַעֲקֹב וָואס עֶר הָאט גֶעזָאגְט וָואס פַאר אֵיין פָארְכְטִיג אָרְט דָאס אִיז:

**רבש״ע** אִין דֶעם זְכוּת פוּן דִי דְרַיי אָבוֹת קוּם אִיךְ אִין דַיין הֵיילִי־גֶער שׁוּל אַרַיין תְּפִלָּה טְהוּאן פַאר דִיר אוּן אִין זֵייעֶר זְכוּת זָאל אוֹיפְגֶעהן מַיין תְּפִלָּה אוּן זָאל זַיין אֵיין קְרוֹין אוֹיף דַיין קָאפּ

---

משלי דוד

מַה טֹּבוּ אֹהָלֶיךָ יַעֲקֹב, מִשְׁכְּנוֹתֶיךָ יִשְׂרָאֵל. וָואס אִיז דֶער טַעַם וָואס עֶר זָאגְט אֹהָלֶיךָ אוּן מִשְׁכְּנוֹתֶיךָ? מָשָׁל: אַפָּאטֶער הָאט גֶעהַאט צְוַויי קִינְדֶער, אֵיינֶער אִיז גֶעוֶועזֶען אַ קוֹיפְמַאן, עֶר הָאט זִיךְ גֶעפִיהְרְט זֶעהר אָרֶעמְטְלִיךְ, נָאר לֶערְנֶען הָאט עֶר גִיט גֶעהַאט קֵיין צַייט. עֶר הָאט נָאר

דורך דעם מַלְאָךְ שַׂר הַפָּנִים. גָאט, אִיךְ הָאבּ לִיעבּ דִי וואוינוּנְג פוּן דיין הויז אוּן דָאס אָרְט פוּן דַיין רוּהוּנְג, אִיךְ טְהוּ מִיךְ בּוּקֶען אוּן לויבֶּען פאר גָאט מַיין בַּאשֶׁעפֶּער, אוּן טְהוּ בֶּעטֶען צוּ דִיר מִיט בַּאוְוייליגְקֵייט, גָאט, מִיט דַיין גִינָאד זָאלְסְטוּ מִיר עֶנְטְפֶּערֶען מִיט וַואהרהַייט דַיין הִילְף:

דִי תְּחִנָּה זָאל מֶען זָאגֶען נָאךְ מַה טוֹבוּ:

**מִי** אָנֹכִי וֶוער בִּין אִיךְ דָאס אִיךְ זָאל זוֹכֶה זַיין תְּפִלָּה צוּ טְהָאן פַאר אַזוֹי אַ פָארְכְטִיגֶען גְרוֹיסֶען קֶענִיג אִיבֶּער אַלֶע קֶענִיגֶען, מֶלֶךְ מַלְכֵי הַמְּלָכִים הַקָּדוֹשׁ בָּרוּךְ הוּא, גֶעלויבְּט אוּן גֶעהֵיילִיגְט אִיז דַיין נָאמֶען. אִיךְ בִּין נָאר בְּלוּט אוּן פְלֵייש, אִיךְ בִּין נִיט וֶוערְטְה דָאס אִיךְ זָאל גֶעדֶענְקֶען דַיין נָאמֶען אוּן מִכָּל שֶׁכֵּן דָאס אִיךְ זָאל פַאר אִיהם תְּפִלָּה טְהָאן, וְוִיא זָאל אִיךְ אוֹיפְהוֹיבֶּען מַיין פָּנִים פַאר אַזוֹי אַ פָארְכְטִיגֶען קֶענִיג, אַ קֶענִיג אִיבֶּער אַלֶע קֶענִיגֶען, גֶעלוֹיבְּט אוּן גֶעהֵיילִיגְט אִיז זַיין נָאמֶען, עֶר אִיז דֶערְהוֹיכְט אִיבֶּער אַלֶע גֶעוֶועלְטִיגֶער, נַייעֶרְט וֶועגֶען זַיין גֶענָאד אוּן וֶועגֶען זַיין גְרוֹיס דֶערְבַּארֶעמְקֵייט דָאס עֶר דֶערְבַּארֶעמְט זִיךְ אִיבֶּער דֶער גַאנְצֶער וֶועלְט אוּן בַּאגֶעהְרְט דִי תְּפִלָּה אוּן בַּקָּשָׁה פוּן זַיינֶע קְנֶעכְט וְוִי אִין פָּסוּק שְׁטֶעהט (קָרוֹב ה׳ לְכָל קוֹרְאָיו לְכֹל אֲשֶׁר יִקְרָאוּהוּ בֶאֱמֶת) גָאט אִיז נָאהֶענְט צוּ דִי וָואס רוּפֶען אִיהם מִיט וַוארהַייט אוּן מַיין גֶעשְׁרֵיי טְהוּט עֶר הֶערֶען אוּן פַארְגֶעהְמְט דִיא תְּפִלּוֹת פוּן אַלֶע דִי וָואס טְהוּעֶן דִיךְ אָנְרוּפֶען, אָמֵן:

---

משלי דוד

קוֹבֵעַ עִתִּים לַתּוֹרָה גֶעוֶוען. אַלֶע טָאג הָאט עֶר גֶעמַאכְט אַן אַנְדֶער צַייט אוֹיף לֶערְנֶען. וֶוען דִיא צַייט הָאט אִיהם עֶרְלַייבְּט. אוּן דֶער צְוֵוייטֶער אִיז גֶעוֶוען אַ גְרוֹיסֶער מַתְמִיד אוּן אִיז גֶעזֶעסֶען אוּן גֶעלֶערְנְט יוֹמָם וָלַיְלָה. טָאג אוּן נַאכְט. פְרֶעגְט אֵיינֶער בַּיים פָאטֶער: וְוִי רוּפְט מֶען בֵּיי־

**רִבּוֹנוֹ** שֶׁל עוֹלָם, דוּ הֶערְר פוּן דֶער גַאנְצֶער וֶועלְט, אִיךְ וֵויים גַאנְץ ווואויל אַז אִיךְ בִּין אַיין אָרִימֶער זִינְדִיגֶער מֶענְטְשׁ, אַז אִיךְ בִּין נִיט וֶוערְטְה צוּ שְׁטֶעהְן אוּן תְּפִלָּה צוּ טְהָאן פַאר דַיין גְרוֹיסֶען גֶעאַכְפֶּערְטֶען נָאמֶען, וָואס צוּ דַיין גְרוֹיס הֶערְלִיכְקַייט אוּן גְרוֹיס אַכְפֶּערְקַייט הָאט קֵיין שִׁיעוּר נִיט אוּן קֵיין עֶרֶךְ נִיט, דַיין גְדוּלָּה אוּן גְבוּרָה אִיז נִיט מֶעגְלִיךְ צוּ דֶערְצֶעהְלֶען. נָאר דוּ בִּיסְט אַיין גְרוֹיסֶער רַחֲמָן אוּן בַאגֶעהֶרְסְט דִי תְּפִלָּה פוּן דֶעם וָואס טְהוּט דִיךְ רוּפֶען מִיטְ'ן גַאנְצֶען הַארְצֶען אוּן דוּ גָאט פַארְשֶׁעהְמְסְט נִיט זֵייעֶר תְּפִלָּה, דְרוּם עֶרְלוֹיבּ אִיךְ מִיךְ צוּ בֶּעטֶען דִיךְ. בַּארֶעמְהֶערְצִיגֶער פָאטֶער, מִיט אַ צוּבְּרָאכֶען הַארְץ אוּן מִיט וֵויינֶע רֵייד אוּן הָאבּ חֲרָטָה אוֹיף אַלֶע מַיינֶע עֲבֵירוֹת וָואס אִיךְ הָאבּ גֶעטְהָאן פוּן מַיין יוּגֶענְד אָן בִּיז דֶעם הַיינְטִיגֶען טָאג, אוּן דוּ זָאלְסְט מִיר שִׁיקֶען דִי מַלְאָכִים וָואס זֵיי זֶע־נֶען מְמוּנֶה אִיבֶּער דִי תְּפִלּוֹת פוּן דִי יִשְׂרָאֵל, אַז אוּנְזֶער תְּפִלָּה זָאל אוֹיךְ אָנְגֶענוּמֶען וֶוערֶען, אָמֵן סֶלָה:

דִי תְּחִנָּה זָאל מֶען זָאגֶען יֶעדֶען פְרִיהְמָארְגֶען צוּ קְלֵיינֶע קְרִיאַת־שְׁמַע נָאךְ מְקַדֵּשׁ אֶת שִׁמְךָ בָּרַבִּים:

**אַתָּה** קָדוֹשׁ, דוּ בִּיסְט הֵיילִיג אוּן דַיין נָאמֶען אִיז הֵיילִיג אוּן דִי הֵיילִיגֶע יִשְׂרָאֵל טְהוּעֶן לוֹיבֶּען אוּן הֵיילִיגֶען דַיין גֶעאַכְפֶּערְטֶען נָאמֶען אוּן טְהוּעֶן לַיידֶען דִי אַרְבַּע מִיתוֹת בֵּית דִין (סְקִילָה, שְׂרֵיפָה, הֶרֶג, וְחֶנֶק) פוּן וֶועגֶען דַיין הֵיילִיגֶען נָאמֶען. אוֹיבּ עֶס וֶועט חָלִילָה קוּמֶען אַ בֵּייזֶע מַחֲשָׁבָה אוֹיף מַיי־נֶע גֶעדַאנְקֶען, קוּם אִיךְ דִיר בֶּעטֶען, לִיעבֶּער גָאט, דוּ זָאלְסְט

---

משלי דוד

...ע קִינְדֶער? עֶנְטְפֶערְט עֶר: אֵיינֶעם ...וּפְט מֶען אֹהֶל, אוּן דֶעם צְוֵוייטֶען ...וּפְט מֶען מִשְׁכָּן. פְרֶעגְט עֶר: פַאר ...אס אִיז דָאס? זָאגְט דֶער פָאטֶער: דֶער קוּיפְמַאן אִיז גֶעגְלִיכֶען צוּ אַן אֹהֶל. וַוייל (אַ פַּאלַאטְקֶע) אִיז נִיט קֵיין שְׁטֶענְדִיגֶע זַאךְ. מֶען טְרָאגְט אִיהם אִיבֶּער פוּן אֵיין אָרְט אוֹיף דֶעם אַנ־

מִיךְ הֵיילִיגֶען, זָאלְסְט מִיר גֶעבֶּען אִין מַיין מַחֲשָׁבָה אוּן אִין מַיין מוּיל, דָאס אִיךְ זָאל קֶענֶען הֵיילִיגֶען דַיין נָאמֶען פַאר אַלֶע לַייט אַזוֹי וִוי עֶס הָאבֶּען גֶעטְהָאן דִי הֵיילִיגֶע קְדוֹשִׁים (עֲשָׂרָה הֲרוּגֵי מַלְכוּת) אוּן פִילֶע הוּנְדֶערְטֶער טוֹיזֶענְטֶער פוּן דִי הֵיילִיגֶע יִשְׂרָאֵל וָואס הָאבֶּען אִיבֶּערְגֶעגֶעבֶּען זֵייעֶר לַייבּ פוּן דַיין הֵיילִיגֶען נָאמֶען וֶועגֶען. דוּ בִּיסְט גָאט מַיין גָאט אוּן דוּ וֵוייסְט אַלֶע פַארְבָּארְגֶענִישׁ פוּן מַיין הַארְצֶען. אִיךְ בִּין גְרֵייט צוּ אִיבֶּערְגֶעבֶּען מַיין בֵּיין אוּן פְלֵייש אוּן מַיינֶע אָדֶערֶען אוּן מַיין בְּלוּט אוּן מַיין חֵלֶב צוּ לַיידֶען אַרְבַּע מִיתוֹת בֵּית דִין, סְקִילָה, שְׂרֵיפָה, הֶרֶג, וְחֶנֶק, אִין אַלֶע פַּיין וָואס אִין דֶער וֶועלְט, כְּדֵי צוּ אֵיינִיגֶען דַיין הֵיילִיגֶען נָאמֶען, דֶען דוּ בִּיסְט אַ גֶערֶעכְטֶער רִיין אוּן אַ וָוארְהַאפְטִיגֶער שׁוֹפֵט. אוּנְזֶערֶע חֲכָמִים הָאבֶּען אָנְגֶעשְׁרִיעבֶּען, וֶוען אֵיינֶער עֶנְטְפֶערְט אִיבֶּער זַיין לַייבּ פִיר דַיין הֵיילִיגֶען נָאמֶען מִיטְ'ן גַאנְצֶען הַארְצֶען, פִיהְלְט עֶר נִיט דִי יְסוּרִים, נָאר טָאמֶער וֶועלֶען דִי יְסוּרִים גְרוֹיס זַיין אוֹיף מִיר דָאס אִיךְ וֶועל עֶס נִיט קֶענֶען אוֹיסְהַאלְטֶען, בֶּעט אִיךְ דַיין הֵיילִיגֶען נָאמֶען דוּ זָאלְסְט מִיךְ שְׁטַארְקֶען אַז מַיין מַחֲשָׁבָה זָאל זַיין בַּאהֶעפְטְ אִין דִיר אַלֶע צַייט אוּן אִיךְ זָאל מִיךְ מְשַׂמֵחַ זַיין אִין מַיין הַארְצֶען פוּן וֶועגֶען דִי יְסוּרִים אוּן זָאלְסְט מַאכֶען אִין מַיין מוּיל דֶעם כֹּחַ הַדִבּוּר צוּ רֵיידֶען אוּן צוּ הֵיילִיגֶען דִיךְ מִיט חָכְמָה. אוּן מִיט פֶערְשְׁטַאנְדִיגְקַייט אוּן דוּ

---

משלי דוד

דֶערֶען, אַזוֹי אִיז דֶער קוֹיפְמַאן. עֶר הָאט נִיט קֵיין בֶּעשְׁטִימְטֶע צַייט אוֹיף לֶעהְרְנֶען, וַוייל עֶר אִיז אַ פַארְדְרֵייטֶער קָאפּ. אַ מָאהל לֶעהֶרְענְט עֶר בַּיי טָאג אוּן אַ מָאהל לֶעהֶרְענְט עֶר בַּיי נַאכְט. אָבֶּער דֶער צְוֵוייטֶער אִיז גֶעגְלִיכֶען צוּ אַ מִשְׁכָּן (רוּהוּנְגְס־אָרְט) וַוייל עֶר רוּהט שְׁטֶענְדִיג אוֹיף אֵיין

זָאלסְט מִיר גֶעבֶּען אַ חֵלֶק מִיט דִי הֵיילִיגֶע וָואס בַּאהֶעפְטֶען זִיךְ אִין דִי הֵיילִיגְקַייט, אוּן עֶס זָאל זַיין צוּ וִוילֶען דִי זָאג פוּן מַיין מוֹיל, דֶען דוּ בִּיסְט גָאט מַיין בַּאשֶׁעפֶער אוּן מַיין דֶערְ־לֵייזֶער, אָמֵן:

דִיא תְּחִנָּה זָאל מֶען זָאגֶען אַבֶּענְדְס אוּן מָארְגֶענְס אִין שְׁמוֹנָה עֶשְׂרֵה אֵייְ־דֶער מֶען זָאגְט כִּי אַתָּה שׁוֹמֵעַ:

**אָנָּא** אִיךְ בֶּעט דִיךְ גָאט אִיךְ הָאבּ גֶעזִינְדִיגְט אוּן פֶערְקְרִימְט אוּן גֶעשׁוּלְדִיגְט פַאר דִיר אוּן הָאבּ גֶעטְהָאן וָואס נִיט רֶעכְט אִיז. רִבּוֹנוֹ שֶׁל עוֹלָם, טְהוּ אוּם פוּן דַיין הֵיילִיגֶען נָאמֶען וֶועגֶען, אוּן פַארְ־גִיעבּ מִיר אוֹיף מַיינֶע זִינְד וָואס אִיךְ הָאבּ גֶעטְהָאן אוּמְגֶערֶען אָדֶער מִיט גוּטֶען וִוילֶען אוּן הָאבּ מוֹרֵד גֶעוֶוען קֶעגֶען דַיין הֵיילִיגֶען נָאמֶען אוּן וָואס אִיךְ הָאבּ גֶעטְהָאן פוּן מַיין יוּגֶענְד אָן בִּיז אִין דֶעם הַיינְטִיְ־גֶען טָאג אוּן עֶס זָאל וֶוערֶען דֶערְפִיהְלְט אַלֶע שֵׁמוֹת וָואס אִיךְ הָאבּ פוֹגֵם גֶעוֶוען דוּרְךְ מַיינֶע זִינְד אִין דַיין הֵיילִיגֶען נָאמֶען:

**אַתָּה**, דוּ בִּיסְט גָאט וָואס דוּ בִּיסְט מְפַרְנֵס וּמְכַלְכֵּל מִיט דַיין גֶענָאד צוּ אַלֶע בַּאשֶׁעפֶענִישׁ פוּן דִי חַיָּה וָואס הֵייסְט וִויזִיל־טִיר בִּיז אַ קְלֵיין וָוארִים וָואס הֵייסְט בֵּיצֵי כִנִּים, זָאלְסְטוּ גֶעבֶּען מִיר אוּן מַיין הוֹיזְגֶעזִינְד אוּנְזֶער שְׁפַּייז אֵיידֶער מִיר וֶועלֶען נָאךְ דַארְפֶען, מִיט נַחַת אוּן אָהן צַעַר, מִיט הֶיתֵּר אוּן אָהן אִיסוּר, צוּ לֶעבֶּען אִין פְרֵייד, מִיט בְּרָכָה וְהַצְלָחָה וָואס קוּמְט פוּן הִימֶעל כְּדֵי אִיךְ זָאל קֶענֶען מְקַיֵּים זַיין דַיינֶע מִצְוֹת מִיטְ'ן גַאנְצֶען הַארְצֶען אוּן אִיךְ זָאל נִיט בַּאדַארְפֶען קֵיין מֶענְשֶׁענְס גָאבּ אוּן נִיט עֶפֶּעס צוּ לַייעֶן בַּיי זֵיי, נָאר מִיט דַיין

---

משלי דוד

אָרְט, עֶר בַּאוֶועגְט נִיט, אַזוֹי אִיז עֶר, עֶר זִיצְט יוֹמָם וָלַיְלָה אוֹיף אַן אָרְט אוּן לֶערְנְט, נָאר זֵיי זַיינֶען בֵּיידֶע גוּטֶע קִינְדֶער. דָאס זָאגְט דֶער פָּסוּק: מַה

טוֹבוּ אֹהָלֶיךָ יַעֲקֹב, וִוי גוּט זַיינֶען דַייְ־נֶע קִינְדֶער וָואס זַיינֶען גֶעגְלִיכֶען צוּ אַן אֹהֶל, הַגַּם זֵיי עֶרְלוֹיבְּט נִיט דִי צַייט צוּ לֶערְנֶען יוֹמָם וָלַיְלָה, נָאר זֵיי זַייְ־

פוּל הַאנְד וָואס אִיז אָפֶען. עֶס זָאל מְקוּיָם וֶוערֶען דֶער פָּסוּק „פּוֹתֵחַ אֶת יָדֶךָ וּמַשְׂבִּיעַ לְכָל חַי רָצוֹן”, דָאס אִיז טַייטְשׁ: דוּ עֶפֶענְסְט דַיין הַאנְד אוּן זֶעטִיגְסְט אוּנְז מִיט שְׁפֵּייז אַלֶעמֶען נָאךְ זַייעֶר ווִילֶען נָאךְ:

# תְּחִנַּת שַׁחֲרִית.

דִיא שֶׁעהְנֶע תְּחִנָּה זָאל מֶען זָאגֶען אַלֶע טָאג וֶוען דֶער חַזָן הַאלְט שִׂים שָׁלוֹם אָדֶער וֶוען דִי כֹּהֲנִים דוּכְנָן:

**רִבּוֹנוֹ** שֶׁל עוֹלָם, דוּ הֶערְר פוּן דֶער גַאנְצֶער וֶועלְט, אִיךְ בִּין דַיין אוּן מַיינֶע (חֲלוֹמוֹת) טְרוֹימֶען זֶענֶען דַיין. עֶס הָאט מִיךְ גֶעטְרוֹימְט אַ טְרוֹים אוּן ווֵייס נִיט וָואס עֶס בֶּעטַייט. אַזוֹי זָאל זַיין דֶער ווִילֶען פַאר דִיר גָאט מַיין גָאט אוּן גָאט פוּן מַיינֶע עֶלְטֶערֶען, דָאס עֶס זָאל זַיין אַלֶע מַיינֶע טְרוֹימֶען אוֹיף מִיר אוּן אוֹיף כָּל יִשְׂרָאֵל צוּ גוּטֶען אוּן צוּ בֶּענְשׁוּנְג אוּן דֶער טְרוֹים וָואס מִיר הָאט גֶעטְרוֹימְט אוֹיף אַנְדֶערֶע, אוֹיב זֵיי זֶענֶען גוּטֶע טְרוֹימֶען, זָאלְסְטוּ זֵיי שְׁטַארְקֶען אוּן בַּאשְׁטֶעטִיגֶען זֵיי זָאלֶען אִין מִיר אוּן אִין זֵיי בַּאשְׁטֶעטִיגְט וֶוערֶען אַזוֹי ווִי דֶער טְרוֹים פוּן יוֹסֵף הַצַדִיק עָלָיו הַשָּׁלוֹם אוּן וֶוען זֵיי בְּרוּיבֶען הֵיילוּנְג. זָאלְסְטוּ זֵיי הֵיילֶען ווִי דוּ הָאסְט גֶעהֵיילְט חִזְקִיָהוּ הַמֶלֶךְ פוּן זַיין קְרַאנְקְהַייט אוּן אַזוֹי ווִי דוּ הָאסְט גֶעהֵיילְט מִרְיָם הַנְבִיאָה פוּן אִיהר צָרַעַת אוֹיךְ אַזוֹי ווִי דִי בִּיטֶערֶע וַואסֶער פוּן דֶער שְׁטָאדְט יְרִיחוֹ דוּרְךְ דֶער הַאנְד פוּן אֱלִישָׁע הַנָבִיא אוּן אַזוֹי ווִי דוּ הָאסְט פֶערְקֶעהְרְט דָאס פְלוּכֶען פוּן בִּלְעָם הָרָשָׁע פוּן פְלוּכוּנְג צוּ בֶּענְשׁוּנְג אַזוֹי זָאלְסְטוּ אוֹיךְ פַארְקֶעהְרֶען אַלֶע מַיינֶע טְרוֹימֶען אוֹיף מִיר אוּן כָּל יִשְׂרָאֵל צוּ בֶּענְטְשׁוּנְג אֵייבִּיג, אָמֵן:

---

משלי דוד

גֶען קוֹבֵעַ עִתִּים לַתּוֹרָה, אוּן זֵיי זַיינֶען מַחֲזִיק לֶעהְרֶענֶער זֵיי זָאלֶען לֶעהְרֶנֶען תּוֹרָה. מִשְׁכְּנוֹתֶיךָ יִשְׂרָאֵל, אוּן ווִי גוּט אוּן טְהַייעֶר זַיינֶען דַיינֶע קִינְדֶער דִי תַּלְמִידֵי חֲכָמִים, וָואס זַיינֶען גֶעגְלִייבֶען צוּם מִשְׁכָּן אוּן זַיינֶען עוֹסֵק בַּתּוֹרָה אִימֶער. אוּן דַארוּם רוּפְט עֶר דִי קוֹיפְּלֵייטֶע מִיט דֶעם נָאמֶען יַעֲקֹב, ווייל

אַ נַייעֶ תְּחִנָּה מִשְׁפַּט צֶדֶק צוּ זָאגֶען אַלֶע מָאנְטָאג אוּן דָאנֶערְשְׁטָאג
בְּעֵת מֶען גֶעהְמְט אַרוֹיס דִי סֵפֶר תּוֹרָה פַאר בְּרִיךְ שְׁמֵיהּ:

**אֱלָהָא** קְשׁוֹט, גָאט אִיז אֱמֶת, וְאוֹרַיְיתָא קְשׁוֹט אוּן דַיין הֵיילִיגֶע תּוֹרָה אִיז אֱמֶת, מִיר גֶעפִינֶען אִין זוֹהַר הַקָּדוֹשׁ אַ מַאֲמָר פוּן דֶעם הֵיילִיגֶען תַּנָּא דֶער צַדִּיק רַבִּי שִׁמְעוֹן בֶּן יוֹחָאִי זָאגְט, דָאס אִין דֶער צַייט וֶוען מֶען נֶעהְמְט אַרוֹיס דִי סֵפֶר תּוֹרָה בְּצִבּוּר צוּ לֵייעֶנֶען עֶפֶענֶען זִיךְ אִין הִימֶעל אַלֶע טְהוֹיעֶרֶען פוּן רַחֲמִים אוּן לִיבְשַׁאפְט, אוּן אַזוֹי וִוי עֶס זַיינֶען יֶעצְט אָפֶען דִי שַׁעֲרֵי רַחֲמִים, קוּם אִיךְ אִשָּׁה (פלונית בת פלונית) פַאר דִיר מִיט אַ הֵיים גֶעבֶּעט דָאס דוּא זָאלְסְט דֶערְלֶעבְּנֶען מַיינֶע יָארֶען, מַיין מַאנְס יָארֶען, מַיינֶע קִינְדֶער'ס יָארֶען, מִיר זָאלֶען לֶעבֶּען בְּנַחַת, נִיט חָלִילָה מִיט צַעַר, דוּ זָאלְסְט דוּרְךְ דִי אָפֶענֶע טְהוֹיעֶרֶען מִיר אוּן צוּ כָּל יִשְׂרָאֵל אַרָאפְּשִׁיקֶען שֶׁפַע בְּרָכָה פַּרְנָסָה וְהַצְלָחָה. אוּנְזֶער בִּטָּחוֹן צוּ דִיר זָאל חָלִילָה נִיט פַארְשֶׁעהְמְט וֶוערֶען דֶען דוּ בִּיזְט דָאךְ מַיין שְׁפַּייזֶער אוּן דֶער שְׁפַּייזֶער פוּן דֶער גַאנְצֶער וֶועלְט. אוּן דוּרְךְ דֶם זְכוּת פוּן דֶער הֵיילִיגֶער תּוֹרָה זָאל אִיךְ זוֹכֶה זַיין דָאס פוּן מִיר זָאל וַואקְסֶען אַ גוּט דוֹר תַּלְמִידֵי חֲכָמִים וָואס זֵייעֶרֶע אוֹיגֶען זָאלֶען לַייכְטֶען אִין דֶער תּוֹרָה, דֶען דִי תּוֹרָה הַקְּדוֹשָׁה אִיז אוּנְזֶער אֵיינְצִיגֶע טְרֵייסְט אִין דֶעם בִּיטֶערֶען גָלוּת, זִי אִיז בַּיי אוּנְז אַ גוּטֶער מַשְׁכּוֹן פוּן דַיין לִיבֶּען נָאמֶען, דָאס מִיר וֶועלֶען אוֹיסְגֶעלֵייזְט וֶוערֶען בִּמְהֵרָה בְיָמֵינוּ, אָמֵן:

---

משלי דוד

זֵיי זַיינֶען אַ קְלֶענֶערֶע מַדְרֵגָה, אוּן דִי תַּלְמִידֵי חֲכָמִים רוּפְט עֶר יִשְׂרָאֵל, וַוייל זֵיי זַיינֶען אַ גְרֶעסֶערֶע מַדְרֵגָה, וַוייל

דֶער נָאמֶען יִשְׂרָאֵל וַוייזְט שַׂר עִם אֵל. עֶר הָאט גֶעשְׁטְרַייט מִיט דֶעם מַלְאָךְ וַיּוּכַל לוֹ. אוּן הָאט אִיהם בַּייגֶעקוּמֶען.

# תְּחִנָּה פוּן יְרוּשָׁלַיִם

די תְּפִלָּה זָאל מֶען אַלֶע טָאג זָאגֶען נָאךְ דֶעם דַאוְונֶען:

יְהִי רָצוֹן מִלְּפָנֶיךָ, עֶס זָאל זַיין דֶער ווִילֶען פוּן דִיר גָאט, מַיין גָאט אוּן גָאט פוּן מַיינֶע עֶלְטֶערֶען, דָאס דוּ זָאלְסְט מִיךְ בַּאהִיטֶען אוּן בַּאשִׁירְמֶען פַאר דִי בֵּייזֶע כִּתּוֹת ווָאס גִיבֶּען זִיךְ אָפּ מִיט חֲנִיפוֹת טְרַייבֶּען, שְׁקָרִים זָאגֶען, אוּן נַארִישְׁקַייט, נִיבּוּל פֶּה אוּן לָשׁוֹן הָרָע רֵיידֶען. דוּ זָאלְסְט מִיר בַּאהִיטֶען אוּן בַּאשִׁירְמֶען פוּן אַלֶערְלֵיי לֵייד. פוּן אַלֶערְלֵיי בֵּייזֶע צָרוֹת, פוּן אַלֶערְלֵיי שְׁלֶעכְטֶס, פוּן אַלֶע בֵּייזֶע בַּאגֶעגֶענִישׁ אוּן פוּן שְׁווֶערְד, הוּנְגֶער, ווַאסֶער, פַייעֶר אוּן גַזְלָנִים, סַיי אִין שְׁטָאדְט אוּן סַיי אוֹיף דֶעם פֶעלְד. בַּאהִיט אוּנְז ווַייטֶער פוּן צַעַר אוּן פוּן אַלֶעם בֵּייזֶען ווָאס מִיר הָאבֶּען מוֹרָא זָאלְסְטוּ אוּנְז נִיט צוּשִׁיקֶען. אוּן דוּ זָאלְסְט אוּנְז גֶעבֶּען פַּרְנָסָה בְּכָבוֹד, אָהן צַעַר אוּן אָהן זָארְג אוּן דוּ זָאלְסְט אוּנְז גֶעבֶּען אֲרִיכוּת יָמִים וְשָׁנִים מִיר זָאלֶען אוֹיסְלֶעבֶּען אוּנְזֶערֶע יָאהְרֶען אוּן טֶעג אִין עֲשִׁירוּת אוּן מִיר זָאלֶען אוּנְזֶער צַייט אִין עֶהְרֶע אוּן אִין גְרוֹיס פְרֵיידֶען פַארְבְּרֵיינְגֶען. אוּן דוּ זָאלְסְט אוּנְז נִיט שִׁיקֶען קַיין זָארְג אוּן קַיין אַנְגְסְט אוּן קַיין קְרֶענְק ח״ו ווָאס קֶען אוֹיף דֶער ווֶעלְט קוּמֶען, נִיט חָלִילָה אוֹיף מִיר אוּן נִיט אוֹיף מַיין מַאן אוּן נִיט אוֹיף מַיינֶע קִינְדֶער ח״ו. אוּן אִיךְ זָאל זוֹכֶה זַיין זֵיי מְגַדֵּל צוּ



מִיר זָאגֶען אִין דַאוְונֶען צוֹפֶה וְיוֹדֵעַ סְתָרֵינוּ וכו׳ עֶר ווַייס אוּנְזֶער פֶערְבָּארְגֶענֶעס. לְמָשָׁל: אַ גְרוֹיסֶער שַׂר הָאט בֶּעפָאהְלֶען זַיין אַרְכִיטֶעקְט

עֶר זָאל אִיהם בּוֹיעֶן אַ רֶעזִידֶענְץ הָאט עֶר אוֹיפְגֶעבּוֹיט אַ שְׁטָאדְט מִיט אַלֶעזַאכֶע׳ ווָאס מֶען בַּארְף צוּ אִיהר. דְהַיְינוּ, הַיילֶען אוּן מְעָרוֹת מֶען זָאל

וַוייבֶּער טְהוּעֶן דֶערְלַייכְטֶען מִיט דֶעם פַייעֶר פוּן דִיא לִיכְט אִין אוּנְ־זֶערֶע הַייזֶער:

וּתְזַכֵּנוּ שֶׁלֹּא יִבְעַר בְּלִבֵּנוּ שׁוּם כַּעַס וְחֵמָה:

אוּן בִּזְכוּת זֶה זָאלְסְטוּ אוּנְז מְזַכֶּה זַיין עֶס זָאל נִיט בְּרֶענֶען אִין אוּנְ־זֶער הַארְץ קַיין שׁוּם צָארֶען אוּן גְרִים־צָארֶען צוּ אֵייבִּיג. עֶס זָאל זַיין שָׁלוֹם וְשַׁלְוָה אִין אוּנְזֶערֶע גֶעמַארְקֶען:

וְתָאִיר אֶת עֵינֵי בַּעֲלִי וּבָנַי בְּתוֹרָתְךָ הַקְּדוֹשָׁה:

אוּן אַזוֹיא וְוִיא אִיךְ הָאבּ דֶערְלַייכְט מַיין הויז מִיט דִיא לִיכְט, וָואס אִיךְ הָאבּ אָנְגֶעצוּנְדֶען לִכְבוֹד דֶעם הֵיילִיגֶען שַׁבָּת, אַזוֹי זָאלְסְטוּ דֶערְלַייכְטֶען דִי אוֹיגֶען פוּן מַיין מַאן אוּן מַיינֶע קִינְדֶער אִין דַיין הֵיי־לִיגֶער תּוֹרָה;

שְׁלַח אוֹרְךָ וַאֲמִתְּךָ הֵמָּה יַנְחוּנוּ:

רִבּוֹנוֹ שֶׁל עוֹלָם, שִׁיק דַיין לִיכְט אוּן דַיין וַואהְרְהַייט זֵיי זָאלֶען אוּנְז פִיהְרֶען אִין דֶעם רֶעכְטְפַארְטִיגֶען וֶועג צוּ טְהָאן מִצְוֹת אוּן מַעֲשִׂים טוֹבִים אַלֶע אוּנְזֶערֶע לֶעבּ טֶעג:

וְתָאִיר אֶת עִירְךָ יְרוּשָׁלַיִם הַמְאוּפֶּלֶת:

אוּן זָאלְסְט דֶערְלַייכְטֶען דַיין הֵיילִיגֶע שְׁטָאדְט יְרוּשָׁלַיִם, וָואס אִיז פַארְפִינְצְטֶערְט אוּן פַארְוִויסְט שׁוֹין פוּן וִויפִיעל הוּנְדֶערְט יָאהְר:

אַל תַּשְׁלִיכֵנוּ לְעֵת זִקְנָה וְאַל יֶחְשְׁכוּ עֵינֵינוּ:

לִיעֶבֶּער דֶערְבַּארֶעמְדִיגֶער פָאטֶער, דוּא זָאלְסְט אוּנְז נִישְׁט אַוֶועקְ־וַוארְפֶען אִין דֶער צַייט פוּן אוּנְזֶער עֶלְטֶער, אוּן עֶס זָאהְל נִיט קוּמֶען קַיין פִינְצְטֶערְנִישׁ אוֹיף אוּנְזֶערֶע אוֹיגֶען:

---

דינים פון ערב שבת

דֶער מֶענְטְשׁ נוֹהֵג זַיין, אַז וֶוען עֶס טְרֶעפְט זִיךְ אִיהם אִין מִיטֶען דֶער וָואךְ אַ שֶׁעהְן עֶסֶענְוַוארְג וָואס מֶען בַּאקוּמְט עֶס נִיט אַלֶע טָאג מוּז עֶר עֶס בַּאהַאלְטֶען אוֹיף שַׁבָּת. אוּן צוּ־לִיעבּ דֶעם זָאגְט מֶען אִין דֶעם יוֹם אַלֶע טָאג. הַיּוֹם יוֹם רִאשׁוֹן בְּשַׁבָּת. יוֹם שֵׁנִי בְּשַׁבָּת. כְּדֵי מֶען זָאהְל גֶע־

מַזָּלֵנוּ יָאִיר כְּזוֹהַר הַשֶּׁמֶשׁ בַּשָּׁמַיִם:

**אוּנְזֶער** מַזָּל זָאל לַייכְטֶען אַזוֹי וִוי דִי שַׁיין פוּן דֶער זוּנְן אִין הִימֶעל
אוּן מִיר זָאלֶען גֶעבֶּענְשְׁט וֶוערֶען פוּן דַיין לִיעבֶּען נָאמֶען צוּ
לִיכְטִיגְקַייט אוּן צוּ גוּט לֶעבֶּען. מִיר זָאלֶען זוֹכֶה זַיין צוּ זֶעהֶען דִיא
לִיכְט, וָואס מֶען וֶועט אָנְצִינְדֶען אִין בֵּית הַמִּקְדָּשׁ, בִּמְהֵרָה בְיָמֵינוּ
אָמֵן:

# תְּחִנָּה וֶוען עֶס בְּרֶעכְט אוֹיס אַ מַגֵּפָה רַחֲמָנָא לִצְלַן.

דִי הֵיילִיגֶע תְּפִלָּה צוּ זָאגֶען מִיט גְרוֹים כַּוָּנָה וֶוען עֶס אִיז
אַ מַגֵּפָה אִין לַאנְד.

רִבּוֹן הָעוֹלָמִים, הַאֶרְ פוּן דִי וֶועלְטֶען, בְּיָדְךָ נֶפֶשׁ
כָּל חַי, אִין דַיין הַאנְד אִיז דָאס לֶעבֶּען פוּן אַלֶע
לֶעבֶּעדִיגֶע, בָּרָאתָ תתק״ג מִינֵי מִיתָה, דוּ הָאסְט בֶּעשַׁאפֶען נַיין הוּנְדֶערְט מִיט דְרַייעֶרְלַייא מִינִים
טוֹיט צוּ שְׁטְרָאפֶען דִי זִינְדִיגֶע מֶענְשֶׁען. וֶוען זֵיי טְהוּעֶן
נִיט דַיין הֵיילִיג רָצוֹן. אָבֶּער דוּ בִּיזְט אַ בַּעַל הָרַחֲמִים
אוּן וֶוען דִי זִינְדִיגֶע הָאבֶּען אַ זְכוּת מִשְׁפָּטִסְט דוּ זֵיי
מִילְד מִיט רַחֲמָנוּת. אוּן דִי תתק״ג מִינֵי מִיתָה זַיינֶען

---

**דינים פון ערב שבת**

בְּרֶענְגֶען שְׁטֶענְדִיג דֶעם שַׁבָּת, וָוארוּם דִיא קְדוּשָּׁה פוּן שַׁבָּת צִיהְט זִיךְ אוֹיף דֶער גַאנְצֶער וָואךְ. זוּנְטָאג, מָאנְטָאג, וְדִיענְסְטָאג, הֵייסֶען אַחַר שַׁבָּת. ווייל זֵיי צִיהֶען דִיא קְדוּשָּׁה פוּן דֶעם שַׁבָּת וָואס אִיז שׁוֹין גֶעוֶוען. אוּן מִיטְוָואךְ, דָאנֶערְשְׁטָאג, פְרַייטָאג, הֵייסֶען פַאר שַׁבָּת. ווייל זֵייא הָאבֶּען דִיא קְדוּשָּׁה פוּן **דֶעם שַׁבָּת**, וָואס וֶועט קוּמֶען:

אויף זיי ניט שולט. רבונו של עולם, די האסט אויף אונז אנגעשיקט אַ מַגֵפָה און מיר ווייסען אַז דו ביזט גערעכט און דיין מִשְׁפָּט איז גערעכט, דען צַדִיק ה׳ בְּכָל דְרָכָיו, דער בּוֹרֵא בָּרוּךְ הוּא איז גערעכט אין אלע זיינע וועגען. אָבער, הארציגער פאטער אין הימעל, אַל נָא בְּאַפְּךָ תוֹכִיחֵנוּ, שטראף אונז ניט מיט דיין כַּעַס און זאל דיין מִדַת הָרַחֲמִים גוֹבֵר זיין דעם מִדַת הַדִין אין דעם זְכוּת פון דער תְּפִלָּה וואס מיר טהוען איצט תְּפִלָּה פאר דיר, אַזוי ווי אין פָּסוּק שטעהט: וַיַעֲמֹד פִּנְחָס וַיְפַלֵל וַתֵּעָצַר הַמַגֵפָה. נעהם, גוטער גאט, פון אונז ניט אַוועק אונזערע ליעבע און טהייערע און נעהם פון זיי ניט אַוועק די וואס זיינען ביי זיי ליעב און טהייער, גיעב אַ בעפעהל צום מַלְאַךְ הַמַשְׁחִית ער זאל אַריינטהאן זיין שווערד אין זיין שייד און ער זאל מעהר ניט בערויבען עלטערן פון קינדער און קינדער פון עלטערן. שיק אַ רְפוּאָה שְׁלֵימָה צו די קראנקע און בעהיט און בעשירם די געזונטע אַז זיי זאלען חָלִילָה ניט קראנק ווערען. עֲנֵנוּ ה׳ עֲנֵנוּ, ענטפער אונז גאט, און אויב מיר האבען ניט פערדינט דיין

---



ב) עס איז אַ מִצְוָה פרייטאג פריה אויפצושטעהען פריהער ווי אַלע טאג, כְּדֵי מען זאל אַלדינג אָנגרייטען אויף דעם הייליגען שַׁבָּת. און אפילו מען האט אַ סך דיענסטען און מְשָׁרְתִים זאל מען עפּעס אַליין טהאן לִכְבוֹד שַׁבָּת. מִכָּל שֶׁכֵּן ווינטער אין די קליינע טעג איז בּוּבּאי רעכט עפּעס אַליין צוא טהאן, כְּדֵי די דיענסטען זאלען ניט מוזען אר־

רַחֲמָנוּת, עֲשֵׂה לְמַעַן שִׁמְךָ הַגָּדוֹל, טְהוּ דָאס צוּלִיבּ דַיין גְרוֹיסֶען נָאמֶען, אַז עֶר זָאל גֶעאַכְטֶעט אוּן גֶעלוֹיבְּט וֶוערן. כִּי לֹא הַמֵּתִים יְהַלְלוּ יָהּ, דֶען טוֹיטֶע לוֹיבֶּען נִיט גָאט. אָנָּא שִׂימָה דִמְעוֹתֵינוּ בְּנֹאדְךָ, אִיךְ בֶּעט דִיר גָאט, טְהוּ אַרַיין אוּנְזֶערֶע טְרֶעהְרֶען אִין דַיין לָאגֶעל אוּן הֶעלְף אוּנְז אַז מִיר זָאלֶען מֶעהְר נִיט דַארְפֶען וֵויינֶען. הֶרֶף מֵאַף וַעֲזוֹב חֵימָה, הֶער אוֹיף צוּ זַיין אִין כַּעַס אוּן פֶּערְלָאז דַיין גְרִימְצָארֶען אוּן פֶּערְמַייד פוּן אוּנְז אַלֶע קְרַאנְקְהַייטֶען. זָאלֶען דַיינֶע גוּטֶע מַלְאָכִים אַרַיינְגֶעבֶּען אַ זִינֶען דִי רוֹפְאִים אַז זֵיי זָאלֶען צוּטְרֶעפֶען דִי רִיכְטִיגֶע רְפוּאָה שְׁלֵימָה לְחוֹלֵי עַמְּךָ, אוּן שִׁיק דִי אֶמֶת'ע רְפוּאָה צוּ אַלֶע חוֹלָאִים. זָכְרֵנוּ לְחַיִּים מֶלֶךְ חָפֵץ בַּחַיִּים אוּן זָאלֶען קֵיינֶע מַחֲלוֹת אוּן מַגֵּפוֹת שׁוֹלֵט זַיין אוֹיף אוּנְז אוּן אוּנְזֶערֶע קִינְדֶער־לַאךְ. זָאל קֵיינֶער פוּן אוּנְז אָבְּגֶערִיסֶען וֶוערֶען פוּן דֶער וֶועלְט פַאר דֶער צַייט אוּן זָאל קֵיינֶער נִיט

---

**דינים פון ערב שבת**

בַּייטֶען שְׁפֶּעט אִין דֶער נַאכְט אַריין. מִיר גֶעפִינֶען אִין דֶער גְמָרָא אַז דִי בַּייכְסְטֶע תַּנָאִים הָאבֶּען אַלֵיין גֶע־הַאקְט הָאלְץ אוּן אַנְדֶערֶע אַרְבַּייט גֶעטָאן לְכָבוֹד דֶעם הֵיילִיגֶען שַׁבָּת: ג) עֶס אִיז רֶעכְט פְבַייטָאג בַּיי טָאג עֶענִיג צוּא עֶסֶען, כְּדֵי מֶען זָאהְל קֶענֶען בַּיי דֶער נַאכְט עֶסֶען לְכָבוֹד שַׁבָּת. אוּן אַזוֹיא וִויא עֶס אִיז נִישְׁט רֶעכְט צוּ גֶעהֶען מִיט'ן פוּלֶען בּוֹיךְ צוּ קַבָּלַת שַׁבָּת, אַזוֹי אִיז אוֹיךְ נִישְׁט רֶעכְט צוּ פִיעל צוּ טְרִינְקֶען פַאר קַבָּלַת שַׁבָּת. וָוארוּם מֶען מוּז קִידוּשׁ מַאכֶען אוּן לְכָבוֹד שַׁבָּת עֶסֶען מִיט

פֶּעהְלֶען אִין אוּנְזֶער גְבוּל, כְּדֵי מִיר זָאלֶען דִיר קֶענֶען דִינֶען מִיט פְרֶעהְלִיכֶע הֶערְצֶער. רְפָאֵנוּ ה׳ וְנֵרָפֵא, הֵייל אוּנְז, גָאטֶענְיוּ, רְפוּאַת הַגוּף אוּן מִיר וֶועלֶען גֶעהֵיילְט וֶוערֶען רְפוּאַת הַנֶפֶשׁ, אָמֵן וְאָמֵן.

# אַ בַּקָשָׁה אִין אֶרֶץ יִשְׂרָאֵל פַאר מִנְחָה.

**אִיךְ** פב״פ גִין מְנַדֵר דִי מַטְבֵּעַ פַאר עֲנִיֵי אֶרֶץ הַקְדוֹשָׁה אוּן וֶוענֶען דֶעם כָּבוֹד פוּן אוּנְזֶערֶע עֶלְטֶערֶען הַקְדוֹשִׁים אַבְרָהָם יִצְחָק יַעֲקֹב שָׂרָה רִבְקָה רָחֵל וְלֵאָה, זֵייעֶר זְכוּת זָאהל אוּנְז בַּיישְׁטֶעהֶען אַז מַיין תְּפִלָּה זָאהל אָנְגֶענוּמֶען וֶוערֶען פַאר הַשֵׁם יִתְבָּרַךְ. יְהִי רָצוֹן, עֶס זָאהל זַיין דֶער ווִילֶען פוּן דִיר, גָאט, אוּנְזֶער גָאט אוּן דֶער גָאט פוּן אוּנְזֶערֶע עֶלְטֶערֶען אַבְרָהָם יִצְחָק וְיַעֲקֹב, אַז דֶער זְכוּת פוּן אוּנְזֶערֶע עֶלְטֶערֶען זָאהל בַּיישְׁטֶעהֶען אוֹיף מִיר אוּן אוֹיף מַיין מַאן אוּן אוֹיף מַיינֶע קִינְדֶער אוּן אוֹיף מַיין הוֹיזְגֶעזִינְד עֶס זָאהל גֶעצוֹיגֶען וֶוערֶען אוֹיף אוּנְז דִי שֶׁפַע פוּן בְּרָכָה אוּן פוּן חַיִים טוֹבִים וְשָׁלוֹם אוּן פַּרְנָסָה טוֹבָה וְהַצְלָחָה אוּן גָאט זָאל אוּנְז גֶעבֶען עוֹשֶׁר וַאֲרִיכוּת יָמִים וְשָׁנִים,

---

דינים פון ערב שבת

רֵיינֶעם פַארְשְׁטַאנְד נִישְׁט שִׁכּוֹר:

ד) פְרַייטָאג פַארְנַאכְט מוּז מֶען אִיבֶּערְזֶעהֶען דִי קְלֵיידֶער אוֹיב עֶס שְׁטֶעקְט נִיט אִין זֵיי קֵיין נָאדֶעל אוּן אוֹיב עֶס לִיגְט נִיט אִין דִי קֶעשֶׁענֶעס גֶעלְד אָדֶער אֵיין אַנְדֶער זַאךְ, וָואס מֶען טָאר שַׁבָּת בַּיי זִיךְ נִיט הַאלְטֶען:

ה) פַארְנַאכְט מוּז מֶען צוּגְרֶעכְט מַאכֶען דִי בֶּעטֶען אוּן אַלְצְדִינְג אִין שְׁטוּב שֶׁעהְן אוּן אִין דֶער אָרְדְנוּנְג. שְׁטֶעלֶען אוּן צוּם טִישׁ גְרֵייטֶען. דֶער טִישׁ מוּז זַיין בַּאדֶעקְט מִיט אַ טִישְׁטוּךְ. אוֹיף דֶעם טִישְׁטוּךְ לֶעגְט מֶען אַוֶועק צְוֵוי חַלוֹת אוּן פוּן אוֹיבֶען בַּאדֶעקְט מֶען זֵייא מִיט אַן אַנְדֶער טִישְׁטוּךְ, אוּן מֶען טְהוּט זִיךְ אָן שֶׁעהְנֶע קְלֵיידֶער לְכָבוֹד שַׁבָּת:

אוּן זָאהל גֶעבֶּען אֵיין רְפוּאָה שְׁלֵמָה צוּ אַלֶע קְרַאנְקֶע פוּן יִשְׂרָאֵל, אוּן אִיךְ זָאהל זוֹכֶה זַיין צוּא בָּנִים תַּלְמִידֵי חֲכָמִים, וָואס זָאלֶען עוֹסֵק זַיין בַּתּוֹרָה וּבְמִצְוֹת אוּן מַאֲרִיךְ יָמִים וְשָׁנִים זַיין, אוּן דִיא בְּרָכָה פוּן אַבְרָהָם יִצְחָק וְיַעֲקֹב זָאהל אוֹיף אוּנְז קוּמֶען, אוּן דֶער זְכוּת פוּן דֶער מִצְוָה פוּן הַדְלָקַת נֵר שֶׁל שַׁבָּת זָאל אוֹיף אוּנְז בַּיישְׁטֶעהֶען, אָמֵן:

# תְּחִנָּה פוּן שַׁבָּת מְבָרְכִים.

דִיא תְּחִנָּה זָאגְט מֶען שַׁבָּת מְבָרְכִים:

אַלֶע צַייט וֶועל אִיךְ לוֹיבֶּען דִיךְ גָאט, מַיין גָאט אוּן גָאט פוּן מַיינֶע עֶלְטֶערֶען, וָואס הָאט מִיךְ דֶערְנֶעהְרְט אוּן גֶעשְׁפַּייזְט פוּן מַיין יוּגֶענְד אָן בִּיז דֶעם הַיינְטִיגֶען טָאג, אוּן זָאל מִיר וַוייטֶער דֶערְנֶעהְרֶען דוּרְךְ דֶעם ווִילֶען פוּן זַיין דֶערְבַּארֶעמְקַייט וָואס עֶר אִיז נָאהֶענְט צוּ אַלֶע וָואס רוּפֶען אִיהם מִיט וַואהְרְהַייט. לִיעבֶּער גָאט, אִיךְ בֶּעט דִיךְ דוּ זָאלְסְט נִיט פַארְשֶׁעהְמֶען מַיין תְּפִלָּה אוּן זָאלְסְט זִי אָנְנֶעהְמֶען אַזוֹי וְוִי דוּ הָאסְט אָנְגֶענוּמֶען דִיא תְּפִלָּה פוּן אוּנְזֶער מוּטֶער חַנָּה אוּן הָאט גֶעווּאוּנֶען אֵיין זוּהְן שְׁמוּאֵל הַנָּבִיא, וָואס אִיז גְלַייךְ גֶעשֶׁעצְט וְוִיא מֹשֶׁה אוּן אַהֲרֹן, אוּן אַזוֹי ווִי דוּ הָאסְט אָנְגֶענוּמֶען דִיא תְּפִלָּה פוּן בַּת שֶׁבַע אוּן זִי הָאט תְּפִלָּה גֶעטְהָאן זִיא זָאל אַ זוּהְן גֶעווִינֶען מִיט דָוִד הַמֶּלֶךְ עָלָיו הַשָּׁלוֹם אוּן וְויא דוּא

---

משלי דוד

אִין דֶער פְרַייטָאג צוּ נַאכְטִיגֶער שְׁמוֹנָה עֶשְׂרֵה זָאגֶען מִיר: אַתָּה קִדַּשְׁתָּ אֶת יוֹם הַשְּׁבִיעִי לִשְׁמֶךָ. לְמָשָׁל: אַ גְבִיר. וֶועלְכֶער הָאט גִיווּאוּנְט וַוייט פוּן זַיין גֶעבּוּרְטְס־שְׁטָאדְט. הָאט בַּאגֶעגֶענְט אִין גַאס אַ בֶּעקַאנְטֶען אָרֶעמֶען מֶענְשֶׁען פוּן זַיין הֵיים. עֶר אִיז צוּ אִיהם צוּגֶעגַאנְגֶען. אוּן הוֹיבְּט זִיךְ אַן נַאכְצוּפְרֶעגֶען. וַואס הֶערְט זִיךְ אִין זַיין גֶע־

הָאסְט אָנְגענוּמֶען די תְּפִלָּה פון אֶסְתֵּר הַמַּלְכָּה און זיא הָאט חֵן גֶעהַאט בַּיי אֲחַשְׁוֵרוֹשׁ, און הָאסְט בַּאשִׁירֶעמְט דַיין פָאלְק יִשְׂרָאֵל פון דֶער הַאנְט פון הָמָן הָרָשָׁע, קַיין שׂוֹנֵא זָאהל נִיט הָאבֶּען קַיין שְׁלִיטָה אִיבֶּער אוּנְז אַלֶע טָאג פון אוּנְזֶער לֶעבּ־בֶּען, אָמֵן סֶלָה:

לִיעבֶּער גָאט, הֶער מַיין תְּפִלָּה און לָאז מִיר גֶענִיסֶען דֶעם זְכוּת פון אַלֶע צַדִיקִים וַחֲסִידִים, וָואס הָאבֶּען דִיךְ גֶעדִיענְט מִיטְ'ן גַאנְצֶען הַארְצֶען און מִיט גֶערֶעכְטִיגְקַייט. און דוּא זָאלְסְט מִיךְ מַאכֶען גֶענִיסֶען דֶעם זְכוּת פון אַלֶע קְדוֹשִׁים וָואס הָאבֶּען זַייעֶרֶע לַייבֶּער אִיבֶּער גֶעעֶנְטְפֶערְט פַאר דַיין הֵיילִיגֶען נָאמֶען, לֵייז אוּנְז אוֹיס פון דֶעם בִּיטֶערֶען גָלוּת, וואוּ מִיר זֶענֶען שׁוֹין אַזוֹיא לַאנְג. אַזוֹי גְלַייךְ וֶועלֶען מִיר דִיךְ בֶּעט־טֶען, לִ'בֶּער גָאט, דָאס דוּ זָאלְסְט עֶפֶענֶען אַלֶע שַׁעֲרֵי רַחֲמִים און דוּא זָאלְסְט אוּנְז עֶנְטְפֶערֶען מִיט דֶערְבַּארֶעמְקַייט און זָאלְסְט אוּנְז גֶעבֶּען לַייטְזֶעלִיגְקַייט אִין דַיינֶע אוֹיגֶען און אִין אַלֶע אוּנְזֶערֶע אָנְזֶעהֶער. און דוּ זָאלְסְט אוּנְז עֶרְנֶעהְרֶען פון דַיין מִילְדֶע הַאנְד און בַּאהִיט מִיךְ פַאר אַלֶע בֵּייזֶע מַחֲשָׁבוֹת. גִיעבּ מִיר אִין מַיין הַארְץ אִיךְ זָאהל דִיךְ דִיעֶנֶען מִיט לִיעבְּ־שַׁאפְט, און בַּאצְווִינְג אַלֶע צַייט מַיין יֵצֶר הָרָע, דָאס עֶר זָאל

---

משלי דוד

בּוּרְטְס שְׁטָאדְט, וָואס מַאכֶען זַיינֶע עֶלְטֶערֶען, זַיינֶע קְרוֹבִים? הָאט אִיהם דֶער אָרֶעמַאן נִישְׁט גֶעעֶנְטְ־פֶערְט. דֶער גְבִיר הָאט גֶערֶעכֶענְט אַז דֶעם אָרֶעמַאן אִיז אַ שָׁאד זַיין צַייט, דֶען עֶר בַּארְף גֶעהֶען פַארְדִי־נֶען פַאר דֶעם טָאג זַיין לֶעבֶּענְס־מִיטֶעל. רוּפְט זִיךְ אָפּ דֶער גְבִיר ווִיפִיעל פַארְדִיענְט אִיהר אֵיין טָאג? עֶנְטְפֶערְט עֶר: צְווֵיי טָאלֶער. זָאגְט דֶער גְבִיר: אִיךְ גֶעהְם אַייךְ צוּ מִיר אוֹיף הֵיינְטִיגֶען טָאג און וֶועל אַייךְ

נִישְׁט קֶענֶען גֶעוֶועלְטִיגֶען אוֹיף מִיר. לִיעבֶּער גָאט פוּן דֶער גַאנְצֶער וֶועלְט, הִיט מִיךְ אוּן אַלֶע מַיינֶע לִיעבֶּע פְּרַיינְד אוּן כָּל יִשְׂרָאֵל, פוּן אַלֶע גְזֵירוֹת רָעוֹת, פוּן אַלֶע שׂוֹנְאִים הֶענְד, פוּן תְּפִיסָה אוּן פוּן דִבְרֵי שֶׁקֶר אוּן פוּן בִּלְבּוּלִים אוּן פוּן אַלֶע בֵּייזֶע בַּאגֶעגֶענִישׁ, אוּן גִיבּ מַזָל אוּן בְּרָכָה וְהַצְלָחָה אִין אַלֶע אוּנְזֶערֶע עֲסָקִים, אוּן גִיעבּ מִיר גוּטֶע אוּן פְרוּמֶע קִינְדֶער אוּן הֶעלְף זֵיי, דָאס זֵיי זָאלֶען תּוֹרָה לֶעהְרְנֶען אוּן מִצְוֹת הַאלְטֶען. זָאלְסְט אוּנְז בַּאהִיטֶען אַזוֹיא וְויא דוּא הָאסְט בַּאהִיט אַבְרָהָם אָבִינוּ עָלָיו הַשָּׁלוֹם פוּן דֶער הַאנְד פוּן נִמְרוֹד, אוּן יַעֲקֹב אָבִינוּ — פוּן דֶער הַאנְד פוּן עֵשָׂו אוּן לָבָן, אוּן אַזוֹי וְויא דוּ הָאסְט מַצִיל גֶעוֶועזֶען מֹשֶׁה רַבֵּינוּ עָלָיו הַשָּׁלוֹם פוּן דֶער הַאנְד פוּן פַּרְעֹה, אוּן דָוִד הַמֶּלֶךְ—פוּן דֶער הַאנְד פוּן גָלְיַת הַפְּלִשְׁתִּי, אוּן חֲנַנְיָה, מִישָׁאֵל וַעֲזַרְיָה — פוּן דֶער הַאנְד פוּן נְבוּכַדְנֶצַר, וֶוען עֶר הָאט זֵייא אִין קַאלְךְ־אוֹיוֶוען אַרַיינְגֶעוָוארְפֶען. אוּן וְויא דוּ הָאסְט מַצִיל גֶעוֶועזֶען דָנִיאֵל פוּן דֶעם לֵייבֶּען־גְרוּבּ, אוּן מָרְדְּכַי אוּן אֶסְתֵּר פוּן דֶער הַאנְד פוּן הָמָן הָרָשָׁע, אַזוֹי זָאלְסְט דוּ אוֹיךְ בַּאהִיטֶען דַיין אָרֶעם פָאלְק יִשְׂרָאֵל פוּן אַלֶעם בֵּייזֶען, אוּן דוּ זָאלְסְט אוּנְז שִׁיקֶען פְרֵיעדֶען אוּן זָאלְסְט אוּנְז בַּאהִי־טֶען פוּן אַלֶע קְרַאנְקְהַייטֶען, אוּנְזֶערֶע פַיינְד זָאלֶען אוּנְז נִישְׁט

---

משלי דוד

גֶעבֶּען דָאפֶּעלְט, אוּן דֶערְצוּ נָאךְ עֶסֶען אוּן טְרִינְקֶען אוֹיךְ, נָאר אִיהר זָאלְט מִיר אוֹיף אַלֶעם, וָואס אִיךְ וֶועל בַּיי אַייךְ פְרֶעגֶען גֶענוֹי עֶנְטְ־פֶערֶען. דֶער אָרֶעמַאן אִיז מְרוּצֶה גֶעוָוארֶען אוּנ אִיז גֶעגַאנְגֶען מִיטְ׳ן

גְבִיר צוּא אִיהם אַהֵיים. זֵיי הָאבֶּען זִיךְ בֵּיידֶע גֶעזֶעצְט עֶסֶען, הֵייבְּט אָן דֶער גְבִיר וִויעדֶער זִיךְ נָאכְצוּפְרֶע־גֶען וָואס עֶס הֶערְט זִיךְ אִין זַיין גֶע־בּוּרְטְס־שְׁטָאדְט, וָואס מַאכֶען זַיינֶע עַלְטֶערְן? דֶער אָרֶעמַאן שְׁוַוייגְט

פַארְשֶׁעהְמֶען, און זָאלֶען אוּנְז נִישְׁט דֶערְשְׁרֶעקֶען מִיט דֶעְר־
שְׁרֶעקֶענִישׁ, און שֶׁעדִיגֶען מִיט שָׁאדֶען, און זָאלְסְט כָּל יִשְׂרָאֵל
אָפְּהִיטֶען פַאר אַלֶעם בֵּייזֶען, אוֹיבִּינ, בַּיי טָאג און בַּיי נַאכְט.
אָמֵן:

# תְּחִנָּה מִקְרָא קוֹדֶשׁ.

וֶוען מֶען בֶּענְטְשְׁט ראש חוֹדֶשׁ זָאגְט מֶען פְרִיהֶער דִי תְּחִנָּה
און נָאךְ דֶעם זָאגְט מֶען דִי תְּחִנָּה וָואס גֶעהֶערְט צוּם חוֹדֶשׁ:

יְהִי רָצוֹן, עֶס זָאהְל זַיין דֶער ווִילֶען פַאר דִיר גָאט, דֶער גָאט פון אוּנְזֶערֶע הֵיילִיגֶע אָבוֹת, אַבְרָהָם, יִצְחָק וְיַעֲקֹב, גָאט וָואס אִיז אַ גְרוֹיסֶער און אַ שְׁטַארְקֶער און אַ פָארְכְטִיגֶער, דָאס דוּ זָאלְסְט זִיךְ דֶערְבַּארֶעמֶען אוֹיף מִיר און זָאלְסְט בַּאגְלִיקֶען מַיינֶע וֶועגֶען און וָואלְכְט זַיין אִין מַיין הִילְף און אִין דֶער הִילְף פון מַיין מַאן און מַיינֶע קִינְדֶער און פון גָאר מַיין הוֹיזְגֶעזִינְד. דוּ זָאלְסְט אוּנְז בַּאשִׁירֶעמֶען פון דֶער הַאנְד פון אַ רוֹיבֶּער און אַ גַזְלָן און אַ שְׁלֶעכְטֶען מֶענְטְשׁ, און פון אַלֶערְלֵיי פוּרְעָנִיוֹת וָואס שְׁטוּרְמֶען צוּא קוּמֶען אוֹיף דֶער וֶועלְט, זָאלְסְט דוּ אוּנְז אָפְּהִיטֶען מִיךְ און מַיין מַאן און גָאר מַיין הוֹיזְגֶעזִינְד, און זָאלְסְט אוּנְז גֶעבֶּען אוּנְזֶער פַּרְנָסָה מִיט כָּבוֹד נִישְׁט דוּרְךְ שַׁאנְד, פון דַיין פוּלֶער הַאנְד, און מִיר זָאלֶען נִישְׁט דַארְפֶען אָנְקוּמֶען צוּ אַ בָּשָׂר וָדָם, דֶען דוּ בִּיסְט דֶער גָאט, וָואס דוּ שְׁפַּייזְט פון דֶעם גְרוֹיסֶען

---

משלי דוד

וַייטֶער. טְרַאכְט זִיךְ דֶער גְבִיר: מִן הַסְתָּם נָאךְ דֶעם עֶסֶען וֶועט עֶר גֶע־וִוים דֶערְצֶעהְלֶען זֵיי הָאבֶּען שׁוֹין אָפְּגֶעגֶעסֶען און אוֹיךְ אוֹיסְגֶעטְרוּנְ־קֶען אַ רֶעכְט בִּיסֶעל מַשְׁקֶה. הָאט זִיךְ דֶער אָרֶעמַאן צוּגֶעלֶעגְט שְׁלָא־פֶען, און הָאט אַזוֹי אָבְּגֶעשְׁלָאפֶען אַ צַייט בִּיז עֶס אִיז אַוֶועק דֶער טָאג, אַז דֶער אָרֶעמַאן אִיז אוֹיפְגֶעשְׁטַא־נֶען הָאט דֶער גְבִיר אוֹיף אִיהם אָנְגֶעפַאנְגֶען צוּ בֵּייזֶערֶען זִיךְ און הָאט אִיהם גֶעזָאגְט: ווִי זַייט אִיהר

וויזיל־טיר ביז צו א וואָרים. ליעבער גאָט, פיהל אָן מיינע הענד פון דיין רייכער גאָב, און שיק ברכה און הצלחה אין גאָר דיא ווערק פון מיין מאַן, און פון מיינע הענד, דאַס מיר זאָלען אונזערע קינדער גרינג מגדל זיין און מיר זאָלען אין זיי זעהען פיעל נחת און מיר זאָלען קענען ממלא זיין זייער באַדערפעניש, אונזערע זיהן זאָלען מיר קענען דערגעהרען צו לערנען דיין היילינע תורה ומצות און מעשים טובים, און אונזערע טעכטער זאָלען מיר קענען גוטע און פרומע מאַנען געבען. ליעבעדיגער גאָט, וויא מיר טהוען אַצונד בענטשען דעם חודש, וואָס עס וועט זיין, אַזוי זאָלסטו איהם בענטשען מיט דיין גרויס דערבאַרעמקייט און זאָלסט אָפּהיטען דעם חודש און אַלע חדשים פון א גאַנץ יאָהר און אַלע יאָהרען, און זייט מיר וועלען לעבען באַשירעם אונז פון אַלעם בייזען און עס זאָהל ניט געוועלטיגען אין אונז און אין אונזערע מאַנען און אונזערע קינדער און קינד'ס־קינדער ביז אַלע דורות קיין שום שלעכטקייט און קיין שום שלאַפּ־קייט, און אין אונזערע קינדער זאָל ניט געוועלטיגען דאָס קראַנקייט וואָס הייסט אַסכּרה, וואָס קומט טוידטען קליינע קינדער, און דיא טראָגענדיגע ווייבער זאָלסט דו דערבאַרעמען מיט דיין דערבאַרעמ־קייט, עס זאָהל זייא נישט זיין שווער דאָס טראָגען און זאָלן חלילה נישט מפּיל זיין פאַר דער צייט. און ווען עס וועט דערפיהלט ווערען זייער צייט צוא געווינען דאָס קינד זאָלסט דו שיקען דיינע גוטע מלאָכים צו היטען זיי פון אַלעם בייזען, און דאָס קינד זאָהל אַרויס־

משלי דוד

דאָס אַזוי אונפאַרשעהמט, איך בעט־צאל דאָך אייך פאַר היינטיגען טאָג דאָפּעלט ווי פיעל איהר האָט מיר געבעטען. און איך האָב אייך נאָך דאַצו געגעבען עסען און טרינקען. אום איהר זאָלט מיר דערצעהלען.

וואָס עס הערט זיך אין דער הוים און לסוף האָט איהר אויסגעבראַכט א גאַנצען טאָג און אויף דעם וואָס איך האָב אייך געפרעגט האָט איהר מיר אויף קיין זאך נישט געענט־פערט! געהט ווייטער שלאָפען.

גֶעהֶען אִין אַ גוּטֶע שָׁעָה אָהן אַ שׁוּם שְׁטְרוֹיכְלוּנְג, אוּן עֶס זָאהל נִיט גֶעשֶׁעהֶען קַיין שׁוּם שְׁלֶעכְטְקַייט צוּ דֶער גֶעווִינֶערֶען אוּן צוּ'ם קִינְד: רִבּוֹנוֹ שֶׁל עוֹלָם, נֶעהם אָן אוּנְזֶער גֶעבֶּעט. אֵיידֶער אִיךְ שְׁרַייא צוּ דִיר זָאלְסְט דוּ מִיר עֶנְטְפֶערֶען, אַזוֹי ווִיא אִין פָּסוּק שְׁטֶעהְט: „וְהָיָה טֶרֶם יִקְרָאוּ וַאֲנִי אֶעֱנֶה עוֹד הֵם מְדַבְּרִים וַאֲנִי אֶשְׁמָע“, עֶס וֶועט זַיין, אֵייא דֶער זֵיי וֶועלֶען רוּפֶען וֶועל אִיךְ זֵיי עֶנְטְפֶערֶען, וֶוען זֵיי הַאלְטֶען נָאךְ אִין זֵייעֶרֶע רֵייד וֶועל אִיךְ זֵייעֶר בַּקָשָׁה הֶערֶען, אָמֵן:

**אָנָּא**, אִיךְ בֶּעט דִיךְ גָאט מַיין גָאט, דֶער גָאט פוּן מַיינֶע עֶלְטֶערֶען, דוּא הָאסְט מִיךְ בַּאשַׁאפֶען אוּן הָאסְט מִיךְ מְגַדֵל גֶעוֶועזֶען אוּן הָאסְט מִיךְ גֶעשְׁפַּייזְט אוּן עֶרְנֶעהְרְט בִּיז הַיינְטִיגֶען טָאג, אוּן אִיךְ מִיט מַיין נַארִישְׁקַייט הָאבּ אִיךְ דִיר גֶעצָאהְלְט מִיט דֶעם וָואס אִיז נִישְׁט גוּט אִין דַיינֶע אוֹיגֶען, אוּן הָאבּ דִיר דֶערְצֶערְנְט מִיט מַיינֶע בֵּייזֶע מַעֲשִׂים טָאג בַּיי טָאג. אִיצְט ווֵייס אִיךְ אַז אִיךְ הָאבּ מִיךְ בֶּעגַארִישְׁט אוּן הָאבּ פִיעל גֶעזִינְדִיגְט, בֶּעט אִיךְ דִיר, דֶערְבַּארֶעמִיגֶער פָאטֶער, אִיךְ צוּשְׁרַייא מַיין הַארְץ פַאר דִיר מִיט מַיין זִיפְצֶען אִין פַארְבָּארְגֶענִישׁ טְהוּט מַיין לַייבּ וֵויינֶען, אוּן אִיךְ בֶּעט דַיין דֶערְבַּארֶעמְקַייט אוּן דַיין גֶענָאד זִוי אֵיין עָנִי בַּיי דֶער טְהִיר, דָאס דוּ זָאלְסְט מְמַלֵא זַיין אַלֶע מַיינֶע תְּפִלוֹת אוּן בַּקָשׁוֹת פוּן מַיין טִיעפֶען הַארְצֶען, אִיךְ (פְּלוֹנִית בַּת פְּלוֹנִית) וָואס שְׁטֶעהְט פַאר דִיר מִיט גְרוֹיס צוּבְּרָאכֶענְקַייט אוּן שְׁרַייא אוּן בֶּעט פוּן דִיין גְרוֹיסֶען נָאמֶען דוּא זָאלְסְט מִיר זַיין צוּ הִילְף, אוּן דַיין רֶעכְטֶע הַאנְד זָאהל מִיךְ אוּנְטֶער לֶעהְנֶען, אוּן גוּטֶע מְלִיצִים זָאלֶען שְׁטֶעהְן אוּן בֶּעטֶען פַאר מִיר אוּן פַאר מַיין מַאן אוּן מַיינֶע קִינְדֶער, גֶעלוֹיבְּט בִּיסְטוּ גָאט, וָואס הֶערְט דִי תְּפִלָּה:

---

משלי דוד

אִיהר וֶועט בַּיי מִיר אַ פְּרוּטָה נִישְׁט בַּאקוּמֶען. דֶער נִמְשָׁל אִיז: אִין מֶדְרָשׁ שְׁטֶעהְט אַז הַשֵּׁם יִתְבָּרַךְ הָאט פֶערְזָאגְט מֹשֶׁה'ן עֶר זָאל אוֹיפְ־ קְרַייבֶּען קְהִלּוֹת הַקֹּדֶשׁ אוּן עֶר זָאל מִיט זֵיי לֶערְנֶען שַׁבָּת אוּן יוֹם טוֹב דִיא דִינִים וָואס עֶס אִיז שַׁיָיךְ צוּ'ם טָאג. ווַייל דֶער טָאג שַׁבָּת אִיז מַייא־

**רבונו** של עולם, אויב איך בין נישט ווערטה דאס דו זאלסט מיין תפלה אויסהערען, געדענק מיר דעם זכות פון אונזער פאָטער אברהם, וואס האט געמאכט אכפערען דיין נאמען אויף גאר דער וועלט. ליעבער גאט, גיעב אונז אונזער פרנסה ברוח אין זיין זכות, וואס ער האט פיער טהירען געמאכט אין זיין שטוב, פון וואס פאר א זייט דיא אורחים וועלען אנקומען, זאלען זיי גלייך אין זיין שטוב אריינגעהען, און האט זייא געגעבען עסען און טרינקען. זייא מזכה מיר און מיין מאן, מיר זאלען מגדל זיין אונזערע קינדערלאך, עס זאהל חלילה נישט שטארבען קיינער פון אונזערע קינדער פאר אונזער לעבען, אין זיין זכות, וואס ער האט זיין איינציגען זוהן געוואלט מקריב זיין פאר א קרבן, אזוי ווי דו האסט איהם געבאָטען:

**זכור**, געדענק אונז דעם זכות פון אונזער פאטער יצחק, וואס ער איז צו דער עקידה מיט א פרעהליך הארץ געגאנגען, כדי צוא ערפיהלען דיין ווילען און דיין געבאט און האט זיין האלז אויסגעשטרעקט צו דעם שעכט־מעסער. זיין זכות זאהל אונז ביישטעהען, דאס מיר זאלען חלילה נישט געטוידטעט ווערען דורך א שווערד פון א גזלן און א רוצח. און אזוי וויא דו האסט געשיקט ברכה אין דיא ווערק פון זיינע הענד, אזוי זאלסטו שיקען ברכה אין דיא ווערק פון די הענד פון מיין מאן צו ברכה און הצלחה און אלעם גוטען:

**זכור**, געדענק אונז דעם זכות פון אונזער פאטער יעקב, וואס פון וועגען די ברכות האט ער גלות געליטען צוויי און צוואנציג יאהר. זאלסטו אונז באשירעמען פון פיין און גלות מיר זאלען חלילה

---



גער. איך האב איהם אויף תורה ומצות, צו דערציהלען דיא וואונדער פון דיא אבות הקדושים, און פאר דעם וועל איך אייך געבען א גאנצע וואך פרנסה. דען דער טאג שבת איז משפיע אויף אלע ששת ימי המעשה. דאס מיינט מען אתה קדשת את יום השביעי. דוא האסט

נִישְׁט דַארְפֶען זַיין נָע וְנָד. אוּן אַזוֹיא וִויא דוּא הָאסְט גֶעשִׁיקְט גוּטֶע מַלְאָכִים, וָואס זֵיי הָאבֶּען אִיהם גֶעבְּרַאכְט דִיא שָׁאף פוּן לָבָן, אַזוֹי זָאלְסְטוּ, לִיעבֶּער גָאט, שִׁיקֶען אוּנְז גוּטֶע מַלְאָכִים צוּ בְּרֶענְגֶען אוּנְז שֶׁפַע אִין אוּנְזֶער פַּרְנָסָה. אוּן דִיא בְּרָכוֹת וָואס אוּנְזֶער פָאטֶער יַעֲקֹב אִיז גֶעבֶּענְשְׁט גֶעוָוארֶען פוּן זַיין פָאטֶער יִצְחָק זָאלֶען אַלֶע אוֹיף אוּנְז גֶעשֶׁעהֶען:

זְכוֹר, גֶעדֶענְק אוּנְז דֶעם זְכוּת פוּן שָׂרָה, רִבְקָה, רָחֵל וְלֵאָה. אִיבֶּער דֶעם זְכוּת פוּן זֵייעֶרֶע גוּטֶע מַעֲשִׂים, זָאלְסְט דוּ פַארְנֶעהְמֶען מַיין גֶעבֶּעט, אוּן זָאלְסְט בֶּענְטְשֶׁען דֶעם חוֹדֶשׁ, וָואס מִיר בֶּענְטְשֶׁען אַצוּנְד, אוּן דוּ זָאלְסְט בַּאנַייעֶן אוֹיף אוּנְז דֶעם חוֹדֶשׁ צוּ גוּטֶען אוּן צוּ בֶּענְשׁוּנג אוּן דוּ זָאלְסְט אוּנְז גֶעבֶּען אַ לֶעבֶּען פוּן פְרֵייד, אַ לֶעבֶּען פוּן בְּרָכָה, אַ לֶעבֶּען פוּן פַּרְנָסָה, אוּן שְׁטַארְקַייט אִין אוּנְזֶערֶע בֵּיינֶער. מִיר זָאלֶען מוֹרָא הָאבֶּען צוּ טְהָאן אַן עֲבֵירָה, מִיר זָאלֶען נִיט וֶוערֶען פַארְשֶׁעהְמְט פַאר קֵיינֶעם, מִיר זָאלֶען הָאבֶּען רַייכְקַייט אוּן כָּבוֹד, מִיר זָאלֶען אִין זִיךְ הָאבֶּען לִיעבְּשַׁאפְט צוּ דֶער תּוֹרָה אוּן מוֹרָא פַאר הַשֵּׁם יִתְבָּרַךְ. אוּן זָאלְסְט דֶערְפִיהְלֶען דִיא פֶערְלַאנְגֶען פוּן אוּנְזֶער הַארְצֶען צוּ גוּטֶען צוּלִיעבּ דֶעם זְכוּת פוּן דֶער תְּפִלָּה פוּן רַבִּים, אָמֵן:

אֵל רַחוּם וְחַנּוּן, גָאט דָאס דוּ בִּיסְט אֵיין דֶערְבַּארֶעמְדִיגֶער אוּן אֵיין לַייטְזֶעלִיגֶער. הֶעלְף דַיין פָאלְק יִשְׂרָאֵל אוּן שְׁטְרֶעק אוֹים דַיין הַאנְד צוּא נֶעהְמֶען זֵייעֶר גֶעבֶּעט. דוּא הָאסְט אוּנְז דֶעם טָאג רֹאשׁ חוֹדֶשׁ גֶעגֶעבֶּען צוּ אַ פַארְגֶעבּוּנְג צוּ אוּנְזֶערֶע זִינְד. אוּן אוּנְז נַייבֶּער,

---

משלי דוד

גֶעהֵיילִינְט דֶעם זִיעבֶּעטֶען טָאג, לִשְׁמְךָ, נָאר צוּ דַיין הֵיילִיגֶען נָאמֶען וֶוענֶען, דֶערְפוּן דַארְף מֶען אַ מוּסָר לֶעהְרֶנֶען אַז מֶעוּ זָאל חַס וְשָׁלוֹם בְּעם הֵיילִיגֶען טָאג שַׁבָּת נִיט פַאר־ שְׁלָאפֶען אוּן נִיט פֶערְבְּרֶענְגֶען אִין נַארִישְׁקַייטֶען, נָאר אִין עֲבוֹדַת הַשֵּׁם יִתְבָּרַךְ, ווייל דָאס אִיז נָאר נִיט אוּנְ־ זֶער טָאג, נָאר יוֹמוֹ שֶׁל הַקָּדוֹשׁ בָּרוּךְ הוּא:

האָסטו דעם ראש חודש געגעבען אַלס אַ יום טוב, דאס מיר טאָרען קיין שווערע מלאכה ניט טהאָן, וויל אין דער צייט ווען דיא יודען האָבען דאס עגל געוואָלט מאַכען, האָבען זייא צוא זייערע ווייבער געזאָגט. דאס זיי זאָלען זייער ציערונג פון גאָלד געבען מען זאָהל פון דעם דאס עגל מאַכען. און דיא ווייבער האָבען ניט געוואָלט זיי געבען, דארום האָסטו אונז דעם טאָג ראש חודש געהייליגט, דאס מיר זאָלען קיין מלאכה נישט טהאָן. אַצונד געדענק אונז דעם חודש און מעק אָפ די זינד פון דעם עגל און ברענג אונז אליהו הנביא און משיח, דאס זיי זאָלען אונז אויסלייזען, במהרה בימינו, אָמן!

נאָך דעם זאָגט מען דיא תחנה וואס געהערט צו דעם חודש:

ווען מען בענטשט ראש חודש מרחשון אַזוי זאָגט מען דיא תחנה.

**רבון** כל העולמים, הערר פון אַלע וועלטען. שומע תפלה כל פה, דו הערסט די געבעט פון אַלע מיילער. מיר קומען אַצונד בענטשען דעם חודש מרחשון. דאס אין דעם טאָג ראש חודש איז פערטיג געוואָרען דער ערשטער בית המקדש מיט זיין גאַנצקייט און ציערונג. דארום ליעבער גאָט, בענטש דעם חודש און שיק אונזער אויסלייזער און בוי דעם בית המקדש, אַזוי וויא דו האָסט אונז צוגעזאָגט, און דער כהן גדול זאָל שטעהן און פאַרגעבען אונזערע זינד!

---

מולדות לחודש חשון

תרע"ז) דער מולד איז דאָנערשטאָג אָוועגד 7 מינוט מיט 10 חלקים נאָך 7. (ראש חודש איז) פרייטאָג און שבת.

תרע"ח) דער מולד איז דיענסטאָג פאר־טאָג 56 מינוט מיט 8 חלקים נאָך 8. (ראש חודש איז) דינסטאָג און מיטוואָך.

נוּן מִיר קוּמֶען אַצוּנְד בֶּענְטְשֶׁען דֶעם חוֹדֶשׁ מַרְחֶשְׁוָן. דָאס אִין דֶעם עֶלְפְטֶען טָאג אִין אִיהם הָאט אוּנְזֶער מוּטֶער רָחֵל גֶעבּוֹירֶען אִיהר זוּהן בִּנְיָמִין, אוּן וַוייל זִיא אִיז שְׁוֶועהְר צוּ קִינְד גֶעגַאנְגֶען אִיז זִי פוּן דֶער וֶועלְט גֶעגַאנְגֶען. שְׁטֶעה אוֹיף אוּנְזֶער גֶעטְרַייעֶ מוּטֶער רָחֵל פוּן דַיין קֶבֶר אוּן קְלַאפּ אָן אִין דִי טְהוֹיעֶרֶען פוּן רַחֲמִים אוּן עֶרְוֶועק דִיא עֶרְבַּארֶעמְקַייט פוּן דֶעם אַלְמֶעכְטִיגֶען גָאט, דָאס עֶר זָאהְל מְקַיֵים זַיין, דָאס וָואס עֶר הָאט דִיר צוּגֶעזָאגְט. דֶען אַז מֶען הָאט דִיא אִידֶען אִין גָלוּת גֶעפִיהְרְט, הָאט מֶען זֵיי גֶעפִיהְרְט נִישְׁט וַוייט פוּן דֶעם קֶבֶר פוּן אוּנְזֶער מוּטֶער רָחֵל, הָאבֶּען זִיךְ דִי יִשְׂרָאֵל אוֹיסְגֶעבֶּעטֶען בַּיי דֶעם שׂוֹנֵא אַז זֵיי זָאלֶען גֶעהֶען אוֹיף אִיהר קֶבֶר. אוּן ווִי דִי יִשְׂרָאֵל זֶענֶען גֶעקוּמֶען אוֹיף דֶעם קֶבֶר אוּן הָאבֶּען אָנְגֶעהוֹיבֶּען צוּא שְׁרַייעֶן אוּן וֵויינֶען מִיט אַ בִּיטֶער גֶעשְׁרֵיי: מוּטֶער, מוּטֶער, ווִי קָאנְסְטוּ דָאס צוּזֶעהֶען אַז מֶען זָאל אוּנְז פִיהְרֶען אִין גָלוּת אַרַיין, אוּן מֶען זָאל אוּנְז אָנְטְהָאן אַזוֹי פִיעל לֵייד", אִיז אוּנְזֶער מוּטֶער רָחֵל אַרוֹיפְגֶעגַאנְגֶען צוּא הַשֵׁם יִתְבָּרַךְ מִיט אַ בִּיטֶער גֶעשְׁרֵיי אוּן הָאט גֶעזָאגְט: רִבּוֹנוֹ שֶׁל עוֹלָם, דַיין רַחֲמָנוּת אִיז דָאךְ פִיעל גְרֶעסֶער פוּן דִיא רַחֲמָנוּת פוּן אַ בָּשָׂר וָדָם, פוּן דֶעסְטְוֶועגֶען הָאבּ אִיךְ דָאךְ רַחֲמָנוּת

---

מולדות לחודש חשון

תרע"ט) דֶער מוֹלָד אִיז שַׁבָּת נָאךְ הַאלְבֶּען טָאג 44 מִינוּט מִיט 16 חֲלָקִים נָאךְ 12. (רֹאשׁ חוֹדֶשׁ אִיז) זוּנְטָאג אוּן מָאנְטָאג.

תר"פ) דֶער מוֹלָד אִיז פְרַייטָאג פְרִיה 17 מִינוּט מִיט 11 חֲלָקִים נָאךְ 10. (רֹאשׁ חוֹדֶשׁ אִיז) פְרַייטָאג אוּן שַׁבָּת.

גֶעהַאט אויף מַיין שְׁוֶועסְטֶער לֵאָה, וֶוען מַיין פָאטֶער הָאט
אִיהר פַארְבִּיטֶען און הָאט זִיא גֶעגֶעבֶּען צוּא מַיין מַאן יַעֲקֹב
אויף מַיין אָרְט, און הָאבּ נָאך צוּ אִיהר סִמָנִים גֶעזָאגְט, וָואס
מַיין מַאן הָאט מִיט מִיר גֶעשְׁמוּעֶסְט כְּדֵי מַיין מַאן זָאל מֵיינֶען
אַז אִיךְ בִּין דָאס, וויא עֶס אִיז מִיר דִי זַאךְ וֶועה גֶעוֶועֶן, נָאר
פוּן וֶועגֶען רַחֲמָנוּת פוּן מַיין שְׁוֶועסְטֶער הָאבּ אִיךְ דָאס גֶעטְ־
טְהָאן. און דוּא גָאט בִּיסְט דָאךְ אַיין רַחוּם וְחַנוּן, דַארְפְסְטוּ
אַוַדַאי רַחֲמָנוּת הָאבֶּען אויף מַיינֶע קִינְדֶער״. הָאט אַ קוֹל פוּן
דֶעם הִימֶעל גֶעעֶנְטְפֶערְט: „דוּ הָאסְט רֶעכְט, אִיךְ וֶועל דַיינֶע
קִינְדֶער בֶּעפְרַייעֶן פוּן דִיא צָרוֹת און וֶועל זַייא אויסְלֵייזֶען פוּן
זַייעֶר פַּיין:

**עוּרָה** נָא, דֶערְוֶועק דִיךְ אַצוּנְד אויךְ אוּנְזֶער מוּטֶער רָחֵל
און שְׁטֶעה אויף פוּן דַיין קֶבֶר און שְׁטֶעל דִיךְ פַאר
דֶעם כִּסֵא הַכָּבוֹד און בֶּעט פַאר דַיינֶע קִינְדֶער, וֶועלְכֶע זַיי־
נֶען גֶעגְלִיכֶען צוּ שֶׁעפֶּעלַאךְ, וָואס זַיי בְּלָאנְדְזְשֶׁען אִין וֶועג.
דָאס הַשֵּׁם יִתְבָּרַךְ זָאל אויף זַיי בֶּענְשֶׁען דֶעם חוֹדֶשׁ מַרְחֶשְׁוָן
צוּם לֶעבֶּען און גֶעזוּנְד און פַּרְנָסָה מִיט אַלֶעם גוּטֶען:

**קוּמָה,** שְׁטֶעה אויף, בִּנְיָמִין בֶּן יַעֲקֹב אָבִינוּ עָלָיו הַשָּׁלוֹם,
שְׁטֶעל דִיךְ בַּייא דֶער רֶעכְטֶער הַאנְד פוּן דַיין מוּ־

---

מולדות לחודש חשון

תרפ״א) דֶער מוֹלָד אִיז דִיעֶנְסְטָאג אָבֶּענְד 6 מִינוּט מִיט 5 חֲלָקִים נָאךְ 7. (ראֹש חוֹדֶשׁ אִיז) דִינְסְטַאג און מִיטְוָואךְ.

תרפ״ב) דֶער מוֹלָד אִיז מָאנְטָאג נָאךְ הַאלְבֶּען טָאג 39 מִינוּט נָאךְ 4. (ראֹש חוֹדֶשׁ אִיז) דִינְסְטָאג און מִיטְוָואךְ.

טער רָחֵל און הֶעלְף איהר בֶּעטֶען בַּייא דֶעם אַלְמֶעכְטִיגֶען גָאט, דָאס דֶער חוֹדֶש מַרְחֶשְׁוָן וָואס דו בִּיסְט גֶעבָּארֶען גֶעוָוארֶען אִין אִיהם זָאל דַיין זְכוּת אַצוּנְד אוּנְז בַּייְשְׁטֶעהֶען. און וֶוען מִיר קוּמֶען אַצוּנְד אָפּ דִי זִינְד, וָואס דִי בְּרִידֶער הָאבֶּען פֶּערְקוֹיפְט יוֹסֵף׳ן, זָאל הַשֵּׁם יִתְבָּרַךְ גֶעדֶענְקֶען דַיין זְכוּת, דֶען דוּא בִּיסְט דָאךְ אִין זֵייעֶר עֵצָה נִישְׁט גֶעוֶוען און הָאסְט דַיינֶע קִינְדֶער גֶעמֶען גֶעגֶעבֶּען נָאךְ דִי צָרוֹת פוּן דַיין בְּרוּדֶער יוֹסֵף. אַצוּנְד זָאהל אוּנְז דַיין זְכוּת אַנְטְקֶעגֶען קוּמֶען מִיר זָאלֶען פוּן אַלֶע צָרוֹת בַּאשִׁירֶעמְט וֶוערֶען. און דֶער חוֹדֶשׁ מַרְחֶשְׁוָן זָאל גֶעבֶּענְטְשְׁט וֶוערֶען לִבְרָכָה וְהַצְלָחָה, אָמֵן:

וֶוען מֶען בֶּענְטְשְׁט ראש חוֹדֶש כסליו זָאל מֶען דִי תְּחִנָּה זָאגֶען:

אֵל מֶלֶךְ יָחִיד שַׁלִּיט בְּעוֹלָמוֹ, גָאט אֵיינְצִיגֶער קֶענִיג, וָואס גֶעוֶועלְטִיגְט אוֹיף גָאר דֶער וֶועלְט. מִיר קוּמֶען אַצוּנְד צוּא בֶּענְטְשֶׁען דֶעם חוֹדֶש כִּסְלֵו, וָואס אִין דֶעם פֶּערְצֶעטֶען טָאג אִין דִיזֶען חוֹדֶש הָאט אוּנְזֶער מוּטֶער לֵאָה גֶעבּוֹירֶען אִיהר עֶרְשְׁטֶען זוּהן רְאוּבֵן. רִבּוֹנוֹ שֶׁל עוֹלָם, דוּ טְהוּסְט דֶערְהוֹיבֶּען אַלֶע נִידֶערִיגֶע און טְהוּסְט בַּאגְלִיקֶען דֶעם מֶענְטְשֶׁען וָואס אִיז אִין אַ נִידֶערִיגֶען שְׁטַאנְד. גֶעדֶענְק אוּנְז דֶעם זְכוּת פוּן אוּנְזֶער מוּטֶער לֵאָה, וָואס זִי הָאט פִיעל טְרֶעהְרֶען פֶּער־

---

מולדות לחודש כסלו

תרע״ז) דֶער מוֹלָד אִיז שַׁבָּת פְּרִיה 51 מִינוּט מִיט 11 חֲלָקִים נָאךְ 7. (ראש חוֹדֶשׁ אִיז זוּנְטָאג.

תרע״ח) דֶער מוֹלָד אִיז מִיטְוָואךְ בַּיי טָאג 40 מִינוּט מִיט 5 חֲלָקִים נָאךְ 4. (ראש חוֹדֶשׁ אִיז) דָאנֶערְשְׁטָאג און פְרֵייטָאג.

גָאסֶען דָאס זִי זָאהל אִין דֶעם גוֹרָל פוּן עֵשָׂו נִיט אַרַיינְפַאלֶען, דֶען לַייט פְּלֶעגֶען זָאגֶען: יִצְחָק הָאט צְוֵויי זִיהן, דֶער עֶלְטֶערֶער אִיז עֵשָׂו אוּן דֶער אִינְגֶערֶער אִיז יַעֲקֹב אוּן לָבָן הָאט צְוֵויי טֶעכְטֶער, דִיא עֶלְטֶערֶע אִיז לֵאָה אוּן דִיא אִינְגֶערֶע אִיז רָחֵל, מִסְתָּמָא וֶועט לֵאָה פַאלֶען אִין דֶעם גוֹרָל פוּן דֶעם עֶלְטֶערֶען זוּהן פוּן יִצְחָק, דָאס אִיז עֵשָׂו, אוּן רָחֵל וֶועט פַאלֶען אִין דֶעם גוֹרָל פוּן יַעֲקֹב, דַארוּם פְּלֶעגְט אוּנְזֶער מוּטֶער לֵאָה וַויינֶען אוּן קְלָאגֶען טָאג בַּיי טָאג דָאס זִיא זָאל אִין דֶעם גוֹרָל פוּן עֵשָׂו נִיט פַאלֶען, אוּן דוּ גָאט הָאסְט אִיהר מַזָל דֶערְהוֹיבֶּען אוּן זִי אִיז צוּ יַעֲקֹב גֶענוּמֶען גֶעוָוארֶען אוּן הָאט אִין דֶעם חוֹדֶש כִּסְלֵו אִיהר עֶרְשְׁטֶען זוּהְן רְאוּבֵן גֶעבָּארֶען:

**עֲמֹדִי** נָא, שְׁטֶעה אוֹיף אוּנְזֶער מוּטֶער לֵאָה אוּן שְׁטֶעל זִיךְ פַאר דֶעם כִּסֵא הַכָּבוֹד צוּא בֶּעטֶען פַאר דַיינֶע קִינְדֶער אוּן אוֹיךְ פִיר מִיר דַיין טָאכְטֶער (פלונית בת פלונית) צְווֹישֶׁען זֵיי, דָאס אִיךְ אוּן מַיין מַאן זָאלֶען מִיר זוֹכֶה זַיין צוּ מְגַדֵל זַיין אוּנְזֶערֶע קִינְדֶערְלַאךְ, אוּן אוּנְזֶערֶע לִיעבֶּע טֶעכְטֶער זָאלֶען חָלִילָה נִישְׁט פַאלֶען אִין דֶעם גוֹרָל פוּן שְׁלֶעכְטֶע מֶענֶער. אוּן עֶס זָאל דֶערְהוֹיבֶּען וֶוערֶען דָאס מַזָל פוּן אוּנְזֶער פַּרְנָסָה, דָאס מִיר זָאלֶען קֶענֶען זֵייא גוּטֶע אוּן פְרוּמֶע מֶענֶער גֶעבֶּען דָאס זֵיי זָאלֶען גוּטֶע אוּן פְרוּמֶע קִינְדֶער הָאבֶּען:

---

מולדות לחודש כסלו

תרע"ט) דֶער מוֹלָד אִיז מָאנְטָאג פַאר טָאג 28 מִינוּט מִיט 17 חֲלָקִים נָאךְ 1. (רֹאשׁ חוֹדֶשׁ אִיז) דִיעִנְסְטָאג.

תר"פ) דֶער מוֹלָד אִיז שַׁבָּת צוּ נַאכְט 1 מִינוּט מִיט 12 חֲלָקִים נָאךְ 11. (רֹאשׁ חוֹדֶשׁ אִיז) זוּנְטָאג.

**אַתָּה** הָאֵל עוֹשֵׂה פְּלָאוֹת, דוּ גָאט וָואס דוּ טְהוּסְט וואוּנ־
דֶער אַלֶע צַייט, מִיר קוּמֶען פַאר דִיר אַצוּנְד דֶעם
חוֹדֶשׁ כִּסְלֵו בֶּענְטְשֶׁען דָאס דוּא הָאסְט אִין דֶעם חוֹדֶשׁ גֶע־
טְהָאן וואוּנְדֶער אִין דִי טֶעג פוּן מַתִּתְיָהוּ כֹּהֵן גָדוֹל חַשְׁמוֹנָאִי
מִיט זַיינֶע קִינְדֶער, וָוען אַנְטִיוּכוּס אִיז אוֹיפְגֶעשְׁטַאנֶען אוֹיף
דַיין פָאלְק יִשְׂרָאֵל צוּ מַאכֶען פַארְגֶעסֶען זֵיי דַיין תּוֹרָה אוּן צוּ
אַרָאפְּפִיהְרֶען זֵיי פוּן דִיא גֶעזֶעץ פוּן דַיין ווילֶען, אוּן וָוען זֵייא
זַיינֶען גֶעקוּמֶען אִין בֵּית הַמִקְדָשׁ אַרַיין אוּן הָאבֶּען מְטַמֵא
גֶעוֶוען אַלֶע זַאכֶען, הָאסְטוּ אַ נֵס גֶעטְהָאן, דָאס מֶען הָאט
אַ קְרִינֶעל בּוֹים־אוֹיל גֶעפוּנֶען, וָואס עֶס אִיז מִיט דֶער חֲתִימָה
פוּן כֹּהֵן גָדוֹל גֶע׳חַתְמֶ׳עט גֶעוָוארֶען אוּן עֶס אִיז נָאר גֶענוּג
אוֹיל גֶעוֶוען אוֹיף אֵיין טָאג צוּ בְּרֶענֶען אִין דֶער מְנוֹרָה, אִיז אַ נֵס
גֶעשֶׁען אוּן עֶס הָאט אַכְט טֶעג גֶעבְּרֶענְט, אוּן דִי יוּדֶען הָאבֶּען
מִלְחָמָה גֶעהַאלְטֶען מִיט דִי פַיינְד אוּן הָאבֶּען זֵיי בַּייגֶעקוּמֶען.
אַזוֹי אוֹיךְ, לִיעבֶּער גָאט, זָאלְסְטוּ גֶערְוֶועקֶען דַיין דֶערְבַּאר־
רֶעמְקַייט צוּ טְהָאן מִיט אוּנְז נִסִים וְנִפְלָאוֹת אוּן זָאלְסְט דֶערְ־
לַייכְטֶען אוּנְזֶער מַזָל אוּן גוּטֶע פַּרְנָסָה אוּן מִיר זָאלֶען זוֹכֶה
זַיין צוּ זֶינְדֶען לִיכְט אִין בֵּית הַמִקְדָשׁ, בִּמְהֵרָה בְיָמֵינוּ, אָמֵן:
**זְכוֹר** לָנוּ אָב הָרַחֲמָן, גֶעדֶענְק אוּנְז דֶערְבַּארְמִיגֶער פָאטֶער,
דֶעם זְכוּת פוּן דֶער צַדֶקֶת יְהוּדִית, וָואס דוּרְךְ אִיהר

---

מולדות לחודש כסלו

תרפ״א) דֶער מוֹלָד אִיז דָאנֶערְשְׁטָאג פְּרִיה 50 מִינוּט מִיט 6 חֲלָקִים נָאךְ 7. (ראש חודש אִיז) דָאנֶערְשְׁטָאג אוּן פְרַייטָאג.

תרפ״ב) דֶער מוֹלָד אִיז מִיטְוואָךְ פְּרִיה 23 מִינוּט מִיט 1 חֵלֶק נָאךְ 5. (ראש חודש אִיז) דָאנֶערְשְׁטָאג אוּן פְרַייטָאג.

איז דער נס געשעהען און זיא האט ביי אנטיוכוס'ן דיא קאפ אראפגענומען. זיא זאל שטעהען און זיין א גוטע מליצה פאר מיר און מיין מאן און מיינע קינדער און קינד'ס קינדער, מיר זאלען חלילה קיין אלמנות ניט בלייבען און אונזערע קינדער קיין יתומים. זיי זאלען ניט דארפען אונטער פרעמדע הענד זיין. ברוך שומע תפלה, געלויבט ביסט דו גאט, דאס דו הערסט די געבעט פון דיין פאלק ישראל:

וועו מען בענטשט ראש חודש טבת זאל מען דיזע תחנה זאגען:

אלהים ברוב רחמיך הושיענו מצרותינו, גאט, מיט דיין גרויס דערבארעמקייט העלף אונז פון אונזערע צרות ווען מיר קומען פאר דיר איצונד דעם חודש טבת בענטשען. אין דעם חודש איז אונזער פאטער אברהם גע־שטארבען. דארום, רבונו של עולם, געדענק אונז זיין זכות, וואס ער האט זיך געלאזט אין קאלך־אויבען אריינווארפען פון וועגען דיין ליבען נאמען. ווען נמרוד הרשע איז אויפ־געשטאנען אויף איהם אזוי האסט דו געשיקט דעם מלאך מיכאל, דאס ער זאהל קיהלען דאס פייער פון דעם קאלך־אויבען און אברהם זאל ניצול ווערען. אזוי, רבונו של עולם, זאלסט דו שיקען גוטע מלאכים צו באהיטען אונז היינטיגען

---

מולדות לחודש טבת

תרע"ז) דער מולד איז זונטאג אבענד 35 מינוט מיט 12 חלקים נאך 8, (ראש חודש איז) מאנטאג און דיענסטאג.

תרע"ח) דער מולד איז פרייטאג פאר טאג 24 מינוט מיט 6 חלקים נאך 5. (ראש חודש איז) שבת און זונטאג.

חודש און אַלע חֳדָשִׁים פון אַ גאנץ יאהר. פון שְׂרֵיפוֹת און הֶזֵיקוֹת און עס זאהל ניט שׁוֹלֵט זיין אין קיין שטוב קיין פייער און קיין ברענונג און קיין שום שרעק. נאר עס זאל לייכטען אונזער מַזָל וויא דער מארגען־שטערען אין הימעל און וויא דיא זונן אין מיטען טאג און קיין שׂוֹנֵא זאהל אין אונז נישט דערפרעהט ווערען:

**אֵל** פּוֹדֶה מִכָּל צָרָה, גאט וואס לייזט אוים זיין פאלק יִשְׂרָאֵל פון אַלע לייד. ווען מיר קומען פאר דיר יעצט דעם חודש טֵבֵת בענטשען, וואס אין דעם חודש זענען אונז צוויי שלעק געשעהען: איין שלאק, דאס אין דעם נייגטען טאג פון דעם חודש זענען געשטארבען עֶזְרָא הַסּוֹפֵר און נְחֶמְיָה בֶּן חֲכַלְיָה, וועלכע האבען דעם אנדערען בֵּית הַמִּקְדָּשׁ געבויט און האבען דיא יודען פון דעם גָלוּת בָּבֶל אויסגעלייזט. יעצט געדענק אונז, רִבּוֹנוֹ שֶׁל עוֹלָם, זייער זְכוּת און דערבארעם דיך איבער אונז און שיק צו אונז דעם גּוֹאֵל צֶדֶק בִּמְהֵרָה בְיָמֵינוּ, אָמֵן. דער אנדערער שלאק האט אונז אין דעם חודש טבת געשעהן, דאס אין דעם צעהנטען טאג פון דעם חודש, האט דער מֶלֶךְ בָּבֶל בעלאגערט מיט זיינע חַיָלוֹת אויף אונזער קרוין־שטאדט יְרוּשָׁלַיִם וועה צו אונז. דאס עס איז צו־גענומען געווארען דיא טהייערע קרוין פון אונזער קאפּ, און דארום טהוען מיר אַלע יאהר אין דעם טאג אַ תַּעֲנִית פאס־

---

מולדות לחודש טבת

תרע"ט) דער מולד איז דינסטאג נאך האלבען טאג 13 מינוט נאך 2. (ראש חודש איז) מיטוואך.

תר"פ) דער מולד איז מאנטאג האלבען טאג 45 מינוט מיט 13 חֲלָקִים נאך 11. (ראש חודש איז) מאנטאג און דינסטאג.

טֶען בִּכְדֵי אַז הַשֵּׁם יִתְבָּרַךְ זָאל זִיךְ אוֹיף אוּנְז דֶערְבַּארֶעמֶען צוּ אוּמְקֶערֶען אוּנְז אִין אוּנְזֶער לַאנְד. רִבּוֹנוֹ שֶׁל עוֹלָם, הֶלְפֶעד יֶעשַׁן אפְּךְ, וֶועט דֶען בִּיז אֵייבִּיג דַיין גְרִים צָארְן אוֹיף אוּנְז רַייכֶערֶען דֶערְוֶועק דַיין לִיעבְּהַארְצִיגֶע דֶערְבַּארִימְקַייט. וּפְדֵה אֱלֹהִים אֶת יִשְׂרָאֵל מִכָּל צָרוֹתָיו, אוּן לֵייז אוּיס גָאט דַיין פָּאלְק פוּן גָאר זַיינֶע צָרוֹת, אוּן אוֹיךְ מִיךְ אוּן מַיין מַאן אוּן מַיינֶע קִינְדֶער צְוִוישֶׁען זֵיי, דָאס אוּנְזֶער מַזָל זָאל אוֹיפְגֶערֶעכְט וֶוערֶען צוּ אַלֶעם גוּטֶען, אָמֵן וְאָמֵן, כֵּן יְהִי רָצוֹן:

וֶוען מֶען בֶּענְטְשְׁט רֹאשׁ חוֹדֶשׁ שבט זָאל מֶען דִיעזֶע תְּחִנָּה זָאגֶען:

יְהִי רָצוֹן מִלְּפָנֶיךָ, יְיָ אֱלֹהֵינוּ, וֵאלֹהֵי אֲבוֹתֵינוּ, עֶס זָאהל זַיין דֶער וִוילֶען פַאר דִיר גָאט, אוּנְזֶער גָאט, דֶער גָאט פוּן אוּנְזֶערֶע עֶלְטֶערֶען, דוּא זָאלְסְט אוּנְז בֶּענְטְשֶׁען דֶעם חוֹדֶשׁ שְׁבַט, וָואס מִיר קוּמֶען יֶעצְט בֶּענְטְשֶׁען עֶס וָאהל פַאר דִיר גֶעדֶענְקְט וֶוערֶען דֶער זְכוּת פוּן משֶׁה רַבֵּינוּ עָלָיו הַשָּׁלוֹם, דָאס אֵיידֶער עֶר אִיז גֶעשְׁטָארְבֶּען הָאט עֶר אִין דֶעם חוֹדֶשׁ אָנְגֶעהוֹיבֶּען צוּ שְׁטְרָאפֶען דִי יוּדֶען, דָאס זֵיי זָאלֶען אִין רֶעכְ־

---

מולדות לחודש טבת

תרפ"א) דֶער מוֹלָד אִיז פְרַייטָאג צוּ נַאכְט 34 מִינוּט מִיט 7 חֲלָקִים נָאךְ 8. (רֹאשׁ חוֹדֶשׁ אִיז) שַׁבָּת אוּן זוּנְטָאג.

תרפ"ב) דֶער מוֹלָד אִיז דָאנֶערְשְׁטָאג אָבֶענְד 7 מִינוּט מִיט 2 חֲלָקִים נָאךְ 6. (רֹאשׁ חוֹדֶשׁ אִיז) שַׁבָּת אוּן זוּנְטָאג.

מולדות לחודש שבט

תרע"ז) דֶער מוֹלָד אִיז דִיענְסְטָאג פְרִיה 19 מִינוּט מִיט 13 חֲלָקִים נָאךְ 9. (רֹאשׁ חוֹדֶשׁ אִיז) מִיטְוָואךְ.

תרע"ח) דֶער מוֹלָד אִיז שַׁבָּת צוּ נַאכְט 8 מִינוּט מִיט 7 חֲלָקִים נָאךְ 6. (רֹאשׁ חוֹדֶשׁ אִיז) מָאנְטָאג.

טָען װָעג גֶעהֶען. רִבּוֹנוֹ שֶׁל עוֹלָם, װָעה אִיז צוּ אוּנְז, דָאס מִיר הָאבֶּען יֶעצְט נִיט קַיין נָבִיא װָאס עֶר זָאל אוּנְז אוֹיף אוּנְזֶערֶע בֵּייזֶע מַעֲשִׂים שְׁטְרָאפֶען און זָאל אוּנְז דֶעם גוּטֶען װֶעג װַייזֶען און װֶען מִיר טְהוּען זִיךְ אַלֵיין בַּאדֶענְקֶען אוֹיף אוּנְזֶערֶע חֲטָאִים וַעֲוֹנוֹת וּפְשָׁעִים װָאס מִיר הָאבֶּען גֶעזִינְדִיגְט און פַארְקְרִימְט דֶעם רֶעכְטֶען װֶעג כַאפְּט אוּנְז אָן אַ צִיטֶערְנִישׁ און אַ מוֹרָא. מִיר װֵייסֶען נִישְׁט וואוּ אוּנְזֶער פָּנִים צוּ פַארְשְׁטֶעקֶען פַאר גְרוֹיס שַׁאנְד, וואוּ זָאלֶען מִיר זִיךְ פַארְבָּארְגֶען, וואוּ זָאלֶען מִיר פַאר דַיין גְרִים־צָארְן אַנְטְלוֹיפֶען? זָאלֶען מִיר אוֹיף דֶעם הִימְעל קוּקֶען בִּיסְטוּ דָארְטֶען. זָאלֶען מִיר אִין דֶער טִיעפֶענִישׁ פוּן דֶער עֶרְד גֶעהֶען, בִּיסְטוּ דָארְטֶען. זָאלֶען מִיר אִין דֶער טִיעפֶענִישׁ פוּן דֶעם יַם קוּמֶען, װֶעט מִיךְ דָארְטֶען אוֹיךְ דַיין הַאנְד טְרֶעפֶען. און װֶען אִיךְ װֶעל מִיר טְרַאכְטֶען. דָאס פִינְצְטֶערְנִישׁ װֶעט מִיךְ צוּדֶעקֶען דָאס דוּא װֶעסְט מִיךְ נִיט זֶעהְן, אִיז גַם חֹשֶׁךְ לֹא יַחֲשִׁיךְ מִמֶּךָ, קַיין פִינְצְטֶערְנִישׁ אִיז פַאר דִיר נִיט פִינְצְטֶער, און דִיא נַאכְט אִיז פַאר דִיר לִיכְטִיג. דַארוּם, רִבּוֹנוֹ שֶׁל עוֹלָם, הָאבּ אִיךְ מִיךְ נִיט וואוּ צוּ קֶעהְרֶען נָאר צוּא דִיר אַלֵיין. דוּא זָאלְסְט אוֹיסְשְׁטְרֶעקֶען דַיין גְרוֹיסֶען אָרֶעם צוּ צוּנֶעהְמֶען מַיין תְּשׁוּבָה. כִּי אַתָּה רַב חֶסֶד וּמַרְבֶּה לִסְלוֹחַ, דֶען דוּ בִּיסְט פוּל מִיט גֶענָאד און פִיעל פַארְצַייהֶער:

---

מולדות לחודש שבט

תרע"ט) דֶער מוֹלָד אִיז דָאנֶערְשְׁטָאג פַאר טָאג 57 מִינוּט מִיט 1 חֵלֶק נָאךְ 3. (ראש חודש אִיז) בַּאנֶערְשְׁטָאג.

תר"פ) דֶער מוֹלָד אִיז מִיטְוָואךְ פַאר טָאג 29 מִינוּט מִיט 14 חֲלָקִים נָאךְ 12. (ראש חודש אִיז) מִיטְוָואךְ.

רִבּוֹנוֹ שֶׁל עוֹלָם, וָוען מִיר קוּמֶען פַאר דִיר אַצוּנְד בֶּענְטְ־
שֶׁען דֶעם חוֹדֶשׁ שְׁבָט, וָואס אִין דֶעם פּוּפְצֶענְטֶען
טָאג פוּן דֶעם חוֹדֶשׁ אִיז רֹאשׁ הַשָּׁנָה צוּ דִי בּוֹימֶער, גֶעדֶענְק
אוּנְז דֶעם זְכוּת, וָואס מִיר מְהוּעֶן דֶעם טָאג דִיר לוֹיבֶּען אוֹיף
דִי פֵּירוֹת פוּן דִי בּוֹימֶער. בִּזְכוּת זֶה, לִיעבֶּער גָאט, בֶּענְטְשׁ
דִיא פְרוּכְט פוּן דִיא בּוֹימֶער, דָאס זֵיי זָאלֶען אוֹיסְצִיהֶען זֵייעֶר
בְּלִיהוּנְג אוּן זָאלֶען מַאכֶען וַואקְסֶען הַיינְטִיגֶעם יָאהר זֵייעֶרֶע
פֵּירוֹת, אוּן אוֹיךְ בַּאהִיט דַיין פָאלְק יִשְׂרָאֵל, דָאס דִיא קֶעלְט
פוּן דֶעם חוֹדֶשׁ זָאהל זֵיי נִיט שַׁאדֶען. אוּן אַלֶע וָואס פָּאהרֶען
אִין וֶועג זָאל זֵיי נִיט בַּאגֶעגֶענֶען דֶער טוֹיט פוּן דִי קֶעלְט אוּן
זָאלְסְט זֵיי פִיהְרֶען אוֹיף דֶעם גְלַייכֶען וֶועג דָאס זֵיי זָאלֶען נִיט
פַאר אִירְט וֶוערֶען. אוּן אוֹיךְ דִי אִידִישֶׁע קִינְדֶער, וָואס זֶענֶען
אִין שְׁטָאדְט, זָאל זֵיי נִיט שַׁאדֶען דִי קֶעלְט, עֶס זָאל זֵיי חָלִילָה
צוּא אַ שְׁלַאפְקַייט נִישְׁט בְּרֶענְגֶען. שִׁבְטְךָ וּמִשְׁעַנְתֶּךָ הֵמָּה
יְנַחֲמוּנִי, דַיין רוּט אוּן דַיין אוּנְטֶערְלֶעהְנוּנְג זָאל אוּנְז אִין דֶעם
חוֹדֶשׁ שְׁבָט טְרֵייסְטֶען, דָאס מִיר זָאלֶען הָאבֶּען שָׁלוֹם אוּן
בְּרָכָה אוּן פַּרְנָסָה טוֹבָה אוֹיף כָּל יִשְׂרָאֵל, אָמֵן, כֵּן יְהִי רָצוֹן:

וֶוען מֶען בֶּענְטְשְׁט רֹאשׁ חוֹדֶשׁ אדר זָאל מֶען דִי תְּחִנָּה
זָאגֶען אוֹיךְ וֶוען מֶען בֶּענְטְשְׁט אדר שני זָאגְט מֶען דָאס:

אֵל רַחוּם וְחַנּוּן עֶזְרָה בְּצָרוֹת נִמְצָא. גָאט דֶערְבַּארְעמִיגֶער
אוּן לַייטְזֶעלִיגֶער, וָואס אִין לֵייד וֶוערְסְטוּ צוּ אַ הִילְף

מולדות לחודש שבט

תרפ״א) דֶער מוֹלָד אִיז זוּנְטָאג פְּרִיה 18 מִינוּט מִיט 8 חֲלָקִים נָאךְ 9. (רֹאשׁ חוֹדֶשׁ אִיז) מָאנְטָאג.

תרפ״ב) דֶער מוֹלָד אִיז שַׁבָּת פְּרִיה 51 מִינוּט מִיט 3 חֲלָקִים נָאךְ 4. (רֹאשׁ חוֹדֶשׁ אִיז) מָאנְטָאג.

געפונען . מיר קומען אצונד בענטשען דעם חודש אדר . דו האסט אין איהם געטהאן וואונדער צו די יודען דורך מרדכי און אסתר המלכה. ווען המן הרשע איז אויפגעשטאנען צו פארטיליגען און הרג'ענען און מאכען פארלירען דיין פאלק ישראל פון גרויס ביז קליין , און דו מיט דיין גרויס דערבא־רעמקייט האסטו זיי געמזהאן שרעקען אבער ניט שטראפען . דען דו האסט גע'חתמ'עט דיא גזירה מיט א חתימה פון ליים און ווען דיא יודען האבען פאר דיר תשובה געטהאן האסטו זייא ערוועהלט אויסלייזערם פון זייער צרה, מרדכי היהודי ואסתר המלכה, וואס האבען די גזירה מבטל געוועזען און המן הרשע מיט זיינע קינדער זענען אויף דער תליה געהאנגען געווארען. אזוי אויך, רבונו של עולם, הער צו אונזער געבעט פון זייער זכות וועגען און בענטש דעם חודש צו גוטען, און זאלסט ענדערען אלע גזירות קשות פון אונז צו גוטען, און גיב אין די הערצער פון די רעגירונגען מיט זייערע שרים דאס זייא זאלען מיט אונז טהאן גענאד און דערבא־רעמקייט אלע צייט:

הבט משמים וראה. קוק נאט פון דעם הימעל און זעה דעם זכות פון דיינע ליעבע יודען. פיעל צדקה געהט פון זייער האנד ארויס אין דעם טאג פון פורים. איטליכער נאך זיין פארמעגען נאך, און זיינען מקיים די מצוה פון מתנות

---

מולדות לחודש אדר

תרע"ז) דער מולד איז מיטוואך אבענד 3 מינוט מיט 14 חלקים נאך 10 . (ראש חודש איז באנערשטאג און פרייטאג .

תרע"ח) דער מולד איז מאנטאג פריה 52 מינוט מיט 8 חלקים נאך 6. (ראש חודש איז) דינסטאג און מיטוואך.

לְאֶבְיוֹנִים. רִבּוֹנוֹ שֶׁל עוֹלָם, עֶס זָאל מְקוּיָם וֶוערֶן אוֹיף אוּנְז דֶער פָּסוּק: „צִיּוֹן בְּמִשְׁפָּט תִּפָּדֶה וְשָׁבֶיהָ בִּצְדָקָה״. צִיּוֹן וֶועט מִיט רֶעכְט אוֹיסְגֶעלֵייזְט ווערֶען אוּן אִיהרֶע גֶעפַאנְגֶענֶע דוּרְךָ דֶעם זְכוּת פוּן צְדָקָה. דִיא מִצְוָה פוּן צְדָקָה זָאל זַיין אַ כַּפָּרָה אוֹיף אוּנְזֶערֶע זִינְד, אַזוֹי וִויא דָנִיאֵל הָאט גֶעזָאגְט צוּ נְבוּכַדְנֶצַר: „וַחֲטָיָךְ בִּצְדָקָה פְּרֻק״. פַארְגִיבּ אוּנְז, רִבּוֹנוֹ שֶׁל עוֹלָם, אוּנְזֶערֶע זִינְד אִין דֶעם זְכוּת פוּן דֶער מִצְוָה פוּן צְדָקָה אוּן מִיר זָאלֶען אוֹיסְגֶעלֵייזְט וֶוערֶען בִּמְהֵרָה בְיָמֵינוּ. אָמֵן:

אֵל קַנָּא וְנוֹקֵם לָרְשָׁעִים, גָאט, דוּ בִּיסְט אֵיין דֶערְצֶערְנֶער אוּן אֵיין נוֹקֵם צוּ דִיא וָואס טְהוּעֶן שְׁלֶעכְטְס. אַזוֹי וִוי דוּ הָאסְט גֶעצָאהלְט צוּ הָמָן הָרָשָׁע וָואס עֶר הָאט צוּ דַיין פָאלְק יִשְׂרָאֵל גֶעוָואלְט בֵּייז טְהָאן, אַזוֹי זָאלְסְטוּ אָפְּמֶעקֶען דֶעם נָאמֶען פוּן דַיין פַאטֶער עֲמָלֵק, וָואס עֶר הָאט זִיךְ גֶעפֶּעדֶערְט צוּ גֶעהֶען אַנְטְקֶעגֶען דַיין פָאלְק יִשְׂרָאֵל וֶוען זֵיי זֶענֶען פוּן מִצְרַיִם גֶעגַאנְגֶען. עֲשֵׂה לְמַעַן שְׁמֶךָ וּלְמַעַן כִּסֵּא כְבוֹדֶךָ, טְהוּ עֶס פוּן וֶועגֶען דַיין נָאמֶען אוּן פוּן וֶועגֶען דַיין הֵיילִיגֶען שְׁטוּהל. דָאס דוּ הָאסְט גֶעשְׁוָוארֶען דָאס זֵיי וֶועלֶען נִישְׁט גַאנְץ וֶוערֶען בִּיז דוּ וֶועסְט דַיין נָאמֶען אָפְּמֶעקֶען וּשְׁלַח מָשִׁיחַ צִדְקֶךָ לְגָאֳלֵנוּ, אוּן שִׁיק דַיין מָשִׁיחַ, דָאס עֶר זָאהל אוּנְז אוֹיסְלֵייזֶען בִּמְהֵרָה בְיָמֵינוּ, אָמֵן:

---

מולדות לחודש אדר

תר״פ) דֶער מוֹלָד אִיז דָאנֶערְשְׁטָאג בַּייא טָאג 13 מִינוּט מִיט 15 חֲלָקִים נָאךְ 1. (רֹאשׁ חוֹדֶשׁ אִיז) דָאנֶערְשְׁטָאג אוּן פְרֵייטָאג.

תרפ״ב) דֶער מוֹלָד אִיז זוּנְטָאג אָוֶוענְד 35 מִינוּט מִיט 4 חֲלָקִים נָאךְ 7. (רֹאשׁ חוֹדֶשׁ אִיז) דִינְסְטָאג, אוּן מִיטְוָואךְ.

וָוען עֶס אִיז אַן עִבּוּר־יָאהר זָאגְט מֶען דִי תְּחִנָּה וָוען מֶען בֶּענְטְשְׁט
ראֹשׁ חוֹדֶשׁ אֲדָר רִאשׁוֹן:

מֶלֶךְ בְּמִשְׁפָּט יַעֲמִיד אֶרֶץ אֲשֶׁר לֹא יִשָּׂא פָּנִים וְלֹא יִקַּח
שׁוֹחַד. קֵינִיג, וָואס מִיט רֶעכְט שְׁטֶעלְט דִי וֶועלְט. עֶר
אִיז נִישְׁט נוֹשֵׂא פָּנִים קֵיינֶעם אוּן נֶעהמְט נִיט קֵיין שׁוֹחַד, אוּן
אִיז מְדַקְדֵק מִיט זַיינֶע צַדִיקִים אוֹיף אַ הָאאר. מִיר קוּמֶען
יֶעצְט דֶעם חוֹדֶשׁ אֲדָר בֶּענְטְשֶׁען. וָואס אִין דֶעם חוֹדֶשׁ אִיז
משֶׁה רַבֵּינוּ עָלָיו הַשָּׁלוֹם גֶעשְׁטָארְבֶּען, וָואס עֶר הָאט דֶעם
שְׁטֵיין גֶעשְׁלָאגֶען עֶר זָאהל וַואסֶער גֶעבֶּען, וֶוען עֶר הָאט גֶע־
דַארְפְט נָאר רֶעדֶען צוּ דֶעם שְׁטֵיין אַזוֹי וִויא דוּ הָאסְט אִיהם
גֶעבָּאטֶען, דַארוּם טְהוּט אוּנְז אַ גְרוֹיס פָּארְכְט אוּן צִיטֶערְנִישׁ
אָנְגֶעהְמֶען וֶוען מִיר טְהוּעֶן זִיךְ בַּאדֶענְקֶען אוּן טְהוּעֶן אוֹיפְ־
בְּרֶענְגֶען אוֹיף אוּנְזֶער הַארְץ וָואס פַאר עֲוֹנוֹת אוּן חֲטָאִים אוּן
פְּשָׁעִים מִיר הָאבֶּען גֶעטְהָאן, אוּן אַז דוּא הָאסְט משֶׁה רַבֵּינוּ
עָלָיו הַשָּׁלוֹם נִיט נוֹשֵׂא פָּנִים גֶעוֶוען אִיז דָאךְ שׁוֹין אַ פְּשִׁיטָה
צוּא אוּנְז, וָואס מִיר זַיינֶען פוּל מִיט זִינְד. אוֹי לָנוּ כִּי נוֹאַלְנוּ,
וֶועה צוּ אוּנְז דֶען מִיר זֶענֶען פַארְנַארִישְׁט גֶעוָוארֶען:

קוּם, שְׁטֶעה אוֹיף, משֶׁה רַבֵּינוּ פוּן דַיין קֶבֶר אוּן עֶפֶען אוֹיף
דִיא טְהוּיעֶרֶען פוּן הִימֶעל צוּא אַרַיינְלָאזֶען אוּנְזֶערֶע
תְּפִלּוֹת וּבַקָּשׁוֹת וָואס מִיר טְהוּעֶן יֶעצְט בֶּעטֶען אוּן זֶעה דַייְ־

---

מולדות לחודש אדר ראשון

תרע"ט) דֶער מוֹלָד אִיז פְרַייטָאג נָאךְ מִיטָאג 41 מִינוּט מִיט 2 חֲלָקִים נָאךְ 4. (ראֹשׁ חוֹדֶשׁ אִיז פְרַייטָאג אוּן שַׁבָּת.

תרפ"א) דֶער מוֹלָד אִיז מָאנְטָאג אָוֶוענְד 2 מִינוּט מִיט 9 חֲלָקִים נָאךְ 10. (ראֹשׁ חוֹדֶשׁ אִיז דִיענְסְטָאג אוּן מִיטְוָואךְ.

גֶע שָׁאף וָואס דוּ הָאסְט זַיי גֶעפַּאשֶׁעט אִין דֶער מִדְבָּר גְלַייךְ אַזוֹי וִוי אַ פַּאסְטוּךְ דִי שָׁאף אוּן הָאסְט פוּן זַיי פִיעל לַייד גֶע־ לִיטְען זַיי שְׁטֶעהֶען יֶעצְט פַאר דִיר מִיט אַ בִּיטֶער הַארְץ אוּן אַיין צוּבְּרָאכֶען גֶעמִיטְה אוּן פָאדֶערֶען פוּן דִיר דוּ זָאלְסְט זַיי צוּלִיעב טְהָאן אוּן בֶּעטֶען פַאר זַייא דֶעם מֶלֶךְ מַלְכֵי הַמְלָכִים הַקָדוֹשׁ בָּרוּךְ הוּא דָאס עֶר זָאהל אוֹיף אוּנְז בֶּענְטְשֶׁען דֶעם חוֹדֶשׁ אֲדָר צוּ אַלֶעם גוּטֶען, אוּן עֶר זָאהל אוּנְז עֶפֶענֶען דִיא טְהוֹיעֶרֶען פוּן דֶערְבַּארֶעמְקַייט. טְהוֹיעֶרֶען פוּן חֵן, טְהוֹיעֶרֶען פוּן גֶענָאד, טְהוֹיעֶרֶען פוּן פַּרְנָסָה אוּן הַצְלָחָה, טְהוֹיעֶרֶען פוּן לֶעבֶּען, טְהוֹיעֶרֶען פוּן גֶעזוּנְד, טְהוֹיעֶרֶען פוּן גוּטְס אַזוֹי וִויא אִין פָּסוּק שְׁטֶעהְט: „יִפְתַּח יְיָ לְךָ אֶת אוֹצָרוֹ הַטוֹב". גָאט וֶועט דִיר עֶפֶענֶען דַיין גוּטֶען אוֹצָר. דָאס אַלְץ זָאל גָאט טְהָאן וֶוע־ גֶען דַיין זְכוּת דָאס דוּ בִּיסְט אַ שָׁלִיחַ גֶעוֶועזֶען צוּ פִיהְרֶען אוּנְז פוּן מִצְרַיִם אוּן גֶענֶעהְנֶען אוּנְז פַאר דֶעם בַּארְג סִינַי אוּן גֶע־ בֶּען אוּנְז דִיא הֵיילִיגֶע תּוֹרָה אוּן לֶעהְרֶענֶען אוּנְז דִיא הֵיילִיגֶע מִצְוֹת אוּן הָאסְט גֶעהַאט פוּן אוּנְז פִיעל מִיה אוּן טִרְחָה. וֶוען דִיא יוּדֶען הָאבֶּען גֶעזִינְדִיגְט הָאסְטוּ פַאר זַיי גָאט גֶעבֶּעטֶען, אַזוֹי שְׁטֶעה אוֹיף יֶעצְט אוּן בֶּעט פַאר כָּל יִשְׂרָאֵל. דָאס דֶער חוֹדֶשׁ אֲדָר. וָואס מִיר טְהוּעֶן יֶעצְט בֶּענְטְשֶׁען זָאהל גֶע־ בֶּענְטְשְׁט וֶוערֶען פוּן גָאט בָּרוּךְ הוּא. אַזוֹי וִויא אִין דַיין זְכוּת הָאט עֶר גֶעמַאכְט רֶעגְנֶען דֶעם מַן פוּן דֶעם הִימֶעל, אַזוֹיא

---

מולדות לחודש אדר שני

תרע"ט) דֶער מוֹלָד אִיז זוּנְטָאג פְרִיה 25 מִינוּט מִיט 3 חֲלָקִים נָאךְ 4. (רֹאשׁ חוֹדֶשׁ אִיז) זוּנְטָאג אוּן מָאנְטָאג.

תרפ"א) דֶער מוֹלָד אִיז מִיטְווָאךְ פְרִיה 46 מִינוּט מִיט 10 חֲלָקִים נָאךְ 10. (רֹאשׁ חוֹדֶשׁ אִיז) דָאנֶערְ־ שְׁטָאג אוּן פְרֵייטָאג.

זָאל הַשֵׁם יִתְבָּרַךְ אוֹיף אוּנְז מַאכֶען רֶעגֶענֶען שֶׁפַע אִין בְּרָכָה אוּן הַצְלָחָה אִין אוּנְזֶערֶע וֶוערְק מִיר זָאלֶען חָלִילָה צוּא קַיין פְרֶעמְדֶען טִישׁ נִיט דַארְפֶען אָנְקוּמֶען, אוּן עֶס זָאל עֶרְפִיהֶלְט וֶוערֶען אוּנְזֶערֶע אוֹצְרוֹת מִיט זַאטְקַייט אוּן אוֹיךְ אוּנְזֶערֶע הֶענְט זָאלֶען עֶרְפִיהֶלְט וֶוערֶען מִיט גָאטְ'ס בְּרָכָה, אָמֵן:

וֶוען מֶען בֶּענְטְשְׁט ראש חודש ניסן זָאגְט מֶען דיעזֶע תְּחִנָּה:

אֵל רַחוּם עוֹשֶׂה גְדוֹלוֹת עַד אֵין חֵקֶר נִסִּים וְנִפְלָאוֹת עַד אֵין מִסְפָּר, גָאט דֶערְבַּארֶעמִיגֶער וָואס טְהוּט גְרוֹיסְקַייט גָאר נִיט צוּ עֶרְפָארְשֶׁען נִסִּים אוּן וואוּנְדֶער אָהן אַ צָאהל, מִיר קוּ־מֶען יֶעצְט צוּ בֶּענְטְשֶׁען דֶעם חוֹדֶשׁ נִיסָן מִיר זָאלֶען זוֹכֶה זַיין אוֹיסְגֶעלֵייזְט צוּ וֶוערֶען אַזוֹי וִויא דוּ הָאסְט אוֹיסְגֶעלֵייזְט דַיין פָאלְק יִשְׂרָאֵל פוּן מִצְרַיִם אוּן הָאסְט זֵיי דֶעם יַם גֶעשְׁפָּאלְטֶען אוּן דִיא יוּדֶען הָאבֶּען פַאר דִיר שִׁירָה גֶעזָאגְט. אַזוֹיא אוֹיךְ רִבּוֹנוֹ שֶׁל עוֹלָם, זָאלְסְט דוּ אוּנְז אוֹיסְלֵייזֶען מִיר זָאלֶען זָאגֶען שִׁירָה פַאר דִיר אוֹיף דִיא נִסִּים וְנִפְלָאוֹת וָואס דוּ וֶועסְט מִיט אוּנְז טָאן אוּן מִיר זָאלֶען זָאגֶען צוּ דִיר אַ נַייעֶם שִׁיר, הַלְלוּיָהּ:

---

מולדות לחורש ניסן

תרע"ז) דֶער מוֹלָד אִיז פְרַייטָאג פְרִיה 47 מִינוּט מִיט 15 חֲלָקִים נָאךְ 10. (ראש חוֹדֶשׁ אִיז) שַׁבָּת.

תרע"ח) דֶער מוֹלָד אִיז דִיענְסְטָאג אָוֶוענְד 36 מִינוּט מִיט 9 חֲלָקִים נָאךְ 7. (ראש חוֹדֶשׁ אִיז) דָאנֶערְשְׁטָאג.

תרע"ט) דֶער מוֹלָד אִיז מָאנְטָאג בַּיי טָאג 9 מִינוּט מִיט 4 חֲלָקִים נָאךְ 5. (ראש חוֹדֶשׁ אִיז) דִיענְסְטָאג.

תר"פ) דֶער מוֹלָד אִיז שַׁבָּת פַאר טָאג 57 מִינוּט מִיט 16 חֲלָקִים נָאךְ 1. (ראש חוֹדֶשׁ אִיז) שַׁבָּת.

**פְּקַח** עֵינֶיךָ וּרְאֵה. מַאךְ אוֹיף דַיינֶע אוֹיגֶען לִיעבֶּער גָאט.
אוּן זֶעה דִיא מִיה פוּן דַיין טְהַייעֶר פָאלְק וויפִיעל מִיה
זַייא הָאבֶּען צוּא דֶערְהַאלְטֶען דַיינֶע מִצְוֹת דָאס זוּא הָאסְט
זַיי גֶעבָּאטֶען צוּא טְהָאן אִין דֶעם חוֹדֶשׁ. צוּ אוֹיסְרַאמֶען דֶעם
חָמֵץ פוּן זַייעֶר שְׁטוּבּ אוּן עֶסֶען מַצוֹת אַלֶע זִיעבֶּען טֶעג פוּן
פֶּסַח. ווִי גְרוֹיס אוּן שְׁווֶער עֶס קוּמְט זַיי אָן מַחֲמַת דֶעם דוֹחַק
פוּן זַייעֶר שְׁווֶערֶע פַּרְנָסָה, אָבֶּער זַיי הַאלְטֶען דַיין בַּאפֶעהְל
אוּן הִיטֶען דַיינֶע מִצְוֹת. דַארוּם לִיעבֶּער גָאט, שִׁיק שֶׁפַע אוּן
בְּרָכָה צוּ אַלֶע אִידֶען, אוּן מִיךְ אוּן מַיין מַאן זָאלְסְט דוּ הִיטֶען
פוּן חָמֵץ אוּם פֶּסַח, אוּן עֶס זָאהל אוּנְז גְרִינְג דֶער פֶּסַח אָנְקוּ־
מֶען, מִיר זָאלֶען חָלִילָה נִישְׁט בַּארְפֶען אָנְקוּמֶען צוּא אַ מַתְּנַת
בָּשָׂר וָדָם:

**רִבּוֹנוֹ** שֶׁל עוֹלָם. ווֶען מִיר טוּעֶן יֶעצְט בֶּענְטְשֶׁען דֶעם חוֹדֶשׁ
נִיסָן, ווָאס אִין אִיהם הַאלְטֶען מִיר דֶעם יוֹם טוֹב ווָאס
עֶר ווֶערְט אָנְגֶערוּפֶען פֶּסַח, דָאס אִיז טַייטְשׁ אִיבֶּערְהִיפֶּען צוּ
אַן אָנְדֶענְקוּנְג דָאס גָאט הָאט אִיבֶּערְגֶעהִיפְּט דִיא שְׁטוּבּ פוּן
אַ יוּדֶען, ווֶען עֶר הָאט דוּרְכְגֶעשְׁווֶעבְּט דָאס לַאנְד מִצְרַיִם צוּ
טוֹידְטֶען זַייעֶרֶע בְּכוֹרִים, אוּן דוּרְךְ דֶעם ווָאס זַיי הָאבֶּען זַייא־
עֶרֶע בַּיישְׁטִידְלֶען פוּן דִיא טִיהְרֶען מִיט דֶעם בְּלוּט פוּן דֶעם

---

מולדות לחודש ניסן

תרפ״א) דֶער מוֹלָד אִיז דָאנֶערְשְׁטָאג אָווֶענְד 30 מִינוּט מִיט 11 חֲלָקִים נָאךְ 11. (רֹאשׁ חוֹדֶשׁ אִיז) שַׁבָּת.

תרפ״ב) דֶער מוֹלָד אִיז דִיענְסְטָאג פְרִיה 19 מִינוּט מִיט 5 חֲלָקִים נָאךְ 8. (רֹאשׁ חוֹדֶשׁ אִיז) דָאנֶערְשְׁטָאג.

קָרְבַּן פֶּסַח גֶעשְׁמִירְט הָאט דֶער מַשְׁחִית קַיין שְׁלִיטָה נ״ט גֶע־
הַאט אַרייַנְצוּגֶעהֶען אִין קַיין שְׁטוּב פוּן אַ יוּדֶען, אַזוֹי זָאלְסְטוּ
אָנְשְׁרַייֶען אוֹיף אַלֶע מַשְׁחִיתִים דָאס זֵיי זָאלֶען נִיט קוּמֶען אוֹיף
דֶער טִיהר פוּן אוּנְזֶערֶע הַייזֶער בַּייז צוּ טְהָאן אוּנְז אוּן אוּנְ־
זֶערֶע מֶענֶער אוּן אוּנְזֶערֶע קִינְדֶער אוּן קִינְדֶ׳ס קִינְדֶער אוּן
גָאר אוּנְזֶער הוֹיז גֶעזִינְד. אוּן זָאלְסְט אוּנְז בַּאשִׁירְמֶען פוּן
אַלֶעם בֵּייזֶען אוּן זָאלְסְט אוּנְז אוֹיסְלֵייזֶען הַיינְטִיגֶען חוֹדֶשׁ אַזוֹי
וְויא דוּא הָאסְט אוּנְז צוּ גֶעזָאגְט: „הֵן גָאַלְתִּי אֶתְכֶם אַחֲרִית
כִּבְרֵאשִׁית״. אִיךְ וֶועל אַייךְ אוֹיסְלֵייזֶען דָאס לֶעצְטֶע מָאהל אַזוֹי
ווִי דָאס עֶרְשְׁטֶע מָאהל. בִּמְהֵרָה בְיָמֵינוּ. אָמֵן:

ווֶען מֶען בֶּענְטְשְׁט ראש חודש אייר זָאל מֶען זָאגֶען דיא תְּחִנָּה:

**אַב** הָרַחֲמִים הַבּוֹחֵר בְּעַמּוֹ יִשְׂרָאֵל, דֶערְבַּארְמִיגֶער פָּאטֶער.
ווָאס עֶרְוֶועהְלְט זַיין פָאלְק יִשְׂרָאֵל. ווֶען מִיר קוּמֶען
יֶעצְט בֶּענְטְשֶׁען דֶעם חוֹדֶשׁ אִיָּיר. ווָאס אִין דֶעם חוֹדֶשׁ הָאבֶּען מִיר אָנְגֶעהוֹיבֶּען צוּ זַיין אַ גֶעלִיעבְּטֶע פָאלְק פַאר דִיר.
אוּן דוּ הָאסְט אוּנְז דֶעם לִיעבֶּען הֵיילִיגֶען שַׁבָּת גֶעגֶעבֶּען, אַזוֹי
זָאלְסְטוּ גֶעדֶענְקֶען דֶעם זְכוּת פוּן אוּנְזֶער הֵיילִיגֶען שַׁבָּת אוּן
אִין דֶעם זְכוּת ווָאס דוּא הָאסְט אוּנְז ווַייבֶּער גֶעגֶעבֶּען דִיא
מִצְוָה פוּן לִיכְט בֶּענְטְשֶׁען זָאהל דֶערְהוֹיכְט ווֶערֶען אוּנְזֶער
מַזָּל, אוּן זָאלְסְט אוּנְז בַּאשִׁירְמֶען פוּן אַלֶע שְׁלַאפְקַייטֶען, ווָאס

---

מולדות לחודש אייר

תרע״ז) דֶער מוֹלָד אִיז שַׁבָּת צוּנַאכְט 31 מִינוּט מִיט 16 חֲלָקִים נָאךְ 11. (ראש חוֹדֶשׁ אִיז) זוּנְטָאג אוּן מָאנְטָאג.

תרע״ח) דֶער מוֹלָד אִיז דָאנֶערְשְׁטָאג פְרִיה 20 מִינוּט מִיט 10 חֲלָקִים נָאךְ 8. (ראש חוֹדֶשׁ אִיז) פְרֵייטָאג אוּן שַׁבָּת.

עֶס אִיז גֶעוואוֹינְט צוּ קוּמֶען אִין דֶעם חוֹדֶשׁ אַזוֹי וִוי דִי רָאשֵׁי תֵּיבוֹת פוּן אִיָּיר וַוייזְט „אֲנִי יְיָ רוֹפְאֶךָ״. אִיךְ גָּאט וֶועל דִיךְ הֵיילֶען:

**רִבּוֹנוֹ** שֶׁל עוֹלָם, מִיר קוּמֶען יֶעצְט בֶּענְטְשֶׁען דֶעם חוֹדֶשׁ אִיָּיר, וָואס אִין דֶער צַייט וֶוען דוּ הָאסְט דִיא יִשְׂרָאֵל פוּן מִצְרַיִם אַרוֹיסְגֶעצוֹיגֶען, הָאסְט דוּ זֵיי אִין דֶעם חוֹדֶשׁ אִיָּיר גֶּיזַמַאכְט רֶעגְנֶען דֶעם מַן פוּן דֶעם הִימֶעל אִין דֶעם זְכוּת פוּן מֹשֶׁה רַבֵּינוּ עָלָיו הַשָּׁלוֹם, אוּן אֵיין בְּרוּנֶען מִיט וַואסֶער, וָואס אִיז בַּאשַׁאפֶען גֶעוָוארֶען אִיז שֵׁשֶׁת יְמֵי בְּרֵאשִׁית פְּרַייטָאג פַאר נַאכט. אִיז עֶר נָאכְגֶעגַאנְגֶען דִיא יוּדֶען אִין דֶער מִדְבָּר פוּן דֶעם חוֹדֶשׁ אִיָּיר אָן, אִין דֶעם זְכוּת פוּן מִרְיָם הַנְּבִיאָה עָלֶיהָ הַשָּׁלוֹם. יֶעצְט גֶעדֶענְק אוּנְז לִיעבֶּער גָאט אִיהר זְכוּת, וָואס זִיא הָאט פַאר דִיר שִׁירָה גֶעזָאגְט מִיט דִיא וַוייבֶּער, וֶוען דִי יוּדֶען זֶענֶען פוּן דֶעם יַם אַרוֹיסְגֶעגַאנְגֶען, אַזוֹי וִוי אִין פָּסוּק שְׁטֶעהְט: „וַתִּקַּח מִרְיָם הַנְּבִיאָה אֲחוֹת אַהֲרֹן אֶת הַתֹּף בְּיָדָהּ וַתֵּצֶאןָ כָל הַנָּשִׁים אַחֲרֶיהָ בְּתֻפִּים וּבִמְחוֹלוֹת. וַתַּעַן לָהֶם מִרְיָם שִׁירוּ לַיְיָ כִּי גָאֹה גָּאָה סוּס וְרוֹכְבוֹ רָמָה בַיָּם״. אוּן מִרְיָם הַנְּבִיאָה דִיא שְׁוֶועסְטֶער פוּן אַהֲרֹן הָאט גֶענוּמֶען דֶעם פּוֹיק אִין אִיהר הַאנְד אוּן עֶס זֶענֶען אַרוֹיסְגֶעגַאנְגֶען אַלֶע וַוייבֶּער נָאךְ אִיהר מִיט פּוֹיקֶען אוּן כְּלֵי זֶמֶר הָאט מִרְיָם צוּ זֵיי גֶעשְׁרִיגֶען: זִינְגְט צוּ גָאט דֶען עֶר הָאט גֶעטְהָאן גְרוֹיסֶע נִסִּים דֶעם פֶּערְד מִיט זַיין רַייטֶער הָאט עֶר גֶעוָוארְפֶען אִין יַם. אוּן

---

מולדות לחודש אייר

תרע״ט) דֶער מוֹלָד אִיז מִיטְוָואךְ פְּרִיה 53 מִינוּט מִיט 5 חֲלָקִים נָאךְ 5. (רֹאשׁ חוֹדֶשׁ אִיז) מִיטְוָואךְ אוּן דָאנֶערשְׁטָאג.

תר״פ) דֶער מוֹלָד אִיז זוּנְטָאג בַּיי טָאג 41 מִינוּט מִיט 17 חֲלָקִים נָאךְ 2. (רֹאשׁ חוֹדֶשׁ אִיז) זוּנְטָאג אוּן מָאנְטָאג.

אַזוֹיא זָאלֶען מִיר זוֹכֶה זַיין צוּא זָאגֶען שִׁירָה מִיט אַלֶע נָשִׁים צִדְקָנִיּוֹת וֶוען מָשִׁיחַ וֶועט קוּמֶען אוּנְז אוֹיסְלֵייזֶען בִּמְהֵרָה בְיָמֵינוּ, אָמֵן:

הִתְעוֹרְרִי נָא, דֶערְוֶועק זִיךְ מִרְיָם הַנְּבִיאָה. שְׁטֶעה אוֹיף פוּן דַיין שְׁלָאף אוּן שְׁטֶעל דִיךְ פַאר דֶעם מֶלֶךְ מַלְכֵי הַמְּלָכִים הַקָּדוֹשׁ בָּרוּךְ הוּא אוּן בֶּעט פוּן אִיהם דָאס עֶס זָאל אוֹיף אוּנְז גֶעבֶּענְטְשְׁט וֶוערֶען דֶער חוֹדֶשׁ אִיָּיר וָואס מִיר טְהוּעֶן יֶעצְט בֶּענְטְשֶׁען אַז מִיר זָאלֶען הָאבֶּען גֶענוּג אוּנְ־זֶער עֶסֶען אוּן טְרִינְקֶען אַזוֹי וִוי הַשֵּׁם יִתְבָּרַךְ הָאט גֶעשְׁפַּייזְט דִי יוּדֶען אִין דֶעם זְכוּת פוּן דַיין בְּרוּדֶער מֹשֶׁה אוּן דֶעם בְּרוּ־נֶען פִיר דַיין זְכוּת וֶועגֶען, אוּן מִיר זָאלֶען חָלִילָה נִישְׁט פַאר־אָרֶעמְט וֶוערֶען. אוּן מִיר זָאלֶען גֶערֵיינִיגְט וֶוערֶען פוּן גָאר אוּנְזֶערֶע זִינְד אַזוֹי וִוי דִי יוּדֶען זַיינֶען גֶערֵיינִיגְט גֶעוָוארֶען אִין דֶעם חוֹדֶשׁ וֶוען זֵיי זַיינֶען אִין דֶער מִדְבָּר גֶעגַאנְגֶען צוּ מְקַבֵּל זַיין דִיא תּוֹרָה. הוֹשִׁיעָה יְיָ אֶת עַמֶּךָ וּבָרֵךְ אֶת נַחֲלָתֶךָ, הֶערְף גָאט דַיין פָאלְק אוּן בֶּענְטְשׁ דַיין אַרְבּ אוּן דֶערְהוֹיבּ זֵייא דָאס מַזָל אוּן דֶערְבַּארֶעם זִיךְ אוֹיף זֵיי כְּרַחֵם אָב עַל בָּנִים, אַזוֹי וִוי אַ פָאטֶער טְהוּט זִיךְ דֶערְבַּארֶעמֶען אוֹיף זַיינֶע קִינְדֶער אוּן בֶּענְטְשׁ דֶעם חוֹדֶשׁ אִיָּיר צוּם לֶעבֶּען אוּן גֶעזוּנְד אוּן בְּרָכָה גָאר אָהן שִׁיעוּר, אָמֵן:

---

מולדות לחודש אייר

תרפ"א) דֶער מוֹלָד אִיז שַׁבָּת בַּיי טָאג 14 מִינוּט מִיט 12 חֲלָקִים נָאךְ 12. (רֹאשׁ חוֹדֶשׁ אִיז) זוּנְטָאג אוּן מָאנְטָאג.

תרפ"ב) דֶער מוֹלָד אִיז מִיטְוָואךְ אָוֶועְנְד 3 מִינוּט מִיט 6 חֲלָקִים נָאךְ 9. (רֹאשׁ חוֹדֶשׁ אִיז) פְרֵייטָאג אוּן שַׁבָּת.

וָוען מֶען בֶּענְטְשְׁט ראש חודש סיון זָאגְט מֶען דָאס:

**אַתָּה** נִגְלֵיתָ בַּעֲנַן כְּבוֹדֶךָ עַל הַר סִינַי. רִבּוֹנוֹ שֶׁל עוֹלָם, דוּ בִּיסְט אַנְטְפְּלֶעקְט גֶעוָוארֶען צוּא דַיין פָאלְק יִשְׂרָאֵל אוֹיף דֶעם בַּארְג סִינַי אוּן הָאסְט זֵיי דִיא הֵיילִיגֶע תּוֹרָה גֶעגֶעבֶּען זֶעקְס טֶעג אִין חוֹדֶשׁ סִיוָן וָואס מִיר קוּמֶען יֶעצְט בֶּענְטְשֶׁען, דַארוּם לִיעבֶּער גָאט, גֶעדֶענְק אוּנְז דֶעם זְכוּת וָואס מִיר הָאבֶּען דַיין הֵיילִיגֶע תּוֹרָה מְקַבֵּל גֶעוֶועזֶען אוּן מִיר זַיינֶען גֶעוָוארֶען צוּ דִיר אַ גֶעלִיעבְּט פָאלְק. אָבֶּער וֶוען דוּ בִּיסְט צוּ יִשְׁמָעֵאל אוּן עֵשָׂו גֶעגַאנְגֶען הָאבֶּען זֵיי דִיא תּוֹרָה נִישְׁט גֶעוָואלְט אָנְנֶעהְמֶען, נָאר דַיין לִיעב פָאלְק יִשְׂרָאֵל, דַארוּם גֶעדֶענְק אוּנְז דֶעם זְכוּת אוּן בֶּענְטְשׁ אוֹיף אוּנְז דֶעם חוֹדֶשׁ סִיוָן וָואס מִיר טְהוּעֶן יֶעצְט בֶּענְטְשֶׁען. אוּן דֶערְלַייכְט דִיא אוֹיגֶען פוּן אוּנְזֶערֶע קִינְדֶער צוּא דֶער תּוֹרָה זַייא זָאלֶען הַאלְטֶען דַיינֶע מִצְוֹת, אוּן דֶערְבַּארֶעם דִיךְ אִיבֶּער אוּנְז, דֶען מִיר זַיינֶען גֶעגְלִיכֶען צוּא אֵיין אִשָּׁה, וָואס אִיהר מַאן אִיז אַיין וַוייטֶען וֶועג גֶעגַאנְגֶען אוּן הָאט זִיא גֶעלָאזְט אִין אָרֶעמְקַייט אוּן זִיא טְהוּט הָאפֶען אַלֶע טָאג דָאס אִיהר מַאן וֶועט קוּמֶען אוּן אִיהר מַזָל וֶועט דֶערְהוֹיבֶּען וֶוערֶען, אַזוֹי אוֹיךְ מִיר דַיין פָאלְק יִשְׂרָאֵל הָאטְשׁ דוּא הָאסְט זִיךְ דֶערְוַוייטֶערְט פוּן אוּנְז אוּן מִיר זַיינֶען וִוי אַן אַלְמָנָה חַיָּה. אָבֶּער מִיר הָאפֶען צוּ דִיר, לִיעבֶּער

---

מולדות לחודש סיון

תרע"ז) דֶער מוֹלָד אִיז מָאנְטָאג בַּיי טָאג 15 מִינוּט מִיט 17 חֲלָקִים נָאךְ 12. (ראש חוֹדֶשׁ אִיז) זוּנְטָאג

תרע"ח) דֶער מוֹלָד אִיז פְרֵייטָאג צוּ נַאכְט 4 מִינוּט מִיט 11 חֲלָקִים נָאךְ 9. (ראש חוֹדֶשׁ אִיז) זוּנְטָאג.

גאָט, דאָס דוא װעסט דיך אומקערען צוא אונז און װעסט װידער רײדען מיט אונז פּה אל פּה אַזױ װי דו האסט מיט אונז געטהאָן רײדען אויף דעם באַרג סיני, און װעסט מיט אונז פיעל נסים טהאָן, און דו װעסט בויען דיין קרוין־שטאט ירושלים גיך און באַלד, אמן:

**תורה** תורה, געה אויף און זיי אַ גוטע מליצה פאַר דיינע קינדער ישראל. און געדענק פאַר דעם רבון העולמים װיפיעל בלוט עס איז פון זיי יענע צייטען פאַרגאָסען געװאָרען פון דיינעט װעגען, און װיפיעל צדיקים עס זיינען אויף קידוש השם אומגעקומען, און װיפיעל בלוט פון קליינע קינדער װאָס מען האט זיי אויף דער מוטער'ס בריסט געטוידט, װאָס עס איז גאָר ניט צו דערצעהלען די שרעק און װעהטאָגען װאָס מיר האָבען אין יענע צייטען געהאט, און דאָס איז אַלץ געװען װייל זיי האָבען נישט געװאָלט פאַרשװעכען דעם ברית פון דער תורה און פאַרשטערען איהרע געזעץ, דאַרום דערמאָהן אונז דעם זכות פאַר דעם כסא הכבוד, דאָס עס זאָהל געגליכען זיין דאָס בלוט גלייך װי דאָס בלוט פון די קרבנות װאָס מען פלעגט שפּריינגען אויף דעם מזבח.

---

מולדות לחודש סיון

תרע"ט) דער מולד איז דאָנערשטאָג ביי טאָג 37 מינוט מיט 6 חלקים נאָך 6. (ראש חודש איז) פרייטאָג.

תר"פ) דער מולד איז דינסטאָג אין דער פריה 26 מינוט נאָך 3. (ראש חודש איז) דינסטאָג.

תר"פא) דער מולד איז מאָנטאָג פאַר טאָג 58 מינוט מיט 13 חלקים נאָך 12. (ראש חודש איז) דיענסטאָג.

תרפ"ב) דער מולד איז פרייטאָג פריה 47 מינוט מיט 7 חלקים נאָך 9. (ראש חודש איז) זונטאָג.

עֲשֵׂה לְמַעַן תִּינוֹקוֹת שֶׁל בֵּית רַבָּן, טְהוּ פוּן וֶועגֶען דִי קְלֵיינֶע קִינְדֶער וָואס לֶעהְרְנֶען אִין זֵייעֶר חֵדֶר דַיין הֵיילִיגֶע תּוֹרָה, אוּן בֶּענְטְשׁ אוֹיף אוּנְז דֶעם חוֹדֶשׁ סִיוָן וָואס מִיר טְהוּעֶן בֶּענְטְ־שֶׁען, אוּן מִיר זָאלֶען זוֹכֶה זַיין גוּטֶע קִינְדֶער צוּא הָאבֶּען אוּן מִיר זָאלֶען זֵייא קֶענֶען מְגַדֵל זַיין צוּ תּוֹרָה אוּן מַעֲשִׂים טוֹבִים, וְנֹאמַר אָמֵן:

וֶוען מֶען בֶּענְטְשְׁט ראש חוֹדֶשׁ תמוז זָאהל מֶען דָאס זָאגֶען:

רִבּוֹן הָעוֹלָמִים וַאֲדוֹנֵי הָאֲדוֹנִים, הֶערר פוּן אַלֶע וֶועלְטֶען אוּן הַאר אִיבֶּער אַלֶע הַארֶען, מִיר קוּמֶען פַאר דִיר יֶעצְט דֶעם חוֹדֶשׁ תַּמוּז בֶּענְטְשֶׁען, וָואס אִין דֶעם אַנְדֶערֶען טָאג ראש חוֹדֶשׁ הָאט אוּנְזֶער מוּטֶער רָחֵל אִיהר זוּהְן יוֹסֵף הַצַדִיק גֶעבּוֹירֶען. עֶס זָאהל זַיין דֶער ווִילֶען פַאר דִיר גָאט, אוּנְזֶער גָאט, עֶס זָאל דֶערְוֶועקְט וֶוערֶען אוֹיף אוּנְז דֶער זְכוּת פוּן אוּנְזֶער מוּטֶער רָחֵל אַזוֹי ווִיא דוּא הָאסְט גֶעהֶערְט אִיהר גֶעבֶּעט, וֶוען זִי הָאט גְרוֹיס צַער גֶעהַאט, דָאס זִיא הָאט קַיין קִינְדֶער נִיט גֶעהַאט, אוּן הָאסְט אִיהר אַ טְהַייעֶרֶען זוּהְן יוֹסֵף גֶעגֶעבֶּען, אַזוֹי זָאלְסְטוּ הֶערֶען דָאס גֶעבֶּעט פוּן דִי אַלֶע וָואס הָאבֶּען קַיין קִינְדֶער נִיט דָאס זֵיי זָאלֶען הָאבֶּען גוּטֶע קִינְדֶער אַזוֹי ווִי יוֹסֵף הַצַדִיק. אוּן אוּנְזֶערֶע קִינְדֶער זָאלֶען נִיט צוּגֶע־נוּמֶען וֶוערֶען פוּן אוּנְז, אוּן מִיר זָאלֶען פוּן זֵייא גְרוֹיס גְדוּלָה

---

מולדות לחודש תמוז

תרע"ז) דֶער מוֹלָד אִיז מִיטְוָואךְ פַאר טָאג פוּנְקְט 1. (ראש חוֹדֶשׁ אִיז) מִיטְוָואךְ אוּן דָאנֶערְשְׁ־טָאג.

תרע"ח) דֶער מוֹלָד אִיז זוּנְטָאג פְרִיה 48 מִינוּט מִיט 12 חֲלָקִים נָאךְ 9. (ראש חוֹדֶשׁ אִיז) מָאנְטָאג אוּן דִיענְסְטָאג.

זֶעהֶען אַזוֹיא וִויא אוּנְזֶער פָּאטֶער יַעֲקֹב הָאט גֶעזֶעהֶען גְרוֹיס גְדוּלָּה פוּן זַיין זוּהְן יוֹסֵף הַצַּדִּיק, אוּן עֶס זָאל נִיט פַארְשְׁטֶערְט וֶוערֶען זַייעֶר גְדוּלָּה בִּיז אֵייבִּיג:

**יוֹסֵף**, וַוייל דוּ וֵוייסְט וואוֹיל דֶעם בִּיטֶערֶען טַעַם פוּן נָע וָנָד אִין גָלוּת וֶוען דוּ בִּיסְט קַיין מִצְרַיִם פַארְקוֹיפְט גֶעוָואר־רֶען אוּן הָאסְט דָארְטֶען פִיעל צָרוֹת אוּן לֵייד גֶעלִיטֶען, דַאר־רוּם דַארְפְסְט דוּ אוֹיפְשְׁטֶעהֶען אוּן בֶּעטֶען פַאר הַשֵּׁם יִתְבָּרַךְ, דָאס עֶר זָאהל אוֹיף אוּנְז בֶּענְטְשֶׁען דֶעם חוֹדֶשׁ תַּמּוּז וָואס מִיר קוּמֶען בֶּענְטְשֶׁען וָואס אִין דֶעם חוֹדֶשׁ אִיז אוּנְז פִיעל שְׁלֶעק גֶעשֶׁעהְן. אֵיינְס, דִי לוּחוֹת זַיינֶען צוּבְּרָאכֶען גֶעוָוארֶען. דָאס אַנְדֶערֶע, אִין דֶעם עֶרְשְׁטֶען בֵּית הַמִּקְדָּשׁ אִיז דֶער קָרְבָּן תָּמִיד בָּטֵל גֶעוָוארֶען. דָאס דְרִיטֶע, דִיא מוֹיעֶרֶען פוּן אוּנְזֶער שְׁטָאדְט יְרוּשָׁלַיִם זַיינֶען צוּשְׁפָּאלְטֶען גֶעוָוארֶען. דָאס פֶערְטֶע, אַפּוֹסְטְמוֹס הָרָשָׁע הָאט דִי תּוֹרָה פַארְבְּרֶענְט. דָאס פִינְפְטֶע, דָאס עֶס אִיז גֶעשְׁטֶעלְט גֶעוָוארֶען אַ צֶלֶם אִין הֵיכָל. יֶעצְט זָאהל הַשֵּׁם יִתְבָּרַךְ דַיין זְכוּת גֶעדֶענְקֶען, וָואס דוּא בִּיסְט אִין דֶעם חוֹדֶשׁ אוֹיף דֶער וֶועלְט גֶעקוּמֶען אוּן זָאל אוּנְז אוּמְקֶעהְ־רֶען אַלֶע הֵיילִיגֶע זַאכֶען וָואס זַיינֶען צוּגֶענוּמֶען גֶעוָוארֶען פוּן אוּנְז, אוּן זָאהל אוּנְז בַּאשִׁירְמֶען דֶעם חוֹדֶשׁ פוּן צָרוֹת אוּן פוּן

---

מולדות לחודש תמוז

תרע"ט) דֶער מוֹלָד אִיז שַׁבָּת פְּרִיה 21 מִינוּט מִיט 7 חֲלָקִים נָאךְ 7. (ראֹש חוֹדֶשׁ אִיז) שַׁבָּת אוּן זוּנְטָאג

תר"פ) דֶער מוֹלָד אִיז מִיטְוָואךְ בַּיי טָאג 10 מִינוּט מִיט 1 חֵלֶק נָאךְ 4. (ראֹש חוֹדֶשׁ אִיז) מִיטְוָואךְ אוּן דָאנֶערְשְׁטָאג.

כָּל מִינֵי פּוּרְעָנִיּוֹת וָואס שְׁטוּרְמֶען צוּ קוּמֶען אוֹיף דֶער וֶועלְט. עֶס זָאל קֵיינֶעם נִיט דֶערְשְׁלָאגֶען קֵיין דוּנֶער אוּן קֵיין בְּלִיץ אוּן קֵיין הָאגֶעל. דִי תְּבוּאָה פוּן דִי פֶעלְדֶער זָאל חָלִילָה נִיט פַארְבְּרֶענְט וֶוערֶען פוּן הִיץ אוּן עֶס זָאהל צוּ אִיהר נִישְׁט גֶעשֶׁעהְן קֵיין שוּם הֵיישֶׁערִיק אוּן קֵיין שוּם שְׁלֶעכְטְקַייט. מַלֵּא אֲסָמֵינוּ שָׂבָע, מַאךְ פוּל, לִיעבֶּער גָאט, אוּנְזֶערֶע אוֹצְרוֹת מִיט זֶעט פוּן דַיין גֶעבֶּענְטְשְׁטֶער הַאנְד, דָאס עֶס זָאל חָלִילָה נִישְׁט זַיין קֵיין הוּנְגֶער אוּן קֵיין יַקְרוּת. דִי עֶרְד זָאל גֶעבֶּען אִיהר פְּרוּכְט אוּן דִיא בּוֹימֶער זֵייעֶרֶע פֵּירוֹת, אוּן עֶס זָאהל אִין אוּנְז מְקוּיָּים וֶוערֶען דֶער פָּסוּק „וְנָתַתִּי גִשְׁמֵיכֶם בְּעִתָּם וְנָתְנָה הָאָרֶץ יְבוּלָהּ וְעֵץ הַשָּׂדֶה יִתֵּן פִּרְיוֹ". אִיךְ וֶועל גֶעבֶּען אַייעֶר רֶעגֶען אִין זֵייעֶר צַייט, אוּן דִיא עֶרְד וֶועט גֶעבֶּען אִיהר תְּבוּאָה אוּן דֶער בּוֹים פוּן פֶעלְד וֶועט גֶעבֶּען זַיינֶע פֵּירוֹת. אָמֵן וְאָמֵן, כֵּן יְהִי רָצוֹן:

וֶוען מֶען בֶּענְטְשְׁט ראש חודש אב זָאל מֶען דִיעזֶע תְּחִנָּה זָאגֶען:

**אָב** הָרַחֲמִים, דֶערְבַּארְמִיגֶער פָּאטֶער, וֶוען מִיר קוּמֶען יֶעצְט פַאר דִיר דֶעם חוֹדֶשׁ מְנַחֵם אָב בֶּענְטְשֶׁען, וָואס אִין

---

מולדות לחודש תמוז

תרפ"א) דֶער מוֹלָד אִיז דִינְסְטָאג בַּיי טָאג 42 מִינוּט מִיט 14 חֲלָקִים נָאךְ 1. (ראש חוֹדֶשׁ אִיז) מִיטְוָואךְ אוּן דָאנֶערְשְׁטָאג.

תרפ"ב) דֶער מוֹלָד אִיז שַׁבָּת צוּ נַאכְט 31 מִינוּט מִיט 8 חֲלָקִים נָאךְ 10, (ראש חוֹדֶשׁ אִיז) מָאנְטָאג אוּן דִיעְנְסְטָאג.

מולדות לחודש אב

תרע"ז) דֶער מוֹלָד אִיז דָאנֶערְשְׁטָאג בַּייא טָאג 44 מִינוּט מִיט 1 חֵלֶק נָאךְ 1. (ראש חוֹדֶשׁ אִיז) פְרַייטָאג.

תרע"ח) דֶער מוֹלָד אִיז מָאנְטָאג אָוֶוענְד 32 מִינוּט מִיט 13 חֲלָקִים נָאךְ 10. (ראש חוֹדֶשׁ אִיז) מִיטְוָואךְ.

דֶעם ראֹש חוֹדֶש אִיז אוּנְזֶער פָּאטֶער אַהֲרֹן הַכֹּהֵן גֶעשְׁטָארְ־ בֶּען, אַזוֹי זָאל דֶערְוֶועקְט וֶוערֶען זַיין גְרוֹיסֶער זְכוּת צוּ בֶּענְ־ שֶׁען אוּנְז. דֶעם זְכוּת וָואס עֶר פְּלֶעגְט פִּיעלֶע לַייט מַחֲזִיר בִּתְשׁוּבָה זַיין, דֶען וֶוען עֶר הָאט גֶעזֶעהֶען דָאס אֵיינֶער הָאט אַן עֲבֵירָה גֶעטְהָאן פְּלֶעגְט עֶר אִיהם לִיעבְּשַׁאפְט וַוייזֶען אוּן דֶער מֶענְטְשׁ הָאט זִיךְ גֶעטְרַאכְט, וֶוען אַהֲרֹן זָאל ווִיסֶען וָואס פַאר אַ חוֹטֵא אִיךְ בִּין וָואלְט עֶר דָאךְ בְּוַודַּאי מִיט מִיר נִישְׁט גֶערֶעדְט, דַארוּם פְּלֶעגְט דֶער מֶענְטְשׁ תְּשׁוּבָה טְהָאן. יֶעצְט לִיעבֶּער גָאט, גֶעדֶענְק אוּנְז זַיין זְכוּת, דָאס מִיר זָאלֶען זִיךְ אַלֵיין אוּמְקוּקֶען אוֹיף אוּנְזֶערֶע בֵּייזֶע מַעֲשִׂים אוּן זָאלְסְט אָפְּ־ מֶעקֶען אוּנְזֶערֶע זִינְד אוּן עֶס זָאהל זַיין שָׁלוֹם אוּן פְרֵיעד אִין אוּנְזֶערֶע גֶעצֶעלְטֶען אִין דֶעם זְכוּת פוּן אַהֲרֹן הַכֹּהֵן, וָואס אִיז גֶעוואוֹינְט גֶעוֶוען צוּא שָׁלוֹם מַאכֶען צְווִישֶׁען אַ מֶענְטְשׁ מִיט זַיין חַבֵר אוּן צְווִישֶׁען אַ מַאן מִיט זַיין וַוייבּ. יְהִי שָׁלוֹם בְּחֵילֵנוּ שַׁלְוָה בְּאַרְמְנוֹתֵינוּ, עֶס זָאל זַיין פְרֵידֶע אִין אוּנְזֶערֶע מוֹיעֶרֶען אוּן שְׁטִילְקַייט אִין אוּנְזֶערֶע פַּאלַאצֶען, אָמֵן סֶלָה:

הַבֵּט נָא עַמְּךָ כּוּלָנוּ, קוּק נוּן, דָאס מִיר שְׁטֶעהֶען אוּן בֶּעט־ טֶען דִיךְ, דָאס דוּא זָאלְסְט אוֹיף אוּנְז בֶּענְטְשֶׁען דֶעם חוֹדֶש מְנַחֵם אָב וָואס מִיר בֶּענְטְשֶׁען יֶעצְט אוּן זָאלְסְט אוּנְז

---

מולדות לחודש אב

תרע״ט) דֶער מוֹלָד אִיז זוּנְטָאג פַּאר נַאכְט 5 מִינוּט מִיט 8 חֲלָקִים נָאךְ 8. (ראֹש חוֹדֶש אִיז מָאנְטָאג.

תר״פ) דֶער מוֹלָד אִיז פְּרַייטָאג פְּרִיה 54 מִינוּט מִיט 2 חֲלָקִים נָאךְ 4. (ראֹש חוֹדֶש אִיז) פְּרַייטָאג.

טְרַייסְטֶען אַזוֹיא וְויא אַ פָאטֶער. און פַארְגִיעבּ אוּנְזֶערֶע זִינְד
וָואס אִיבֶּער זַייא זַיינֶען מִיר פוּן אוּנְזֶער לַאנְד פַארְטְרִיעבֶּען
גֶעוָוארֶען און פוּן אוּנְזֶער עֶרד דֶערְוַוייטֶערְט גֶעוָוארֶען. אִין
דַיין הֵיילִיגֶער וואוינוּנג אִיז אִין דֶעם חוֹדֶשׁ מְנַחֵם אָב פַאר־
בְּרֶענְט גֶעוָוארֶען. אוֹי לָנוּ וְאוֹי לְנַפְשֵׁנוּ. וֶועה אִיז צוּ אוּנְז און
וֶועה אִיז צוּ אוּנְזֶערֶע לַייבֶּער, דֶען עֶס אִיז צוּגֶענוּמֶען גֶעוָוא־
דֶען דִי לִיכְט פוּן אוּנְזֶערֶע אוֹיגֶען, דָאס אִיז דֶער בֵּית הַמִקְדָשׁ
וָואס עֶר פְּלֶעגְט פַארְגֶעבֶּען אוֹיף אוּנְזֶערֶע זִינְד. אוֹיךְ וֶוען
דֶער בֵּית הַמִקְדָשׁ אִיז גֶעשְׁטַאנֶען אִיז אִין דֶעם חוֹדֶשׁ גֶעוֶוען
אַזַא יוֹם טוֹב וָואס עֶס אִיז זַיין גְלַייכֶען נִישְׁט גֶעוֶוען. אָבֶּער
יֶעצְט אִיז עֶר צוּ אוּנְז גָאר אַ קְלָאג און גֶעוֵויין, דֶען מִיר טְהוּ־
עֶן זִיךְ בַּאדֶענְקֶען דִי גְדוּלָה וָואס עֶס אִיז פוּן אוּנְז אַוֶועקְגֶע־
נוּמֶען גֶעוָוארֶען. לִיעבֶּער גָאט, הֶער צוּ דָאס קוֹל פוּן צִיוֹן.
פַארְנֶעהְם דָאס גֶעשְׁרֵיי פוּן יְרוּשָׁלַיִם, וָואס זִיא טְהוּט מִיט אַ
בִּיטֶער הַארְץ קְלָאגֶען. און אַזוֹי וְויא דוּ הָאסְט זִי מִיט פַייעֶר
פַארְבְּרֶענְט אַזוֹי זָאלְסְט דוּ זִיא בּוֹיעֶן פוּן פַייעֶר אַזוֹי וְויא אִין
פָּסוּק שְׁטֶעהְט: „וַאֲנִי אֶהְיֶה לָהּ נְאוּם יְיָ חוֹמַת אֵשׁ סָבִיב״. און
און אִיךְ וֶועל זַיין צוּ אִיהר, דָאס זַיינֶען דִיא רֵייד פוּן גָאט, אַ
מוֹיעֶר פוּן פַייעֶר אַרוּם און אַרוּם. גֶעלוֹיבְּט בִּיסְט דוּ דֶער
טְרֵייסְטֶער פוּן צִיוֹן און דֶער בּוֹיעֶר פוּן יְרוּשָׁלַיִם, אָמֵן:

---

מולדות לחודש אב

תרפ״א) דֶער מוֹלָד אִיז דָאנֶערְשְׁטָאג פְּרִיה 26 מִינוּט מִיט 15 חֲלָקִים נָאךְ 2. (ראש חוֹדֶשׁ אִיז) פְרֵייטָאג.

תרפ״ב) דֶער מוֹלָד אִיז מָאנְטָאג פְּרִיה 15 מִינוּט מִיט 9 חֲלָקִים נָאךְ 11. (ראש חוֹדֶשׁ אִיז) מִיטְוָואךְ.

ווען מען בענטשט ראש חודש אלול זאל מען די תחנה זאגען:

אַרְיֵה שָׁאַג מִי לֹא יִירָא. ווען אַ לייב שרייט ווער זאהל זיך ניט פירכטען? דאס ווארט אַרְיֵה באַדייט: דער אל״ף מאכט „אֱלוּל״, דער רי״ש מאכט „ראש השנה״, דער יו״ד מאכט „יום כפור״ און דער ה״א מאכט „הושענא רבה״. דאס הייסט ווען עס קומען דיא דאזיגע טעג, וואס זייא זיינען פארכטיגע טעג ווער געהער זיך נישט פארכטען. רבונו של עולם יעצט קומען מיר בענטשען דעם חודש אֱלוּל מיט גרוים פארכט און מיט גרוים ציטערניש. דען עס קומט אן די צייט וואס דוא ועסט זיך זעצען אויף דיין שטיהל צו משפט'ן דיא גאנצע וועלט. דארום טהוט אונז א ציטערניש אָנְחאפּען און אונזער הארץ צוגעהט אין אונז אזוי ווי וואסער און איך דיין דיענסט (פלונית בת פלוניה). וואס איך בין ערד און אש און בין געגליכען צו אַ וואָרים ניט קיין מענטש. בין געקומען צו ווארפען מיין געבעט פאר דיר. רבונו של עולם, צו דערוועקען גרוים דערבארעמקייט פאר דיין כסא הכבוד, דאס דוא זאלסט מיך און אלע יודען ליטזעליגען אין דעם חודש אֱלוּל וואס איך טהו פאר דיר בענטשען. דאס דוא זאלסט מיר עפענען טהויערען פון תשובה, טהויערען פון תפלה, דאס

מולדות לחודש אלול

תרע״ז) דער מולד איז שבת פריה 28 מינוט מיט 2 חלקים נאך. (ראש חודש איז) שבת און זונטאג.

תרע״ח) דער מולד איז מיטוואך פריה 16 מינוט מיט 14 חלקים נאך 11. (ראש חודש איז) דאנערשטאג און פרייטאג.

עֶס זָאהל פַארְגֶעבֶּען ווֶערֶען נָאר מַיינֶע זִינְד אוּן זָאלְסְט מִיךְ שְׁרַייבֶּען אִין דֶעם סֵפֶר פוּן לֶעבֶּען דֶעם רֹאשׁ הַשָּׁנָה וָואס וֶועט זַיין. אוּן גִיעבּ מִיר פוּן דַיין גוּטְס אוּן דַיין בְּרָכָה אוּן זָאלְסְט בַּאגִיטִיגֶען אוּן בֶּענְטְשֶׁען אוּן בַּאגְלִיקֶען אַלֶע מַיינֶע וֶועגֶען אוּן נָאר דִיא וֶוערְק פוּן מַיינֶע הֶענְט. אוּן גִיעבּ מִיר אַ גוּט הַארְץ אוּן אִיךְ זָאהל שׁוֹין מֶעהר נִיט זִינְדִיגֶען אוּן זָאהל דִיךְ נִישְׁט דֶערְצֶערְנֶען אוּן עֶפֶען מִיר טְהוּיעֶרֶען פוּן פַּרְנָסָה אוּן שְׁפַּייז אוּן זָאלְסְט אוֹיף מִיר גֶייגֶען חֵן אוּן חֶסֶד אִין דַיינֶע אוֹיגֶען אוּן אִין דִיא אוֹיגֶען פוּן דִי אַלֶע וָואס זֶעהֶען מִיךְ, דֶען דוּא בִּיסְט נָאהֶענְט צוּא אַלֶע וָואס רוּפֶען דִיךְ, אוּן פָארְשְׁטֶען דִיךְ, רִבּוֹנוֹ שֶׁל עוֹלָם, אִיךְ רוּף דִיךְ בֶּאֱמֶת, אַייל אוּן עֶנְטְפֶער מִיר אַז דֶער חוֹדֶשׁ אֱלוּל וָואס אִיךְ טְהוּ בֶּענְטְשֶׁען זָאהל גֶעבֶּענְטְשְׁט ווֶערֶען פוּן דַיין פוּלֶער בְּרָכָה, אָמֵן:

עַל רַחֲמֶיךָ הָרַבִּים אֶבְטַח, אוֹיף דַיין פִּיעל דֶערְבַּארֶעמְקַייט טְהוּ אִיךְ מִיךְ פַארְזִיכֶערֶען, וְעַל חֲסָדֶיךָ אֶשָּׁעֵן, אוּן אוֹיף דַיין גֶענָאד, לִיעבֶּער גָאט, טְהוּ אִיךְ מִיךְ אָנְלֶעהְנֶען, אוּן אִיךְ קוּם צוּא בֶּענְטְשֶׁען דֶעם חוֹדֶשׁ אֱלוּל, דֶען אִיךְ ווֵייס וֶוען דוּא ווֶעסְט חָלִילָה אוֹיף מַיינֶע בֵּייזֶע מַעֲשִׂים קוּקֶען אִיז אוֹי לִי וְאוֹי לְנַפְשִׁי, וֶועה אִיז צוּ מִיר אוּן וֶועה אִיז צוּ מַיין לַייבּ. אָבֶּער וֶוען אִיךְ ווֶעל מִיר צוּם הַארְצֶען נֶעהְמֶען אוּן וֶועל חֲרָטָה הָאר־

---

מולדות לחודש אלול

תרע"ט) דֶער מוֹלָד אִיז דִיענְסְטָאג פְּרִיה 49 מִינוּט מִיט 9 חֲלָקִים נָאךְ 8. (רֹאשׁ חוֹדֶשׁ אִיז דִיענְסְטָאג אוּן מִיטְוָואךְ.

תר"פ) דֶער מוֹלָד אִיז שַׁבָּת פַאר נַאכְט 38 מִינוּט מִיט 3 חֲלָקִים נָאךְ 5. (רֹאשׁ חוֹדֶשׁ אִיז) שַׁבָּת אוּן זוּנְ־טָאג.

וֶוען בֶּאֱמֶת אויף מַיינֶע זִינְד וֶועסְטוּ לִיעבֶּער גָאט זִיךְ קֶעהְ־רֶען צוּ דֶערְבַּארֶעמֶען זִיךְ אוֹיף מִיר אוּן דֶער נָאמֶען פוּן דֶעם חוֹדֶשׁ אֱלוּל וֶועט וַוייזֶען אֲנִי לְדוֹדִי וְדוֹדִי לִי. אִיךְ קֶעהְר מִיךְ צוּ מִיךְ צוּ מַיין פְרַיינְד, דָאס אִיז הַשֵּׁם יִתְבָּרַךְ. אוּן מַיין פְרַיינְד וֶועט זִיךְ קֶעהְרֶען צוּ מִיר צוּ פַארְנֶעהְמֶען מַיין גֶעבֶּעט אוּן מוֹחֵל זַיין גָאר מַיינֶע עֲבֵירוֹת. דַארוּם לִיעבֶּער גָאט, הַשְׁקִיפָה מִמְּעוֹן קָדְשְׁךָ מִן הַשָּׁמַיִם, קוּק פוּן דַיין הֵיילִיגֶען וואוֹינוּנְג פוּן דֶעם הִימֶעל אַרָאפּ אוּן זֶעה מַיין בִּיטֶער הַארְץ דָאס אִיךְ בִּין גֶעקוּמֶען פַאר דִיר, רֵיינִיג מִיךְ פוּן גָאר מַיינֶע זִינְד, אַ רֵיין הַארְץ בַּאשַׁאף מִיר גָאט, אוּן אַ רֶעכְט גֶעמִיט בַּאנַיי אִין מִיר. דָאס אִיךְ זָאל אָפְּקֶעהְרֶען פוּן דֶעם בֵּייזֶען וֶועג אוּן זָאהל שׁוֹין מֶעהְר קַיין עֲבֵירוֹת נִיט טְהָאן אוּן זָאהל הַאלְטֶען דַיין הֵיילִיגֶע תּוֹרָה אוּן מִצְוֹת כָּל יְמֵי חַיַּי, אָמֵן וְאָמֵן:

**מִמִּשְׁפָּטֶיךָ** יָרֵאתִי עַל כֵּן אֲקַדֶּמְךָ בְּתַחֲנוּנִים. רִבּוֹנוֹ שֶׁל עוֹלָם, אִיךְ טְהוּ מִיךְ זֶעהְר פָארְכְטֶען פוּן דַיין מִשְׁפָּט אִין דֶעם יוֹם הַדִּין וָואס עֶס קוּמְט אָן, דַארוּם טְהוּ אִיךְ מִיךְ פֶעדֶערֶען מִיט גֶעבֶּעט, אַלְמֶעכְטִיגֶער גָאט, דֶערְבַּארֶעם דִיךְ אוֹיף מִיר, גִים נִישְׁט אוֹיס דַיין צָארְן אוֹיף מִיר אוּן קֶעהְר דַיין הַארְץ אוּן דַיינֶע אוֹיעֶרֶען צוּא פַארְנֶעהְמֶען מַיין תְּשׁוּבָה

מולדות לחודש אלול

תרפ״א) דֶער מוֹלֶד אִיז פְרֵייטָאג בַּיי טָאג 10 מִינוּט מִיט 16 חֲלָקִים נָאךְ 8. (ראש חוֹדֶשׁ אִיז) שַׁבָּת אוּן זוּנְטָאג.

תרפ״ב) דֶער מוֹלֶד אִיז דִיענְסְטָאג הַאלְבֶּע נַאכְט 59 מִינוּט מִיט 10 חֲלָקִים נָאךְ 11. (ראש חוֹדֶשׁ אִיז) דָאנֶערְשְׁטָאג אוּן פְרֵיי־טָאג.

ותְפִלָּה און בֶּענְטְשׁ דֶעם חוֹדֶשׁ אֱלוּל, דָאס עֶם זָאהל דֶערְ־
זֶועקְט וֶוערֶען אוּנְזֶער הַארְץ צוּ גוּטְס טְהָאן, עֶם זָאהל וַוייזֶען
דֶער נָאמֶען אֱלוּל „אַשְׁרֵי לָךְ וְאַשְׁרֵי לְנִשְׁמָתֵךְ" וואויל איז צוּ דַיין
לַייבּ און וואויל צוּא דַיין נְשָׁמָה, און מִיר זָאלֶען זוֹכֶה זַיין צוּ
גֶעשְׁרִיעבֶּען און גֶע׳חַתְמֶ׳עט צוּ וֶוערֶען צוּ אַ נַיי גֶעבֶּענְטְשְׁט
יָאהְר צוּם לֶעבֶּען און גֶעזוּנְד און פַּרְנָסָה בְּכָבוֹד. בָּרוּךְ שׁוֹמֵעַ
קוֹל תְּפִלַּת עַמְּךָ יִשְׂרָאֵל בְּרַחֲמִים, גֶעלוֹיבְּט בִּיסְטוּ גָאט, דָאס
דוּ הֶערְסְט דִיא גֶעבֶּעט פוּן דַיין פָאלְק יִשְׂרָאֵל מִיט דֶערְבַּא־
רֶעמְהַקייט הֶער צוּ אוֹיךְ מַיין גֶעבֶּעט אִיךְ (פלונית בת פלונית) און
דִי גֶעבֶּעט פוּן מַיין מַאן און מַיינֶע קִינְדֶער צוּ דֶערבַּארֶעמֶען
זִיךְ אוֹיף אוּנְז און אוֹיף כָּל יִשְׂרָאֵל, אָמֵן וְאָמֵן כֵּן יְהִי רָצוֹן:

# אַ נַייעֶ תְּחִנָּה פוּן רֹאשׁ חוֹדֶשׁ בֶּענְטְשֶׁען:

עוּרוּ, דֶערְוֶועקְט אַייךְ אָבוֹת פוּן דִיא קְבָרִים און גֶעהְט צוּם כִּסֵּא
רַחֲמִים צוּ בֶּעטֶען פַאר דִיא אִיבֶּערִיגֶע שָׁאף. קוּם, שְׁטֶעה
אוֹיף אַבְרָהָם, און בֶּעט פוּן אוּנְזֶער פָאטֶער וָואס לֶעבְּט אֵייבִּיג, עֶר
זָאל גֶעדֶענְקֶען דֶעם בְּרִית בֵּין הַבְּתָרִים, אַז דַיינֶע קִינְדֶער זָאלֶען זַיין
אַזוֹי וִויא שְׁטֶערֶען אִין הִימֶעל. און אוֹיב זֵיי הָאבֶּען גֶעזִינְדִיגְט און זֵיי
זַיינֶען שׁוּלְדִיג שְׂרֵיפָה, גֶעדֶענְק וָואס אִיךְ הָאבּ מִיר מוֹסֵר גֶפֶשׁ גֶעוֶועזֶען
און הָאבּ מִיךְ גֶעלָאזְט וַוארְפֶען אִין קַאלְךְ־אוֹיוֶוען וֶועגֶען דַיין הֵיילִי־
גֶען נָאמֶען און הָאבּ מְקַדֵּשׁ הַשֵּׁם גֶעוֶוען, אוּן לָאז דָאס מֵגִין זַיין פַאר

---

משלי דוד

אִין רֹאשׁ חוֹדֶשׁ בֶּענְטְשֶׁען בֶּעטֶען מִיר בַּיי גָאט: וְתִתֶּן לָנוּ חַיִּים אֲרוּכִּים חַיִּים שֶׁל שָׁלוֹם. לְמָשָׁל: אַיין מָאל אִיז אַ יוּנְגֶער מַאן אַריין אִין אַ בּוּכְהַאנְדְלוּנְג און הָאט פֶערְלַאנְגְט אַ לוּחַ, הָאט אִיהם דֶער בּוּכְהֶענְדְ־לֶער גֶעגֶעבֶּען אַ לוּחַ, דֶער יוּנְגֶער מַאן הָאט אַ בְּלִיק גֶעטְהָאן אִין לוּחַ

מַיינֶע קִינְדֶער. קוּם, שְׁטֶעה אוֹיף, יִצְחָק, וָואס דוּא בִּיסְט גֶעבּוּנְדֶען גֶעוָוארֶען אוֹיף דֶעם מִזְבֵּחַ אוּן בֶּעט פַאר גָאט, זֶעץ דִיךְ אוֹיף דֶעם כִּסֵא רַחֲמִים אוּן גֶעדֶענְק וָואס אִיךְ הָאבּ גֶעהַאט אוֹיף דֶעם מִזְבֵּחַ, לָאז עֶס זַיין אַ פַארְגֶעבּוּנְג אוֹיף מַיינֶע קִינְדֶער וָואס זַיינֶען שׁוּלְדִיג הֶערְג. קוּם, שְׁטֶעה אוֹיף אוּנְזֶער פָאטֶער יַעֲקֹב, פַאר דֶעם גָאט וָואס דֶערְהֶערְט דָאס גֶעבֶּעט פוּן אַלֶע מֶענְטְשֶׁען אוּן בֶּעט אוֹיף דַיינֶע שָׁאף. גֶעדֶענְק אַז אִיךְ הָאבּ מִיךְ מוֹסֵר נֶפֶשׁ גֶעוֶועזֶען פוּן זֵייעֶרְט וֶועגֶען אוּן הַיינְט זָאלְסְטוּ זֵיי נִיט פַארְלָאזֶען אוֹיבּ זֵיי הָאבֶּען גֶעזִינְדִיגְט אוּן זַיינֶען חַיָב גָלוּת, גֶעדֶענְק לִיעבֶּער גָאט, אַז אִיךְ בִּין גֶעגַאנְגֶען פוּן מַיין פָאטֶערְס הוֹיז אוּן עֶס הָאט מִיךְ גֶעבְּרֶענְט בַּיי טָאג דִיא הִיץ אוּן בַּיי נַאכְט דִיא קֶעלְט. קוּם, שְׁטֶעה אוֹיף, מֹשֶׁה רַבֵּינוּ, אוּן בֶּעט פַאר גָאט אוֹיף דִי קִינְדֶער יִשְׂרָאֵל, אִיךְ בֶּעט דִיר וָואהְרְהַאפְטִיגֶער נָבִיא, דוּ בִּיסְט גֶעוֶועזֶען וִויא אַ פָאטֶער צוּ דִיא קִינְדֶער יִשְׂרָאֵל אוּן אוֹיךְ אִין דֶער מִדְבָּר, אַז זֵיי הָאבֶּען גֶעזִינְדִיגְט הָאסְטוּ גֶעמַאכְט וִויעדֶערְקֶעהְ־רֶען דֶעם גְרִימְצָארְן פוּן גָאט זֵייא זָאלֶען נִישְׁט פַארְדַארְבֶּען וֶוערֶען, דַארוּם שְׁטֶעה אוֹיף אוּן בֶּעט פַאר גָאט עֶר זָאל נִיט פַארְדַארְבֶּען דַיין פָאלְק וָואס דוּ בִּיסְט גֶעוֶועזֶען זֵייעֶר שָׁלִיחַ אוֹיסְצוּצִיהֶען זֵיי פוּן מִצְרַיִם אִין זֵייעֶר לַאנְד אַרֵיין וָואס גָאט הָאט צוּ זֵיי גֶעשְׁוָוארֶען, דַארוּם גֶעדֶענְק, לִיעבֶּער גָאט, דָאס אִיךְ בִּין גֶעלָאפֶען פַאר זֵיי אִין דֶער מִדְבָּר כְּדֵי עֶס זָאל זֵיי קֵיינֶער נִיט קֶענֶען קֵיין בֵּייז טְהָאן. דוּ לִיעבֶּער גָאט פוּן דֶעם הִימֶעל טְהוּ גֶעדֶענְקֶען אִין דַיין וַויין שְׁטָאק וָואס דוּא הָאסְט

---

משלי דוד

אוּי הָאט גֶעגֶעבֶּען אַ שְׁמֵייכֶעל אוּן וזיז אַוֶועק. נָאךְ אִיהם קוּמְט אַרֵיין אַ צְווייטֶער אוּן בֶּעט אוֹיךְ אַ לוּחַ. דֶער בּוּכְהַאנְדְלֶער הָאט אִיהם אוֹיךְ גֶעגֶעבֶּען אַ לוּחַ. אוֹיךְ עֶר הָאט אִין אִין אִיהם אַיינְגֶעקוּקְט. אָבֶּער עֶר אִיז אַרוֹיס מִיט אַ זִיפְץ. פְרֶעגְט אַיי־נֶער דֶעם סוֹחֵר סְפָרִים: — זָאגְט מִיר לִיעבֶּער פְרֵיינְד, פַאר וָואס הָאט אֵיינֶער גֶעשְׁמֵייכֶעלְט אוּן דֶער אַנְ־

געפלאנצט מיט דיינער האנט. קום, שטעה אויף, מלך המשיח, זאג זעה דיא ערה פון גאט. דערוועק דיין משפט פאר דיין פאטער וואס האט דיר באשאפען. דו גאט ביז ווי לאנג וועסטו זיי פארלאזען, איך זאהל זייערע זינד אפקומען און עם זאהל אויך פארגעבען אויף דיא ישראל, איך בעט דיך גאט, געדענק צוא מיר דעם חסד פון דיינע קנעכט וועגען און זאלסט וויעדערקעהרען דאס עלענטקייט פון מיר און, זאלסט אונז שטארקען מיט דיין נאמען, דוא זאלסט דערהויבען דיין הערשאפט און עס זאל אנטפלעקט ווערען צו דיין הייליג פאלק ישראל צו באשירעמען זיי פאר דעם שלעכץ. און גאט זאל זיין צו א קעניג איבער דער גאנצער וועלט, דען דאס לעבען און דער טוידט איז אלץ נאר אין דיינער מאכט און דוא ביסט ממית ומחיה, דוא מאכסט לעבעדיג און טוידט און קיין אנדער גאט איז ניט פאר, אנ־דען ניט אויף דער וועלט און ניט אויף יענער וועלט, ניט פאר דיר און ניט נאך דיר. דו ליעבער גאט, דו ערניעדעריגסט דעם מענטשען אז ער געהט נישט אין דעם רעכטען וועג און דוא דערהויבסט דעם מענטשען אז ער געהט יוא אין רעכטען וועג און דו שטראפסט, און דו היילסט און מיין בטחון איז נאר אויף דיר, וואס דו פיהרסט דיך אנטקעגען דעם מענטשען מיט י״ג מדות וואס זיי ווערען גערופען

שלש עשרה מדות:

# יי יי אל רחום וחנון ארך אפים ורב חסד

משלי דוד

דערער געזיפצט אביינקוקענדיג אין די לוחות? — ענטפערט איהם דער בוכהענדלער — דער ערשטער יונגער מאן איז א בוכהאלטער און באקומט זיין געהאלט מאנאטליך; ער האט באמערקט אז דער נייער יאהר איז אן עבור־יאהר, און ער וועט האבען נאך פאר א חודש גע־האלט טהוט עס איהם הנאה. דער צווייטער אבער באקומט זיין גע־האלט יעהרליך, אלזא מוז ער דאך ארבייטען א גאנצען מאנאט אומ־

# וֶאֱמֶת נוֹצֵר חֶסֶד לָאֲלָפִים נֹשֵׂא עָוֹן וָפֶשַׁע וְחַטָּאָה וְנַקֵּה:

עָזְרֵנוּ אֱלֹהֵי יִשְׁעֵנוּ עַל דְּבַר כְּבוֹד שְׁמֶךָ וְהַצִּילֵנוּ וְכַפֵּר עַל חַטֹּאתֵינוּ לְמַעַן שְׁמֶךָ. בָּרוּךְ יְיָ לְעוֹלָם אָמֵן וְאָמֵן:

יְהִי רָצוֹן מִלְּפָנֶיךָ יְיָ אֱלֹהֵינוּ וֵאלֹהֵי אֲבוֹתֵינוּ שֶׁתְּחַדֵּשׁ עָלֵינוּ אֶת הַחוֹדֶשׁ הַזֶּה לְטוֹבָה וְלִבְרָכָה וְתִתֶּן לָנוּ און דוּ זָאלְסְט אוּנְז גֶעבֶּען חַיִּים אֲרוּכִּים, אַז דָאס לֶעבֶּען זָאהל זַיין אַ לֶעבֶּען אוֹיף עוֹלָם הַבָּא, חַיִּים שֶׁל טוֹבָה, חַיִּים שֶׁל בְּרָכָה, מִיר זָאלֶען פוּן גָאט גֶעשְׁפַּייזְט וֶוערֶען, חַיִּים שֶׁל פַּרְנָסָה טוֹבָה, און מִיט נַחַת און נִיט מִיט צַעַר, חַיִּים שֶׁל חִלּוּץ עֲצָמוֹת, אוּנְזֶערֶע בֵּיינֶער זָאלֶען גֶעשְׁטַארְקְט וֶוערֶען, חַיִּים שֶׁיֵּשׁ בָּהֶם יִרְאַת שָׁמַיִם. און אוּנְזֶערֶע קִינְדֶער זָאלֶען גְלוֹיבֶּען אִין גָאט בָּרוּךְ הוּא, זֵיי זָאלֶען גֶעהֶען אִין גָאטְ'ס וֶועג. זֵיי זָאלֶען בַּאגְלִיקֶען זֵייעֶר וֶועג און שְׁטֶעג, חַיִּים שֶׁאֵין בָּהֶם בּוּשָׁה וּכְלִימָה, מִיר זָאלֶען נִיט פַארְשֶׁעהְמְט וֶוערֶען בָּעוֹלָם הַזֶּה און נִישְׁט בָּעוֹלָם הַבָּא פַאר דֶעם בֵּית דִּין שֶׁל מַעְלָה. זָאלְסְט אוּנְז גֶעבֶּען חַיִּים שֶׁל עוֹשֶׁר וְכָבוֹד, מִיר זָאלֶען אוּנְזֶערֶע קִינְדֶער מְגַדֵּל זַיין לְתוֹרָה וּלְחוּפָּה וּלְמַעֲשִׂים טוֹבִים, וִויא דָוִד הַמֶּלֶךְ עָלָיו הַשָּׁלוֹם הָאט גֶעבֶּעטֶען: רִבּוֹנוֹ שֶׁל עוֹלָם זָאהל אִיךְ שְׁטַארְבֶּען וִויא אַ מַלְכוּת און נִיט וִוי אַן אֶבְיוֹן. זָאלְסְט אוּנְז גֶעבֶּען חַיִּים שֶׁתְּהֵא

מִשְׁלֵי דָוִד

זִיסְט, דַארוּם הָאט עֶר גֶעזִיפְצְט. דֶער נִמְשָׁל אִיז: מִיר בֶּעטֶען בַּייא הַשֵּׁם יִתְבָּרַךְ אוֹיף לַאנְג לֶעבֶּען, אָבֶּער וָואס פַאר אַ לֶעבֶּען גֶענִיסְט מֶען פוּן אַ לֶעבֶּען אִין צַעַר און דַחְקוּת חַס וְשָׁלוֹם. נָאר אַ לֶעבֶּען פוּן צוּפְרִידֶענְהַייט, פוּן גֶעזוּנְד און פַּרְנָסָה. אָט דָאס בֶּעטֶען מִיר בַּייא הַשֵּׁם

בָּנוּ אַהֲבַת תּוֹרָה וְיִרְאַת שָׁמַיִם. מַיינֶע קִינְדֶער זָאלֶען גְלוֹיבֶּען אִין גָאט וִוי דִי קִינְדֶער פוּן יַעֲקֹב אָבִינוּ עָלָיו הַשָׁלוֹם, וָוארוּם אַז יַעֲקֹב אָבִינוּ עָלָיו הַשָׁלוֹם הָאט גֶעוָאלְט שְׁטַארְבֶּען הָאט עֶר גֶעוָואלְט מְגַלֶּה זַיין דֶעם קֵץ פוּן דֶער גְאוּלָה הָאט זִיךְ דִי נְבוּאָה פוּן אִיהם אָפְּגֶעטְהָאן, אוּן עֶר הָאט זִיךְ דֶערְשְׁרָאקֶען אוּן הָאט גֶעזָאגְט צוּ זֵיי: אֶפְשַׁר חָלִילָה אִיז דָא אַ פְּסוּל אִין מַיין בֶּעט. הָאבֶּען זֵייא גֶעעֶנְטְפֶערְט: „שְׁמַע יִשְׂרָאֵל יְיָ אֱלֹהֵינוּ יְיָ אֶחָד". דָאס אִיז טַייטְשׁ: הֶער צוּ אוּנְזֶער פָאטֶער יִשְׂרָאֵל דֶער גָאט וָואס אִיז דַיין גָאט אִיז אוֹיךְ אוּנְזֶער גָאט, גָאט בָּרוּךְ הוּא אִיז אֵיינֶער. לִיבֶּער גָאט גִיבּ אוּנְז חַיִים שֶׁיְמַלֵּא מִשְׁאֲלוֹת לִבֵּנוּ לְטוֹבָה אָמֵן:

רִבּוֹנוֹ שֶׁל עוֹלָם, אִיךְ טְהוּ תְּפִלָּה צוּ דִיר, וִויא אֶסְתֵּר הַמַלְכָּה הָאט תְּפִלָּה גֶעטְהָאן. הֶערְ פוּן דֶער גַאנְצֶער וֶועלְט הֶער שׁוֹין צוּ מַיין גֶעשְׁרֵיי אוּן עֶנְטְפֶער מִיר, דֶערְפְרֶעה אוּנְז שׁוֹין דָאס מִיר זָאלֶען אוֹיסְגֶעלֵייזְט וֶוערֶען. אִיךְ הָאף צוּא גָאט בָּרוּךְ הוּא אַז עֶר וֶועט אָנְגֶעהְמֶען מַיין גְרוֹיסֶע בַּקָשָׁה וִוי עֶר גֶעהְמְט אָן אַלֶע בַּקָשׁוֹת פוּן אַלֶע שְׁוָוערֶע גֶעמִיטְהֶען מִיט צוּבְּרָאכֶענֶע הֶערְצֶער. דָאס יָאהר זָאהל אוּנְז בַּיישְׁטֶעהֶען דֶער זְכוּת פוּן אַבְרָהָם יִצְחָק וְיַעֲקֹב. אוּנְזֶערֶע קְלֵיינֶע קִינְדֶער וָואס זַיינֶען גֶעשְׁטָארְבֶּען יוּנְגֶערְהֵייד פַאר זֵייעֶר צַייט זָאלֶען פַאר אוּנְז בֶּעטֶען, אוּן אוֹיךְ דִיא רֵיינֶע אוּן הֵיילִיגֶע דֶערְבַּארֶעמְדִיגֶע מַלְאָכִים זָאלֶען פַאר אוּנְז בֶּעטֶען אַז וֶוען דוּא וֶועסְט אוּנְז מִשְׁפָּטְ'ן זָאלְסְטוּ אוּנְז מִשְׁפָּטְ'ן מִיט רַחֲמָנוּת אוּן נִישְׁט מִיט רוֹגֶז, אוּן מַיין גֶע־

משלי דוד

יִתְבָּרֵךְ, אַז עֶר זָאל אוּנְז גֶעבֶּען חַיִּים אֲרוּכִים לַאנְג לֶעבֶּען נָאר דֶערְצוּ זָאל עֶר אוּנְז אוֹיךְ גֶעבֶּען חַיִּים שֶׁל שָׁלוֹם א לֶעבְּעוּ פוּן רוּהִיגְקֵייט פוּן שָׁלוֹם וְנַחַת, אַז מִיר זָאלֶען קֶענֶען דִיעֶנֶען הַשֵּׁם יִתְבָּרֵךְ מִיט אַ רֵיינֶע הַארְץ אוּן מִיט רוּהִיגֶע גֶעדאנְקֶען.

בעט זאל ניט לעהר וויעדערקעהרען. השם אלהי צבאות. דו פרובסט אלע קאמערען און געדאנקען פון אלע הערצער איהר הימעל עפענט אויף אייערע פענצטער און זאלען די דערבארעמ גט מלאכים ברענ־גען מיין תפלה פאר השם יתברך, דער דערבארעמיגער מלאך וועט געווים פאר מיר געהען, ער וועט מיר ברענגען חן וחסד פאר השם יתברך, דער חן פון יוסף הצדיק און דער חן פון אסתר המלכה זאהל מיר געגעבען ווערען וייל איך האב בטחון אין השם יתברך דעו ער פארלאזט ניט קיינעם דער וואס פארזיכערט זיך אין איהם אמן סלה:

רבונו של עולם. הערר פון דער גאנצער וועלט וואס דוא האסט דיא וועלט באשאפען זאלסטו מיט די זעלבינגע הענט פארשפרייטען אויף אונז און זאלסט אונז העלפען. דער גאט וואס האט מציל געוועזען אברהם אבינו פון קאלך־אויוועןו דער גאט ברוך הוא זאל אונז ניט שיקען קיין שום בייז. דער גאט, וועלכער האט מציל געוועזען יצחק פון דער עקידה, דער גאט ברוך הוא זאהל בענטשען אונזערע קינדער מיט זיינע ביידע באוויליגטע הענט. דער גאט וואס האט מציל געוועזען יעקב פון עשו און פון לבן. דער גאט ברוך הוא זאל געבען מיר זאלען זוכה זיין צו בענטשען אונ־זערע קינדער צוא דער חופה מיט אונזערע הענט. לאמיר אלע זוכה זיין צו זעהען מיט אונזערע אויגען וויא גאט ברוך

---

משלי דוד

קבלת שבת פאנגען מיר אן מיט „לכו נרננה לה׳“, געהט מיר וועלען זינגען צו השם יתברך. איי־גענטליך דארף דאך שטעהן „בואו“. קומט, דען דער לשון „לכו“ ווייזט, על פי רוב, געהט אוועק. וועלען מיר דאס פארשטעהען מיט א משל: א סוחר איז געפאהרען אויף דעם וואסער

דהוא וועט ווידערקעהרען נאך ציון און זי וועט ווידער גע־
בויט ווערען און ירושלים וועט ווידער געטרויסט ווערען
און משיח זאל קומען גיך און באלד, די מתים זאלען לעבע־
דיג ווערען במהרה בימינו, אמן סלה:

עלינו לשבח לאדון הכל לתת גדולה ליוצר בראשית. אויף
מיר (פלונית בת פלונית) איז די שולד צו לויבען דיין נא־
מען ביראה צו געניסען דיין בארעמהערציגקייט, ווייל איך
בין שוין פול מיט עבירות. ובעל הרחמים נקראת ודרך
תשובה הורית, די ביסט דאך בארעמהערציג און האסט אונז
געלערענט דעם וועג פון תשובה, אזוי קום איך פב״פ פאר
דיין נאמען להתפלל על נפשי ועל בני ועל עמי, צוא בעטען
אויף מיר און אויף מיין מאן און אויף מיינע קינדער בבריעה
ובהשתחויה, און פאל יעצט אויף מיין פנים ביראה ובמורא
צו בעטען דיין היילינען נאמען. איך קום צו לויבען און צוא
דאנקען דעם מלך מלכי המלכים הקדוש ברוך הוא אויף
דעם חסד וואס דו האסט געטהאן מיט מיר און מיט מיין מאן
און מיט מיינע קינדער פון דעם יוגענד אן ביז היינט. אל
מלא רחמים, זאהל מיך ווייטער דיין גענאד נישט פארלאזען,
זאהל יעצט זיין איין עת רצון לפני כסא כבודך, זאלסט אונ־



מיט אן אנגעלאדענע שיף מיט
תבואה. דיא שיף האט באקומען א
שטארקען קלאפ און עס האט אנ־
געפאנגען צו נעצען די תבואה. עס
איז געוועזען גראדע נאהענט צו א
שטאדט. האט דער סוחר געדונגען
מענטשען מען זאהל ארויסנעהמען
די פערנעצטע תבואה. דיא קליינע

זערע עבירות מוחל זיין, וויא דו האסט פארזיכערט צו משה רבינו עליו השלום: „סלחתי כדברך”. דוא זאלסט מוחל זיין אונזערע עבירות וואס מיר זיינען מתודה. זיי מקבל אונזערע תפלות כתפלת חנה וואס זיא האט געזאגט, „אשה קשת רוח אנכי” א פרוי מיט א בעטריבט געמיטה בין איך. אל תבא במשפט עמנו, זיי מיך ניט דן מיט משפט, כי לא יצדק לפניך כל חי, ווייל קיין מענטש איז ניט ריין פון עבירות. ווען חס ושלום דער מקטרג וועט מקטרג זיין זאלען מיר געניסען דיין מדה פון חסד וואס זאל קומען פאר דיין כסא של רחמים און זאלסט דיך מרחם זיין איבער אונז. אונזערע זינד זאלסט דו אפמעקען מיט דיין פיעל דערבארעמקייט, אבער ניט דורך יסורים וחלאים רעים:

רבונו של עולם, וויא זאהל אין מיר ניט צובראכען ווערען מיין הארץ, ווען איך טהו געדענקען אז דאס בית המקדש איז געשטאנען און דער כהן גדול האט דיא עבודה געטהאן אין קדשי קדשים. אבער יעצט, בעונותינו הרבים, האבען מיר ניט קיין בית המקדש און קיין כהן גדול און קיין קרבן וואס זאהל אויף אונז מכפר זיין, האבען מיר קיין אנדער מנחה ניט נור אונזער תפלה פארנעהם און גיעב מיר מיט מיין מאן עשירות אז איך זאהל קענען מפרנס זיין לומדי תורה און צדקה געבען לעניים ואביונים כשרים און ניט חס ושלום אז אונזער עשירות זאל זיין צו גאוה טרייבען. פותח את ידך,

---

משלי דוד

סוחרים פון שטאדט האבען אפגע־קויפט די תבואה זעהר ביליג און די ארבייטער האבען דאבייא גוט פערדיענט. איין אווענט האבען זיי גע־זאגט צום סוחר: איהר האט דאך אזוי שווער געארבייט, געהט אין אייער צימער רוהט זיך אוים. ער האט זייא געפאלגט, און דערוויי־

גָאט בָרוּךְ הוּא, עֶפֶענְסְט דַיין פוּלֶער הַאנְד אוּן שְׁפַּייזְט דִיא גַאנְצֶע וֶועלְט. אָב הָרַחֲמָן, יִהְיוּ לְרָצוֹן אִמְרֵי פִי, מַיין גֶעבֶּעט זָאהל זַיין בַּאוִוילִיגְט פוּן מַיין צוּבְּרָאכֶען הַארְץ פַאר דִיר, גְלַייך וִויא אִיךְ וָואלְט גֶעבְּרַאכְט פַאר דִיר אַ קָרְבָּן. אוּן וֶוען חַס וְשָׁלוֹם אִיךְ הָאבּ גֶעטְהָאן עֶפֶּעס שְׁלֶעכְטְץ, בִּינָה הֲגִיגִי, פְרוּב מַיין צוּבְּרָאכֶען הַארְץ, וָואס אִיז בַּאטְרִיבְּט מִיט וֵוייגֶען אוּן שְׁרַייעֶן אוּן זָאהל אַ מֵלִיץ טוֹב קוּמֶען אוּן זָאל מַמְלִיץ זַיין פַאר מִיר אוּן פַאר מַיין מַאן אוּן פַאר מַיינֶע קִינְדֶער. אוּן וֶוען אִיךְ בִּין חַס וְשָׁלוֹם נִישְׁט וֶוערְטְה אִיךְ זָאהל מִתְפַּלֵל זַיין עַל עַצְמִי וּמִכָּל שֶׁכֵּן אוֹיף מַיין מַאן אוּן מַיינֶע קִינְדֶער פַארְזִיכֶער אִיךְ מִיךְ אוֹיף דִיר, וָואס דוּ מְהוּסְט חֶסֶד לָאֲלָפִים אַז דוּ וֶועסְט הֶערֶען דִי תְּפִלָּה פוּן (פלונית בת פלונית) אוּן נִיט לָאזֶען מַיינֶע טְרֶערֶען לֶעדִיג אָפּלוֹיפֶען דֶער מִדַּת הַדִּין זָאהל וֶוערֶען גֶעאַיינְצִינְט מִיט מִדַּת הָרַחֲמִים אוּן עֶס זָאהל דָאס יָאהר קוּמֶען דֶער גוֹאֵל צֶדֶק, אוּן גָאט זָאל גֶעבֶּען מִיר זָאלֶען דֶערְלֶעבֶּען אַז אִין אוּנְזֶערֶע טֶעג זָאהל דֶער בֵּית הַמִּקְדָּשׁ גֶעבּוֹיט וֶוערֶען אוּן דֶער כֹּהֵן גָּדוֹל זָאהל דִיא עֲבוֹדָה טְהָאן אִין בֵּית הַמִּקְדָּשׁ. אוּן אִיךְ (פלונית בת פלונית) מִיט אַלֶע נָשִׁים צִדְקָנִיּוֹת זָאלֶען מִיר דֶערְלֶעבֶּען דָארְטֶען מִתְפַּלֵל זַיין בִּזְכוּת דִיא אִמָּהוֹת שָׂרָה, רִבְקָה, רָחֵל וְלֵאָה, בִּמְהֵרָה בְיָמֵינוּ, אָמֵן סֶלָה:

# יְהִי רָצוֹן מִלְּפָנֶיךָ יְיָ אֱלֹהֵינוּ וֵאלֹהֵי אֲבוֹתֵינוּ שֶׁתְּחַדֵּשׁ עָלֵינוּ אֶת הַחוֹדֶשׁ הַזֶּה לְטוֹבָה וְלִבְרָכָה. וְתִתֶּן לָנוּ חַיִּים אֲרוּכִים. חַיִּים שֶׁל שָׁלוֹם.

---

משלי דוד

הָאבֶּען דִי קְלֵיינֶע סוֹחֲרִים מִיט דִיא אַרְבַּייטֶער פֶערְבְּרַאכְט אַ פְרֶעהְלִיכֶען אָוֶוענְט. אַלֶע זַיינֶען גֶעוֶועזֶען צוּפְרִיעדֶען אוּן פְרֶעהְלִיךְ. הָאבֶּען גֶעגֶעסֶען אוּן גֶעטְרוּנְקֶען אוּן זִיךְ לוּסְטִיג גֶעמַאכְט. אוֹיף מָארְגֶען פְרֶעגְט זִיי דֶער סוֹחֵר: — וָואס וָואלְט אַיךְ הַארְען אַז אִיךְ וָואלְט אוֹיךְ מִיט אַייךְ

חַיִּים שֶׁל טוֹבָה. חַיִּים שֶׁל בְּרָכָה. חַיִּים שֶׁל פַּרְנָסָה, חַיִּים שֶׁל חִלּוּץ עֲצָמוֹת. חַיִּים שֶׁיֵּשׁ בָּהֶם יִרְאַת שָׁמַיִם וְיִרְאַת חֵטְא. חַיִּים שֶׁאֵין בָּהֶם בּוּשָׁה וּכְלִמָּה. חַיִּים שֶׁל עוֹשֶׁר וְכָבוֹד. חַיִּים שֶׁתְּהֵא בָנוּ אַהֲבַת תּוֹרָה וְיִרְאַת שָׁמַיִם. חַיִּים שֶׁיִּמָּלְאוּ מִשְׁאֲלוֹת לִבֵּנוּ לְטוֹבָה בִּזְכוּת תְּפִלַּת רַבִּים. אָמֵן סֶלָה:

**מִי שֶׁעָשָׂה נִסִּים לַאֲבוֹתֵינוּ וְגָאַל אוֹתָם מֵעַבְדוּת לְחֵרוּת. הוּא יִגְאַל אוֹתָנוּ בְּקָרוֹב. וִיקַבֵּץ נִדָּחֵינוּ מֵאַרְבַּע כַּנְפוֹת הָאָרֶץ. חֲבֵרִים כָּל יִשְׂרָאֵל וְנֹאמַר אָמֵן:**

רֹאשׁ חֹדֶשׁ (פלוני) יִהְיֶה בְּיוֹם (פלוני) הַבָּא עָלֵינוּ וְעַל כָּל יִשְׂרָאֵל לְטוֹבָה:

**יְחַדְּשֵׁהוּ הַקָּדוֹשׁ בָּרוּךְ הוּא. עָלֵינוּ וְעַל כָּל עַמּוֹ בֵּית יִשְׂרָאֵל. לְחַיִּים וּלְשָׁלוֹם. לְשָׂשׂוֹן וּלְשִׂמְחָה. לִישׁוּעָה וּלְנֶחָמָה. וְנֹאמַר אָמֵן:**

---

משלי דוד

צוזאַמען דעם אָוועגט פאַרבּראַכט? פאַרוואָס האָט איהר מיר געבּעטען איך זאָל אַוועקגעהען? — ענטפערען זיי איהם: — ווייל מיר האָבען געוואוסט אַז איהר האָט גרויס היזק געהאַט האָבען מיר אייך נישט געוואָלט מצער זיין, נאָר מיר האָבען זיך חס ושלום ניט געפרעהט אויף אייער סבּה. נאָר מיר האָבען זיך געפרעהט וואָס אונז האָט השם יתברך צוגעשיקט אַ גוטען פערדינסט. דער נמשל איז, מיר טאָרען

# אַנְעִים זְמִירוֹת.

**אַנְעִים.** אִיךְ װעל זִיסֶען אַיין צִימְלִיךְ גֶעזַאנְג און װעל דִיא גֶעזַאנְגֶען צוּ אַנַאנְדֶער װעבֶּען, דֶען צוּ דִיר הַקָּדוֹשׁ בָּרוּךְ הוּא טְהוּט מַיין לַייבּ שְׁרַייעֶן מִיט דֶער תְּפִלָּה:

**נַפְשִׁי.** מַיין לַייבּ טְהוּט גְלוּסְטֶען צוּא זִיצֶען אִין דֶער שַׁיין פוּן דַיין הֵיילִיגֶער שְׁכִינָה, צוּ װיסֶען דַיינֶע הֵיימְלִיכֶע סוֹדוֹת:

**מִדֵי דַבְּרִי.** װען אִיךְ טְהוּ רֵיידֶען פוּן דַיין כָּבוֹד בְּרוּמְט מַיין הַארְץ צוּ דַיין פְרַיינְדְשַׁאפְט:

**עַל כֵּן.** דַארוּם װעל אִיךְ רֵיידֶען פוּן דִיא גֶעעֶהְרְטֶע רֵייד, און דַיין נָאמֶען װעל אִיךְ עֶהְרֶען מִיט אַ פְרֶעהְלַאךְ גֶעזַאנְג:

**אֲסַפְּרָה.** אִיךְ װעל דֶערְצֶעהְלֶען דַיין כָּבוֹד אָבֶּער אִיךְ הָאבּ דִיךְ נִישְׁט גֶעזֶעהֶען. אִיךְ טְהוּ גְלַייכֶען דִיךְ און טְהוּ דִיךְ רוּפֶען אָבֶּער אִיךְ װייס דִיךְ נִיט:

**בְּיַד נְבִיאֶיךָ בְּסוֹד עֲבָדֶיךָ.** דוּרְךְ דַיינֶע נְבִיאִים אִין סוֹד פוּן דַיינֶע קְנֶעכְט הָאסְטוּ גֶעגְלִיכֶען דַיין שֶׁעהְנְהַייט פוּן דַיין גֶעעֶהְרְטֶע לוֹיבּ:

**גְדוּלָתְךָ.** דַיין גְרוֹיסְקַייט און דַיין שְׁטַארְקַייט הָאבֶּען זֵיי אָנְגֶע־רוּפֶען און גֶעגְלִיכֶען צוּם שְׁטַארְקַייט פוּן דַיינֶע בַּאשֶׁע־פֶענִישׁ:

---

**משלי דוד**

זִיךְ נִיט פְרֶעהֶען אוֹיף דֶעם אוּנְגְלִיק פוּן אוּנְזֶערֶע שׂוֹנְאִים, נָאר מִיר בַּארְ־פֶען זִיךְ פְרֶעהֶען אוֹיף אוּנְזֶער גְלִיק. דֶער לֶעצְטֶער פָּסוּק פוּנ׳ם פְרִיהֶערְ־דִיגֶען קַאפִּיטֶעל עֶנְדִיגְט זִיךְ בְּצַמִיתֵם ה׳ אֱלֹהֵינוּ, גָאט װעט אוּנְגְלִיקְלִיךְ מַאכֶען דִיא שׂוֹנְאִים פוּן דָוִד הַמֶּלֶךְ, נָאר װען הַשֵּׁם יִתְבָּרַךְ װעט אוּנְז גֶעבֶּען דִי יְשׁוּעָה, זָאגֶען מִיר „לְכוּ״ אִיהר צוֹרְרֵי דָוִד גֶעהְט אַװעק, נְרַנְּנָה לַה׳ אֱלֹהֵינוּ. מִיר װעלֶען זִינְגֶען און דַאנְקֶען הַשֵּׁם יִתְבָּרַךְ פַאר אוּנְזֶער גְלִיק.

דְמוּ, זֵיי הָאבֶּען גֶעגְלִיכֶען דִיךְ אָבֶּער נִיט אַזוֹי וְויא דוּ בִּיסְט.
זֵיי הָאבֶּען דִיךְ גֶעגְלִיכֶען נָאר נָאךְ דַיינֶע מַעֲשִׂים נָאךְ:
הַמְשִׁילוּךָ. זֵייא הָאבֶּען דִיךְ גֶעגְלִיכֶען אִין פִּיעלֶערְלֵייא נְבִיאוֹת
אָבֶּער דוּ בִּיסְט אֵיינְצִיג אִין אַלֶע גְלַייכֶענֶעשׁ:
וַיֶּחֱזוּ. זֵיי הָאבֶּען אוֹיף דִיר גֶעזֶעהֶען בַּיי דֶעם בַּארְג סִינַי אוּן
בַּיי דֶעם יַם סוּף:
זִקְנָה, אַלְטְקַייט הָאבֶּען זֵיי גֶעזֶעהֶען אִין דֶעם טָאג פוּן מִשְׁפָּט.
יוּנְגְקַייט הָאבֶּען זֵיי גֶעזֶעהֶען אִין דֶעם טָאג פוּן מִלְחָמָה.
גְלַייךְ וְוִי אַ שְׁטַארְקֶער בַּעַל מִלְחָמָה וָואס עֶר הָאט בַּיי
זִיךְ גְרוֹיס קְרַאפְט:
חָבַשׁ. עֶר הָאט אָנְגֶעגוּרְט אֵיין הִיטֶעל פוּן הִילְף אוֹיף זַיין קָאפּ
עֶס הֶעלְפְט אִיהם זַיין רֶעכְטֶע הַאנְד אוּן זַיין הֵיילִיגֶע
אָרֶעם:
טַלְלֵי. מִיט דֶער לִיכְטִיגֶער טְהוֹי פוּן קְרַייטֶער אִיז פוּל זַיין
קָאפּ. זַיינֶע גְרַייזְלֶען זַיינֶען פוּל מִיט דִיא טְרָאפֶּען רָאסִי
פוּן דֶער נַאכְט:
יִתְפָּאֵר. עֶר טְהוּט זִיךְ בַּארִיהְמֶען מִיט מִיר אַז עֶר בַּאנֶעהְרְט
אִין מִיר אוּן עֶר וֶועט זַיין צוּא מִיר יִשְׂרָאֵל צוּ אַ גֶעלוּס־
טִיגֶע אוּן אֵיין לִיעבְּלִיכֶע קְרוֹין:

---

מגדל דוד

אִין זְמִירוֹת פוּן פְבַייטָאג־צוּ־נַאכְט זָאגֶען מִיר: וְקִדּוּשׁ רַבָּה בְּרוֹב מַטְעַמִּים וכו׳ שַׁבָּת קֹדֶשׁ אִיז אַ מִצְוָה צוּ מַאכֶען קִדּוּשׁ אוֹיף וַויין וְויא דִיא גְמָרָא זָאגְט: זָכְרֵהוּ עַל הַיַּיִן אוּן צוּ מַאכֶען פַארְשִׁיעדֶענֶע גוּטֶע שְׁפֵּייז. אִיז דָאךְ אַ פְּלִיאָה: דֶער עִיקָר פוּן שַׁבָּת אִיז דָאךְ אַז מֶען זָאהל הָאבֶּען רוּהֶע כְּדֵי מֶען זָאל קֶענֶען עוֹסֵק זַיין רוּהִיג אִין תּוֹרָה אוּן אִין עֲבוֹדַת הַ׳. וְויא אִין פָּסוּק שְׁטֶעהְט: שַׁבָּת לַה׳ אֱלֹהֶיךָ, דֶער טָאג שַׁבָּת זָאל זַיין הֵיי־

כֶּתֶר. אַ רֵיינֶע קְרוֹין פוּן גִּידְגָאלְד אִיז דָאס גְלַייכֶען פוּן זַיין קָאפּ. עֶס אִיז גֶעקְרִיצְט אוֹיף זַיין שְׁטֶערֶען דֶער כָּבוֹד פוּן זַיין הֵיילִיגֶען נָאמֶען:

לחֵן. צוּ חֵן אוּן צוּ כָּבוֹד אוּן צוּ אַ לִיעבְּלִיכֶע שֶׁעהְנְהַייט מִהוּט זַיין פָאלְק יִשְׂרָאֵל אָן קְרוֹינֶען צוּ הַקָדוֹשׁ בָּרוּךְ הוּא מִיט זֵייעֶר תְּפִלָּה:

מַחְלְפוֹת. דִי הָאאר פוּן זַיין קָאפּ זַיינֶען אַזוֹי וִויא אִין דִי יוּנְגֶע טֶעג. זֵיי זַיינֶען גֶעגְרַייזֶעלְט אוּן שְׁוַוארְץ:

נְוֵה הַצֶדֶק. דָאס שֶׁעהְנֶע וְוָאהְנוּנְג פוּן דֶער גֶערֶעכְטֶער שְׁטָאדְט יְרוּשָׁלַיִם זַיין לִיעבְּלִיכֶע שֶׁעהְנְהַייט. זָאהל זַיין דֶער ווִילֶען פוּן גָאט בָּרוּךְ הוּא אַז עֶר זָאהל זִי אוֹיפְ־בְּרֵיינְגֶען אוּן גֶעדֶענְקֶען אָפְּט בַּיי זַיין פְרֵייד:

סְגוּלָתוֹ. זַיין גֶעלִיעבְּט פָאלק יִשְׂרָאֵל זָאלֶען זַיין אִין זַיין הַאנְד ווִי אַ קְרוֹין, ווִיא אַ הוֹיב פוּן אַ שֶׁעהְנֶע חָשׁוּבֶ׳ע מַלְכָּה:

עֲמוּסִים. דִי יִשְׂרָאֵל וָואס הַקָדוֹשׁ בָּרוּךְ הוּא הָאט זֵיי גֶעטְרָאגֶען פוּן מִצְרַיִם עֶר הָאט זֵייא דֶערְהוֹיבֶען אוּן הָאט זֵייא גֶעקְרוֹינְט פוּן דֶענְסְטְמָאל אָן וָואס זֵיי זַיינֶען חָשׁוּב גֶעוֶוען אִין זַיינֶע אוֹיגֶען הָאט עֶר זֵיי גֶעעֶהְרְט:

---

מגדל דוד

לִיג צוּ גָאט, אִיז דָאךְ דֶער עִיקָר אַז דֶער גֶפֶשׁ זָאהל זַיין רֵיין אוּן רוּהִיג, הַיינְט צוּ וָואס אִיז דִי מִצְוָה אַז מֶען זָאל מַאכֶען פֶערְגֶענִיגֶען דֶעם גוּף מִיט וַויין אוּן פַארְשִׁיעדֶענֶע שְׁפֵּייזֶען, וֶועלֶען מִיר דָאס פַארְשְׁטֶעהֶען מִיט אַ מָשָׁל: עֶס אִיז אַ מָאל גֶעקוּ־מֶען אִין אַ שְׁטָאדְט אַ בַּארִיהְמְטֶער מוּזִיקֶער הָאט עֶר גֶעקְלֶעפְּט הוֹדָעוֹת אַז עֶר וֶועט גֶעבֶּען קָאנְצֶערְט. ווִיא מֶען הָאט זִיךְ דֶער פוּן דֶערְוואוּסְט אִין שְׁטָאדְט הָאבֶּען אַלֶע רֵייכֶע לַייטֶע גֶעקוֹיפְט בִּילֶעטֶען צוּם קָאנְצֶערְט. אִין שְׁטָאדְט הָאט זִיךְ גֶעפוּ־

פְּאֵרוֹ. דָאס שֶׁעהְנְהַייט פוּן הַקָדוֹשׁ בָּרוּךְ הוּא אִיז אוֹיף מִיר אוּן עֶר זָאהל זַיין נָאהֶענְט צוּ מִיר וֶוען אִיךְ וֶועל אִיהם אָנְרוּפֶען.

רוֹצֶה. הַקָדוֹשׁ בָּרוּךְ הוּא זַיין ווִילֶען זָאל זַיין אִין פָאלְק יִשְׂרָאֵל דִיא וָואהְרְהַאפְּטִיגֶע זָאהל עֶר בַּאשֶׁעהְנֶען עֶר וַוארְט צוּ מְקַבֵּל זַיין דִי לִיבּ פוּן יִשְׂרָאֵל צוּ בַּארִיהְמֶען זִיךְ מִיט זֵיי:

רֹאשׁ. אִין אָנְהוֹיבּ פוּן דַיינֶע רֵייד פוּן דֶער תּוֹרָה אִיז דִי סוֹפֵי תֵּבוֹת אֱמֶת, דָאס מֵיינְט מֶען „בְּרֵאשִׁית בָּרָא אֱלֹהִים", עֶר הָאט אָנְגֶערוּפֶען אַלֶע תֵּבוֹת פוּן פְרִיהֶער אָן, מִיר בֶּעטֶען דִיךְ אַז אִיטְלִיכְם דוֹר פוּן יִשְׂרָאֵל וָואס זֵייא פָארְשְׁטֶען דִיךְ זָאלְסְטוּ זֵיי אוֹיךְ פָארְשְׁטֶען:

שִׁית. דוּ זָאלְסְט טְהָאן דָאס בְּרוּמוּנְג פוּן מַיינֶע גֶעזַאנְג בַּיי דִיר אוּן אַ לִיבּ. זָאל גֶענֶעהְנֶען צוּ דִיר:

תְּהִלָּתִי. מַיין לִיבּ זָאהל זַיין אַ קְרוֹין צוּא דַיין קָאפּ אוּן מַיין תְּפִלָּה זָאל זַיין אָנְגֶעבְּרֵייט פַאר דִיר וִוי קְטוֹרֶת הַסַמִּים וָואס דִי כֹּהֲנִים הָאבֶּען מַקְטִיר גֶעוֶוען אִין הֵיילִיגֶען בֵּית הַמִקְדָשׁ:

תִּיקַר. עֶס זָאל טְהַייעֶר זַיין דָאס גֶעזַאנְג פוּן דִי אָרִימֶע יִשְׂרָאֵל אִין דַיינֶע אוֹיגֶען וִוי דָאס גֶעזַאנְג וָואס דִי לְוִיִּם הָאבֶּען גֶעזוּנְגֶען בַּיי דִי קָרְבָּנוֹת אִין בֵּית הַמִקְדָשׁ:

---

מגדל דוד

גֶען אַ גְרוֹיסֶער מֵבִין אוֹיף מוּזִיק נוּר עֶר אִיז גֶעוֶוען אַ קַאלִיקֶע אוֹיף בֵּיידֶע פִּיס, אוֹיסֶער דֶעם אִיז עֶר נָאךְ גֶעוֶוען אַ גְרוֹיסֶער אֶבְיוֹן אוּן הָאט נִיט גֶעהַאט גֶענוּג גֶעלְט צוּ קוֹיפֶען אַ בִּילֶעט. עֶס הָאט אִיהם אָבֶער נִיט גֶעלָאזְט רוּהֶען, הָאט עֶר גֶעדוּנְגֶען פַאר קְלֵיין גֶעצָאהְלְט אַ לַאסְט־טְרֶעגֶער אוּן הָאט זִיךְ גֶעלָאזְט אַוֶועקְטְרָאגֶען צוּם קָאנְצֶערְט זַאל. עֶר אִיז

בְּרָכָתִי. מַיין לִויבּ זָאהל אַרויפְגֶעהען אוֹיף דֶעם קָאפּ פוּן גָאט וָואס עֶר הֶעלְפְט דֶער גֶעווינֶערֶען וֶוען זִי אִיז אוֹיף דֶעם בְּרָאךְ שְׁטוּהל, עֶר מַאכְט זִיא וֶועהֶען הָאבֶּען אוּן עֶר מַאכְט זִי גֶעווינֶען דָאס קִינְד, עֶר אִיז אַ פִיעל גֶערֶעכְ־טֶער גָאט:

וּבְבִרְכָתִי. אוּן פוּן וֶועגֶען מַיין לִויבּ זָאלְסְטוּ צוּ מִיר שָׁאקְלֶען מִיט דַיין קָאפּ צוּא ווַייזֶען מִיר אַז מַיין לִויבּ אִיז צוּ דִיר לְרָצוֹן אוּן מַיין לִויבּ זָאלְסְט דוּ מְקַבֵּל זַיין וִויא חֲשׁוּבֶע בְּשָׂמִים:

יֶעֱרַב. עֶס זָאל זַיין זִיעס דִי רֵייד פוּן מַיין תְּפִלָּה פַאר דִיר גָאט דֶען מַיין נֶפֶשׁ טְהוּט שְׁרַייעֶן צוּ דִיר לִיעבֶּער גָאט:

לְךָ. צוּ דִיר גָאט בָּרוּךְ הוּא גֶעהֶער דָאס אַכְפֶּערְטְקַייט אוּן דָאס שְׁטַארְקַייט אוּן דָאס שֶׁעהֶנְקַייט אוּן דָאס אִיבִּינְ־קַייט אוּן דִיא לוֹיבּ, דֶען אַלֶע זַאכֶען וָואס אִיז פַארְהַאנְ־דֶען אִין הִימֶעל אוּן אוֹיף דֶער עֶרְד גֶעהֶער אַלְץ צוּ דִיר:

לְךָ. צוּ דִיר גָאט בָּרוּךְ הוּא אִיז דָאס דֶערְהוֹיבּוּנְג פוּן אַלֶע קֶעפּ. וואוּ אִיז דֶען פַארְהַאנְדֶען אַזוֹי אַ מֶענְטְשׁ וָואס זָאל קֶענֶען אוֹיס דֶערְצֶעהְלֶען אַלֶע שְׁטַארְקַייט פוּן גָאט בָּרוּךְ הוּא אָדֶער עֶר זָאל קֶענֶען מַאכֶען הֶערֶען גָאר דִי לוֹיבּ פוּן גָאט בָּרוּךְ הוּא:

---

מגדל דוד

גֶעוֶעסֶען בַּיים לַאסְט־טְרֶעגֶער אוֹיף דִי פְּלֵייצֶעס אוּן הָאט אוֹיפְמֶערְקְזַאם גֶעהֶערְט דֶעם קָאנְצֶערְט אוּן אִיז אוֹיסְגֶעגַאנְגֶען פוּן מְתִיקוּת, פוּן גְרוֹיס הִתְפַּעֲלוּת הָאט עֶר זִיךְ אָנְגֶעפַאנְגֶען אַזוֹיא שְׁטַארְק צוּ בַּאוֶועגֶען אַז דֶעם לַאסְט־טְרֶעגֶער אִיז דָאס נִיט גֶעפֶּע־לֶען גֶעוָוארֶען, אוּן הָאט אָנְגֶעפַאנְ־גֶען שְׁרַייעֶן: אִיהר דְרִיקְט מִיר דִיא פְּלֵייצֶעס אִיךְ קָאן דָאס נִישְׁט פַארְ־

# תְּחִנָּה שַׁעֲרֵי רַחֲמִים.

דיא תְּחִנָּה זָאגְט מֶען שַׁבָּת און יום טוב װֶען דֶער חַזָן זָאגְט אַנְעִים זְמִירוֹת:

**פְּתַח** לִי שַׁעֲרֵי רַחֲמִים שַׁעֲרֵי שָׁמַיִם. יְיָ מֶלֶךְ יְיָ מָלָךְ יְיָ יִמְלוֹךְ לְעוֹלָם וָעֶד: וַאֲנַחְנוּ כּוֹרְעִים וּמִשְׁתַּחֲוִים וּמוֹדִים לִפְנֵי מֶלֶךְ מַלְכֵי הַמְּלָכִים הַקָּדוֹשׁ בָּרוּךְ הוּא. שֶׁהוּא נוֹטֶה שָׁמַיִם וְיוֹסֵד אָרֶץ. כִּי יְיָ הוּא הָאֱלֹהִים בַּשָּׁמַיִם מִמַּעַל וְעַל הָאָרֶץ מִתָּחַת אֵין עוֹד: נָא חַלֵּץ מִמַּסְגֵּר נַפְשִׁי גַם לְךָ יְיָ קִוִּיתִי לִישׁוּעָה: יְיָ נְחֵנִי בְצִדְקָתֶךָ לְמַעַן שׁוֹרְרָי הַיְשַׁר לְפָנַי דַּרְכֶּךָ: יְיָ יִשְׁמוֹר צֵאתִי וּבֹאִי לְחַיִּים וּלְשָׁלוֹם מֵעַתָּה וְעַד עוֹלָם:

**לִיעבֶּער** הֶערְר גָאט, עֶפֶען מִיר דִי טְהוֹיעֶרֶען פוּן תְּפִלּוֹת וּתְחִנוֹת און הֶערְצוּ מַיין גֶעבֶּעט װיא דָאס גֶעבֶּעט פוּן אַבְרָהָם יִצְחָק וְיַעֲקֹב, משֶׁה אַהֲרֹן, דָוִד וּשְׁלֹמֹה. און עֶפֶען מִיר דִי טְהוֹיעֶרֶען פוּן הִימֶעל און פוּן גַן עֵדֶן און עֶס זָאל אִין אוּנְז נִיט גֶעװֶעלְטִיגֶען דֶער יֵצֶר הָרָע. און דֶער הֵיילִיגֶער שַׁבָּת אָדֶער יוֹם טוֹב זָאהל מַיין מֵלִיץ זַיין פַאר מִיר און פַאר מַיין מַאן און מַיינֶע קִינְדֶער און כָּל יִשְׂרָאֵל צוּ אַלֶעם גוּטֶען, אָמֵן. וּבְרַחֲמֶיךָ הַגְּדוֹלִים נָא חַזֵּק וּשְׁמוֹר נַפְשִׁי, מִיט דַיין גְרוֹיס דֶערְבַּארֶעמוּנְג שְׁטַארְק און בַּאשִׁירֶעם מַיין לַייבּ פוּן גֵיהִנָּם וְחִבּוּט הַקֶּבֶר וְחֶבְלֵי מָשִׁיחַ, און גִיעבּ מִיר אַל דָאס גוּטְס און זָאלְסְט מִיךְ מְזַכֶּה זַיין צוּא עֶרְצִיהֶען מַיינֶע קִינְדֶער לְתוֹרָה וּלְחוּפָּה וּלְמַעֲשִׂים טוֹבִים. אָמֵן:

---

מגדל דוד.

טְרָאגֶען! דֶער קַאלִיקֶע הֶערְט װייטֶער דֶעם קָאנְצֶערְט און בַּאװֶעגְט זִיךְ נָאךְ מֶעהְר, זָאגְט דֶער לַאסְטְטְרֶעגֶער: — אִיךְ װַארְף אַייךְ בַּאלְד גָאר אַרָאפּ. פְרֶעגְט דֶער קַאלִיקֶע בַּיי אִיהם: — גֶעפִינְט זִיךְ נִיט דָא אַ װיינְגֶעשֶׁעפְט: עֶנְטְפֶערְט עֶר אִיהם: — נִיט װייט פוּן דַאנֶען גֶעפִינְט זִיךְ אַ װיינְגֶעשֶׁעפְט. הָאט עֶר זִיךְ גֶעהֵייסֶען אַריינְטְרָאגֶען אַהִין און הָאט אִיהם גֶעגֶעבֶּען אַ גוּטֶען טְרוּנְק שַׁארְפֶע מַשְׁקֶה. װיא דֶער לַאסְטְ־טְרֶעגֶער הָאט אוֹיסְגֶעטְרוּנְקֶען דִי מַשְׁקֶה אִיז עֶר גָאר לֶעבֶּעדִיג גֶעװָארֶען און הָאט

# תְּחִנָּה פוּן שַׁבָּת־צוּ־נַאכְט.

דָאס זָאגְט מֶען שַׁבָּת־צוּ־נַאכְט נָאךְ מִזְמוֹר אֱלֹהִים יְחָנֵּנוּ:

יְהִי רָצוֹן, עֶס זָאל זַיין דֶער ווִילֶען פַאר דִיר גָאט מַיין גָאט אוּן גָאט פוּן מַיינֶע עֶלְטֶערֶען, דֶער הֵיילִיגֶער אוּן גְרוֹיסֶער שְׁטַארְקֶער אוּן פָארְכְטִיגֶער שֵׁם וָואס אִיז מְצוֹרָף אִין דֶעם מִזְמוֹר וָואס אִיךְ הָאבּ פַאר דִיר גֶעזָאגְט, זָאל אַזוֹי אָנְגֶענוּמֶען זַיין אוּן זָאלְסְט מִיךְ צוּ הֶערֶען אַזוֹי וִוי דוּ הָאסְט אִיהם גֶעהֶערְט פוּן דָוִד הַמֶּלֶךְ עָלָיו הַשָּׁלוֹם וָואס הָאט דֶעם מִזְמוֹר מִתְפַּלֵּל גֶעוֶועֶן, אוּן דוּא זָאלְסְט פַארְנֶעהְמֶען מַיין גֶעבֶּעט אוּן דֶער הַיינְטִיגֶער טָאג זָאהל זַיין אַ מֵלִיץ יוֹשֶׁר פַאר דִיר, אָמֵן, סֶלָה:

יְהִי רָצוֹן, עֶס זָאהל זַיין דֶער ווִילֶען פַאר דִיר גָאט, מַיין גָאט אוּן גָאט פוּן מַיינֶע עֶלְטֶערֶען, הֶערְר אִיבֶּער אַלֶע וֶועלְטֶען, זָאלְסְט מִיר גֶעבֶּען אַ מַתָּנָה טוֹבָה אוּן פַּרְנָסָה טוֹבָה אוּן דוּ זָאלְסְט מִיךְ גֶעדֶענְקֶען אִין אַלֶע צַייט מִיט אַ גוּט גֶעדֶעכֶּענִיש, אוּן דוּא זָאלְסְט אוּנְז הֶעלְפֶען מִיט גוּט דֶערְבַּארְמוּנְג אוּן מִיט דִיא הִילְף פוּן דַיין הֵיילִיגֶען נָאמֶען, אוּן זָאלְסְט מִיר גֶעבֶּען אַ גוּט חֵלֶק אוּן אַ גוּטֶען שָׂכָר, דָאס אִיךְ זָאהל טְהָאן מַעֲשִׂים טוֹבִים, אִיךְ זָאהל זוֹכֶה זַיין צוּ עוֹלָם הַבָּא אוּן זָאלְסְט מִיךְ מַאכֶען הֶערֶען בְּשׂוֹרוֹת טוֹבוֹת אוּן שְׁמוּעוֹת

---

מגדל דוד

אוֹיךְ אָנְגֶעהוֹיבֶּען צוּא טַאנְצֶען בַּייא יֶעדֶען טָאן פוּן דִיא מוּזִיק אוּן דוּרךְ דֶעם אִיז גֶעשְׁלָאסֶען גֶעווָארֶען בַּיי צְוֵיי שָׁלוֹם. דֶער נִמְשָׁל אִיז: דֶער עִיקָר פוּן שַׁבָּת קֹדֶשׁ אִיז צוּ לוֹיבֶּען הַשֵּׁם יִתְבָּרַךְ נוּר מִיט דֶעם נֶפֶשׁ, נוּר דֶער נֶפֶשׁ זֶעלְבְּסְט אִיז דָאךְ אַ קַאלִיקֶע אָהְן דֶעם גוּף; דֶען אָהְן אִיהם קָאן

טובות, און דו זאָלסט מיר געבען לאַנג לעבען מיט מיין מאַן און קינדער און אַ לעבען פון ששון ושמחה און עושר וכבוד און שלום און קלוגהייט אין דיינע אויגען און אין אַלע אויגען פון דיא וואָס וועלען אונז זעהען, און זאָלסט איינגען אונזער האַרץ, צו ליעב האָבען דיך און צו פאַרכטען פאַר דיין הייליגען נאָמען און דוא זאָלסט מיר געבען אין מיין האַרץ געדאַנקען צוא גוטען און גיעב מיין חלק צווישען צדיקים. און זאָלסט מיך זעטען מיט דיין זעגפּטינגקייט, און דערבאַרעם דיך איבער מיר מיט דיין הילף און באַהיט מיך מיט מיין מאַן און מיינע קינדער פון אַלעם בייזען, און זאָלסט מיך מזכה זיין מיט גוטע און פרומע קינדער, וואָס זאָלען קענען לעהרנען דיין תורה, און דו זאָלסט פאַר דיר נעהמען מיין געבעט, געלויבט ביסטו גאָט, וואָס הערט אַלע תפלות פון דיין פאָלק ישראל, וואָס רופען דיך אַלע צייטען מיט גאַנצהייט און וואַהרהייט, אָמֵן:

# אַ נייע תחנה פאַר הבדלה

רבון כל העולמים, דוא הערר פון אַלע וועלטען, וואָס דוא קוקסט מיט ליעבע און גענאַד אויף אַלע דיינע ברואים, וועלכע דוא האָסט אויף דיין וועלט באַשאַפען. הערצו דעם ריינעם געבעט פון

---

מגדל דוד

ער גאָר נישט לויבען און דאַנקען השם יתברך, היינט אַז דעם קערפּער וועט זיין אומעדיג קאָן דאָך ניט זיין קיין שום התעוררות, באַרום האָט דיא תורה הקדושה פאַרזאָגט מען זאָל דעם קערפּער משמח זיין מיט וויין און גוטע מאַכלים, כדי ער זאָל זיה אויך מתעורר זיין וועט

יביין דיענסט, וועלכע קומט פאר דיר אויף א פולע וואך אויסצוגיסען איהר פולע הארץ און שווערע געמיטה. דער ליעבער שבת קודש איז שוין אוועק, מיט איהם צוזאמען איז אויך אונזער רוהע פארשוואונדען און א נייע וואך קומט אונז אנטקעגען. רבונו של עולם, ווער נאך ווי דו, הימלישער פאטער, ווייסט דעם שווערען לעבען פון דיין פאלק ישראל, זייער ביטערען געמיטה, וויא שווער און ביטער יעדער יוד פארדיענט זיין ביסען ברויט, מיט וועלכע זארג און עגמת נפש, מיט וועלכע שרעק און מאטערנעש ער טרייבט צוזאמען זיין פינצטערע חיונה. ווער נאך פון אלע פעלקער אין דער וועלט שפירט אזוי דעם שרעקליכען רושם פון א נייע וואך וויא דיינע ארעמע בעטריבטע קינדער. א נייע וואך קומט אונז אנטקעגען, א נייע וואך ברייננט אונז נייע זארג, נייע שרעק, נייע קיממער. דאס איינציגע וואס אונז איז געבליעבען איז נאר די האפנונג צו דיר אליין, נאר די איינציגע האפנונג און גלויבען אין דיר, ערבארעמיגער גאט, האט אונז געגעבען קרעפטען ביז היינט אונזערע צרות מיט געדולד צוא ערטראגען, לכן יהי רצון מלפניך, זאל זיין דער ווילען פון דיר גרויסער אלמעכטיגער גאט, אז אין דיא נייע וואך, וועלכע קומט אונז אנטקעגען, זאלסטו אונז עפענען די טהויערען פון דיינע רחמנות. דו זאלסט אונז צושיקען אונזער חיונה בנחת און ניט בצער. דו זאלסט אונז געבען פרנסה פון דיין פולע האנד, וויא דוד המלך עליו השלום האט געזאגט: „פותח את ידך ומשביע לכל חי רצון", דוא עפענסט דיין האנד און זעטיגסט אלע דיינע ברואים. דיא נייע וואך זאהל

---

מגדל דוד

באמאלס דער נפש מיט איהם צוזאמען קאנען לויבען השם יתברך און זינגען זמירות מיט א פרעהליכע שעהנע שטימע וויא אונזערע קדמונים האבען מתקן געוועזן, וועט דערפון זיין אן עונג שבת.

מיר זאגען אלע טאג: אני מאמין וכו' בביאת המשיח, מיר גלויי־

בְּרֵיינְגֶען בְּשׂוֹרוֹת טוֹבוֹת יְשׁוּעוֹת וְנֶחָמוֹת אוֹיף אוּנְז אוּן אוֹיף אַלֶע אוּנְזֶערֶע אָרֶעמֶע בְּרִידֶער, טְרֵייסְט אַלֶע אוּנְזֶערֶע צוּבְּרָאכֶענֶע הֶערְצֶער, הֵייל אוּנְזֶערֶע וואוּנְדֶען, דֶערְפְרֶעה דַיינֶע בֶּעטְרִיבְּטֶע קִינְדֶער וואוּ זֵיי גֶעפִינֶען זִיךְ, אוּן שִׁיק אוּנְז דַיין גוֹאֵל צֶדֶק, בִּמְהֵרָה בְיָמֵינוּ, אָמֵן:

# אַ תְּחִנָּה נָאךְ הַבְדָּלָה:

לִיעבֶּער גָאט, דוּ בִּיסְט דֶער פָאטֶער פוּן אַלֶע וֶועלְטֶען בֶּעט אִיךְ דִיר דוּא זָאלְסְט זִיךְ עֶרְבַּארְמֶען אוֹיף מִיר אוּן אוֹיף כָּל יִשְׂרָאֵל, כְּרַחֵם אָב עַל בָּנִים. דֶער שַׁבָּת קֹדֶשׁ אִיז שׁוֹין אַוֶועקְגֶעגַאנְגֶען עֶס קוּמְט אָן דִיא נַייעֶ וָואךְ, זָאהל זִיא זַיין מִיט מַזָל, מִיט פְרֵיעד, מִיט גְלִיק, מִיט פְרֵייד אוּן מִיר זָאלֶען חָלִילָה נִיט טְהָאן אַזַא זַאךְ וָואס אִיז גֶעגֶען דַיין ווִילֶען, אוּן דוּ זָאלְסְט אוּנְז עֶפֶענֶען דִיא טְהוֹיעֶרֶען פוּן לִיכְטִינְקַייט, אוּן טְהוֹיעֶרֶען פוּן שֵׂכֶל, מִיר זָאלֶען מִיט פַארְשְׁטַאנְד מְקַיֵים זַיין דַיינֶע גֶעבָּאט, טְהוֹיעֶרֶען פוּן מְכַפֵּר זַיין אוֹיף אַלֶע אוּנְזֶערֶע עֲבֵירוֹת, טְהוֹיעֶרֶען פוּן טְרֵייסְט, דוּא אַלֵיין זָאלְסְט אוּנְז טְרֵייסְטֶען פוּן אַלֶע אוּמֶעטִינְקַייט, טְהוֹיעֶרֶען פוּן תּוֹרָה, תְּפִלָּה וּתְשׁוּבָה, מִיר זָאלֶען גֶעהָאלְפֶען וֶוערֶען אוּן מִיר זָאלֶען זוֹכֶה זַיין צוּא הֶערֶען בְּשׂוֹרוֹת טוֹבוֹת, יְשׁוּעוֹת וְנֶחָמוֹת אוֹיף דֶעם כְּלַל יִשְׂרָאֵל אוּן אוֹיךְ בַּיי מִיר צוּ הוֹיז זָאהל זַיין אַ פְרֶעהְלִיכֶע וָואךְ, אָמֵן:

# תְּחִנָּה לְעֶרֶב רֹאשׁ חוֹדֶשׁ:

דִיעזֶע תְּחִנָּה זָאהל מֶען זָאגֶען אַלֶע עֶרֶב רֹאשׁ חוֹדֶשׁ:

לִיעבֶּער גָאט, בַּאוַוייז אוּנְז דַיין קְרַאפְט אוּן הֶעלְף אוּנְז ווִי דוּא הָאסְט אוּנְז צוּגֶעזָאגְט צוּא פִירֶען אוּנְז אִין

מגדל דוד

כְּעֶן אַז מָשִׁיחַ צִדְקֵנוּ וֶועט גֶעווִיס קוּמֶען אִם יִרְצֶה הַשֵּׁם. נָאר רֶעכֶענֶען וֶוען עֶר וֶועט קוּמֶען הָאבֶּען חֲכָמֵינוּ ז״ל פַארְזָאגְט אַן אִסּוּר גָמוּר, צַז מֶען טְהָאר דָאס נִיט. נוּר בֶּאֱמֶת אִיז אַ גְרוֹיסֶע פְּלִיאָה: מִיר גֶעפִינֶען דָאךְ אִין הֵיילִיגֶע סְפָרִים נָאר פוּן דִי לֶעצְטֶע דוֹרוֹת, אַז דִי גְאוֹנִים וּמְחַבְּרִים

דַּיין הֵיילִיג לַאנְד, דֶען וִוי דוּ בִּיסְט אֱמֶת אַזוֹי אִיז דַיינֶע רֵייד אוֹיךְ אֱמֶת. נָאר מִיר בֶּעטֶען דִיךְ, לִיעבֶּער גָאט, אַז עֶס זָאהל זַיין גִיךְ אוּן בַּאלְד אִין אוּנְזֶערֶע טֶעג. אָבִינוּ מַלְכֵּנוּ, אוּנְזֶער פָּאטֶער קֶינִיג, אַז מִיר הָאבֶּען גֶעזִינְדִיגְט אִין דֶער מִדְבָּר, הָאט משֶׁה רַבֵּינוּ עָלָיו הַשָּׁלוֹם פַאר אוּנְז תְּפִלָּה גֶעטְהָאן, אָבִינוּ מַלְכֵּנוּ, אוּנְזֶער פָּאטֶער קֶינִיג, פַארְגִיעבּ צוּ דַיין פָאלְק יִשְׂרָאֵל דִיא זִינְד וָואס זֵיי הָאבֶּען גֶעטְהָאן וַוייל דוּ הָאסְט דִיךְ אַלֵיין מִיט זֵייא בַּארִיהְמְט אוּן הָאסְט גֶעזָאגְט: „בְּנִי בְּכוֹרִי יִשְׂרָאֵל“, אִיךְ וֵויים דָאךְ אַז דַיין מִדָה אִיז מָלֵא רַחֲמִים, דֶערְיבֶּער שְׁמַע תְּפִלָּתִי, הֶער מַיין גֶעבֶּעט וִויא דוּ הָאסְט גֶעהֶערְט דָאס גֶעבֶּעט פוּן אוּנְזֶערֶע פְרוּמֶע עֶלְטֶערֶען, וֶוען זֵיי הָאבֶּען צוּ דִיר גֶעבֶּעטֶען. דֶערְהֶער מִיךְ הַיינְט, דוּ בּוֹחֵן לְבָבוֹת. אִיךְ בֶּעט דִיךְ גָאט, אַל תַּשְׁלִיכֵנִי לְעֵת זִקְנָה, וַוארְף מִיךְ נִישְׁט אַוֶועק אוֹיף מַיין עֶלְטֶער כְּדֵי לְעָבְדְךָ בְּלֵבָב שָׁלֵם, אִיךְ זָאהל דִיךְ קֶענֶען רֶעכְט דִינֶען מִיטְ'ן גַאנְצֶען הַארְצֶען. וּמַה שֶׁחָטָאתִי. אוּן וָואס אִיךְ הָאבּ גֶעזִינְדִיגְט זַיי מִיר מוֹחֵל אוּן הִיט מִיךְ פוּן זִינְד וַוייטֶער אוּן מַיינֶע שׂוֹנְאִים זָאלֶען נִישְׁט דֶערְפְרֶעהְט וֶוערֶען אוֹיף מִיר, וִויא דָוִד הַמֶלֶךְ עָלָיו הַשָּׁלוֹם הָאט גֶעבֶּעטֶען. פַארְשְׁטָאפּ דִי מַיילֶער פוּן דִי שׂוֹנְאִים אוּן זֵיי זָאלֶען נִיט קֶענֶען בֵּייז טְהָאן. אוּן דִי דֶערְבַּארְמִיגֶע מַלְאָכִים זָאלֶען בְּרֵיינְגֶען

מגדל דוד

הָאבֶּען גֶערֶעכֶענְט דֶעם קֵץ הַפְּלָאוֹת וֶוען דִי גְאוּלָה וֶועט זַיין? זָאגְט דַאר רוֹיף הָרַב הַמַגִיד בְּבֵי יַעֲקֹב דוּבְּנֶער וְהָרַנוּ לִבְרָכָה אַ מָשָׁל: עֶס אִיז גֶע־ וֶוען אַ גְרוֹיסֶער גְבִיר, הָאט עֶר גֶע־ הַאט אַ נַארִישֶׁען זוּהְן, הָאט עֶר מִיט אִיהם גֶעטְהָאן אַ שִׁידוּךְ פוּן מְיוּחָסִים. ווי מֶען בַּארְף שׁוֹין פַאהְרֶען צוּ דֶער

פאַר דיר מײַן תּפלה און דו זאָלסט זיך דערבאַרעמען איבער
מיר און זאָלסט מיך גערעכט מאַכען פאַר דיר און זאָלסט
דיך נוהג זײַן מיט מיר מיט חסד און מיט רחמים. ליעבער
גאָט, דוא ווייסט דאָך אַלץ וואויל, וואָרום דוא ביסט דאָך אַ
יודע מחשבות. דאַרום בעט איך דיך, ראה בעניי, דו זאָלסט
זעהען אין מײַן פּײַן, דען דאָס האָבען אַלץ געמאַכט מײַנע
זינד וואָס איך מוז טראַכטען פאַר מײַן שפּייז און פאַר מײַן
גוף צו דערנעהרען:

## תּחנה פון ערב ראש חודש צו יום כּפּור קטן

אב הרחמים והסליחות, פאָטער פון באַרעמהערציגקייט און פאַר־
געבונג, וואָס דײַן שטאַרקע, מעכטיגע האַנד איז אויסגע־
שטרעקט צו עמפּפאַנגען אַלע דיא וועלכע קעהרען זיך אום צו דיר
מיט אַ ריינע הארץ, הער צו דאָס געבעט פון דײַן דיענסט, וועלכע
איז געקומען אַצונד אין דײַן היילינע הויז אויסצוגיעסען איהר פולע
הארץ און שווערען געמיטה, היינט איז ערב ראש חודש, דײַנע
אָרעמע בעטריבטע קינדער זײַנען צוזאַמענגעקומען אין דײַן היי־
ליגען הויז, וועלכע עס דיענט זייא אַצונד פאַר דעם בית המקדש,
זייערע צובראָכענע הערצער צו ברײַנגען פאַר דיר קרבנות, אָפּריכ־
טען יום כּפּור קטן, מתודה זײַן פאַר דיר אַלע זינד, און צו בעטען
פון דיר מחילה וסליחה וכפּרה. ואתּה אל רחום וחנון מקבּל שבים,
און דו באַרעמהערציגער גאָט ביסט דאָך שטענדיג מקבּל די וועלכע

---

מגדל דוד

חתונה. האָט דער חתן אָפּגערעדט מיט דעם בעל עגלה. אַז ער זאָהל איהם זאָגען יעדער סטאַנציע וויא ווייט איז נאָך, למשל, צו לעמבערג. וויא זיי זײַנען אַרויסגעפאָהרען פון זייער שטאָדט בערך אַ האַלב מייל פרעגט דער חתן: ווי ווייט איז נאָך צוא לעמבערג? דער פאָטער האָט

קֶעהְרֶען זִיךְ אוּם צוּ דִיר, דֶען דָאס אִיז דָאךְ אֵיינֶע פוּן דַיינֶע מִדוֹת צוּא צוּנֶעהְמֶען דִיא וֶועלְכֶע קֶעהְרֶען זִיךְ אוּם צוּא דִיר מִיט אַ רֵיינֶע הַארְץ, אוּן צוּ פַארְגֶעבֶּען אַלֶע זֵייעֶרֶע זִינְד, וֶועלְכֶע זֵייא זַיינֶען בֶּעגַאנְגֶען גֶערְן אוּן אוּנְגֶערְן:

רִבּוֹנוֹ שֶׁל עוֹלָם, פָאטֶער פוּן עֶרְבַּארְמוּנְג אוּן פַארְגֶעבּוּנְג, דֶערְהֶער אוֹיךְ דָאס גֶעבֶּעט פוּן דַיין דִיענְסְט, וֶועלְכֶע קוּמְט אַצוּנְד פַאר דִיר, אוּן אוֹיבּ חָלִילָה דִיא טְהוֹיעֶרֶען פוּן תְּפִלָּה זַיינֶען פַארְשְׁלָאסֶען, אָבֶּער דִיא טְהוֹיעֶרֶען פוּן טְרֶעהְרֶען זַיינֶען דָאךְ שְׁטֶענְדִיג אָפֶען, וִויא עֶס שְׁטֶעהְט גֶעשְׁרִיעבֶּען: „שַׁעֲרֵי דְמָעוֹת לֹא נִנְעָלוּ“. נֶעהְם צוּ, בַּארְעמְהֶערְצִיגֶער פָאטֶער, מַיינֶע הֵייסֶע טְרֶעהְרֶען, וֶועלְכֶע אִיךְ פַארְגִיעס אַצוּנְד פַאר דִיר אִין דַיין הֵיילִיגֶע הוֹיז. זָאלֶען זֵיי אָפְּוַואשֶׁען אַלֶע מַיינֶע זִינְד, וֶועלְכֶע אִיךְ בִּין גֶעוֶוען דִיר בַּאנַאנְגֶען. זֶעה, גְרוֹיסֶער גָאט, מַיין פַארְקְלֶעהְמְטֶע, צוּבְּרָאכֶענֶע הַארְץ. זֶעה מַיין שְׁוֶוערֶען בִּיטֶערֶען גֶעמִיטָה אוּן זַיי נָאהֶענְט צוּ מִיר בְּעֵת אִיךְ רוּף צוּ דִיר, וִויא עֶס שְׁטֶעהְט גֶעשְׁרִיעבֶּען „קָרוֹב ה׳ לְכָל קוֹרְאָיו“, גָאט אִיז נָאהֶענְט צוּא אַלֶע וֶועלְכֶע רוּפֶען אִיהם. עֶרְבַּארֶעם דִיךְ בַּארֶעמְהֶערְצִיגֶער פָאטֶער אוֹיף מִיר, אוֹיף מַיין מַאן אוּן אוֹיף מַיינֶע קִינְדֶער. זָאל זַיין אִין דֶעם נַייעֶם חוֹדֶשׁ, וֶועלְכֶער קוּמְט אוּנְז אַנְטְקֶעגֶען אַ גוּטֶער ווִילֶען פוּן דִיר, גְרוֹיסֶער אַלְמֶעכְטִיגֶער גָאט, אַז דוּ זָאלְסְט מוֹחֵל זַיין דִיא זִינְד פוּן אוּנְז אוּן פוּן כָּל יִשְׂרָאֵל. דוּא זָאלְסְט פַארְלַייכְטֶערֶען דֶעם שְׁוֶוערֶען גֶעמִיטָה פוּן מַיין מַאן אוּן פוּן אַלֶע אָרֶעמֶע בֶּעטְרִיבְּטֶע בְּרִידֶער. גִיעבּ אוּנְז פַּרְנָסָה פוּן דַיין פוּלֶע הַאנְד, בְּנַחַת וְלֹא בְצַעַר,

מגדל דוד

דָאס דֶערְהֶערְט, הָאט עֶר אִיהם אָנְגֶעשְׁטְרָאפְט פַאר זַיין נַארִישְׁקַייט, אוּן הָאט צוּ אִיהם גֶעזָאגְט: אַז מִיר הָאבֶּען נָאךְ דִי גַאנְצֶע וֶועג צוּ פָאהְרֶען, פְרֶעגְסְטוּ שׁוֹין וִוי וַוייט אִיז צוּ לֶעמְבֶּערְג? דֶער חָתָן אִיז קְלִינֶער גֶעוָוארֶען אוּן פְרֶעגְט בַּייא יֶעדֶער סְטַאנְצִיֶע וִוי וַוייט זַיינֶען מִיר שׁוֹין

בְּכָבוֹד וְלֹא בְּבִזָּיוֹן, כְּדֵי מִיר זָאלֶען קֶענֶען גֶעהֶען אִין דֵיינֶע הֵיילִיגֶע וֶועגֶען, הִיטֶען דִי מִצְוֹת פוּן דֵיין הֵיילִיגֶע תּוֹרָה, אוּן עֶרְצִיהֶען אוּנְזֶע־רֶע קִינְדֶער בְּחָכְמָה וּבְהַשְׂכֵּל וּבְיִרְאַת שָׁמַיִם, אַז זַייא זָאלֶען שְׁטֶענְדִיג גֶעפִינֶען חֵן וְשֵׂכֶל טוֹב בְּעֵינֵי אֱלֹהִים וְאָדָם. אוּן מִיר אַלֶע זָאלֶען דִיר קֶענֶען דִינֶען מִיט אַ רֵיינֶע הַארְץ אוּנְזֶער גַאנְצֶען לֶעבֶּען, אָמֵן:

# תְּחִנָּה לְתַעֲנִית צִבּוּר

גָאט פוּן עֶרְבַּארְמוּנְג אוּן פַארְגֶעבּוּנְג, דוּא שְׁטַארְקֶער, אַל־מֶעכְטִיגֶער, גְרוֹיסֶער בַּאשֶׁעפֶער, וָואס דוּא קוּקְסְט פוּן דַיין הוֹיכֶען שְׁטוּהְל אִין יֶעדֶע מֶענְטְשְׁלִיכֶע הַארְץ. יֶעדֶע פַארְבָּארְגֶענֶע מַחֲשָׁבָה אִיז פוּן דִיר נִיט בַּאהַאלְטֶען, יֶעדֶער גֶעהֵיימֶער גֶעדַאנְקֶען אִיז דִיר בַּאוואוּסְט. דוּ וֵוייסְט דָאךְ מַיין שְׁוֶוערֶען בִּיטֶערֶען גֶעמִיטְה, מַיין בְּלוּטִיגֶע צוּבְּרָאכֶענֶע הַארְץ מִיט וֶועלְכֶע אִיךְ קוּם פַאר דִיר אִין דִיעזֶען פַאסְט־טָאג בֶּעְ־טֶען דִיר. אוּנְזֶער הֵייליגֶער בֵּית הַמִּקְדָּשׁ אִיז אִיבֶּער אוּנְזֶערֶע זִינְד חָרֵב גֶעוָוארֶען, מִיר הָאבֶּען נִישְׁט מֶעהְר קֵיין כֹּהֵן, קֵיין קָרְבָּנוֹת, קֵיין עֲבוֹדָה מְכַפֵּר צוּא זַיין אוּנְזֶערֶע זִינְד. אוּנְזֶער אָפְּפֶער, וֶועלְכֶע מִיר בְּרֵיינְגֶען פַאר דִיר אִיצְט זַיינֶען אוּנְזֶערֶע צוּבְּרָאכֶענֶע הֶערְצֶער אוּן שְׁוֶוערֶע גֶעמִיטְהֶער. אוּנְזֶערֶע נְסָכִים אִיז נָאר אוּנְזֶערֶע הֵייסֶע טְרֶעהְרֶען, וֶועלְכֶע מִיר פַאר־

---

מגדל דוד

אָפְּגֶעבֵייזְט פוּן אוּנְזֶער הֵיים? זַייא הַאלְטֶען שׁוֹין נָאהֶענְט בַּייא לֶעמְ־בֶּערְג. פְרֶעגְט דֶער נַארִישֶׁער חָתָן: יִיא וַוייט זַייגֶען מִיר אָפְּגֶעפָאהְרֶען פוּן אוּנְזֶער הֵיים? זָאגְט דֶער פָּא־טֶער: נַארִישֶׁער זוּהְן, יֶעצְט בַּארְף מֶען שׁוֹין פְרֶעגֶען: ווִי וַוייט אִיז צוּ לֶעמְבֶּערְג? ווַייל דִיא גַאנְץ לַאנְגֶע

גִיעסֶען פַאר דִיר. נָאר דַאמִיט קֶענֶען מִיר פָארקוּמֶען פַאר דִיר אַלְמֶעכְטִיגֶער גָאט, צוּא בֶעטֶען פוּן דִיר מְחִילָה וּסְלִיחָה אוֹיף אוּנְזֶערֶע זִינְד:

מִיר וַויסֶען זֶעהְר גוּט, דָאס דוּא גָאט פוּן עֶרְבַּארְעמוּנְג אוּן פַארְגֶעבּוּנְג, פַארְלַאנְגֶסְט נִיט דִי פַּיינִיגוּנְג פוּן אַ מֶענְשֶׁען, וִויא דֶער הֵיילִיגֶער נָבִיא יְשַׁעְיָה זָאגְט: „הֲכָזֶה יִהְיֶה צוֹם אֶבְחָרֵהוּ יוֹם עַנּוֹת אָדָם נַפְשׁוֹ״, הֵייסְט דֶען דָאס בַּייא מִיר אַ פַאסְט־טָאג וואוּ אַ מֶענְטְשׁ זָאל זִיךְ נָאר פַּיינִיגֶען, נָאר טְהָאן נוּטֶעס אוּן גֶעוָאד, זַאט מַאכֶען דֶעם הוּנְגֶערִינֶען, אָנְקְלֵיידֶען דֶעם נַאקֶעטֶען, מִיט־פִיהְלֶען דֶעם לֵיידֶענְדֶען, נָאר דָאס אִיז דַיין הֵיילִיגֶער וואוּנְשׁ. אוּן וִויא דָוִד הַמֶּלֶךְ עָלָיו הַשָׁלוֹם הָאט גֶעזָאגְט: „זִבְחֵי אֱלֹהִים רוּחַ נִשְׁבָּרָה״, גָאטֶעס אָפְּפֶער אִיז אַ צוּבְּרָאכֶענֶער גַייסְט. אוּן דֶערִיבֶּער אַלֵיין פַאסְטֶען מִיר נָאר אוּם אוּנְטֶערְטְהֶענִיג צוּ מַאכֶען דֶעם שְׁטָאלְצֶען גוּף, כְּדֵי מִיר זָאלֶען קֶענֶען קוּמֶען פַאר דִיר מִיט אַ רֵיינֶע צוּבְּרָאכֶענֶע הַארְץ, מִיט אַ גֶעווֶעהְטָאגְטֶע זֶעעלֶע דִיךְ צוּ בֶעטֶען מְחִילָה וּסְלִיחָה וְכַפָּרָה אוֹיף אַלֶע אוּנְזֶערֶע זִינְד:

עֶרְבַּארְמִיגֶער גָאט, דֶערְהֶער אוֹיךְ דָאס גֶעבֶּעט פוּן דַיין דִיעֶנְסְט, וֶועלְכֶע אִיז גֶעקוּמֶען אִין דַיין הֵיילִיגֶע הוֹיז אוֹיסְגִיעסֶען אִיהר בַּאטְרִיעבְּטֶע הַארְץ צוּזַאמֶען מִיט דַיינֶע בַּאטְרִיעבְּטֶע קִינְדֶער, וֶועלְכֶע שְׁטֶעהֶען פַאר דִיר

---

מגדל דוד

וֶוענ זַיינֶען מִיר שׁוֹין בָּרוּךְ הַשֵּׁם אִיבֶּער גֶעפָאהְרֶען. פוּנְקְט אַזוֹי הָאט אוּנְז גֶעשְׁרָאפֶען, מִיר פָאהְרֶען דָא זֶעהְר אַ לַאנְגֶע וֶוענ צַייט פוּן חוּרְבַּן יְרוּשָׁלַיִם, אוּנְזֶערֶע הֵיילִיגֶע חֲכָמִים הָאבֶּען דָאס גוּט גֶעוואוּסְט אַז דִיא וֶוענ אִיז זֶעהר וַוייט, דֶער אֲרִיכוּת הַגָּלוּת אִיז לֶענְגֶער וִויא פְּרִיגֶער פַאר דִיר

יעצט. בארעמהערציגער פאטער, צייג אונז דיא וועגען פון דיין גוטס. זעה ווי עלענד מיר שטעהען אויף דער וועלט, צו וועמען זאלען מיר שרייען פאר הילף? צו וועמען זאלען מיר זיך קעהרען און ווענדען, ווען נישט צו דיר, הימלישער פאטער? ווער נאך, ווי דו, גרויסער גאט, ווייסט די פארבארגענע וואונדען, וועלכע מיר טראגען טיעף אין אונזערע צוריסענע הערצער? טרייסט, ערבארמיגער גאט, דיינע אבלי ציון וירושלים, דיינע פארפינצטערטע בעטריבטע קינדער. זעה בארעמהערציגער פאטער, דיינע אונגליקליכע פארביטערטע שעפסעלאך, זיינען נעבאך צוזעעט און צושפרייט אין אלע עקען פון דער וועלט. מיר האבען אלעס פארלארען נאר ניט דעם בטחון אין דיר, נאר דיא האפנונג אויף דיר, שטארקער גאט, איז אונז געבליבען אין אלע אונזערע ליידען און צרות. עס איז שוין צייט אז דו זאלסט צוזאמענקלייבען דיינע פארשטויסענע פון עק וועלט, ווי דו האסט פארשפראכען אין דיין היילינע תורה: „אם יהיה נדחך בקצה השמים משם יקבצך", דאס הייסט, אויב דיינע פארשטויסענע וועלען זיין וואו די הימלען ענדיגען זיך, וועל איך זיי אויך צוזאמענקלייבען. ברייננ אונז אין די טהויערען פון ירושלים, ושם נעבדך ביראה כימי עולם, און דארטען וועלען מיר דיך דיענען מיט

מגדל דוד

גלות ירושלים, הייגט אז יעדערער וועט געהמען רעכענען וויא ווייט איז נאך צו דער גאולה, קענען נאך חס ושלום פיעל פערליערען דעם טהייערען האפנונג. וואס דאס איז פון דיא עיקרי אמונה, האבען זיי שטריינג פארזאגט אין זייער צייט (וואס זייא זיינען געווען נישט ווייט פון חורבן) אז מען זאל ניט רעכענען ווען וועט זיין דער זמן הגאולה און אין אלע שטרות און אין אלע ספרים האבען זיי געגעבענט דעם

פָארְכְט וְויא פַאר צַייטֶען, דֶען דוּ בִּיסְט אוּנְזֶער פָאטֶער, דוּ בִּיסְט אוּנְזֶער עֶרְלֵייזֶער, נָאר דוּא אַלֵיין וֶועסְט אוּנְז הֶעלְפֶען, בִּמְהֵרָה בְיָמֵינוּ, אָמֵן:

# תְּחִנָּה לַעֲשָׂרָה בְּטֵבֵת.

רַחוּם זֶה אֵלִי, דֶער וָואס אִיז אַ רַחוּם וְחַנּוּן דֶער אִיז מַיין גָאט, חוּשָׁה לִּי לְעֶזְרִי, אַייל מִיר צוּ הֶעלְפֶען, וְתַגִּיהַּ אֶת חָשְׁכִּי, אוּן דוּא זָאלְסְט עֶרְלַייכְטֶען מַיין פִינְצְטֶערְנֶעשׂ וֶועלְכֶע אִין דֶעם פִינְצְטֶע־רֶען טָאג עֲשָׂרָה בְּטֵבֵת הָאט זִיךְ אָנְגֶעהוֹיבֶּען, דֶען אִין דֶעם טָאג הָאט נְבוּכַדְנֶצַּר הָרָשָׁע בַּאלַאגֶערְט דִי הֵיילִיגֶע שְׁטָאדְט יְרוּשָׁלַיִם. אִי־בֶּער דֶעם אִיז דֶער טָאג נִקְבַּע גֶעוָוארֶען פַאר אַ תַּעֲנִית צִבּוּר, דָאס מִיר זָאלֶען זִיךְ דֶערְמָאהְנֶען אָן דִיא צָרוֹת, וָואס אוֹיף אוּנְז יוּדֶען אִיז גֶעקוּמֶען אִיבֶּער אוּנְזֶערֶע שְׁלֶעכְטֶע מַעֲשִׂים, בִּכְדֵי מִיר זָאלֶען עֶר־וֶועקֶען אוּנְזֶערֶע הֶערְצֶער תְּשׁוּבָה צוּ טְהָאן, דָאס דֶער אוֹיבֶּערְשְׁטֶער זָאהל רַחֲמָנוּת הָאבֶּען אוֹיף אוּנְז אוּן זָאהל זָאגֶען עֶס זָאל שׁוֹין זַיין אַ סוֹף צוּ אוּנְזֶערֶע צָרוֹת אוּן מִיר זָאלֶען שׁוֹין מֵהַיּוֹם וְהָלְאָה זִיךְ קָאנֶען מַאכֶען אַ יוֹם טוֹב אִין דֶעם טָאג וָואס עֶס וֶועט זַיין וְתֶחֱזֶינָה עֵינֵינוּ בְּשׁוּבְךָ לְצִיּוֹן בְּרַחֲמִים, בִּמְהֵרָה בְיָמֵינוּ, אָמֵן:

# תְּחִנָּה לְתַעֲנִית אֶסְתֵּר.

אַתָּה הָאֵל עוֹשֶׂה פְּלָאוֹת, דוּא בִּיסְט דֶער גָאט, וָואס טְהוּט וואוּנְדֶער מִיט אוּנְז בְּכָל רֶגַע וָרֶגַע, נָאר דוּרְךְ דֶעם

---

מגדל דוד

זְמַן וִויפִיעל אִיז שׁוֹין נָאךְ דֶעם חוּרְבַּן יְרוּשָׁלַיִם, נָאר גֶעלוֹיבְּט אִיז הַשֵּׁם יִתְבָּרַךְ אַז מִיר זֵיינֶען שׁוֹין אַרִיבֶּער גֶעפָאהְרֶען אַזוֹי אַ לַאנְגֶע ווַייטֶע וֶועג, מִיר זֵיינֶען שׁוֹין ווַייט אִין אֶלֶף הַשִּׁשִּׁי, אִין דֶער צַייט הָאפֶען מִיר, אַז דִיא גְאוּלַּת יִשְׂרָאֵל וֶועט גֶעווִיס זִיךְ שׁוֹין נִיט צִיהֶען, וִוי דִי הֵיילִיגֶע

וָואס מִיר זַיינֶען נִיט גוּט אוּן פְּרוּם שְׁפִּירֶען מִיר נִיט דִי פַּאר־בָּארְגֶענֶע נִסִים וָואס דוּ טוּסְט מִיט אוּנְז, וַוייל דֶער נֵס וֶוערְט פַארְדֶעקְט אוּן בַּאהַאלְטֶען מִיט אַ דֶרֶךְ הַטֶבַע, גְלַייךְ וִויא עֶס אִיז מִיט דֶער נַאטוּר גֶעבְּרַאכְט, דֶען כִּימֵי מָרְדְכַי וְאֶסְתֵּר זַיינֶען דָאךְ דִי נִסִים גֶעוֶועזֶען גָאר גְרוֹיס. פוּן דֶעסְטְוֶועגֶען וַוייל דִיא יוּדֶען זַיינֶען דֶערְנָסְטְמָאהְל נִיט וֶוערְטְה גֶעוֶועזֶען, זַיינֶען דִיא נִסִים גֶעגַאנְגֶען פַּארְבָּארְגֶען דָאס וַשְׁתִּי זָאל זִיךְ פַּארְזִינְדִיגֶען בַּיי דֶעם מֶלֶךְ אֲחַשְׁוֵרוֹשׁ אוּן אֶסְתֵּר הַמַלְכָּה זָאהל בַּייא אִיהם נוֹשֵׂא חֵן זַיין, דָאס דוּרְךְ אִיהר הָאבֶּען דִי שׂוֹנְאִים אַיינְגֶעגוּ־מֶען אַ מַפָּלָה, אַזוֹי וִוי דִי גְמָרָא הַקְדוֹשָׁה זָאגְט אַ רֶמֶז פוּן דִי תּוֹרָה אוֹיף דֶעם נֵס פוּן אֶסְתֵּר. דִי תּוֹרָה זָאגְט: „וְאָנֹכִי הַסְתֵּר אַסְתִּיר”, וֶועל אִיךְ זֵיי בַּאוַוייזֶען נִסִים בְּהַסְתֵּר, דֶען דֶער אוֹיבֶּערְשְׁטֶער הָאט גֶעשְׁוָוארֶען דָאס דִיא שׂוֹנְאִים זָאלֶען חָלִילָה נִיט קָאנֶען אוּמְבְּרֵיינְגֶען דִי יוּדֶען. מִיר פַאסְטֶען הַיינְט אַזוֹי וִוי אוּנְזֶערֶע עֶלְטֶערֶען הָאבֶּען גֶעפַאסְט בִּימֵי הָמָן הָרָשָׁע, דָאס דֶער אוֹיבֶּערְשְׁטֶער זָאל זִיךְ שׁוֹין מְרַחֵם זַיין אִיבֶּער אוּנְז מִיר זָאלֶען זוֹכֶה זַיין צוּ זֶעהֶען נִסִים בְּפַרְהֶסְיָא כִּימֵי מוֹעֵד צֵאתְךָ מֵאֶרֶץ מִצְרַיִם. אָמֵן:

# אֵל מָלֵא רַחֲמִים לכ׳ סִיוָן.

אֵל מָלֵא רַחֲמִים, דוּא נָאט בִּיסְט פוּל מִיט דֶערְבַּארֶעמְקֵייט אוּן דַיין רוּהוּנְג אִיז אִין הוֹיכֶען הִימֶעל אוּן דוּא פַארְנֶעהֶמְסְט דָאס גֶע־שְׁרֵיי פוּן דִי פַארְבִּיטֶערְטֶע הֶערְצֶער, גְרֵייט אָן אַ רֶעכְט רוּהוּנְג אוֹיף

מגדל דוד

יְבִיאִים הָאבֶּען אוּנְז צוּגֶעזָאגְט. וְאִם יִתְמַהְמֵהַּ אֲחַכֶּה לוֹ בְּכָל יוֹם שֶׁיָבוֹא, הָאבֶּען שׁוֹין אוּנְזֶערֶע חֲכָמִים אוּן דִי מְקוּבָּלִים אִין דִי לֶעצְטֶע דוֹרוֹת גֶע־רֶעכֶענְט וֶועז וֶועט שׁוֹין זַיין דִיא גְאוּלָה צַייט, בִּמְהֵרָה בְיָמֵינוּ. אָמֵן.

דִיא פְלִיגֶעל פוּן דַיין הֵיילִיגֶע שְׁכִינָה אִין דֶער הוֹיךְ וואוּ אַלֶע דַיינֶע קְדוֹשִׁים וּטְהוֹרִים רוּהֶען וָואס זֵיי לַייכְטֶען וִויא דָאס לוּיטֶערְקַייט פוּן דֶעם הִימֶעל אוּן זָאלְסְט דֶערְהוֹיבֶּען דִי נְשָׁמוֹת פוּן דִיא צַדִיקִים וָואס הָאבֶּען גֶע׳דַרְשֶׁ׳ת דַיין הֵיילִיגֶע תּוֹרָה סַיי דִי גְרִינְגֶע אוּן סַיי דִי הַארְבֶּע. וֶועה אִיז אוּנְז אִין אוּנְזֶערֶע הֶערְצֶער, אוּנְזֶערֶע קְרוֹינֶען זַיינֶען אוּנְז אַרָאפְּגֶעפַאלֶען פוּן דִיא קֶעפּ, גָאט הָאט אוּנְז אַזוֹי וואוּנְדֶערְלִיךְ גֶעשְׁלָאגֶען זִיעבֶּען מָאל מֶעהְר וִוי אוּנְזֶערֶע זִינְד אוּן צוּגֶענוּמֶען אוּנְזֶערֶע צַדִיקִים וָואס הָאבֶּען טָאג אוּן נַאכְט גֶעלֶערְנְט תּוֹרָה אוּן אוּנְזֶערֶע אַלֶע חֲכָמִים אוּן רַבָּנִים אוּן לוֹמְדִים וָואס זַיינֶען גֶעזֶעסֶען אִין בֵּית הַמֶדְרָשׁ אוּן זֵיי זַיינֶען גֶעוֶוען דִיא זַיילֶען פוּן דֶער וֶועלְט:

**רִבּוֹנוֹ** שֶׁל עוֹלָם, אֲמָרֵר בַּבְּכִי, אִיךְ טְהוּ בִּיטֶערֶען מִיט גֶעוֵויין אוֹיף דִיא הֵיילִיגֶע שְׁטָאדְט יְרוּשָׁלַיִם וָואס אִין הַיינְטִיגֶען טָאג אִיז אִיהר מוֹיעֶר גֶעשְׁפָּאלְטֶען גֶעוָוארֶען, דֶער שׂוֹנֵא הָאט גֶעטְהָאן אִין דֶער הֵיילִיגֶער שְׁטָאדְט וָואס עֶר הָאט נוּר גֶעוָואלְט, דִי הֵיילִיגֶע תּוֹרָה אִיז אוֹיךְ אִין דֶעם טָאג אוֹיךְ פַארְבְּרֶענְט גֶעוָוארֶען. הֵיילִיגֶער בַּאשֶׁעפֶער, הָאבּ חַס אוֹיף דַיין הֵיילִיגֶען נָאמֶען, וָואס וֶוערְט פַארְשְׁוֶועכְט בַּיי דִי גֶעטְצֶען דִיענֶער, נֶעהְם אַ נְקָמָה אִין דִי שׂוֹנְאִים, דָאס אַלֶע זָאלֶען זֶעהֶען דִיא הִילְף מִיט דָאס גְרוֹיסְקַייט פוּן דִי יִשְׂרָאֵל צוּ לִיעבּ דַיין גְרוֹיסֶען נָאמֶען, אָמֵן סֶלָה:

# תְּחִנָּה לְשִׁבְעָה עָשָׂר בְּתַמּוּז.

**רִבּוֹנוֹ** שֶׁל עוֹלָם, אִיךְ פַאסְט אוּן פַּיינִיג זִיךְ דִיעזֶען טָאג, וַוייל אִין אִיהם הָאט זִיךְ אָנְגֶעפַאנְגֶען דֶער חוּרְבָּן יְרוּשָׁלַיִם, אַזוֹי וִויא

---

מגדל דוד

**מִיר** זָאגֶען אִין הַלֵּל: מִמִּזְרַח שֶׁמֶשׁ וגו׳. לְמָשָׁל, אוֹיף אַ וֶועלְט־אוֹיסְשְׁטֶעלוּנְג בְּרֵיינְגְט מֶען צוּזַאמֶען פוּן אַלֶע עֶקֶען וֶועלְט פארשיעדענע מֶערְקְווירְדִיגֶע זאכען, פַארְשִׁיעדֶענֶע חַיּוֹת, בְּהֵמוֹת אוּן עוֹפוֹת, פַארְשִׁיעדֶענֶע בּוֹימֶען בְּלוּמֶען אוּן פְרוּכְט, אוֹיךְ פַארְשִׁיעדֶענֶע קוּנְסְטְפָאלֶע מַאשִׁינֶען אוּן נָאךְ אַנְדֶערֶע מֶערְקְווירְדִיגֶע זַאכֶען. דָאס

מִיר זָאגֶען אִין דִי הַיינְטִיגֶע סְלִיחוֹת: „אִם גָבַר הָאוֹיֵב יִתְבָּקַע הָעִיר״,
דֶער טָאג וָואס דֶער שׂוֹנֵא הָאט זִיךְ גֶעשְׁטַארְקְט אוּן דִיא הֵיילִיגֶע
שְׁטָאדְט יְרוּשָׁלַיִם אִיז צוּשְׁפָּאלְטֶען גֶעוָוארֶען. אוֹיף דִיעזֶען בְּרָאךְ
טְרוֹיעֶר אִיךְ אוּן אִיךְ פַארְגִיס טְרֶעהְרֶען. מַיינֶע אוֹיגֶען טְרִיקֶענֶען נִיט
אוּן מַיין הַארְץ קֶען נִיט גֶעשְׁטִילְט וֶוערֶען, וֶוען אִיךְ דֶערְמָאהְן זִיךְ אָן
דִיזֶען שְׁרֶעקְלִיכֶען טָאג. אוֹי לִי וְאוֹי לְנַפְשִׁי, אַז צוּלִיעבּ אוּנְזֶערֶע זִינְד
הָאבֶּען מִיר פַארְלָארֶען אוּנְזֶער לַאנְד, אוּנְזֶער שְׁטָאדְט אוּן אוּנְזֶער
בֵּית־הַמִקְדָשׁ, וָואס דַיין שְׁכִינָה הָאט אִין אִיהְם גֶערוּהְט. אִיךְ בֶּעט
דִיר, הַארְצִיגֶער פָאטֶער אִין הִימֶעל, אַז מַיינֶע טְרֶעהְרֶען זָאלֶען זִיךְ
צוּזַאמֶענְמִישֶׁען מִיט דִיא טְרֶעהְרֶען פוּן דַיין גַאנְצֶען פָאלְק יִשְׂרָאֵל,
וֶועלְכֶע פַאסְטֶען, וֵויינֶען אוּן טְרוֹיעֶרֶען אִין דִיעזֶען טָאג, אוּן זָאלֶען
אוּנְזֶערֶע טְרֶעהְרֶען אָנְפִיהְלֶען דַיין בֶּעכֶער אוּן דוּ זָאלְסְט שׁוֹין מַאכֶען
אַ סוֹף צוּ אוּנְזֶער גָלוּת. דֶען מִיר הָאבֶּען שׁוֹין גֶענוּג גֶעלִיטֶען אוּן גֶע־
נוּג אָפְּגֶעקוּמֶען פַאר אוּנְזֶערֶע זִינְד.

**אַב** הָרַחֲמִים, דֶערְבַּארֶעמְדִיגֶער פָאטֶער, אִין דִיעזֶען טָאג הָאט זִיךְ
דֶער שׂוֹנֵא גֶעשְׁטַארְקְט אוּן דִי שְׁטָאדְט יְרוּשָׁלַיִם אִיז גֶעשְׁפָּאלְ־
טֶען גֶעוָוארֶען, זָאלֶען זִיךְ שׁוֹין מֶעהְר אוּנְזֶערֶע שׂוֹנְאִים נִיט שְׁטַארְ־
קֶען אִיבֶּער אוּנְז אוּן קַיין שְׁפַּאלְטוּנְג זָאהְל בַּיי אוּנְז נִיט פָארְקוּמֶען.
זָאהְל דַיין רֶעכְטֶע הַאנְד אוּנְז הֶעלְפֶען גוֹבֵר צוּ זַיין אוּנְזֶערֶע שׂוֹנְאִים
אוּן קַיין שְׁפַּאלְטוּנְג זָאהְל פַּאסִירֶען אִין קַיין פַאמִילְיֶע, אִין קַיין גֶע־
מֵיינְדֶע אוּן אִין גַאנְצֶען פָאלְק יִשְׂרָאֵל. זָאהְל בַּיי אוּנְז אַלֶעמֶען הֶערְ־
שֶׁען שָׁלוֹם אוּן אַחְדוּת אוּן קַיין שִׂנְאָה זָאהְל צְווִישֶׁען אוּנְז נִישְׁט זַיין,
וַוייל פַאר דִיא זִינְד פוּן שִׂנְאַת חִנָם אִיז דֶער בֵּית־הַמִקְדָשׁ חָרוּב גֶע־
וָוארֶען. שְׁטַארְק, רִבּוֹנוֹ שֶׁל עוֹלָם, דִי הֶערְצֶער פוּן אַלֶע אִידִישֶׁע קִינְ־

---

מגדל דוד

אַלֶעם צוּזַאמֶען אִין אַ גְרוֹיסְאַרְטִיגֶע צוּזַא־
מֶענְשְׁטֶעלוּנְג פוּן וֶועלְטְבֶּערִיהְמְטֶע זַאכֶען.
דִיא גְרֶעסְטֶע מֶענְשֶׁען אוּן קִינְסְטְלֶער פוּן
־יער וֶועלְט פַאהְרֶען, צוּזַאמֶען אוּם צוּ זֶעהְן

דִי אַלֶע וֶועלְטֶענְהַייטֶען. אוֹיף אַזַא אוֹיסְ־
שְׁטֶעלוּנְג צְווִישֶׁען אַלֶע קוּנְסְטְפָאלֶע זַא־
כֶען אִיז גֶעוֶוען אוֹיסְגֶעשְׁטֶעלְט אַ גָאלְדֶע־
נֶע קֶעסְטֶעל גֶעזֶעצְט מִיט דִימַאנְטֶען אוּן

דֶער צוּ מְקַיֵּים זַיין דִי מִצְוָה פוּן „וְאָהַבְתָּ לְרֵעֲךָ כָּמוֹךָ" אוּן אַלֶע מִצְווֹת פוּן דַיין הֵיילִיגֶע תּוֹרָה, אוּן בּוֹי צוּרִיק דֶעם בֵּית־הַמִּקְדָשׁ, בִּמְהֵרָה בְיָמֵינוּ. אָמֵן׃

# תְּחִנָּה לְתִשְׁעָה בְּאָב.

דִיא תְּחִנָּה זָאגְט מֶען אוּם תִּשְׁעָה בְּאָב אוֹיף דֶער נַאכְט אוּן אוֹיךְ אִין דֶער פְרִיה מִיט גְרוֹיס גֶעוויין׃

אֵל מָלֵא רַחֲמִים, גָאט, וָואס דוּ בִּיסְט פוּל מִיט דֶערְבַּארֶעמְ־קַייט אוּן בִּיסְט דֶער רִיכְטֶער פוּן דֶער וֶועלְט אוּן אַלֶע דַיינֶע מִשְׁפָּטִים זַיינֶען מִיט וָואהְרְהַייט, הַיינְטִיגֶען טָאג הָאבֶּען אוּנְזֶערֶע עֶלְטֶערֶען אִין דֶער מִדְבָּר וָואס דוּ הָאסְט זֵיי אוֹיסְ־גֶעצוֹיגֶען פוּן מִצְרַיִם ווִידֶערְגֶעשְׁפֶּענִיגְט אַקֶעגֶען דִיר אוּן הָאבֶּען נִיט גֶעוָואלְט אָנְנֶעהְמֶען דָאס גוּטֶס וָואס דוּ הָאסְט גֶע־טְהָאן אוּן הָאסְט צוּגֶעזָאגְט צוּא זֵייעֶרֶע עֶלְטֶערֶען אַבְרָהָם יִצְחָק וְיַעֲקֹב, אוּן הָאבֶּען גֶעשֶׁענְדְט דָאס הֵיילִיגֶע לַאנְד, וָואס דַיין שְׁכִינָה הָאט גֶערוּהְט אִין אִיהר אוּן הָאבֶּען אַלֶע צַייט גֶערֶעדְט אוֹיף דַיינֶע וָואהְרְהַאפְטִיגֶע קְנֶעכְט משֶׁה מִיט אַהֲרֹן. הַיינְטִיגֶע נַאכְט הָאבֶּען זֵיי אַלֶע גֶעווֵיינְט אוּן הָאבֶּען פַארְגָא־סֶען פִיעל טְרֶערְהֶען אוּן הָאבֶּען נִישְׁט גֶעוָואלְט דֶערְוַוארְטֶען דִי צַייט וָואס דוּ הָאסְט זֵיי גֶעלָאזְט ווִיסֶען דוּרְךְ דַיינֶע קְנֶעכְט משֶׁה מִיט אַהֲרֹן אוּן יְהוֹשֻׁעַ אוּן כָּלֵב. אוּן פַאר דֶעם גֶעוויין וָואס זֵייא הָאבֶּען אוּמְזִיסְט גֶעווֵיינְט, הָאסְט דוּ בַּאצָאהְלְט צוּ



בְּרִייְיַאנְטֶען. מִיט אִיהְרֶע אַרְבַּייט הָאט זִי גֶעצוֹיגֶען אוֹיף זִיךְ דִיא אוֹיפְמֶערְקְזַאמְקַייט פוּן אַלֶע בֶּעזוּכֶער, יֶעדֶער הָאט אִיהְם בֶּע־טְרַאכְט מִיט דֶער גְרֶעסְטֶער פֶערְוואוּנְדֶע־רוּנְג אוּן אִיז בַּייגֶעריג גֶעוֶועזֶען צוּא ווִיסֶען וֶוער עֶס הָאט גֶעמַאכְט דִיא אַרְבַּייט. דֶער אוֹיפְזֶעהֶער פוּן דֶער אוֹיסְשְׁטֶעלוּנְג הָאט אוֹיסְגֶערוּפֶען׃ אַז וֶוען עֶס וֶועט זִיךְ מֶעלְ־

זייערע קינדער, דאס אין דעם טאג זיינען פארוויסט און צו־שטערט געווארען דער ערשטער און דער אנדערער בית־המקדש, וואס דורך דעם איז אוועקגענומען געווארען פון אונז אונזער שעהנקייט און די קרוין פון אונזערע קעפּ, און מיר קענען שוין נישט בריינגען קיין קרבנות און דעמפּפונג אויף דיין הייליגען מזבח. און מיר קענען נישט געהען דריי מאל אין יאהר צו זעהען די שיין פון דיין הייליגע שכינה און זעטיגען אונזערע זעעלען מיט דיא גרויסע פרייד פון דיין שכינה. וועה איז צו אונז און וועה איז צו אונזערע לייבער, דען אין היינטיגען טאג איז פארברענט געווארען אונזער הייליגער בית המקדש דורך א פייער פון דעם הימעל איבער די גרויסע עבירות פון דיא ישראל וואס זיי האבען ווידער־גע־שפּעניגט אקעגען דיר און זיינען געגאנגען אין בייזען וועג צו דערצערנען דיך, אלמעכטיגער גאט, און דארום האסטו פארניכטעט זייער הערשאפט און קעניגרייך און אלע זייער גלוסטיגקייט האסטו צובראכען און האסט זייא געגעבען אין דער האנד פון זייערע באליידיגער, און זייערע ווייבער און זייערע קינדער וואס זיינען עדעל ערצויגען געווארען זיינען געפאנגען געווארען און זיי האבען געמוזט ארבייטען זעהר שווערע ארבייט און טראגען גרויסע מיהל־שטיינער אויף זיי־ערע אקסלען און העלצער אנגעבונדען אויף די פיס צו מאכען שטרויכלען זיי, און האבען געליטען גרוים הונגער און דורשט

---

מגדל דוד

דען דער ארבייטער פון די קעסטעל וועט מען איהם בעלאהנען נאך זיין פערדינסט. עס האבען זיך געמעלדעט מענטשען וואס האבען זיך אנגעגעבען פאר דעם מייסטער פון דיא קעסטעל, מען האט זיי געהייסען עפענען דאס קעסטעל, האבען זייא איהר געקעהרט אויף אלע זייטען און האבען בשום אופן נישט געוואוסט וויא איהר צוא

אוּן אוֹיף אַזֶעלְכֶע גְרוֹיסֶע בִּיטֶערֶע צֶערְשְׁטֶערוּנְג הָאבֶּען אַלֶע פֶעלְקֶער גֶעקְלַאפְּט מִיט זֵייעֶרֶע הֶענְד אוּן הָאבֶּען זִיךְ גֶער־וואוּנְדֶערְט אוּן הָאבֶּען גֶעזָאגְט: „אִיז דָאס דִיא קְרוֹין פוּן יְרוּשָׁלַיִם, וָואס זִיא אִיז גֶעוֶועזֶען דִי קְרוֹין פוּן אַלֶע שְׁטֶעדְט פוּן אַלֶע לֶענְדֶער“? אוּן אַצוּנְד אִיז זִיא חָרוּב אוּן פַארְוִויסְט דוּרְךְ אִיהְרֶע פַיינְד גָאר אָהְן דֶערְבַּארֶעמְהַקַייט, אוּן זֵיי פְרֶעהֶען זִיךְ אוֹיף אִיהְר בְּרָאךְ אוּן לֶעסְטֶערֶען זִיא מִיט צָארֶענְדִיגֶע רֵייד:

**רִבּוֹנוֹ** שֶׁל עוֹלָם, אִיךְ שְׁטֶעה פַאר דִיר מִיט אַ בִּיטֶער הַארְץ, מִיט גֶעשְׁרֵיי אוּן גֶעוֵויין. מַיינֶע אוֹיגֶען פְלִיסֶען אַזוֹי וִוי דִיא טַייכֶען וַואסֶער אוּן מַיין הַארְץ וֶוערְט אִין מִיר צוּבְּרָאכֶען וֶוען אִיךְ בַּאדֶענְק מִיךְ אָן דָאס גְרוֹיסֶע שֶׁעהְנַקַייט פוּן דַיינֶע קִינְדֶער יִשְׂרָאֵל וָואס עֶס אִיז אַוֶועקְגֶענוּמֶען גֶעוָוארֶען אוּן דַיין הֵיילִיגֶער בֵּית הַמִקְדָשׁ וָואס עֶר אִיז פַארְבְּרֶענְט גֶע־וָוארֶען, אוּן עֶס זַיינֶען פַארְטְרִיבֶּען גֶעוָוארֶען דִי כֹּהֲנִים וָואס הָאבֶּען גֶעדִיעֶנְט אִין דַיין הוֹיז, אוּן דִי לְוִיִּם וָואס הָאבֶּען גֶע־זוּנְגֶען אוּן גֶעשְׁפִּיעֶלְט דִי הֵיילִיגֶע גֶעזַאנְגֶען זַיינֶען פַארְשְׁטֶערְט גֶעוָוארֶען, אוּן דֶער מִזְבֵּחַ אוּן דֶער שֻׁלְחָן אוּן דִיא מְנוֹרָה אוּן דֶער הַאנְד־פַאס אוּן גָאר דָאס הֵיילִיגֶע גֶעפֶעס אִיז גֶעקוּמֶען אִין אוּמְרֵיינֶע הֶענְד. מַיינֶע אוֹיגֶען זַיינֶען גֶעשְׁוָואלֶען פוּן גְרוֹיס גֶעוֵויין אוּן מַיין הַארְץ אִיז שְׁלַאף אִיבֶּער דִיא פִיעל זִיפְצֶען וָואס אִיךְ זִיפְץ אַלֶע צַייט. מַיינֶע גְלִיעדֶער זַיינֶען צוּבְּרָכֶען פוּן גְרוֹיס יָאמֶער אוֹיף דֶעם בְּרָאךְ פוּן דַיינֶע קִינְדֶער יִשְׂרָאֵל:

---

מגדל דוד

עֶפֶּעֶנֶען, זַיי הָאבֶּען זִיךְ נָאר גֶעוָואלְט מַא־כֶּען אַ נָאמֶען דוּרךְ פְרֶעמְדֶע אַרְבַּייט, זַיי־גֶען זַיי דֶערְפַאר אַוֶועק מִיט גְרוֹיסֶע בִּזְיוֹנוֹת. אִינְדֶעם הָאט מֶען גֶעהֶערְט אַ שְׁטִימֶע וָואס זָאגְט: אַז צוּ אַ גֶעוִויסֶע שְׁטוּנְדֶע וֶועט זִיךְ דִיא קֶעסְטֶעלֶע זֶעלְבְּסְט עֶפֶענֶען אוּן וֶועט עַנְטְדֶעקֶען וֶוער דֶער מַייסְטֶער אִיז, מֶען הָאט אָבֶער נִיט גֶעוואוּסְט וֶוער עֶם רֶעדְט.

ואתה אל רחום וחנון, און דו גאט ביסט א דערבארמינגער און א ליימזעליגער, מחי פון וועגען דיין גרויסען נאמען און עפען דיינע אויגען צוא זעהען אונזערע פארוויסטונג און דאס פארוויסטונג פון דיין היילינע שטאדט ירושלים וואס דו האסט דיין נאמען אויף איהר גערופען, און זעה, וויא מיר, דיינע ליעבע קינדער, זיינען געווען צו שאנד און צו חרפה, און וויפיעל בלוט עס איז פארגאסען געווארען פון דיין ליעב פאלק ישראל, און קוק אין זייער צדקות וואס זיי האבען גע־לאזט מען זאהל זיי אומברייגען פון דיינעט וועגען, און הא־בען נישט חס געהאט אויף זייערע לייבער און האבען פאר־מיאוס׳ט דעם לעבען פון דער וועלט און האבען מבטל גע־ווען זייער רצון פאר דיין רצון, און האבען געהייליגט דיין גרויסען נאמען און האבען איהם ניט פארשוועכט, און הא־בען אויסגעשטרעקט זייערע העלדזער צוא דער שחיטה און זיינען בייגעשטאנען אויף זייער נסיון און זיינען געפונען גע־ווארען גאנץ. עס האבען זיך אנגעריהרט דיא בלוט וואס האט געראנען פון די פאטערס מיט די קינדער׳ס און די בלוט פון די מוטער׳ס מיט זייערע קינדער און עס איז אויסגעמישט געווארען בלוט פון ברידער מיט שוועסטער און בלוט פון חתנים מיט כלות און בלוט פון חכמים מיט זייערע ווייבער און בלוט פון חזנים און בלוט פון דיינים מיט זייערע סופרים און מלמדים מיט תלמידים, וואס זיינען אלע אין איינעם גע־הרג׳עט געווארען:

מגדל דוד

אין איינינע שטונדען ארום האט זיך דיא קעסטעל אליין געעפענט און האט אנגע־וואנגען צו שפילען און צוגלייך אויסגערו־ווען אז עס איז די ארבייט פון דעם וועלט־בעריהמטען מעכאניקער דער און דער. דאס האט געמאכט אזא גרויסען איינדרוק אויף אלע בעזוכער פון דער אויסשטעלונג, און דאס האט אזוי ווייט פערנומען זייערע

**אֵלֶּה** מִזְבְּחוֹת זְכוֹר. דִי דָאזִיגֶע מִזְבְּחוֹת פוּן דִי הֲרוּגִים גֶע־ דֶענְק, דֶערְבַּארֶעמִיגֶער גָאט, אוּן הֶעלְף אוּנְז אוּן זַאמֶעל אוּנְז פוּן אַלֶע פִיער עֶקֶען פוּן דֶער וֶועלְט, אוּן בּוֹי וִויעדֶער מִיט פַייעֶר דַיין שְׁטָאדְט יְרוּשָׁלַיִם, אוּן טְרֵייסְט אוּנְז פוּן אוּנְזֶער טְרוֹיעֶר, אוּן שִׁיק דַיין מָשִׁיחַ עֶר זָאהְל אוּנְז בְּרֵיינְגֶען קַיין אֶרֶץ יִשְׂרָאֵל, מִיר זָאלֶען אִין דִיעזֶען טָאג פְרֶעהְלַאךְ זַיין אוּן לוֹיבֶּען דַיין נָאמֶען אוּן דֶערְצֶעהְלֶען דַיינֶע וואוּנְדֶער. עֶס זָאהְל שׁוֹין מְקוּיָם וֶוערֶען, וָואס דֶער נָבִיא הָאט גֶעזָאגְט, אַז דֶער חוֹדֶשׁ אָב וֶועט פַארְקֶעהְרְט וֶוערֶען צוּ פְרֵייד אוּן נִישְׁט צוּ וֵויינֶען אוּן קְלָאגֶען. דָאס זָאהְל גֶעשֶׁעהֶען בַּאלְד אִין אוּנְזֶערֶע טֶעג, אָמֵן וְאָמֵן:

# תְּחִנָּה נֶחָמַת צִיוֹן.

א נייע תְּחִנָּה צוּ זָאגֶען מִיט גְרוֹיס כַּוָּנָה שַׁבָּת נַחֲמוּ:

**אָנָּא** אִיךְ בֶּעט דִיךְ, אֱלֹהֵי הַנֶּחָמוֹת, גָאט, וָואס דוּא טְרֵייסְט יֶעדֶען, דוּ זָאלְסְט טְרֵייסְטֶען מִיךְ מִיט מַיין גַאנְץ הוֹיזְגֶעזִינְד מִיט כָּל יִשְׂרָאֵל, דָאס עֶס זָאל וֶוערֶען פוּן אוּנְז אָפְּגֶעטְהָאן אַלֶע שְׁלֶעכְטֶס מִיט אַלֶע גְזֵירוֹת רָעוֹת. זָאלְסְט צוּ אוּנְז שִׁיקֶען דִיא נֶחָמָה דָאפֶּעלְט, דָאס מִיר זָאלֶען דָאפֶּעלְט גֶעטְרֵייסְט וֶוערֶען, אַזוֹי וִויא דֶער נָבִיא יְשַׁעְיָה זָאגְט: „נַחֲמוּ נַחֲמוּ עַמִּי יֹאמַר אֱלֹהֵיכֶם”. אוּן פַאר אַלֶע צָרוֹת מִיט אַלֶע יִסוּרִים מִיט אַלֶע פַארְשִׁידֶענֶע עַגְמַת נֶפֶשׁ, רַחֲמָנָא לִצְלָן, זָאלְסְט דוּ אוּנְז בַּאגִיטִיגֶען מִיט פִיעל טוֹבוֹת יְשׁוּעוֹת וְנֶחָמוֹת, דָאס מִיר זָאלֶען פַארְגֶעסֶען אָן אוּנְזֶערֶע עֶרְשְׁטֶע צָרוֹת. מִיר זָאלֶען שׁוֹין אוֹיפְגֶעריכְט וֶוערֶען מִיט דִיא גְאוּלָּה שְׁלֵמָה, בִּמְהֵרָה בְּיָמֵינוּ, אָמֵן:

---



גֶעדַאנְקֶען אַז זֵייא הָאבֶּען שׁוֹין אוֹיף אַלֶע אַנְדֶערֶע זַאכֶען מֶעהְר נִיט גֶעוָואלְט זֶעהֶען, אוּן אַלֶע בֶּעזוּכֶער פוּן דֶער אוֹיסְשְׁטֶעלוּנְג, אָבּוָואהל זֵייא הָאבֶּען דֶעם מַייסְטֶער נִ׳שְׁט גֶעקֶענְט, נָאר פוּן זַיינֶע אַרְבַּייט הָאבֶּען זֵיי פַארְשְׁטַאנֶען וָואס פַאר אַ קָאפּ עֶר הָאט, זֵייא הָאבֶּען אִיהְם זֶעהְר גֶערִיהְמְט אוּן גֶעשֶׁעצְט. דֶער נִמְשָׁל אִיז, אַז מֶען בַּאטְרַאכְט

# תְּחִנָּה אִמָּהוֹת לְרֹאשׁ חוֹדֶשׁ אֱלוּל.

צו לייעֶנֶען גאנץ אֱלוּל אַלֶע טָאג:

**סָמַכְתִּי** בְּרַחֲמֶיךָ הָרַבִּים לְבַקֶּשְׁךָ. איך פַארְלָאז זיך אויף דיין פִיעל דֶערְבַּארֶעמְקַייט צוא בֶּעטֶען דיך. הֶער מיין תְּפִלָּה, וָואס איך בֶּעט מיט מיין צוּבְּרָאכֶען הַארְץ און ענְטְפֶער מיר אויף מיין גֶעבֶּעט. וויא אין דיין הַיילִיגֶע תּוֹרָה שְׁטֶעהְט גֶעשְׁרִיעבֶּען: „בְּטֶרֶם תִּקְרָא וַאֲנִי אֶעֱנֶה", אֵייְדֶער דוּ וֶועסְט מיך רוּפֶען וֶועל איך דיר ענְטְפֶערֶען. אֵל מָלֵא רַחֲמִים, דוּ גָאט, וָואס דוּ בִּיסְט פוּל מיט דֶערְבַּארֶעמְקַייט, דֶערְבַּארֶעם דיך אויף מיר און נֶעהְם אָן מיין גֶעבֶּעט, וָואס איך וֶועל דיך בֶּעטֶען און נֶעהְם אָן מיינֶע וִידוּיִם, וָואס איך וֶועל זיך מִתְוַדֶּה זַיין אויף מיינֶע בִּיטֶערֶע עֲבֵירוֹת. איך הָאבּ ווידֶערְגֶעשְׁפֶּענִיגְט דַיינֶע הַיילִיגֶע מִצְוֹת און איך הָאבּ נִיט גֶעהַאלְטֶען דַיינֶע גֶעבָּאט, וָואס דוּ הָאסְט אוּנְז גֶעבָּאטֶען. הֶערְר פוּן דֶער גַאנְצֶער וֶועלְט, אֵייְדֶער איך הוֹיבּ אָן פַאר דיר זיך רֶעכְט מִתְוַדֶּה צוּ זַיין, פַאל איך אויף מיין פָּנִים און בֶּעט דיך אַז דַיין רַחֲמִים זָאל זיך שְׁטַארְקֶען אִיבֶּער דֶעם רוֹגֶז. דָאס דוּ זָאלְסְט מַיין וִידוּי צוּהֶערֶען און זָאלְסְט מיר מַיין מוֹיל עֶפֶענֶען, דָאס איך זָאל זיך רִיכְטִיג מִתְוַדֶּה זַיין:

**עֲשֵׂה** עִמָּדִי כְּחַסְדְּךָ הַגָּדוֹל, טְהוּ מיט מיר חֶסֶד און מִשְׁפָּט מיך מיט גְרוֹיס דֶערְבַּארֶעמְקַייט. איך בֶּעט דיך, נֶעהְם אָן מַיין גֶעבֶּעט און זָאלְסְט עֶפֶענֶען די טְהוֹיעֶרֶען פוּן תְּשׁוּבָה צוּ דיא יִשְׂרָאֵל,

---

מגדל דוד

דיא גְרוֹיסֶע וֶועלְט מיט אַלֶעם וָואס אויף אִיהְר גֶעפִינְט זיך איז וִיא גְלַייך צוּא דיא קִינְסְטְלֶערִיכֶע קֶעסְטֶעל. דיא וֶועלְט ווייזְט און שְׁרַייט אוֹיס, אַז דֶער אַלְמֶעכְטִיגֶער גָאט איז דֶער גְרוֹיסֶער מַייסְטֶער פוּן אִיהְר. און דָאס איז עֶס אִיבֶּערַאל בַּאוואוּסְט אַז אַפִילוּ די ווילְדֶע מֶענְשֶׁען וואס גֶעפִינֶען זיך אין דֶער וועלט, וֶוען זִייא ווילֶען אֵייגֶעם וָואס

חייל זיי האָבען די ליעבע תורה מקבל געווען אויף דעם באַרג סיני. איך בעט דיך, אַז דו זאָלסט אָננעהמען מיינע ביטערע טרעהרען, ווי דו האָסט אָנגענומען דיא טרעהרען פון די מלאכים וואס האָבען געוויינט ווען אַברהם אבינו האָט זיין ליעבען זוהן געוואָלט ברייננען צו דער עקידה. דאַמאָלס זיינען די טרעהרען פון די מלאכים געפאַלען אויף דעם מעסער פון אַברהם און האָבען איהם נישט געלאָזט שעכטען זיין זוהן יצחק. אַזוי זאָלען אונזערע טרעהרען פאַלען אויף דעם מעסער פון דעם מלאך המות און זאָלען ניט לאָזען חלילה אומברייננען מיך אָדער מיין מאַן אָדער חלילה מיינע קליינע קינדער און אַלע מיינע פריינד. דו זאָלסט דיך איבער אונז דערבאַרמען און זאָלסט אַליין זיין מיין מליץ יושר ביים דעם משפט וואס דוא ווערסט מיך משפט'ן, אָמן:

רחמיך הרבים יגינו עלי, דיין גרויס דערבאַרעמקייט זאָהל אויף מיר באַשיצען. איך שרעק מיך זעהר פאַר מיינע גרויסע זינד, דען איך האָב מיט מיינע מעשים געוויס ניט פאַרדיענט קיינע חסדים. מיין געבעט זאָל פאַר דיר אָנגענומען ווערען וועגען מיין זכות אבות ווי עס שטעהט געשריעבען: „ואעשה חסד וזכרתי זכות אבות על בנים ועל בני בנים". איך וועל טהאָן מיט מיין גרויס געגעדיגקייט און וועל געדענקען דעם זכות אבות אויף אייערע קינדער און אויף אייערע קינדס־קינדער. דו ביסט גאָט, אונזער גאָט און גאָט פון אונזערע עלטערען. אונזער טרייסטער זאָלסטו זיין. דוא זאָלסט דיך איבער אונז דערבאַרעמען און זאָלסט אונז טרייסטען, אָמן:

מגדל דוד

איבערצייגען, הויבען זיי אויף דיא אויגען און די הענד צום הימעל און שווערען אויף ביי גאָט. דאס באַווייזט אַז די גאָטהייט איז פאָרפלאַנצט ביי יעדעם באשעפּעניס. דאס זאָגט דער פסוק ממזרח שמש, פון דעם אָרט, פון וואַנען דיא זונן הויבט אָן אויפצוגעהען, עד מבואו, ביז דעם אָרט וואו זי פאַרגעהט, דאס הייסט פון איין עק וועלט

„עֲשֵׂה עִמָּנוּ אוֹת לְטוֹבָה וְיִרְאוּ שׂוֹנְאֵינוּ וְיֵבוֹשׁוּ כִּי אַתָּה יְיָ עֲזַרְתָּנוּ וְנִחַמְתָּנוּ", גָאט וֶועט טְהָאן מִיט אוּנְז מִיט גוּטֶען אוּן אוּנְזֶערֶע שׂוֹנְאִים, דֶער יֵצֶר הָרָע אוּן דֶער שָׂטָן מְקַטְרֵג, וֶועלֶען זֶעהֶען אוּן וֶועלֶען פַארְשֶׁעהְמְט וֶוערֶען, וָוארוּם דוּ בִּיסְט אַ גָאט, אַ הֶעלְפֶער אוּן אַ טְרֵייסְטֶער צוּ אַלֶע וָואס טְהוּעֶן דִיךְ אָנְרוּפֶען מִיט אַ צוּבְּרָאכֶען הַארְץ, וְויא עֶס שְׁטֶעהְט גֶעשְׁרִיעבֶּען: לֵב נִשְׁבָּר וְנִדְכֶּה, וכו׳ אָמֵן:

לְמִשְׁפָּטֶיךָ יַעַמְדוּ כֻלָּם, צוּא דַיין מִשְׁפָּט וֶועלֶען מִיר זִיךְ שְׁטֶעלֶען. דַארוּם וְויין אִיךְ אוּן שְׁרַייא פַאר דַיין הֵיילִיגֶען נָאמֶען, אַז דוּ זָאלְסְט מִיךְ אָנְרוּפֶען מִיט חֶסֶד וְרַחֲמִים אוּן דוּ זָאלְסְט דִיךְ אַלֵיין זֶעצֶען בַּייא מַיין מִשְׁפָּט. שְׁטְרָאף אוּנְז נִישְׁט מִיט גְזֵירוֹת אַכְזָרִיוֹת אוּן לָאז אוּנְזֶערֶע קִינְדֶערְלַאךְ עֶרְצִיהֶען צוּ גוּטֶען, דֶען דוּא בִּיסְט דִיךְ מְרַחֵם אוֹיף קְלֵיינֶע קִינְדֶער:

בַּמָּה אֲקַדֵּם לְפָנֶיךָ, מִיט וָואס זָאהְל אִיךְ קוּמֶען פַאר דַיין הֵיילִיגֶען נָאמֶען צוּ בֶּעטֶען דוּ זָאלְסְט מַיינֶע בֵּייזֶע עֲבֵירוֹת פַארְגֶעבֶּען? אִיךְ וְויים דָאס אִיךְ הָאבּ נָאר קֵיין מְלִיצִים נִיט, אִיךְ הָאבּ קֵיין מֵלִיץ פַאר מִיר נָאר מַיינֶע בִּיטֶערֶע טְרֶעהְרֶען, וְויא עֶס שְׁטֶעהְט: „שַׁעֲרֵי דְמָעוֹת אֵינָם נִנְעָלִים", דִי טְהוּיעֶרֶען פוּן טְרֶעהְרֶען וֶוערֶען נִיט פַארְשְׁלָאסֶען. דַארוּם דֶערְבַּארֶעמִיגֶער גָאט, נֶעהְם מַיינֶע טְרֶעהְרֶען, וָואס אִיךְ פַארְגִיעס אוּן טְהוּ זֵייא אַרַיין אִין דַיין לָאגֶעל אוּן וַואשׁ אָפּ מִיט זֵייא אוּנְזֶערֶע זִינְד אוּן זָאלְסְט פֶערְבַּייטֶען דֶעם מִדַּת הַדִּין אוֹיף מִדַּת הָרַחֲמִים, אָמֵן:

תִּקְרַב תְּחִנָּתִי לְפָנֶיךָ, עֶס זָאל גֶענֶעהֶענֶען פַאר דִיר מַיין גֶעבֶּעט, אַז קֵיין מְקַטְרֵג זָאהְל נִישְׁט קֶענֶען מַפְסִיק זַיין

---

מגדל דוד

בִּיז דִיא אַנְדֶערֶע, מְהוּלָּל שֵׁם ה׳, אִיז גֶעריהְמְט גָאטְ׳ס נָאמֶען, אַז עֶר הָאט אַזוֹיא קִינְסְטְלִיךְ דִיא וֶועלְט בַּאשַׁאפֶען מִיט גְרוֹיס חָכְמָה אוּן מִיט אִיבֶּערְנַאטִירְלִיכֶען פַארְשְׁטַאנְד, אוּן יֶעדֶער נָאךְ זַיין גְלוֹיבֶּען, לוֹיבְּט אוּן שֶׁעצְט דֶעם נָאמֶען „גָאט" דֶעם בַּאשֶׁעפֶער פוּן דֶער וֶועלְט, אוּן אוֹיף יֶעדֶער שְׁרִיט זֶעהְט מֶען אַז נָאר עֶר אִיז דֶער בַּאריהְמְטֶער מַייסְטֶער פוּ׳ אִיהְר:

צְווִישֶׁען מַיין גֶעבֶּעט אוּן צְווִישֶׁען דַיין כִּסֵא הַכָּבוֹד. אִיךְ בֶּעט דִיךְ. אַז דוּא זָאלְסְט צוּרִיק אַרַיינְטְהָאן דַיין שְׁוֶוערְד אִין דַיין שֵׁייד, דוּ זָאלְסְט דַיין הַאנְד הַאלְטֶען אִיבֶּער אוּנְז אוּן אִיבֶּער
דִי קְלֵיינֶע קִינְדֶערְלַאךְ. אָמֵן:

הַט אָזְנְךָ לִתְפִלָּתִי. בֵּייג אַיין דַיין אוֹיעֶר צוּ מַיין תְּפִלָּה. לִיי־בֶּער גָאט בַּאהִיט מִיךְ פוּן אַלֶעם בֵּייזֶען אוּן פוּן א מֶענְטְשֶׁענְס גָאבּ, אוּן זָאהְל מְקוּיָּם וֶוערֶען אִין מִיר. וויא עֶס שְׁטֶעהְט אִין הֵיילִיגֶען תְּהִלִּים: „פּוֹתֵחַ אֶת יָדֶךָ וּמַשְׂבִּיעַ לְכָל חַי רָצוֹן“, דוּ וֶועסְט עֶפֶענֶען דַיין הַאנְד אוּן וֶועסְט אוּנְז שְׁפַּיי־זֶען אוּן נִיט דוּרְךְ אַ מֶענְטְשֶׁענְס גָאבּ. אָמֵן:

רְאֵה עָנְיִי וְהוֹשִׁיעֵנִי. זֶעה מַיין פַּיין פוּן מַיינֶע עֲבֵירוֹת אוּן דוּ זָאלְסְט מִיר הֶעלְפֶען. נֶעהְם אָן מַיין גֶעבֶּעט, כָּאטְשׁ אִיךְ וֵויים, אַז אִיךְ בִּין נִישְׁט וֶוערְטְה צוּ עֶפֶענֶען מַיין מוֹיל צוּ בֶּעטֶען דִיךְ, דֶען אִיךְ הָאבּ מִיט מַיין מוֹיל גְרוֹיסֶע עֲבֵירוֹת גֶע־טְהָאן. אִיךְ הָאבּ לֵיצָנוּת גֶעטְרִיעבֶּען אוּן אִיךְ הָאבּ נִיבּוּל פֶּה גֶערֶעדְט, נָאר דוּא בִּיסְט אַ דֶערְבַּארֶעמִיגֶער גָאט, וויא דוּא הָאסְט אָנְגֶענוּמֶען דָאס גֶעבֶּעט פוּן אוּנְזֶער מוּטֶער חַנָּה אוּן
פַארְגִיעבּ מִיר מַיינֶע עֲבֵירוֹת. אָמֵן:

הַעֲבֵר מִמֶּנִּי אַפְּךָ וַחֲרוֹנֶךָ. טְהוּ אָפּ פוּן מִיר דַיין צָארְן אוּן נֶעהְם אָן מַיין גֶעבֶּעט, וָואס אִיךְ בֶּעט, אוּן זָאלְסְט מִיר פַארְגֶעבֶּען מַיינֶע זִינְד, דֶען אִיךְ וֶועל זַיי שׁוֹין אִימֶער נִיט טְהָאן, נָאר אִיךְ וֶועל טְהָאן דַיינֶע מִצְוֹות. אִיךְ בֶּעט דִיךְ, דוּא

---

משלי אבות

מִיר זָאגֶען אִין פִּרְקֵי אָבוֹת: רַבִּי חֲנַנְיָא בֶּן עֲקַשְׁיָא אוֹמֵר רָצָה הַקָּדוֹשׁ בָּרוּךְ הוּא לְזַכּוֹת אֶת יִשְׂרָאֵל וכו'. הַשֵּׁם יִתְבָּרֵךְ הָאט גֶעוואלְט מְזַכֶּה זַיין דִיא יִשְׂרָאֵל. בָּארוּם הָאט עֶר זַיי פַארְמֶעהְרְט דִי תּוֹרָה וּמִצְוֹות, פְרֶעגֶען דִי מְפָרְשִׁים דוּכְט זִיךְ גְרַא־דֶע פַארְקֶעהְרְט אַז גָאט וָואלְט אוּנְז

זָאלְסְט שְׁטַארְקֶען מַיינֶע הֶענְד צְדָקָה צוּ גֶעבֶּען אוּן לִיכְט צוּ צִינְדֶען אוּן מַיינֶע פִּיס זָאלְסְטוּ שְׁטַארְקֶען אִין דֶער שׁוּהְל צוּא גֶעהֶען דִיךְ צוּ לוֹיבֶּען:

**מַה** נֹּאמַר וּמַה נְּבַקֵּשׁ, וָואס זָאלֶען מִיר רֵיידֶען אוּן וָואס זָאלֶען מִיר בֶּעטֶען. אִיךְ וֵויים אַלֶע מַיינֶע זִינְד, וָואס אִיךְ הָאבּ גֶעטְהָאן. אִיךְ שִׁיץ מִיךְ אִין דֶעם זְכוּת פוּן מַיינֶע קְלֵיינֶע קִינְדֶער וָואס וֶועלֶען לֶערְנֶען תּוֹרָה אוּן אִין זֵייעֶר זְכוּת זָאלְסְט דוּ מִיר הֶעלְפֶען אַז עֶס זָאהְל קֵיינְמָאהְל נִיט זַיין קֵיין טְרוֹיעֶרְקַייט אוּן קֵיין גֶעוֵויין נָאר שִׂמְחָה. אָמֵן:

**אוֹדְךָ** בְּכָל לִבִּי, אִיךְ טְהוּ דִיךְ לוֹיבֶּען מִיט מַיין גַאנְצֶען הַארְצֶען. דֶען דוּ בִּיסְט אַ בַּאשֶׁעהִיטֶער גָאט בַּיי אַלֶע לַייט. דוּ בִּיסְט אַ בַּארְמִיגֶער גָאט אִיבֶּער אַלֶע לַייט, דוּ הֶערְסְט צוּ אַלֶע גֶעבֶּעט פוּן דִי אָרֶעמֶע לַייט אוּן דוּ בִּיסְט מְכַפֵּר אַלֶע עֲבֵירוֹת, דֶען דוּ בִּיסְט הֵיילִיג אוּן גְרוֹיס אוּן פָארְכְטִיג. אִיךְ בֶּעט דַיין לִיעבֶּען נָאמֶען, דָאס דוּא זָאלְסְט אַרַיינְלָאזֶען זִיךְ אִין דַיין מִדַּת הַדִּין דֶעם מִדַּת הָרַחֲמִים, וְויא מֶען לָאזְט אַרַיין אִין בִּיטֶערְס עֶטְוָואס זִיסֶעס. אוּנְזֶער מִשְׁפָּט זָאהְל זַיין זִיס, אָמֵן:

**רִחַקְתִּי** מַעֲשֶׂיךָ הַטּוֹבִים, אִיךְ הָאבּ דֶערְוַוייטֶערְט דַיינֶע גוּטֶע גֶעבָּאט, אִיךְ הָאבּ וִוידֶערְגֶעשְׁפֶּענִיגְט דַיינֶע לִיעבֶּע מִצְוֹת. וָואס דוּא הָאסְט נִיט גֶעהֵייסֶען טְהָאן הָאבּ אִיךְ יוֹא גֶעטְהָאן אוּן וָואס דוּ הָאסְט יוֹא גֶעהֵייסֶען טְהָאן הָאבּ אִיךְ נִיט גֶעטְהָאן. וָואס דוּ הָאסְט גֶע׳אַסֶר׳ט הָאבּ אִיךְ מַתִּיר גֶעוֶוען אוּן וָואס דוּא הָאסְט מַתִּיר גֶעוֶוען הָאבּ אִיךְ גֶע׳אַסֶר׳ט, וָואס דוּא הָאסְט מְטַמֵּא גֶעוֶוען הָאבּ אִיךְ טָהוֹר

---

משלי אבות

גֶעגֶעבֶּען וֵוויינִיגֶער מִצְוֹת וָואלְט גֶעוֶוען גְרִינְגֶער צוּ הִיטֶען, זָאגְט דֶער אֹהֶל יַעֲקֹב אַ מָשָׁל. אַ רֵייכֶער יוּנְגֶער מַאן, וֶועלְכֶער עֶס הָאט זִיךְ בַּיי

אִיהְם גֶעעֶנְדִיגְט דִי קֶעסְט הָאט עֶר צוּזַאמֶענְגֶענוּמֶען זַיין קַאפִּיטַאל אוּן אִיז אַוֶועקְגֶעפָאהְרֶען אַיינְהַאנְדְלֶען סְחוֹרָה אִין אַ גְרוֹיסֶען פַאבְּרִיק-שְׁטָאט

גֶעמַאכְט, אָבֶער אִיךְ הָאבּ מִיךְ נִיט מִתְכַּוֵון גֶעוֶועזֶען דִיךְ צוּ דֶערְצֶערְ־
נֶען, נִישְׁט מֶעהְר דֶער יֵצֶר הָרָע הָאט מִיךְ אָנְגֶערֶעדְט, דַארוּם פַּארְ־
גִיעבּ מִיר מַיינֶע זִינְד, אָמֵן:

הָקֵם לַאֲמָתְךָ חַסְדֶךָ, מַאךְ בַּיישְׁטֶעהֶען דַיין דֶערְבַּארֶעמְקַייט
אוֹיף דַיין דִיענְסְט, דֶען וִוי זָאל אִיךְ מִיךְ נִישְׁט דֶערְ־
שְׁרֶעקֶען, וִויא זָאל מִיךְ נִיט אָנְחַאפֶּען אַ צִיטֶערְנֶעשׁ, וֶוען אִיךְ
וֶועל מוּזֶען שְׁטֶעהֶען צוּם מִשְׁפָּט בַּיי דֶעם בֵּית דִין שֶׁל מַעֲלָה
אוּן עֶנְטְפֶערֶען אוֹיף דִיא עֲוֹנוֹת? אוּן דוּא, רִבּוֹנוֹ שֶׁל עוֹלָם,
טְהוּסְט נִיט ווי אַ בָּשָׂר וָדָם, דֶען אַז מֶען קוּמְט זִיךְ צוּ שְׁטֶע־
לֶען צוּם מִשְׁפָּט פַאר אַ בָּשָׂר וָדָם וֶועט עֶר נִיט בַּאוַוייזֶען אִין
מִשְׁפָּט קַיין דֶערְבַּארֶעמְקַייט, אָבֶּער דוּא נָאט, דוּא טְהוּסְט
אַלֶערְלֵיי וואוּנְדֶער, דָאס דוּא בַּאוַוייזְט אִין מִיטֶען מִשְׁפָּט דַיין
דֶערְבַּארֶעמְקַייט. דַארוּם דֶערְבַּארֶעם דִיךְ אִיבֶּער מִיר אוּן
שֵׁיינְק מִיר מַיין לֶעבֶּען אוּן מַיין מַאן'ס לֶעבֶּען אוּן מַיינֶע קִינְ־
דֶערְ'ס לֶעבֶּען, אָמֵן:

גַל מֵעָלַי חֲרוֹנְךָ, נֶעהְם אַרוּנְטֶער פוּן מִיר דַיין רוֹגֶז. דוּ זָאלְסְט
מִיטְ'ן קוֹל פוּן שׁוֹפָר פַארְשְׁלִיעסֶען דֶעם מוֹיל פוּן שָׂטָן,
וֶועלְכֶער אִיז תָּמִיד אוֹיף אוּנְז מְקַטְרֵג, אוּן פַארְגִיבּ אוּנְז אוּנְ־
זֶערֶע זִינְד דוּרְךָ דֶעם קוֹל פוּן שׁוֹפָר, דֶען וִויא דֶער שׁוֹפָר אִיז
אַיינְגֶעבּוֹיגֶען, אַזוֹי וֶועלֶען מִיר אוּנְזֶער הַארְץ אַיינְבּוֹיגֶען צוּא
טְהָאן תְּשׁוּבָה אוֹיף אוּנְזֶערֶע עֲוֹנוֹת, אוּן מִיר זָאלֶען זוֹכֶה זַיין
דָאס יָאהְר צוּ הֶערֶען שׁוֹפָר שֶׁל מָשִׁיחַ, אָמֵן:

---

משלי אבות

הָאט עֶר זִיךְ צוּזַאמֶענְגֶעטְרָאפֶען מִיט זַיינֶעם אַ פֶּעטֶער, עֶר הָאט זַיין פֶּע־טֶער דֶערְצֶעהְלְט דֶעם צְוֶועק פוּן זַיין נְסִיעָה, זֵיי הָאבֶּען בֵּיידֶע פַארְבְּרַאכְט אַ צַייט אוּן דֶערְנָאךְ אִיז דֶער יוּנְגֶער מַאן אַוֶועק צוּ זִיךְ אוֹיף זַיין סְטַאנְצְיֶע, דֶער טְרַייעֶר פֶּעטֶער אִיז גֶעגַאנְגֶען צוּא זַיינֶע בַּאקַאנְטֶע פַאבְּרִיקַאנְטֶען

דבקתי בְּמַעֲשִׂים רָעִים, אִיךְ הָאבּ מִיךְ בַּאהֶעפְט אִין בֵּייזֶע אוּן שְׁלֶעכְטֶע מַעֲשִׂים. אִיךְ הָאבּ מִיךְ גֶעלָאזְט פוּן דֶעם יֵצֶר־הָרָע אָנְרֵיידֶען, אִיךְ הָאבּ נָאר נִישְׁט גֶעטְרַאכְט אַז אִיךְ וֶועל מוּזֶען שְׁטֶעהֶען צוּם מִשְׁפָּט אוּן אִיךְ בִּין נָאכְגֶעגַאנְגֶען נָאךְ דִיא תַּאֲוַת לִבִּי. רִבּוֹנוֹ שֶׁל עוֹלָם, וֶוען אִיךְ וֶועל וֶועלֶען מִתְוַדֶּה זַיין פַאר דַיין הֵיילִיגֶען נָאמֶען אוֹיף מַיינֶע עֲבֵירוֹת וֶועלֶען דִיא טֶעג זִיךְ אוֹיסְלָאזֶען אוּן אִיךְ וֶועל נִיט קָאנֶען אוֹיסְרֶעכְנֶען מַיינֶע בִּיטֶערֶע עֲבֵירוֹת, וָוארוּם זֵיי זַיינֶען זֶעהְר פִיעל. אוֹיף וֶועלְכֶע עֲבֵירוֹת זָאל אִיךְ זִיךְ מִתְוַדֶּה זַיין, צוּגוּ אוֹיף דִי עֲבֵירוֹת וָואס אִיךְ הָאבּ גֶעטָאן בְּמֵזִיד אָדֶער אוֹיף דִי עֲבֵירוֹת וָואס אִיךְ הָאבּ גֶעטְהָאן אוּמְגֶערְן. רִבּוֹנוֹ שֶׁל עוֹלָם, אִיךְ בֶּעט דִיךְ, אַז דוּ זָאלְסְט אָפְּוַואשֶׁען פוּן מִיר דִי עֲבֵירוֹת וָואס אִיךְ הָאבּ גֶעטְהָאן אוּן זָאלְסְט מִיךְ מַאכֶען רֵיין פוּן מַיינֶע עֲוֹנוֹת, אָמֵן:

לולי חֲסָדֶיךָ עַל מָה אֶסְמוֹךְ, וֶוען נִיט דַיין גֶענֶעדִיגְקַייט אוֹיף וָואס וָואלְט אִיךְ גֶעהַאט צוּ פַארְלָאזֶען זִיךְ אִין אַזֶעלְכֶע טֶעג, וָוארוּם דִיא טֶעג זַיינֶען זֶעהְר מוֹרָא'דִיג. מֶען רֶעכֶענְט אִיטְלִיכֶען אִיבֶּער אוּן מֶען לֵייעֶנְט אִיטְלִיכֶענְס מַעֲשִׂים וָואס אִיטְלִיכֶער הָאט גֶעטְהָאן. אִיךְ הָאבּ מִיךְ נָאר סוֹמֵךְ צוּ זַיין אוֹיף תְּשׁוּבָה, דֶען דוּ הָאסְט בַּאשַׁאפֶען תְּשׁוּבָה אוֹיף דִיא עֲבֵירוֹת, דַארוּם בִּין אִיךְ מְקַבֵּל אוֹיף מִיר צוּ תְּשׁוּבָה טְהָאן אוּן דִיךְ רֶעכְט צוּ דִיעֶנֶען:

בחסדך תְּדִינֵנִי, גָאט מַיין גָאט, מִשְׁפָּט מִיךְ מִיט דַיין גֶענָאד. מִיר שְׁרַייעֶן אוּן בֶּעטֶען דוּא זָאלְסְט אוּנְז פַארְגֶעבֶּען אוּנְזֶערֶע זִינְד אוּן זָאלְסְט אָנְנֶעהְמֶען אוּנְזֶער תְּשׁוּבָה. דֶערְוֶועקְט אַייךְ אוּנְזֶערֶע אָבוֹת וָואס לִיעֶגֶען אִין דֶער מְעָרַת הַמַכְפֵּלָה צוּא שְׁטִיצֶען מִיךְ. קֵיין מַעֲשִׂים טוֹבִים אִיז אִין מִיר נִיט פַאראַן, בֶּעט אִיךְ גָאט עֶר זָאהְל זִיךְ

---

משלי אבות

אוּן הָאט פַאר אִיהְם צוּזַאמֶענְגֶעקוֹיפְט בַּייא פַארְשִׁיעדֶענֶע פַאבְּרִיקַאנְטֶען פַארְשִׁיעדֶענֶע סָארְטֶען סְחוֹרָה צוּא דִי בִּילִיגְסְטֶע פְּרֵייזֶען, דִיא פַאבְּרִיקַאנְטֶען הָאבֶּען אָנְגֶעפַאנְגֶען צוּזַאמֶענְצוּשִׁיקֶען דִיא סְחוֹרָה, וֶועלְכֶער דֶער פֶעטֶער הָאט פַאר אִיהְם אָנְגֶעקְלִיבֶּען, פוּן אַיין פַאבְּרִיקַאנְט אִיז

אויף מִיר דֶערְבַּארְמֶען. רִבּוֹנוֹ שֶׁל עוֹלָם, מַאךְ אוּנְז ווִידֶערְקֶעהְרֶען צוּ דִיר מִיר זָאלֶען ווִיעדֶער אָנְגֶערוּפֶען וֶוערֶען דַיין פָאלְק. זָאל זִיךְ דֶערְבַּארְמֶען דַיין גֶענָאד אִין זְכוּת פוּן אוּנְזֶערֶע אָבוֹת, אָמֵן סֶלָה:

רַחֲמֶיךָ יָלִין בְּעַד רְשׁוּמִים בַּכִּסֵא, דַיין גֶענָאד אוּן דֶערְבַּארֶעמְקַייט זָאלֶען זַיין מְלִיצֵי יוֹשֶׁר פַאר דִיא יִשְׂרָאֵל אוּן אוֹיךְ דֶער זְכוּת פוּן יוֹסֵף הַצַדִיק דָאס עֶר הָאט גֶעטְהָאן כָּבוֹד צוּ דַיין נָאמֶען זָאל אוּנְז בַּיישְׁטֶעהֶען מֶען זָאהְל חָלִילָה נִיט קוּמֶען צוּ שִׁפְלוּת אָדֶער צוּ אָרֶעמְקַייט, אָמֵן:

יָדַעְתִּי כִּי סַרְתִּי מִמִּצְוֹתֶיךָ, אִיךְ ווֵייס אַלֵיין אַז אִיךְ הָאבּ זִיךְ אָבְּגֶעווֶענְדְט פוּן דַיינֶע לִיעבֶּע גֶעבָּאט, אָבֶּער אִיךְ טְהוּ הָאפֶען אוֹיף דַיין הֵיילִיגֶען נָאמֶען אַז דוּ וֶועסְט מִיט מִיר נִיט מְדַקְדֵק זַיין. זָאהְל אוֹיף מִיר מְקוּיָם וֶוערֶען וָואס אִין דֶער תּוֹרָה שְׁטֶעהְט: גָאט וַוארְפְט אַוֶועק דִי עֶרְשְׁטֶע עֲבֵירוֹת אוּן זֶעהְט דִי זְכִיּוֹת זָאלֶען אִיבֶּערְוֶועגֶען דִי עֲבֵירוֹת:

בְּצִדְקָתְךָ תַּדִּיחַ כְּתָמִים. מִיט דַיינֶע גֶערֶעכְטִיגְקַייט זָאלְסְט דוּ אוֹיסְמֶעקֶען דִי פְלֶעקֶען וָואס אִיךְ הָאבּ גֶעמַאכְט אִין דֶעם קְלֵייד פוּן מַיין נְשָׁמָה מִיט מַיינֶע גְרוֹיסֶע עֲבֵירוֹת. וָואס וֶועט דִיר אַרוֹיסְקוּמֶען פוּן אוּנְזֶער בִּיטֶערֶען טוֹידְט אָדֶער חָלִילָה פוּן דֶעם טוֹידְט פוּן דִי קְלֵיינֶע קִינְדֶערְלַאךְ? וָואס הָאבֶּען מִיר דֶען גֶעטְהָאן צוּ דַיין הֵיילִיגֶען נָאמֶען? מִיר הָאבֶּען נָאר זִיךְ שְׁלֶעכְטְס גֶעטְהָאן. דַיין נָאמֶען אִיז הֵיילִיג אוּן אִימֶער אוּן אֵייבִּיג. דַארוּם דֶערְבַּארֶעם דִיךְ אִיבֶּער

---

משלי אבות

מֶען אַרוֹיס אוּן פוּן דֶעם אַנְדֶערֶען אִיז גֶעקוּמֶען מִיט סְחוֹרָה, בִּיז מֶען הָאט אִיהְם אַרוּמְגֶענוּמֶען פוּן אַלֶע זַייטֶען אוּן עֶר אִיז מִיט זַיי בַּאשֶׁעפְ־טִיגְט גֶעוֶועזֶען אֵיינִיגֶע טֶעג, דֶער יוּנְ־גֶער מַאן הָאט פַאר אַלֶעם בַּאצָאהְלְט פַאר אַלֶעם מְזוּמָן בִּיז עֶר אִיז גֶעבְּלִי־בֶּען אָהְן גֶעלְט, נָאר וָואס עֶר הָאט

אונז און זָאהל אָן אונז מְקוּיָם װערען דער פָּסוּק: „קָרוֹב ה׳ לְכָל קוֹרְאָיו״, דוּ בִּיסְט נָאהענט צוּ די װָאס רוּפֶען דיך. וְרַחֵם עַל מַמְלִיכְךָ, דערבַּארֶעם דיך איבּער אונז. כִּי אֲנַחְנוּ עַמְּךָ וְצֹאן מַרְעִיתֶךָ. דען מִיר זַיינֶען דיינֶע שָׁאף, װָאס דוּ פַּאשֶׁעסְט אוּנְז. הָשֵׁב שְׁכִינָתְךָ לְצִיּוֹן, קֶעהר אוּם דַיין שְׁכִינָה אִין דער שְׁטָאדְט צִיּוֹן און עֶס זָאהל מְקוּיָם װערען „וּבָא לְצִיּוֹן גּוֹאֵל״, שִׁיק קַיין צִיּוֹן דַיין עֶרְלֵייזֶער. אָמֵן סֶלָה:

# תְּחִנָּה פוּן ראשׁ חוֹדֶשׁ אֱלוּל.

די תְּחִנָּה זָאל מֶען זָאגֶען אוּם ראשׁ חוֹדֶשׁ אֱלוּל און אויך מָאנְטָאג און דָאנֶערְשְׁטָאג װען מֶען זָאגְט בְּרִיךְ שְׁמֵיהּ, בִּפְרַט אוּם ראשׁ הַשָּׁנָה און יוֹם כִּפּוּר:

יְיָ יְיָ, דוּ בִּיסְט אַ בַּארֶעמְהֶערְצִיגֶער גָאט און דערבַּארֶעמְסְט דיך איבּער יעדען מֶענְטְשֶׁען, חָאטְשׁ ער זִינְדִיגְט און דוּא בִּיסְט אִיהְם מוֹחֵל דוּרְךָ תְּשׁוּבָה:

אֵל רַחוּם, דוּ בִּיסְט אַ בַּארֶעמְהֶערְצִיגֶער גָאט און דערבַּארֶעמְסְט דיך איבּער דעם מֶענְטְשׁ װָאס טְהוּט דיך בֶּעטֶען אַז דוּ זָאלְסְט אִיהְם טְהָאן חֶסֶד חִנָּם און אִיהְם מוֹחֵל זַיין זַיינֶע עֲבֵירוֹת. וְחַנּוּן, און דוּא בִּיסְט אַ לַייטְזֶעלִיגֶער גָאט. דוּא טְהוּסְט לַייטְזֶעלִיגֶען צוּא דעם װָאס קוּמְט מִיט תְּפִלָּה צוּ דִיר. אֶרֶךְ אַפַּיִם דוּא דערלַיינְגֶערְסְט דַיין גְרִימְצָארְן און דוּא בִּיסְט נִיט גִיךְ צוּ דערְצֶערְנֶען אֲפִילוּ צוּ דעם רָשָׁע. אַיילְסְט נִיט צוּ צָאהְלֶען דעם מֶענְטְשֶׁען נָאךְ זַיינֶע מַעֲשִׂים רָעִים נָאךְ, נָאר דוּ

---

משלי אבות

זיך גֶעלָאזֶען אוּם צוּא קָאנֶען ברייזֶען צוּרִיק. בְּעֵת ער הָאט אָפְּשׁיעד גֶעגוּמֶען פון פֶעטֶער, זָאגְט ער צוּ אִיהְם: —לִיבֶּער פֶעטֶער, מִיט אַייעֶר פְּריינְדְשַׁאפְט הָאט אִיהְר מִיר פַארְמַאטֶערְט, יעדֶער פַאבְּרִיקַאנְט הָאט מִיר גֶעשִׁיקְט סְחוֹרָה אִין אַייעֶר נָאמֶען מִיט בֶּעשְׁטִימְטֶע פְּרייזֶען אִיךְ הָאב אַלֶעס

נָארְטְסְט טָאמֶער וֶועט עֶר תְּשׁוּבָה טְהָאן. וְרַב חֶסֶד, אוּן דוּ טְהוּסְט פִיעל גֶענָאד צוּ דִיא לַייט וָואס הָאבֶּען קֵיין זְכוּת נִיט. וֶאֱמֶת, אוּן דוּ בִּיסְט אַ וָואהְרְהַאפְטִיגֶער גָאט. דוּ שְׁטְרָאפְסְט דֶעם מֶענְטְשֶׁען פַאר זַיינֶע זִינְד, אָבֶּער דֶערְנָאךְ וֶועסְטוּ אִיהְם גֶעבֶּען אַ גוּטֶען שְׂכַר לְעוֹלָם הַבָּא פַאר דֶעם גוּטְס וָואס עֶר הָאט גֶעטְהָאן אוֹיף דֶער וֶועלְט. נוֹצֵר חֶסֶד לָאֲלָפִים, דוּא גֶעדֶענְקְסְט דָאס גוּטְס וָואס דֶער צַדִּיק הָאט גֶעטְהָאן אוֹיף דֶער וֶועלְט בִּיז זַיין טוֹיזֶענְד גֶעבִּירְט. נוֹשֵׂא עָוֹן וָפֶשַׁע, דוּא פַארְטְרָאגְסְט דִי זִינְד, וָואס עֶר הָאט גֶעזִינְדִיגְט, אוּן אַז עֶר טְהוּט תְּשׁוּבָה בִּיסְטוּ אִיהְם מוֹחֵל. וְחַטָּאָה, אֲפִילוּ דִיא עֲבֵירוֹת וָואס דֶער מֶענְטְשׁ קֶען זִיךְ הִיטֶען פַאר זֵיי, סַיי מִיט הֶערְצֶען, אָדֶער מִיט זֶעהְן, אָדֶער מִיט רֵייד. וְנַקֵּה, אוּן דוּ רֵיינִיגְסְט דֶעם מֶענְשֶׁען פוּן זַיין זִינְד אוּן וֶוען עֶר טְהוּט תְּשׁוּבָה מִיט זַיין גַאנְצֶען הַארְצֶען וֶוערְט פוּן דִי עֲבֵירוֹת זְכֻיּוֹת:

רִבּוֹנוֹ שֶׁל עוֹלָם, הֶערְר פוּן דֶער גַאנְצֶער וֶועלְט. דוּא זָאלְסְט דֶערְהֶערֶען מַיין בַּקָּשָׁה צוּא גוּטֶען אוּן דוּא זָאלְסְט מִיר אוּן מַיין מַאן אוּן מַיינֶע קִינְדֶער פַארְגֶעבֶּען אַלֶע זִינְד וָואס מִיר הָאבֶּען גֶעזִינְדִיגְט אוּן גֶעשׁוּלְדִיגְט גֶעגֶען דַיין הֵיילִיגֶען נָאמֶען, אוּן דוּ זָאלְסְט אוּנְז גֶעדֶענְקֶען יֶעצְט צוּא דֶעם יוֹם הַדִּין צוּ גוּטֶען, צוּ אַ כְּתִיבָה וַחֲתִימָה טוֹבָה אוּן הֶעלְפֶן אוּנְז מִיט דֶערְבַּארְמַקֵייט, אוּן זָאלְסְט אוּנְז יֶעצְט גֶעדֶענְקֶען צוּ לֶעבֶּען לַאנְג מִיט גֶעזוּנְד אוּן מִיט שָׁלוֹם אוּן זָאלְסְט אוּנְז גֶעבֶּען אַ גְרִינְגֶע פַּרְנָסָה, דֶען יֶעצְט אִיז דִיא צַייט וָואס דוּ צֵייכֶענְסְט אָן דֶעם מֶענְטְשֶׁען פַּרְנָסָה אוֹיף דֶעם גַאנְצֶען יָאהְר. אַלְמֶעכְטִיגֶער גָאט,

---

משלי אבות

גֶעמוּזְט צוּ גֶעהְסֶען אוּן בַּאצָאהְלֶען אוּן יֶעצְט בִּין אִיךְ גֶעבְּלִיעבֶּען אָהְן אַ פְּרוּטָה, אִיךְ בִּיז רֶעם עֶרְשְׁטֶען מָאל הָא הָאבּ אִיךְ גֶעוָואלְט עֶטְוָואס פַארְ־גַנְגֶען הָאבֶּען יֶעצְט מוּז אִיךְ שׁוֹין פָאהְרֶען צוּ הוֹיזֶע דֶען אִיךְ בִּין שׁוֹין קוּרְץ אִין גֶעלְד. עֶנְטְפֶערְט אִיהְם דֶער פֶעטֶער: — ווי גְלִיקְלִיךְ בִּיסְטוּ יֶעצְט

זָאלְסְט אוּנְז טְהָאן לִפְנֵים מִשּׁוּרַת הַדִּין און דוּ זָאלְסְט אוּנְז אָנְשְׁרַייבֶּען צוּ פַּרְנָסָה וְכַלְכָּלָה. עֶס זָאהְל נִיט זַיין מִיט בִּזָּיוֹן חַס וְשָׁלוֹם, נָאר מִיט כָּבוֹד און מִיט הֶיתֵּר, נִיט מִיט אִיסּוּר חַס וְשָׁלוֹם, דֶען דוּא בִּיסְט דֶער הֶערְר פוּן דֶער גַאנְצֶער וֶועלְט, וָואס שְׁפַּייזְט אַלֶע בַּאשֶׁעפֶענִישׁ פוּן דֶעם קְלֶענְסְטֶען בִּיז דֶעם גְרֶעסְטֶען, דֶען דִי אוֹיגֶען פוּן אַלֶע בַּאשֶׁע־פֶענִישׁ פוּן דֶער וֶועלְט הָאפֶען צוּא דִיר, לִיעבֶּער גָאט, און דוּא גִיסְט אִיטְלִיכֶען זַיין בַּאדֶערְפֶענִישׁ און שְׁפַּייז אִין זַיין צַייט. דוּ זָאלְסְט אוּנְז אָנְשְׁרַייבֶּען צוּא אַ גוּט לֶעבֶּען, דָאס מִיר זָאלֶען רֶעכְט הַאלְטֶען דַיינֶע לִיעבֶּע הֵיילִיגֶע תּוֹרָה און מִצְוֹת, און דוּ זָאלְסְט אוּנְז גֶעבֶּען שֵׂכֶל און חָכְמָה דָאס מִיר זָאלֶען פַארְשְׁטֶעהֶען דַיין הֵיילִיגֶע תּוֹרָה און מִצְוֹת, און זָאלְסְט שִׁיקֶען אַ רְפוּאָה שְׁלֵמָה צוּ אוּנְזֶער וֶועהְטָאג און מִיר זָא־לֶען בַּאלְד דֶערְלֵייזְט וֶוערֶען פוּן אוּנְזֶער דַחֲקוּת, און גִיעבּ אוּנְז בְּרָכָה וְהַצְלָחָה אִין אַלֶע אוּנְזֶערֶע עֲסָקִים און מַשָּׂא וּמַתָּן וָואס מִיר טְהוּעֶן. דוּ זָאלְסְט עֶרְוֶועקֶען דִי הֶערְצֶער פוּן דִי מְלָכִים און זַייעֶרֶע יוֹעֲצִים אֵייף אוּנְז צוּא גוּטֶען, און עֶס זָאהְל זַיין דֶער ווִילֶען פוּן דִיר אַלְמֶעכְטִיגֶער גָאט, אַז דִיא רֵייד פוּן מַיין מוֹיל און דִיא גֶעדַאנְקֶען פוּן מַיין הַארְצֶען זָאלֶען זַיין בַּאוִוילִיגְט פַאר דִיר, דֶען דוּא בִּיסְט מַיין בַּאשֶׁעפֶער און מַיין דֶערְלֵייזֶער, אָמֵן כֵּן יְהִי רָצוֹן:

(דֶערְנָאךְ זָאגְט מֶען „וַאֲנִי תְפִלָּתִי" דְרַייא מָאל):

# תְּחִנָּה לְחוֹדֶשׁ אֱלוּל וּלְרֹאשׁ הַשָּׁנָה.

דִיא שֶׁעהְנֶע תְּחִנָּה זָאהְל מֶען זָאגֶען אִין חוֹדֶשׁ אֱלוּל אַלֶע טָאג וֶוען מֶען הֶערְט שׁוֹפָר בְּלָאזֶען, בִּפְרַט אוּם רֹאשׁ הַשָּׁנָה. מִיט גְרוֹיס כַּוָּנָה:

אֵל מֶלֶךְ דַיָּן שׁוֹפֵט צֶדֶק וֶאֱמֶת. דוּא בִּיסְט אַ וָוארְהַאפְטִי־גֶער, גֶערֶעכְטֶער גָאט. דוּ בִּיסְט גֶערֶעכְט און דַיין מִשְׁפָּט

איז גערעכט, דוא ביסט דן אלע באשעפענעש מיט אמת און מיט גערעכטיגקייט. מה נאמר ומה נדבר, וואס זאלען מיר זאגען אדער וואס זאלען מיר ריידען? דער מנהג איז צווישען אונז ישראל, דאס מען פאנגט אן דרייסיג טעג פאר ראש־השנה צו בלאזען שופר צו דערוועקען דיא לייט צו תשובה, דארום דארף יעדער מענטש ציטערען און דערשרעקען זיך. ווען ער הערט שופר בלאזען און זיך שטעלען מיט גרויס פארכט און ציטערניש צו בעטען פאר הקדוש ברוך הוא צו דעם יום הדין הגדול והנורא:

רבונו של עולם, דו הערר פון דער גאנצער וועלט, איך בין געקומען פאר דיר מיט א צובראכען הארץ צוא בעטען פון דיין הייליגען פארכטיגען נאמען א מחילה, סליחה וכפרה אויף מיינע עבירות וואס איך האב געטהאן אין דיא טעג ופון מיין לעבען, סיי עבירות בשוגג אדער במזיד, סיי בדבור, במחשבה אדער במעשה, בעט איך דיך דוא אלמעכטיגער גאט, דוא זאלסט מיר מוחל זיין א מחילה גמורה אויף זיי, דען ווען דו ווילסט מיר חס ושלום ניט מוחל זיין צוא וועמען זאהל איך מיך ווענדען? בארעמהערציגער גאט פון דער גאנצער וועלט, דוא האסט דאך ליעב דעם מענטשען ווען ער האט חרטה אויף זיינע עבירות און וויל זיי מעהר נישט טהאן, בעט איך דיך מיט'ן גאנצען הארצען, אוי לי, וועה איז צו מיר, וואס איך האב געטהאן מעשים רעים און האב בעשמוצט מיין נשמה, וואס קומט פון א הייליגען ריינעם ארט און השם יתברך האט מיר זי געגעבען דאס איך זאל זי הייליגען און ריין האלטען וויא אן אבן טוב.

---

משלי אבות

דו וועסט מיר איטער דאנקען וואס איך האב ביי דיר ביין צייט און ביין געלד צוגענומען דען דא איז מעשים בכל יום אז עס קומען יונגע לייט מיט גרויסע קאפיטאלען עס לאזען זיך צו זיא צו חברה און מען פארברייגגט גאר אין פארגניגען ביז מען צאפט זיי אויס די עטליכע גילדען און פאר־

וָואס װֶעל אִיךְ טְהָאן און עֶנְטְפֶערֶען, װֶוען הַשֵּׁם יִתְבָּרַךְ װֶעט מִיךְ פָֿא־דֶערֶען און אִיךְ װֶעל מוּזֶען חֶשְׁבּוֹן גֶעבֶּען פַֿאר זַיין הֵיילִיגֶען כִּסֵא הַכָּבוֹד? דַארוּם בֶּעט אִיךְ דִיךְ דוּ לִיעבֶּער בַּארֶעמְהֶערְצִיגֶער גָאט, אַז דוּ זָאלְסְט דִיךְ דֶערְבַּארֶעמֶען אִיבֶּער מִיר אָרֶעמֶער זִינְדִיגֶער מֶענְטְשׁ, און דוּ זָאלְסְט מִיר גֶעדֶענְקֶען מַיינֶע זְכִיּוֹת און דוּ זָאלְסְט הֶערֶען מַיין תְּפִלָּה וָואס אִיךְ בִּין פַֿאר דִיר יֶעצְט מִתְפַּלֵל, און נֶעהְם פַֿאר דִיר מַיינֶע טְרֶעהְרֶען, דֶען װֶען שׁוֹין אַלֶע טְהוֹיעֶרֶען זַיינֶען צוּא גֶעשְׁלָאסֶען, אָבֶּער דִי טְהוֹיעֶרֶען פוּן טְרֶעהְרֶען זַיינֶען דָאךְ נִיט פַֿארְשְׁלָאסֶען. דוּא זָאלְסְט זֶעהֶען מַיין צַעַר און זַיי דִיךְ מְרַחֵם אִיבֶּער מַיין גוּף און נְשָׁמָה און זָאלְסְט מִיר מוֹחֵל זַיין אַ מְחִילָה גְמוּרָה, און זָאלְסְט מִיךְ מִיט מַיין מַאן און קִינְדֶער אָנְשְׁרַייבֶּען צוּ אַ שָׁנָה טוֹבָה, לְחַיִּים וּלְשָׁלוֹם, לְשָׂשׂוֹן וּלְשִׂמְחָה, לִגְאוּלָה שְׁלֵמָה, און זָאלְסְט אוֹיף אוּנְז גוֹזֵר זַיין גְּזֵירוֹת טוֹבוֹת יְשׁוּעוֹת וְנֶחָמוֹת און דוּא זָאלְסְט מְבַטֵּל זַיין אַלֶע גְּזֵירוֹת רָעוֹת פוּן מִיר און פוּן מַיין מַאן און אוּנְזֶערֶע קִינְדֶער און פוּן כָּל יִשְׂרָאֵל, אָמֵן סֶלָה:

# תְּחִנָּה פוּן סְלִיחוֹת.

די תְּחִנָּה זָאל מֶען זָאגֶען אִין דֶער פְרִיה צוּ סְלִיחוֹת פַֿאר ראש הַשָּׁנָה:

**אֲדוֹן** עוֹלָם, הֶערְר פוּי דֶער גַאנְצֶער װֶעלְט, דוּא בִּיסְט גֶע־װֶען אַ קֶענִיג נָאךְ אֵיידֶער דוּא הָאסְט בַּאשַׁאפֶען דִיא װֶעלְט און דוּ הָאסְט אַלְסְדִינְג בַּאשַׁאפֶען אַזוֹי װִיא דוּ הָאסְט גֶעוָואלְט פוּן דַיין כָּבוֹד װֶעגֶען. װֶער קֶען זִיךְ צוּ דִיר גְלַייכֶען אָדֶער אַנְטְקֶעגֶען דִיר זִיךְ שְׁטֶעלֶען? װֶער קֶען דֶערְצֶעהְלֶען

---

משלי אבות

בייזֶען מִיט גָאר נִיט, הָאב אִיךְ דִיר פַֿארְהִיט אַז מִיט דִיר זָאהְל עֶס חַס וְשָׁלוֹם נִיט פַּאסִירֶען, יֶעצְט פָֿאהְר אַהַיים גֶעזוּנְד, מַיין קִינְד (ה׳ יִשְׁמָר צֵאתְךָ וּבוֹאֶךָ). דֶער יוּנְגֶער מַאן הָאט אִיהְם גֶעדַאנְקְט פוּן טִיעֶפֶען הַאר־צֶען און אָבְּגֶערַייזְט נָאךְ הוֹיזֶע לְשָׁלוֹם. דֶער נִמְשָׁל אִיז, הַשֵּׁם יִתְבָּרַךְ הָאט

דַיין גְרוֹיסְקַייט אוּן דַיין בַּאַרִיהְמְטְהַייט? דָאס שְׁטַארְקַייט אוּן דָאס הֶערְשַׁאפְט אִיז אִין דַיין הַאנְד. דוּ בִּיסְט אֵיין אֵיינְצִיגֶער גָאט, דוּא קֶענְסְט מִיךְ דֶערְלֵייזֶען אוּן מִיךְ דֶערְפְרֶעהֶען וֶוען אִיךְ רוּף צוּ דִיר, אִין דַיין הַאנְט בַּאהַאלְט אִיךְ מַיין נְשָׁמָה אַז אִיךְ גֶעה שְׁלָאפֶען, אוּן אַז אִיךְ כַאפּ זִיךְ אוֹיף פוּן מַיין שְׁלָאף קֶעהְרְסְטוּ וִויעדֶער דִי נְשָׁמָה אִין מַיין גוּף אַרַיין. אַז גָאט אִיז מִיט מִיר הָאבּ אִיךְ גָאר נִישְׁט צוּא זָארְגֶען אוּן מוֹרָא הָאבֶּען פַאר קֵיין שׁוּם זַאךְ, פָאטֶער גָאט, זֶעה פוּן דַיין הֵיילִיג אָרְט אוּן רֶערְבַּארֶעם דִיךְ אִיבֶּער אוּנְז אוּן הֶעלְף אוּנְז. דֶען אַז אוּנְזֶער בֵּית הַמִּקְדָּשׁ אִיז גֶעשְׁטַאנֶען אִיז בַּיי אוּנְז וֵויינִיג זִינְד גֶעוֶוען, דֶען אוּנְזֶער הֵיילִיג הויז הָאט אוּנְז דִיא זִינְד פַארְגֶע־בֶּען, דִיא קָרְבָּנוֹת פוּן בַּיי נַאכְט הָאבֶּען פַארְגֶעבֶּען פַאר דִיא עֲבֵירוֹת וָואס מֶען הָאט גֶעטְהָאן בַּייא טָאג. יֶעצְט מִיט וָואס זָאלֶען מִיר צוּ דִיר קוּמֶען? דַארוּם זָאלְסְטוּ פַאר דִיר נֶעהְמֶען אוּנְזֶערֶע צוּבְּרָאכֶענֶע הֶערְצֶער אוּן עֶס זָאל פַאר דִיר אָנְגֶע־נוּמֶען וֶוערֶען אוּנְזֶער תְּפִלָּה אַזוֹי וִויא אַ קָרְבָּן עוֹלָה אוּן דוּא זָאלְסְט אוּנְז אוּנְזֶער בֵּית הַמִּקְדָּשׁ בּוֹיעֶן בִּמְהֵרָה בְיָמֵינוּ, אָמֵן:

רִבּוֹנוֹ שֶׁל עוֹלָם, הֶערְר פוּן דֶער גַאנְצֶער וֶועלְט, אִיךְ קוּם בֶּעטֶען פַאד דִיר מִיט אַ צוּבְּרָאכֶען הַארְץ, אִיךְ קֶען זִיךְ קֵיין שׁוּם עֵצָה נִיט גֶעבֶּען, וָואס אִיךְ זָאהְל טְהָאן צוּ דֶעם יוֹם הַדִּין הַגָּדוֹל וְהַנּוֹרָא וָואס קוּמְט צוּא דֶעם נַייעֶם יָאהְר, חָאטְשׁ אוּנְזֶערֶע חֲכָמִים הָאבֶּען מְתַקֵּן גֶעוֶוען אַז עֶטְלִיכֶע טֶעג

---

משלי אבות

אַבְּאַפְּגֶעשִׁיקְט דֶעם מֶענְטְשֶׁען אוֹיף דֶער וֶועלְט עֶר זָאל דָא אַיינְהַאנְדְ־לֶען תּוֹרָה וּמִצְווֹת, נָאר וִוי דֶער מֶענְשׁ קוּמְט אַהֶער זֶעהְט עֶר פַאר זִיךְ אַ וֶועלְט מִיט אַלֶערְלֵייא תַּאֲווֹת עוֹלָם הַזֶּה אוּן אַז עֶר זָאל זִיךְ חַס וְשָׁלוֹם צוּלָא־זֶען צוּ זֵיי אִיז עֶר אוּנְגְלִיקְלִיךְ, (כִּי יֵצֶר לֵב הָאָדָם רַע מִנְּעוּרָיו). דֶער מֶענְשׁ

פַאר ראֹש הַשָּׁנָה זָאל מֶען אוֹיפְשְׁטֶעהֶען גַאנְץ פְרִיה אוּן מֶען זָאהְל זָאגֶען סְלִיחוֹת. כְּדֵי עֶם זָאהְל אָנְגֶענוּמֶען וֶוערֶען פַאר הַשֵּׁם יִתְבָּרַךְ. אָבֶער זֵייא הָאבֶּען גֶעמֵיינְט אַזֶעלְכֶע מֶענְטְשֶׁען, וָואס זַיינֶען רֵיין פוּן זִינְד, דִי זָאלֶען בֶּעטֶען פַאר הַשֵּׁם יִתְבָּרַךְ, עֶר זָאהְל זֵיי גֶעבֶּען זֵייעֶרֶע בַּאדֶערְפֶענִישׁ, אָבֶער נִישְׁט אַזַא מֶענְשׁ וִוי אִיךְ בִּין, דֶען אִיךְ וֵויים וואוּיל אַז אִיךְ בִּין פוּל מִיט זִינְד אוּן וִויא אַזוֹי קֶען אִיךְ בֶּעטֶען פוּן הַשֵּׁם יִתְבָּרַךְ אַז עֶר זָאהְל מִיר גֶעבֶּען פִיעל גוּטֶס, אַז אִיךְ בִּין גָאר נִיט וֶוערְטְה? פוּן דֶעסְטְוֶועגֶען הָאבּ אִיךְ מִיךְ פָארְט דֶערְוֶועקְט מִיט גְרוֹיס מוֹרָא אוּן צִיטֶערְנֶעשׁ צוּ בֶּעטֶען הַשֵּׁם יִתְבָּרַךְ. אִיךְ וֵויים נִיט וָואס זָאל אִיךְ טְהָאן, מִיט וָואס זָאל אִיךְ דִיךְ אִיבֶּער בֶּעטֶען אוּן מִיט וָואס זָאהְל אִיךְ דִיךְ בַּאוֶועגֶען אַז דוּא זָאלְסְט מִיר פַארְגֶעבֶּען מַיינֶע זִינְד וָואס אִיךְ הָאבּ גֶעטְהָאן? אוֹיבּ מִיט תְּשׁוּבָה אוּן וִוידוּי, טְהוּ אִיךְ בְּוַדַּאי תְּשׁוּבָה אוּן בִּין מִתְוַדֶּה פַאר דִיר גָאט מַיין גָאט אוּן גָאט פוּן מַיינֶע עֶלְטֶערֶען. אִיךְ הָאבּ גֶעזִינְדִיגְט אוּן גֶעשׁוּלְדִיגְט אוּן וִוידֶערְגֶעשְׁפֶּענִיגְט פַאר דִיר אוּן דוּא לִיעבֶּער גָאט דוּ בִּיסְט דָאךְ אַ דֶערְבַּארֶעמִיגֶער אוּן פַארְטְרָאגֶסְט דִיא זִינְד פוּן אַלֶע, זֵיי מִיר אוֹיךְ מוֹחֵל. אוּן אוֹיבּ מִיט תְּפִלָּה אוּן תְּחִנָּה בִּיסְט דוּ מוֹחֵל, מַאךְ אִיךְ פַאלֶען, לִיעבֶּער גָאט, מַיין גֶעבֶּעט פַאר דִיר, אוּן אוֹיבּ מִיט גֶעוֵויין אוּן גֶעשְׁרֵיי בִּיסְט דוּ מוֹחֵל, טְהוּ אִיךְ וֵויינֶען אוּן זִיפְצֶען. וֶועה אִיז צוּא מִיר אוֹיף מַיינֶע זִינְד, דוּא בִּיסְט אַ גָאט וָואס מֶען

---

משלי אבות

הָאט דָאךְ אַ יֵצֶר הָרָע צוּ אַלֶע נַאר־רִישֶׁע פַארְגְנִיעגֶען אוּן תַּאֲווֹת אוּן עֶר שֶׁעהְמְט זִיךְ קוּמֶען לָעוֹלָם הַבָּא מִיט שֶׁענְדְלִיכֶע מַעֲשִׂים וִויא דִיא חֲכָמִים זָכְרוּ לִבְרָכָה זָאגֶען (עֲבֵירָה גוֹרֶרֶת עֲבֵירָה) אֵיין עֲבֵירָה שְׁלֶעפְּט נָאךְ זִיךְ דִי אַנְדֶערֶע. דַארוּם אִיז גֶעוֶועזֶען דִיא עֵצָה פוּן הַשֵּׁם יִתְבָּרַךְ צוּא פַארְשַׁא־

דארף צו דיר ניט פיעל שרייען. דו פארנעהמסט די צובראכענע הערצער, ניט וויא אליהו הנביא האט געזאגט צו דיא פאלשע נביאים: שרייט שטארק צו אייער גאט טאמער וועט ער דערהערען, און אויב מיט איין צובראכען הארץ פארניכסטו דיא זינד, צוברעך איך מיין הארץ פאר דיר און דוא ווייסט דאך וואויל, וועלכע הערצער זיינען צובראכען:

**רבונו** של עולם, בשעת אברהם האט זיין זוהן יצחק געוואלט ברייגגען אויף דער עקדה זיינען דיא טרעהרען געפאלען אויף דעם מעסער און אברהם האט איהם דארום ניט געקאנט שעכטען, בעט איך דיך אז דורך דעם וואס זייערע טרערען זיינען אראפגעפאלען, זאלען אונזערע טרעהרען ארויפקומען פאר דיר צום נייעם יאהר. און אזוי ווי בשעת אסתר איז געגאנגען צו דעם מלך אחשורוש צוא בעטען פאר דיין פאלק ישראל האסט דו מיט איהר געשיקט א מלאך און אסתר האט באקומען חן אין זיינע אויגען, אזוי זאלסט דו, ליעבער גאט, ביי אונזער משפט שיקען אזעלכע מלאכים זיי זאלען אויף אונז אויסגיעסען חן וחסד אין דיינע הייליגע אויגען, און איך בין זיכער אין דיין גרוים גענאד אז דוא וועסט מיר בוודאי העלפען, דען עס איז ניטא קיין שום צדיק אויף דער וועלט אז ער זאל ניט זינדיגען און איך ארעם מענטש קען מיך ניט מאכען פאר קיין רשע תם ושלום אז איך זאהל זאגען אז עס איז שוין חלילה צוא מיר קיין הילף ניטא, דען מיר ווייסען און גלויבען אז **השם יתברך האט געוואוסט** בשעת ער האט די וועלט באשאפען אלע דורות וואס **וועלען**

---

משלי אבות

פען איהם זעהר פיעל סחורה. דאס איז פיעל תורה ומצוות אז ער זאהל גאר ניט האבען קיין לידיגע צייט. (ומצוה גוררת מצוה), איין מצוה ברייננט צו דיא אנדערע דען קוים האט ער מקיים געוועזען איין מצוה שטעהט איהם פאר נאך א מצוה מקיים צו זיין. דאס זאגט דער תנא: רצה הקדוש ברוך הוא וכו׳, השם יתברך האט געוואלט גליקלאך מא־

זיין ביז לעתיד לבא און וועלכען מענטשען ער האט געזעהען אז ער וועט איהם נוצען האט ער איהם באשאפען און דעם מענטשען וואס עם וועט פון איהם גאר קיין נוץ ניט זיין האט ער גאר ניט באשאפען. דארום בעט איך דיך, ליעבער גאט, דו זאלסט זיך דערבארמען איבער מיר צום נייעם יאהר, דען דוא ביסט אונזער דערבארעמיגער גאט און מיר זיינען דיין ליעב פאלק, אזוי וויא עס שטעהט געשריבען: ווער איז אזוי וויא דיין ליעב פאלק? ליעבער גאט, דוא זאלסט אונז אליין משפט'ן, דען פאר דיר פאסט דוא זאלסט משפט'ן דיין פאלק ווייל דו גאט ביסט אונזער גאט און אונזער טרייסטער, און דו זאלסט אונז שיקען אונזער גואל צדק היינטיגם יאהר, אמן סלה:

**שמע**, הער צו, ליעבער גאט, מיין תפלה און נעהם זיא אן גלייך ווי איך וואלט געבראכט א קרבן עולה, אזוי וויא אין פסוק שטעהט: א צובראכען הארץ איז גלייך וויא א קרבן צוא גאט. דוא זאלסט זיך איבער אונז מרחם זיין און זאלסט מיך חס ושלום נישט אומברייננגען האטש מיינע זינד זיינען גרוים, דען אלע מענטשען לעבען נאר מיט דיין גענאד און מחמת דיין דערבארעמקייט מתוסטו חסד חנם, אזוי וויא עס שטעהט אין פסוק: גאט איז א דערבארעמיגער איבער אלע זיינע באשעפענעש. דארום ליעבער גאט דערבארעם דיך איבער אונז פון דיין ליעבען כבוד וועגען, מיר זאלען ניט ניעדעריג זיין ביי לייט, אמן:

**אנא** יי' אלהי ישראל. איך בעט דיך אלמעכטיגער גאט אז דו זאלסט דיך איבער מיר מרחם זיין. אל מלא רחמים.

---

משלי אבות

כען די ישראל (לפיכך הרבה להם תורה ומצוות). דארום האט ער זייא געגעבען פיעל תורה ומצוות אז זיי זאלען קיין צייט ניט האבען צו זו־ כען תאוות עולם הזה נאר (להגדיל תורה ולהאדירה). און דער זכות פון דער תורה וועט אויף אונז מגין זיין לעולם ועד:

דוּ בִּיסְט דָאךְ פוּל מִיט רַחֲמִים, דֶערְבַּארֶעם דִיךְ אִיבֶּער מִיר, לִיעבֶּער גָאט, אַז מַיינֶע קִינְדֶער אוּן קִינְדְס קִינְדֶער זָאלֶען נִיט שְׁטַארְבֶּען פַאר מַיין לֶעבֶּען. דוּ בִּיסְט דָאךְ אַ בַּארֶעמְהֶערְצִיגֶער גָאט אוּן דוּא הָאסְט אָנְגֶעשְׁרִיעבֶּען אִין דַיין הֵיילִיגֶער תּוֹרָה: וֶוען אֵיינֶער גֶעפִינְט אַ נֶעסְט פוּן פוֹיגֶעלַאךְ זָאל עֶר דִי מוּטֶער אַוֶועקְשִׁיקֶען אוּן דִי קִינְדֶער צוּנֶעהְמֶען, חָאטְשׁ אַז דִי פוֹיגֶעלַאךְ וֶוערֶען דֶערְוַואקְסֶען קֶענֶען זֵיי נִישְׁט זֵייעֶר פָאטֶער אוּן מוּטֶער אוּן דִיא פָאטֶער אוּן מוּטֶער קֶענֶען זֵיי נִישְׁט. פוּן דֶעסְטְוֶועגֶען הָאסְטוּ פָארְט גוֹזֵר גֶעוֶועזֶען מֶען זָאל נִיט נֶעהְמֶען דִיא קִינְדֶער פַאר דִיא מוּטֶער אִין דִיא אוֹיגֶען, מִכָּל שֶׁכֵּן מִיר מֶענְטְשֶׁען הָאבֶּען דָאךְ גְרוֹיס מִיה אֵיידֶער מִיר עֶרְצִיהֶען אוּנְזֶערֶע קִינְדֶער דוּרְךְ דַיין גֶענָאד, דַארְפְסְטוּ בְּוַדַאי אוּנְז הֶעלְפֶען מִיר זָאלֶען זֵיי אוּן אוֹיךְ זֵייעֶרֶע קִינְדֶער עֶרְצִיהֶען צוּ גָאטְס דִיעֶנְסְט, אוּן עֶס זָאל אָן אוּנְז מְקוּיָם וֶוערֶען דֶער פָּסוּק: עֲטֶרֶת זְקֵנִים בְּנֵי בָנִים וְתִפְאֶרֶת בָּנִים אֲבוֹתָם, אַ קְרוֹין אִיז צוּא עֶלְטֶערֶען פוּן זֵייעֶרֶע קִינְדְס קִינְדֶער אוּן דָאס שֶׁעהְנְקַייט פוּן דִי קִינְדֶער אִיז אַ כָּבוֹד צוּ זֵייעֶרֶע עֶלְטֶערֶען. אוּן וֶוען אִיךְ הָאבּ דָאס בַּיי דַיין לִיעבֶּען נָאמֶען נִישְׁט פַארְדִיענְט, בֶּעט אִיךְ דִיךְ אַ מַתְּנַת חִנָּם:

**אב** הָרַחֲמִים, פָאטֶער דֶערְבַּארְמִינֶער, גִיבּ מִיר מִיט מַיין מַאן אוּן מִיט מַיינֶע קִינְדֶער, פַּרְנָסָה פוּן דַיין הַאנְד אוּן נִישְׁט פוּן קַיין מֶענְטְשֶׁען, דֶען דִיא גָאבּ פוּן אַ מֶענְטְשֶׁען אִיז נָאר

---

משלי מוסר

**מִיר** זָאגֶען אִין שְׁמוֹנֶה עֶשְׂרֵה: וּבְכֵן תֵּן פַּחְדְךָ, וכו׳. לְמָשָׁל, עֶס הָאבֶּען זִיךְ אַ מָאהל בַּאגֶעגֶענְט צְוַויא בַּאקַאנְטֶע, הָאט אֵיינֶער גֶעפְרֶעגְט דֶעם צְוַוייטֶען וִויא עֶס גֶעהְט אִיהְם אוֹיף זַיין נַייעֶ שְׁטֶעלֶע. — מִיר גֶעהְט יֶעצְט גָאט צוּא בַּאנְקֶען וֶועהְר גוּט, הָאט עֶר גֶעעֶנְטְפֶערְט — מִיר אִיז יֶעצְט

נִיט. קֶען דֶען אַ מֶענְשׁ גֶעבֶּען וָואס דֶער אַנְדֶערֶער בַּאדַארְף? און וֶוען עֶר גִיט שׁוֹין עֶפֶּעס גִיט עֶר אִיהְם נִיט אִין דֶער צַייט, אָבֶּער דוּ, לִיעבֶּער גָאט, דוּ וֵוייסְט אִיטְלִיכֶען מֶענְטְשֶׁענְס בַּאדֶערְפֶענֶעשׁ אִין אִיטְלִיכֶע רֶגַע, זָאלְסְטוּ אוּנְז שְׁפַּייזֶען פוּן דַיין הַאנְד, אַזוֹי וִוי עֶס שְׁטֶעהְט אִין פָּסוּק: פּוֹתֵחַ אֶת יָדֶךָ וּמַשְׂבִּיעַ לְכָל חַי רָצוֹן, דוּ עֶפֶענְסְט דַיין הַאנְד אוּן מַאכְסְט זַעטֶען אַלֶע בַּאשֶׁעפֶענֶעשׁ אוֹיף דֶער וֶועלְט דוּרְךְ דַיין גוּטְס. און אַז אִיךְ וֶועל דַארְפֶען שְׁטַארְבֶּען, זָאהְל אִיךְ שְׁטַארְבֶּען פוּן דַיין רֵיינֶע הַאנְד אוּן מַיין מִיתָה זָאל זַיין אַ כַּפָּרָה אוֹיף מַיינֶע זִינְד. עֶס זָאל זַיין בַּאוִוילִיגְט דִיא רֵייד פוּן מַיין מוֹיל אוּן דִיא גֶעדַאנְקֶען פוּן מַיין הַארְצֶען פַאר דִיר גָאט מַיין בַּאשֶׁעפֶער אוּן דֶערְלֵייזֶער בִּיז אוֹיבִּיג, אָמֵן סֶלָה:

לִיעבֶּער הֶערְר גָאט, חָאטְשׁ דִיא וֶועלְט אִיז אַ קְלֵיינֶע וֶועלְט, אָבֶּער אַז מֶען הָאט נִישְׁט קֵיין גוּטְס אוֹיף דֶער וֶועלְט קֶען מֶען יֶענֶע וֶועלְט אוֹיךְ נִישְׁט הָאבֶּען. דַארוּם בֶּעט אִיךְ דִיךְ, לִיעבֶּער גָאט, אַז דוּ זָאלְסְט דֶערְפְרֶעהֶען מַיין הַארְץ, דֶען מַיינֶע וואוּנְדֶען זַיינֶען אַזוֹי גְרוֹיס אַז אִיךְ קָאן זֵיי גָאר נִיט אַרוֹיסְרֵיידֶען. זָאל אִיךְ זֵיי זָאגֶען פַאר אַ מֶענְשֶׁען, וָואס קָאן עֶר מִיר הֶעלְפֶען וֶוען עֶר וֶועט שׁוֹין אֲפִילוּ אוֹיף מִיר רַחֲמָנוּת הָאבֶּען? און בִּפְרַט טָאמֶער אִיז עֶר מִיר גָאר אַ שׂוֹנֵא, וֶועט עֶר זִיךְ נָאךְ פְרֶעהֶען אוֹיף מַיין צַעַר. וֶועה אִיז מִיר, פַאר וֶועמֶען זָאל אִיךְ קְלָאגֶען מֶעהְר וִוי פַאר דִיר? לִיעבֶּער גָאט, אִיךְ בֶּעט דִיךְ, דוּא זָאלְסְט מַיינֶע פַיינְד נִיט דֶערְפְרֶעהֶען. דוּא בִּיסְט דָאךְ אַ שְׁטַארְקֶער גָאט, דַארוּם זֶעה וָואס פַאר יִסוּרִים אִיךְ טְרָאג אוֹיף

---

משלי מוסר

דָאפֶּעלְט גוּט, עֶרְשְׁטֶענְס, וָואס אִיךְ בִּין פָּטוּר גֶעוָוארֶען פוּן מַיין פְרִיהֶערְדִיגֶע שְׁטֶעלֶע, וָואס אַז אִיךְ דֶערְמָאהְן מִיר אָן אִיהְר אוּן אָן מַיין גֶעוֶועזֶענֶעם וִוירְטָה, גֶעהְט מִיר אַרִיבֶּער אַ שְׁרֶעק, עֶר אִיז אַ שְׁלֶעכְטֶער אוּן אַ קַאפְּרִיזְנֶער מֶענְשׁ, אִיךְ הָאבּ אִיהְם קֵיינְמָאל נִיט גֶעקָאנְט צוּפְרִי־

מַין הַאֶרְץ אוּן שְׁטְרָאף מַיינֶע שׂוֹנְאִים וָואס ווִילֶען אוֹיף מִיר שְׁלֶעכְ־טֶעס זֶעהְן. דוּא זָאלְסְט מִיר גֶעדֶענְקֶען דֶעם זְכוּת פוּן דִיא אִמָהוֹת אַז אִיךְ זָאל שׁוֹין מֶעהְר קֵיין צַעַר נִיט הָאבֶּען פוּן מַיינֶע קִינְדֶער אוּן פוּן אַלֶע מַיינֶע גוּטֶע פְרַיינְד. אוּן מִיר זָאלֶען גֶעשְׁפַּייזְט וֶוערֶען פוּן דַיין הִילְף בְּכָבוֹד אוּן מִיר זָאלֶען צוּא קֵיינֶעם נִישְׁט בַּאדַארְפֶען. לִיעבֶּער גָאט, לָאז אוּנְז גֶענִיסֶען דֶעם זְכוּת פוּן אוּנְזֶער מוּטֶער חַנָה, אוּן אַזוֹי ווִי דוּ הָאסְט אִיהְר גֶעהָאלְפֶען, אַזוֹי זָאלְסְטוּ מִיר, לִיעבֶּער גָאט, אוֹיךְ עֶנְטְפֶערְן. אוֹיבּ אִיךְ הָאבּ אֲפִילוּ גֶעזִינְדִיגְט, בֶּעט אִיךְ דִיךְ, דֶערְבַּאַר־רֶעמִיגֶער גָאט, בַּאגֶעה זִיךְ מִיט מִיר מִיט מִדַת הָרַחֲמִים אוּן נִיט מִיט מִדַת הַדִין, אַזוֹי ווִי יַעֲקֹב אָבִינוּ עָלָיו הַשָׁלוֹם הָאט דִיךְ גֶעבֶּעטֶען, ווֶען זַיינֶע קִינְדֶער ווֶעלֶען חַס וְשָׁלוֹם שׁוּלְדִיג זַיין זָאלְסְט דוּ זֵיי גֶעדֶענְקֶען וָואס פַאר אַ צָרוֹת עֶר הָאט פַאר זַייא גֶעלִיטֶען אֵיידֶער עֶר הָאט זַייא עֶרְצוֹיגֶען. אַזוֹי בֶּעט אִיךְ דִיךְ אוֹיךְ אַז אִיךְ זָאל קֵיין צַעַר נִיט זֶעהֶען אִין מַיינֶע קִינְדֶער. אִיךְ ווֵייס ווָאוֹיל אַז אִיךְ בֶּעט דִיךְ צוּפִיעל. אִיךְ בִּין בְּוַדַאי נִיט ווֶערְטְה צוּ שְׁטֶעהְן אֲפִילוּ פַאר דִיר, נָאר ווַייל דוּ בַּאַר־גֶערְסְט אַז דֶער מֶענְטְשׁ זָאל דִיךְ בֶּעטֶען, דַארוּם בֶּעט אִיךְ דִיךְ גָאט, אַז דוּ זָאלְסְט מִיךְ נִיט אַוֶועקְוַוארְפֶען אוֹיף מַיין עֶלְטֶער ווֶען מַיין כֹּחַ ווֶעט אוֹיסְגֶעהְן. לָאז מִיךְ נִיט פַאלֶען אִין דֶער הַאנְד פוּן אַ מֶענְטְשֶׁען, ווֶען עֶס אִיז קֵיין גְרֶעסֶערֶער צַעַר נִיטָא ווִי אַ מֶענְטְשׁ דַארְף אָנְקוּמֶען צוּם אַנְדֶערֶען. זָאלְסְט מִיךְ הִיטֶען דֶערְפוּן אוּן זָאלְסְט גֶעבֶּען מִיר אוּן מַיין מַאן אוּן מַיינֶע קִינְדֶער דָאס גְלִיק צוּא לֶעבֶּען אִין עוֹשֶׁר אוּן אִין כָּבוֹד. מַיינֶע קִינְדֶער אוּן קִינְדֶס קִינְדֶער זָאלֶען עוֹסֵק זַיין בַּתּוֹרָה טָאג אוּן נַאכְט אוּן מִיר זָאלֶען אוֹיסְפִיהְרֶען דִיא ווֶעלְט אִין נַחַת. אוּן ווֶען עֶס ווֶעט קוּמֶען מַיין לֶעצְטֶע צַייט זָאהְל קֵיין שָׂטָן קֵיין מַאכְט

---

משלי מוסר

דֶענְשְׁטֶעלֶען אוּן הָאט פוּן מִיר גֶע־רִיסֶען שְׁטְרָאפֶען ווִיפִיעל זַיין הַארְץ הָאט גֶערוּסְט. צְווַייטֶענְס, הָאבּ אִיךְ יֶעצְט אַזַא גוּטֶען ווִירְטְה. ווָאס זַיין גְלַייכֶען אִיז כִּמְעַט נִיטָא. עֶר אִיז אַן אֵיידֶעלֶער מֶענְשׁ, אוּן אַ גוֹמֵל חֶסֶד, עֶר בַּאהַאנְדֶעלְט מִיר אוֹיף'ן פַיינְסְ־טֶען אוֹפֶן אוּן טְהוּט מִיט מִיר חֲסָדִ'ים

נִישְׁט הָאבֶּען אִיבֶּער מַיין נְשָׁמָה אוּן דוּא זָאלְסְט מִיר שִׁיקֶען מַלְאֲכֵי רַחֲמִים אוּן מַיין חֵלֶק זָאהְל זַיין מִיט דִיא נָשִׁים צִדְקָנִיּוֹת אוֹיף יֶענֶער וֶועלְט. אִיךְ בֶּעט דִיךְ, לִיעבֶּער גָאט, דֶערְוַוייטֶער דִיךְ נִישְׁט פוּן מִיר. וֶוען עֶס וֶועט חַס וְשָׁלוֹם זַיין אוֹיף מִיר אַ צָרָה אוּן אִיךְ וֶועל דִיךְ רוּפֶען, זָאלְסְטוּ מִיר עֶנְטְפֶערֶען אוּן מַיינֶע גוּטֶע פְרַיינְד זָאלֶען זִיךְ פְרֵיעֶהען וֶוען זַיי וֶועלֶען זֶעהֶען אוֹיף מִיר פִיעל גוּטְס, אָמֵן סֶלָה׃

# תְּחִנָּה שִׁשָּׁה סְדָרִים.

פוּן דֶעם עֶרְשְׁטֶען טָאג סְלִיחוֹת בִּיז רֹאשׁ הַשָּׁנָה וֶוען מֶען קוּמְט אִין שׁוּהְל אַריין זָאגְט מֶען דִי תְּחִנָּה׃

רִבּוֹן הָעוֹלָמִים, הַאר פוּן אַלֶע וֶועלְטֶען, קִדְּמוּ עֵינַי אַשְׁמוּרוֹת לִשְׁפּוֹךְ לִבִּי כַּמַּיִם, אִיךְ בִּין אוֹיפְגֶעשְׁטַאנֶען פַאר טָאג צוּ פַארְגִיעסֶען מַיין הַארְץ אַזוֹי וִוי וַואסֶער. אוּן נוּן, גָאט מַיין גָאט, וָואס בִּין אִיךְ אוּן וָואס אִיז מַיין לֶעבֶּען אוּן מַיין כֹּחַ אוּן מַיין גֶערֶעכְטִיגְקֵייט אוּן וָואס זַיינֶען מַיינֶע גוּטֶע מַעֲשִׂים, דָאס אִיךְ זָאהְל מִיט זֵיי קוּמֶען פַאר דִיר? אִיךְ בִּין לֵיידִיג פוּן גוּטְס אוּן בִּין פוּל אוֹיף אַלֶע מַיינֶע זַייטֶען מִיט אַלֶע אוּמְרֵיינִיגְקֵייט. אוֹי לִי וְאוֹי לְנַפְשִׁי, וֶועה אִיז צוּא מִיר אוּן וֶועה אִיז צוּא מַיין לַייבּ, דֶען אִיךְ הָאבּ גֶעזִינְדִיגְט׃

## סְלַח לִי אָבִי שֶׁבַּשָּׁמַיִם׃

פַארְגִיעבּ מִיר. מַיין פָאטֶער אִין הִימֶעל. וָואס אִיךְ הָאבּ גֶעזִינְדִיגְט מִיט פִיעל זַאכֶען, סַיי אוּמְגֶערְן סַיי

---

משלי מוסר

וָואס אִיךְ בִּין גָאר נִיט וֶוערְטָה. — אוֹיבּ אַזוֹי? הָאט דֶער עֶרְשְׁטֶער גֶעפְרֶעגְט, — פַאר־וָואסְזֶשׁע זֶעהְסְטוּ אִיצְט נָאךְ אוֹים אַזוֹי שְׁלֶעכְט, נִיט בֶּעסֶער וִויא בַּיים עֶרְשְׁטֶען וִוירְטָה? — יֶעצְט זֶעה אִיךְ אוֹיס שְׁלֶעכְט, הָאט דֶער מַאן גֶעעֶנְטְפֶערְט, — נִישְׁט דֶערְפַאר וָואס אִיךְ הָאבּ מוֹרָא פַאר מַיין וִוירְטָה ווי

גֶערְן דורְךְ נוּיטְה אָדֶער מִיט מַיין ווִילֶען, אוּן אוּיף אַלֶע גְרוֹי־
סֶע עֲבֵירוֹת וָואס אִיךְ הָאבּ גֶעטְהָאן אוּן פִיעל מָאל דִיךְ דֶערְ־
צֶערְנְט. דוּ הָאסְט מִיר גוּטְס גֶעטְהָאן אַלֶע צַייט, אָבֶער אִיךְ
הָאבּ דִיר שְׁלֶעכְטְס בַּאצָאהְלְט. דַארוּם טְרַאכְט אִיךְ, אַז אִיךְ
וֶועל מוֹדֶה זַיין אוּיף אַלֶע מַיינֶע זִינְד פַאר דִיר גָאט אוּן וֶועל
מַיינֶע טְרֶעהְרֶען פַארְגִיסֶען אָפּ־צוּ־וַואשֶׁען מִיט זַיי גָאר מַיי־
נֶע חֲטָאִים:

## סְלַח לִי אָבִי שֶׁבַּשָּׁמַיִם:

**פַארְגִיעבּ** מִיר, מַיין פָאטֶער אִין הִימֶעל, דֶען אִיךְ בִּין דִיר מוֹדִיעַ מַיינֶע זִינְד אוּן בַּאהַאלְט נִיט מַיינֶע פֶּע־
לֶערֶען. וִוי אַזוֹי זָאל אִיךְ מַיינֶע זִינְד פַארְבָּארְגֶען, אַז דוּ גָאט
ווַייסְט גָאר מַיינֶע נַארִישְׁקַייטֶען? אוּן וִויא אַזוֹי זָאל אִיךְ פַארְ־
בָּארְגֶען מַיינֶע זִינְד וֶוען דוּ זוּכְסְט אוּיס אַלֶע מַיינֶע חֲדָרִים פוּן
מַיין בּוּיךְ אוּן מַיינֶע נִירֶען? אוּן וִוי אַזוֹי זָאל אִיךְ לַייקֶענֶען אִין
דַיין גוּטְס, וֶוען דוּ ווַייסְט דָאס בַּאהֶעלְטֶענֶעשׁ פוּן אַלֶע מַיינֶע
מַחֲשָׁבוֹת אִין מַיין הַארְץ? עֶס אִיז אֱמֶת אַז אִיךְ הָאבּ גֶעזִינְ־
דִיגְט וֶועה אִיז צוּ מִיר:

## סְלַח לִי אָבִי שֶׁבַּשָּׁמַיִם:

**פַארְגִיעבּ** מִיר, מַיין פָאטֶער אִין הִימֶעל, דֶען אִיךְ פַארְלָאז מִיךְ אוּיף דַיין גְרוֹיס דֶערְבַּארֶעמְקַייט אוּן דַיין
גֶענָאד אוּן אוּיף דַיין לַייטְזֶעלִיגְקַייט, וָואס דוּ שְׁטְרֶעקְסְט אוּיס
דַיין הַאנְד צוּ דִי זִינְדִיגֶע אוּן ווַייזְט זַיי דִי וֶועג פוּן תְּשׁוּבָה זַיי

---

משלי מוסר

פַארדֶעם אַלְטֶען, נָאר אִיךְ זֶעה אוּיס שְׁלֶעכְט דֶערְפַאר וָואס אִיךְ הָאבּ מוֹרָא טַאמֶער שְׁטֶעל אִיךְ אִיהם נִישְׁט צוּ־
פְרִיעדֶען אוּן בִּין אִיהם נִישְׁט גֶענוּג גֶעטְרַייא וִויא עֶר פַארְדִיעגְט. דֶער נִמְשָׁל אִיז, מִיר בֶּעטֶען בַּיי גָאט, אַז

זאלען זיך אומקעהרען פון זייער בייזען וועג, אזויא וויא אין פסוק שטעהט: טוב וְיָשָׁר יְיָ עַל כֵּן יוֹרֶה חַטָּאִים בַּדָּרֶךְ, גאט איז א גוטער און א פארכטיגער, דארום טהוט ער ווייזען די זינדיגע דעם גוטען וועג. רבונו של עולם, שיק דיין ליכט און דיין וואהרהייט זיי זאלען מיך פיהרען און דעם רעכטען וועג ווייזען:

## סְלַח לִי אָבִי שֶׁבַּשָּׁמַיִם:

**פארגיעב** מיר, מיין פאטער אין הימעל, דען איך קום פאר דיר מיט א צו־וועהטאגט הארץ און א צובראכען געמיטה. איך בעט דיך אזוי וויא אן עני ביי דער טיהר, דאס דו זאלסט מיר ווייזען די וועגען פון תשובה און זאלסט ריינינגען אלע מיינע צוויי הונדערט אכט און פערציג אברים און אלע מיינע גליעדער און זאלסט מיך לעהרנען דעם וועג צו געהן אין איהם איך זאל געוועהנט ווערען צו טהאן דיין ווילען, דען דו ביסט דאך א מוחל עוונות און דו ווילסט ניט דעם טוידט פון דיא זינדיגע. דארום בעט איך דיך, ליעבער גאט, דו זאלסט אננעהמען דאס געבעט פון די סליחות, וואס מיר זאגען אין מיר זאלען מיט זיי ביי דיר אויסבעטען סליחה און מחילה און כפרה אויף אלע אונזערע בייזע מעשים:

## סְלַח לִי אָבִי שֶׁבַּשָּׁמַיִם:

**פארגיעב** מיר, מיין פאטער אין הימעל, דען ווען מיינע זינד זיינען געמעהרט וואס שאדען זייא צו דיר? נאר צוא

---

משלי מוסר

אנשטאדט דעם פחד וואס מיר האבען א מאהל געהאט בעת מיר זייגען געווען אונטער דעם יאך און שרעק פון דיא קעניגע פון מצרים, בבל און פרס, וועלכע האבען אויף אונז ארויפגעלייגט אלע ווילדע נייע

מִיר אִיז וֶועה אוּן וִוינְד וָואס אִיךְ הָאבּ צוּא דִיר גֶעזִינְדִיגְט, אוּן וֶוען מַיינֶע זִינְד הָאבֶּען מִיר גְרִיבֶּער גֶעגְרָאבֶּען אוּן הָאבֶּען אוֹיף מִיר גֶעבְּרַאכְט קְלָאג אוּן זִיפְצֶען, אִיז דָאךְ צוּ דִיר גָאט פִיעל דֶערְבַּארְמַקֵייט אוּן פַארְגֶעבּוּנְג. גָאט מַיין גָאט, גֶעדֶענְק דָאס אִיךְ בִּין וִויא אוֹיסְגֶעקְלַאפְּטֶע גְרָאז אוּן וִויא אַ בְּלַאט פוּן בּוֹים. מַיין אָנְהוֹיבּ אִיז פוּן עֶרְד אוּן מַיין סוֹף אִיז צוּא וֶוערֶעם. מַיינֶע טֶעג זַיינֶען וִויא אַ שָׁטָן וָואס לוֹיפְט אִיבֶּער, אוּן וֶוען מַיין נְשָׁמָה וֶועט פוּן מִיר אוֹיסְגֶעהְן וֶועט מֶען מִיךְ אִין דֶער עֶרְד וַוארְפֶען, מַיין לַייבּ וֶועט וֶועהְטָאגֶען אוּן מַיין הַארְץ וֶועט אִין מִיר וֶועה טְהָאן, אִיךְ בִּין דָאךְ נָאר עֶרְד אוּן אַשׁ, יֶעצְט בִּין אִיךְ דָא אוּן שְׁפֶּעטֶער וֶועל אִיךְ פַארְרוּקֶען מַיין גֶעצֶעלְט אִין דֶעם קֶבֶר וָואס מֶען וֶועט פוּן מַיינְטְוֶועגֶען גְרָאבֶּען אוּן וֶוען אִיךְ זָאהְל אֲפִילוּ לֶעבֶּען טוֹיזֶענְד יָאהְר וֶועט זַיין גְלַייךְ וִוי אִיךְ וָואלְט גָאר נִיט גֶעוֶועזֶען. גָאט מַיין גָאט, מֶעק אָפּ אַזוֹי וִוי אַ וָואלְקֶען מַיינֶע זִינְד, לֶעשׁ אוֹיס דִי קוֹילֶען פוּן מַיינֶע זִינְד מִיט דֶעם וַואסֶער פוּן דִי טְרֶערֶען וָואס רִינֶען פוּן מַיינֶע אוֹיגֶען:

**עָלַיךְ** נַפְשִׁי אֲקוֹנֵן בְּלֵב מַר, אוֹיף דִיר מַיין נְשָׁמָה טְהוּ אִיךְ קְלָאגֶען מִיט אַ בִּיטֶער הַארְץ, וִויא אַזוֹי הָאבּ אִיךְ דִיךְ אוֹיסְגֶערִיסֶען פוּן דֶעם קְוַואל פוּן לֶעבֶּען אוּן הַיילִיגְקֵייט אוּן הָאבּ דִיר גֶעפְלַאנְצְט אִין דֶעם אָרְט פוּן טוֹידְט אוּן אוּמְרֵיינִקֵייט. אֵיךְ לֹא חַסְתִּי עָלַיךְ בַּת הַיְקָרָה? וִוי אַזוֹי הָאבּ אִיךְ נִיט רַחֲמָנוּת גֶעהַאט אוֹיף דִיר מַיין נְשָׁמָה, וָואס דוּא וֶוערְסְט גֶערוּפֶען טְהַייעֶרֶע טָאכְטֶער? וֶועה צוּא מִיר, וָואס הָאבּ אִיךְ גֶעטְהָאן? וִוי אַזוֹי הָאבּ אִיךְ מוֹרֵד גֶעוֶועזֶען אִין גָאט, וָואס עֶר אִיז אַ קֶענִיג אִיבֶּער אַלֶע קֶענִיגֶע? וִויא אַזוֹיא הָאבּ אִיךְ פּוֹגֵם גֶעוֶועזֶען מַיין נְשָׁמָה אוּן הָאבּ פַארְבִּיטֶען אַן אוֹיבִּיגֶע וֶועלְט אוֹיף אַ וֶועלְט וָואס עֶנְדִיגְט זִיךְ? וָואס וֶועל אִיךְ טְהָאן אַז עֶס וֶועט קוּמֶען דֶער טָאג וָואס

---

משלי מוסר

גְזֵרוֹת, זֵיי הָאבֶּען אוּנְז גֶעדְרִיקְט אוּן גֶעפַּיינִיגְט, אוּן שְׁטֶענְדִיג הָאבֶּען מִיר גֶעלֶעבְּט אִין שְׁרֶעק זָאלֶען מִיר נָאר הָאבֶּען נָאר דֶעם פַּחַד פַאר אִיהְם אַלֵיין, וָואס מִיר קָאנֶען אִיהְם נִישְׁט גֶענוּג דִיעֶנֶען אוּן גֶענוּג אָפְּבַּאנְקֶען

איך וועל דארפען שטארבען און ניעדערען אין גריב? מיין הארץ
טהוט מיר וועה דארויף וואס איך האב מורד געוועען אין גאט וואס
איז ריין און זיינע באדינער זייגען ריין און איך בין א שענדליכע און
א זינדיגע, וועה געשריגען אויף מיר:

## סלח לי אבי שבשמים:

פארגיעב מיר, מיין פאטער אין הימעל, דען איך צוריים מיין
הארץ מיט מיין זיפצען און אין פארבארגענעש טהוט
מיין נשמה וויינען און איך בין זעהר געפייניגט און מיין כח איז
שוואך. דו גאט ליסט דאך א דערבארמיגער און באגערסט פון דייד־
נע לייט זיי זאלען זיך אומקעהרען פון זייער אומרעכט און זייא זאָ־
לען עס שוין מעהר נישט טהאן, אזויא וויא אין פסוק שטעהט: קחו
עמכם דברים ושובו אל יי. דאס איז טייטש: נעהמט מיט אייך רייד
און קעהרט אייך אום צו גאט:

## סלח לי אבי שבשמים:

פארגיעב מיר, מיין פאטער אין הימעל, טהו מיט מיר
גרוים גענאד און שטארק מיך צוא איינבויגען
מיין יצר הרע איך זאהל שוין מעהר ניט זינדיגען, און זאלסט
אויסשטרעקען דיין רעכטע האנד אנצונעהמען מיין תשובה.
העלף מיר צוא מקיים זיין אלע זאכען וואס איך נעהם אויף
מיר היינטיגען טאג צוא טהאן איך זאהל מיך שטארקען אין
דיינע מצוות אזוי ווי אונזערע חכמים האבען געזאגט: הבא
לטהר מסייעין אותו. דאס איז טייטש: ווער עס קומט זיך ריי־



נאך זיינע חסדים וואס ער טהוט
מיט אונז שטענדיג. דאס זאגען מיר:
ובכן תן פחדך, דאס הייסט גיב אונז
גאט נור דיין שרעק, פאר דיר אליין
זאלען מיר מורא האבען און מיר
זאלען ניט האבען דעם שרעק פון
שלעכטע מענשען:

גִּיגֶען הֶעלְפְט מֶען אִיהם . אַ רֵיין הַארְץ בַּאשַׁאף אִין מִיר אוּן אַ נַיי גֶעמִיטָה בַּאנַיי אִין מִיר אִיךְ זָאל זַיין גֶעהִיט צוּ הַאלְטֶען דַיין גֶעבָּאט אוּן זָאל נִיט גֶעשְׁטְרוֹיכֶעלְט וֶוערֶען אִין קַיין שׁוּם עֲבֵירָה. זָאלְסְט פְלַאנְצֶען אִין מַיינֶע גֶעדַאנְקֶען דַיין מוֹרָא. דָאס עֶס זָאהְל מִיךְ נִישְׁט שְׁרֶעקֶען קַיין בֵּייזֶע מַחֲשָׁבוֹת אוּן פְרֶעמְדֶע גֶעדַאנְקֶען, בִּפְרַט אִין דֶער צַייט וֶוען אִיךְ וֶועל מִיךְ שְׁטֶעלֶען תְּפִלָּה טְהָאן פַאר דִיר . אַלֶע מַיינֶע גֶעדַאנְקֶען זָאלֶען נָאר זַיין פוּן גָאטִ'ס וֶועגֶען אוּן אִיךְ זָאהְל זַיין גוּט צוּ גָאט אוּן צוּ לַייטֶען, אִיךְ זָאל קֵיינֶעם נִיט מְקַנֵּא זַיין אוּן זָאהְל בַּאשִׁירֶעמְט וֶוערֶען פוּן כַּעַס אוּן חֲנִיפָה אוּן רְכִילוּת אוּן לָשׁוֹן הָרָע, אִיךְ זָאל גָאר גַאנְץ זַיין מִיט גָאט אוּן מִיט מֶענְשֶׁען:

## סְלַח לִי אָבִי שֶׁבַּשָּׁמַיִם:

**פַארְגִיעבּ** מִיר, מַיין פָאטֶער אִין הִימֶעל, אוּן נֶעהְם מִיךְ נִיט צוּ פוּן דֶער וֶועלְט בִּיז אִיךְ וֶועל פַארְרִיכְטֶען, דָאס וָואס אִיךְ הָאבּ פַארְדָארְבֶּען, אוּן מַיינֶע זִינְד זָאלֶען נִישְׁט גֶעדֶענְקְט אוּן גֶעדַאכְט וֶוערֶען וֶוען אִיךְ וֶועל דִיר מַיין נְשָׁמָה גֶעבֶּען, אוּן מַיינֶע קִינְדֶער אוּן קִינְדְס קִינְדֶער זָאלֶען אַלֶע לֶערְנֶען דַיין הֵיילִיגֶע תּוֹרָה אוּן עֶס זָאל זַיין דַיין מוֹרָא אוֹיף זֵייעֶר פָּנִים זֵייא זָאלֶען נִישְׁט זִינְדִיגֶען, אוּן וֶוען מַיין כֹּחַ וֶועט זִיךְ אוֹיסְלָאזֶען, זָאלְסְטוּ מִיךְ לִיעבֶּער גָאט נִיט פַארְלָאזֶען, אוּן אִין דֶער צַייט פוּן מַיין עֶלְטֶער זָאלְסְט דוּ מִיךְ נִישְׁט אַוֶועקְוַוארְפֶען אוּן הֶעלְף מִיר זִיךְ צוּ וַואשֶׁען אוּן רֵיינִיגֶען פוּן

---

משלי מוסר

**מִיר** זָאגֶען אִין דֶער מוּסַף שְׁמוֹנָה עֶשְׂרֵה: וְזָכַרְתִּי אֶת בְּרִיתִי יַעֲקֹב אִיךְ גֶעדֶענְק מַיין בּוּנְד מִיט יַעֲקֹב, וְאַף אֶת בְּרִיתִי יִצְחָק אוֹיךְ מַיין בּוּנְד מִיט יִצְחָק, וְאַף אֶת בְּרִיתִי אַבְרָהָם אוּן מַיין בּוּנְד מִיט אַבְרָהָם, אֶזְכּוֹר, גֶעדֶענְק אִיךְ אוֹיךְ. אִיז דָאךְ אִין גְרוּנְד אַ פְרַאגֶע; פַארְוָואס שְׁטֶעלְט

מַיינֶע זינְד, און אִין גֶערֶעכְטֶע וֶועגֶען זָאלְסְט דוּ מִיךְ פִירֶען
און פוּן דַיין בַּאהַאלְטֶענֶען גוּטְס זָאלְסְט דוּ מִיךְ אָנְזֶעטֶען. דִיא
טְרֵייסְטוּנְג פוּן צִיוֹן און יְרוּשָׁלַיִם זָאלְסְטוּ מִיר וַוייזֶען און עֶס
זָאל זַיין אַצוּנְד אַ צַייט צוּא בַּאוִוילִיגֶען מִיךְ און מַיינֶע תְּפִלּוֹת
צְוִוישֶׁען אַלֶע יוּדִישֶׁע תְּפִלּוֹת: יִהְיוּ לְרָצוֹן אִמְרֵי פִי וְהֶגְיוֹן לִבִּי
לְפָנֶיךָ יְיָ צוּרִי וְגוֹאֲלִי, אָמֵן:

# תְּחִנָּה תְּשׁוּבָה תְּפִלָּה וּצְדָקָה.

רִבּוֹנוֹ שֶׁל עוֹלָם, אִיךְ הָאף צוּ דִיר, דָאס דוּ וֶועסְט מַיין תְּפִלָּה אָנְ־
גֶעהְמֶען, דֶען דָוִד הַמֶּלֶךְ עָלָיו הַשָּׁלוֹם הָאט גֶעזָאגְט: אַ צוּ־
בְּרָאכֶען הַארְץ טְהוּסְטוּ נִיט פַארְשֶׁעהְמֶען, דוּ זֶעהְסְט דִי פַּיין פוּן דִיא
וָואס יָאמֶערְן, און קְלָאגֶען און וֶוען דֶער קְלָאגֶער רוּפְט טְהוּסְטוּ אִיהְם
דֶערְהֶערֶען, דֶען דוּ בִּיסְט דֶער גָאט וָואס דֶערְפְרֶעהְט טְרוֹיעֶרִיגֶע, מַייְ־
נֶע אוֹיגֶען רִינֶען טְרֶעהְרֶען און מַיין הַארְץ אִיז טְרוֹירִיג, אִיךְ קָאן נִיט
פְרֶעהְלַאךְ וֶוערֶען, דֶען אִיךְ קָאן מִיר קַיין עֵצָה גֶעבֶּען אוֹיף וָואס אִיךְ
זָאהל פְרִיהֶער בֶּעטֶען, צוּא אוֹיף מַיינֶע בֵּייזֶע מַעֲשִׂים, וָואס אִיךְ הָאבּ
גֶעטְהָאן דָאס דוּא זָאלְסְט מִיר הֶעלְפֶען וַוייטֶער נִיט צוּ טְהָאן, אָדֶער
זָאל אִיךְ בֶּעטֶען אוֹיף אוּנְזֶער לִיעבֶּען בֵּית הַמִּקְדָּשׁ און אוֹיף דִי בַּאְ־
דֶערְפֶענֶעשׁ וָואס דֶער מֶענְשׁ דַארְף. לִיעבֶּער פָאטֶער, הֶעלְף מִיר גֶעְ־
גֶען דֶעם שָׂטָן, וַוייל אִיךְ קָאן אִיהְם נִיט בַּייקוּמֶען און מַיינֶע חֲטָאִים
זַיינֶען שׁוֹין גְרוֹיס. וֶוען אִיךְ טְהוּ תְּפִלָּה צוּ דִיר, לִיעבֶּער גָאט, לָאזֶען
דִיא מְקַטְרִיגִים מַיין תְּפִלָּה נִישְׁט קוּמֶען פַאר דִיר צוּלִיעבּ מַיינֶע זִינְד
וָואס אִיךְ הָאבּ גֶעטְהָאן פוּן מַיין יוּגֶענְד אָן. אִיךְ קָאן שׁוֹין אֵיינְס פַאר

משלי מוסר

דֶער פָּסוּק וַיַּעֲקֹב'ן צוּם עֶרְשְׁטֶען און אַבְרָהָם צוּם לֶעצְטֶען? זָאגְט דַארוֹיף הָרַב הַמַּגִּיד זְכְרוֹנוֹ לִבְרָכָה מִדוּבְּנָא אַ מָשָׁל: אַ קִינְד אִיז גֶעגַאנְגֶען אִין חֶדֶר און הָאט גֶעקוֹיפְט נִיס. עֶפֶּעל און נָאךְ זַאכֶען. אַז עֶר הָאט דֶעם קְרֶעמֶער בַּאצָאהְלְט, הָאט עֶר בַּייא אִיהְם גֶעבֶּעטֶען עֶר זָאל אִיהְם עֶטְ־

דאס אַנדערע נישט וויסען און נישט געדענקען, און ווען איך וואלט זייא שוין אֲפִילוּ יא געדענקט, וואלט דיא צייט געווען ווייניג אויס־צוּרעכענען זייא:

לִיעבער גאט, זיי מיר מוֹחֵל, איך האב בּיז אהער געטהאן ווי אַ שוֹטֶה, וויא וועל איך קאנען ענטפערען צוּ מיין באשעפער הַקָּדוֹשׁ בָּרוּךְ הוּא, וואס האט מיך אויף דער וועלט באשאפען. אוֹי לִי אויף מיינע בייזע מַעֲשִׂים וואס איך האב געטהאן אויף דער וועלט וואס איז גאר הֲבֵל הֲבָלִים ווי אַ שאָטען אויף דער וואנד. דיא טעג געהען אַוועק און איך בּין אַלץ נעהענטער צום טוֹיט, איך בּין אַלע טאג און אַלע שָׁעָה און אַלע רֶגַע ניט זיכער פאר דעם טוֹיט, און ווען איך וואלט שוין געלעבט טויזענד יאהר, איז דאס אויך אין דיינע אויגען נור ווי איין טאג. צוּ אַלעם האט אַ מענש אַ האפנונג, אַן אָרעם־מאן האפט, רייך צוּא ווערען, אַ קראנקער האפט, געזונד צוּא ווערען אָבער פון דעם טוֹיט, איז קיין האפנונג אויסצוּמיידען. ווער וועט מיר העלפען אין מיינע נויטהען אַז דער בַּעַל פִּקָּדוֹן וועט שיקען נאך מיין נְשָׁמָה? מיין האב און גוּטס וועט מיך נישט קאנען אויסלייזען, מיינע קינדער און פיעל לייט וועלען ווייגען און מיך ניט קאנען אויסוויינען. עַל כָּרְחֲךָ אַתָּה נוֹלָד וְעַל כָּרְחֲךָ אַתָּה מֵת, איבער געוואלד בין איך באשאפען געווארען און איבער געוואלד וועל איך שטארבען, ווען מיין נְשָׁמָה וועט זיך שיידען פון מיין גוּף און

---

משלי מוסר

וואס צוליינען, האט איהר דער קרעמער געגעבען אַ צוליינ. דאס קינד'ס חבר וואס האט געזעהן וויא דער קרעמער האט געגעבען דעם קינד אַן עפעל האט ער אויך געבעטען אַן עפעל. זאגט צוּ איהם דער קרעמער: — קינד איינער, דיין חבר האט דאך בייא מיר געקויפט עפעל

עס וועט פארלאשען ווערען דיא ליכט פון מיינע אויגען, פון מיין שעהן ליכטיג הויז וועט מען מיך אוועקטראגען אין דעם פינצטערען קבר אריין. אין איין שעה בין איך געבוירען געווארען, אין דיא אנדערע שעה, וועל איך ווערען פארלארען. איך וועל פארגעסען ווערען פון דער וועלט אויף אויביג און דיא ווערעם וועלען קומען איבער מיין גאנץ לייב און וועלען מיך עסען און צאפען מיין בלוט ווי גוטען וויין, און מיין נשמה וועט נעבאך שטעהען און וועט דאס אלס צוזעהען, נאכדעם וועט מען מיך ערשט ר פען צום יום הדין הגדול והנורא לפני מלך מלכי המלכים הקדוש ברוך הוא און פאר דעם בית דין הגדול והנורא און מען וועט אויפמאכען דאס ספר הזכרונות. נאך מיין כתב נאך וועט מען מיך משפט'ן און מיינע מעשים וועלען ערקלעהרען מיין דין, א שטיין פון וואנד וועט אויף מיר עדות זאגען אין דין, א שפאן פון האלץ וועט ענטפערען דעם דין, אלץ מיט וואהרהייט און מיט מדת הרחמים און מדת הדין, ווער וועט פאר מיר רייִדען אין דין? איך וועל בלייבען שטעהען מיט א פארשעהמט פנים פאר דיר האל הגדול הגבור והנורא אין דעם יום הדין, און מיין משפט וועט מיר זיין ביטערער אלס דער טוידט. מען וועט מיך אבגעבען צו די מלאכי חבלה וואס איך האב אליין באשאפען און מיין פייער אין גיהנם וועט ניט פארלאשען ווערען. נו ווי אזוי זאל איך ניט געדענקען דעם סוף. אוי לי, איך האב מעהר נישט

---

משלי מוסר

פאר בארעם געלד, וואס דער עיקר איז דאך דער פדיון פון איהם, גיעב איך איהם אן עפעל אהן געלד אויך, אבער דוא האסט דאך פון מיר גאר ניט געזאָפּט פארוואס זאל איך דיר געבען אן עפעל אומזיסט? דער נמשל איז, אז עס וואלט געשטאנען אין פסוק אברהם דער ערשטער,

גֶשטְרַאכְט נָאר צוּ בּוֹיעֶן שֶׁעהֶנֶע הַייזֶער אוּן שְׁלֶעסֶער אוּן זִיךְ נִישְׁט בַּאדֶענְקְט אַז אַ בִּיסֶעל צְדָקָה אוּן מַעֲשִׂים טוֹבִים אִיז בֶּעסֶער פַאר גָאר דֶער גַאנְצֶער וֶועלְט. דַארוּם וַוייל דָאס לִיכְט בְּרֶענְט גִיעב אוֹיל אֵיידֶער עֶס וֶוערְט פַארְלָאשֶׁען. אִיךְ וִויל בֶּעטֶען צוּ דִיר גָאט, דֶען דוּ בִּיסְט אַ דֶערְבַּארְמִיגֶער דַיָן, דוּ טְהוּסְט אוּנְז רִיכְטֶען מִיט מִשְׁפָּט אוּן לָאזְט אוּנְז שְׁטַארְבֶּען מִיט דִין, לָאז אוּנְז לֶעבֶּען מִיט דַיין גְרוֹיס דֶערְבַּארֶעמְקַייט:

**אָנָּא,** אִיךְ בֶּעט דִיךְ, הוֹיכֶער קֶינִיג, אִיךְ קוּם פַאר דִיר מִיט מַיין בִּיטֶער גֶעשְׁרַיי אוּן מִיט מַיין וֵויינֶען, מַיינֶע אוֹיגֶען רִינֶען גְלַייךְ ווי קְוַואלֶען וַואסֶער אִיבֶּער מַיין פָּנִים, וַוייל אִיךְ וֵויין אוּן קְלָאג אוֹיף מַיינֶע זִינְד, עֶס וָואלְט מִיר בֶּעסֶער גֶעוֶוען, וֶוען אִיךְ וָואלְט גָאר אוֹיף דֶער וֶועלְט נִיט גֶעוֶועזֶען, נָאר דוּ דֶערְבַּארְמִיגֶער גָאט, דוּ בִּיסְט דָאךְ אַ רַחוּם וְחַנוּן אוּן הָאסְט גֶעגֶעבֶּען אַ הֵילְף צוּא דֶעם מֶענְטְשֶׁען, דָאס עֶר זָאל דֶערְוֶועקֶען זַיין הַארְץ מִיט תְּשׁוּבָה, תְּפִלָּה וּצְדָקָה, וָואס צוּרַייסְט אַלֶע בֵּייזֶע גְזֵירוֹת אוּן בִּיסְט מוֹחֵל, אַזוֹי וִויל אִיךְ בֶּעטֶען צוּ מַיין בַּאשֶׁעפֶער מִיט אַ צוּבְּרָאכֶען הַארְץ וֶועגֶען דֶערְבַּארְמְקַייט, ווִיא דֶער עָנִי בַּייא דֶער טִיהְר, אַזוֹי בֶּעט אִיךְ עֶס זָאהל זִיךְ עְרְוֶועקֶען דַיין דֶערְבַּארְמַקְייט אוֹיף מִיר אִין זְכוּת פוּן מִדַּת הָרַחֲמִים. אִיךְ פָּארְכְט מִיךְ צוּ בֶּעטֶען, ווִי זָאל אִיךְ פַאר אַזוֹי אַ גְרוֹיסֶען מֶלֶךְ שְׁטֶעהֶען? דִיא מַלְאָכִים וָואס זַיינֶען נָאר פְלַאם פַייעֶר זַיינֶען נִישְׁט לוֹיטֶער אִין זַיינֶע אוֹיגֶען, מִכָּל שֶׁכֵּן אִיךְ, וָואס בֶּעשְׁטֶעה פוּן בְּלוּט אוּן פְלֵייש אוּן וֶוע־רֶעם אוּן עֶרְד אוּן דֶערְצוּ הָאבּ אִיךְ נָאךְ זֶעהְר פִיעל עֲבֵירוֹת גֶעטְהָאן? אוּן וֶוען אִיךְ וִויל בֶּעטֶען, וַויים אִיךְ נִיט וָואס אִיךְ זָאהל פְרִיהֶער בֶּע־טֶען, דֶען מַיין בַּאדֶערְפֶענִש אִיז זֶעהְר פִיעל. גָאט, דוּא וַוייסְט דָאךְ

משלי מוסר

וָואלְטֶען בַּיים יוֹם הַדִין גֶעזָאגְט דִי בְּנֵי יִשְׂרָאֵל. מִיר שְׁטַאמֶען דָאךְ אוֹיךְ פוּן אַבְרָהָם דַארְפֶען מִיר אוֹיךְ גֶעניסֶען זַייז זְכוּת, דֶערְפַאר שְׁטֶעהְט אִין פָּסוּק: וְזָכַרְתִּי אֶת בְּרִיתִי יַעֲקֹב, דֶער עִיקָר זְכוּת אִיז נָאר צוּלִיעב יַעֲקֹב, וָואס פוּן אִיהְם שְׁטַאמֶען דִיא צְוֶועלְף שְׁבָטִים צַדִיקִים. וְאַף אֶת

אַלְס וואוֹיל. וַוייל דוּא בִּיסְט דָאךְ אַ יוֹדֵעַ נִסְתָּרוֹת אוּן אַ בּוֹחֵן לְבָבוֹת אוּן דוּא וַוייסְט וואוֹיל מַיין צוּבְּרָאכֶען הַארְץ, מִיט דֶעם טְרוֹיסְט אִיךְ מִיךְ, דָאס אַ צוּבְּרָאכֶען הַארְץ טְהוּסְטוּ נִישְׁט פַארְשֶׁעהְמֶען, אִיךְ בֶּעט דִיךְ, בַּעַל הָרַחֲמִים, אַז דוּא וֶועסְט מִשְׁפָּט'ן דִיא נְפָשׁוֹת זָאלְסְטוּ אַלֵיין מִיךְ מִשְׁפָּטְ'ן מִיט דֶערְבַּארְמַקֵייט אוּן זָאלְסְט אוֹיסְצִיהֶען צוּ לִיכְט מַיין מִשְׁפָּט. אִיךְ בֶּעט דִיךְ, לִיעבֶּער פָאטֶער, טְהוּ מִיט מִיר מִשְׁפָּט נָאךְ דַיין מִנְהָג נָאךְ אוּן זַיי מִיר מוֹחֵל, דֶען אַז דוּ וֶועסְט מִיךְ מִשְׁפָּטְ'ן נָאךְ מַיינֶע מַעֲשִׂים נָאךְ וֶועל אִיךְ דֶען קֶענֶען בַּיישְׁטֶעהְן צוּ פַאר דִיר? אוּן וָואס פַאר אַ גֶעווִינְס וֶועסְטוּ הָאבֶען וֶוען דוּא וֶועסְט מִיךְ שְׁטְרָאפֶען? דִיא נְשָׁמָה אִיז דַיינֶע אוּן דֶער גוּף אִיז אוֹיךְ דַיינֶער. אִיךְ בִּין אֵייבִּיג אִין דַיין הַאנְד וִוי לֵייהְם אִין הַאנְד פוּן דֶעם טֶעפֶּער אוּן אַלְס שְׁטְרוֹי פַאר דֶעם פַייעֶר. אִיךְ בִּין עֶרְד אוּן וֶועל וֶוערֶען עֶרְד, וֶוען דוּ וָואלְסְט מִיךְ גֶעוָואלְט רִיכְטֶען נָאךְ מַיינֶע מַעֲשִׂים הָאבּ אִיךְ שׁוֹין לַאנְג גֶע־דַארְפְט פַארְפוֹילְט וֶוערֶען אִין דֶער עֶרְד, עֶס וָואלְט שׁוֹין קֵיין גֶעדֶע־כֶענִעשׁ נִיט גֶעבְּלִיעבֶּען פוּן מִיר, אָבֶּער דוּ בִּיסְט דָאךְ אַ מַאֲרִיךְ אַף, דַיין מִדָּה אִיז, דָאס דוּא בִּיסְט נוֹהֵג חֶסֶד מִיט דִיא בַּאשֶׁעפֶענֶעשׁ אוּן נֶעהְמְסְט אָן דִיא תְּפִלָּה וָואס קוּמְט פוּן טִיעפֶען הַארְצֶען. נֶעהְם אָן מַיין תְּפִלָּה אוּן זַייא נִישְׁט מְדַקְדֵּק אִין דִין, אוּן אַז דוּא וֶועסְט וֶועלֶען מְדַקְדֵּק זַיין, טְהוּ אִיךְ מִיךְ טְרוֹיסְטֶען מִיט שְׁלֹשׁ עֶשְׂרֵה מִדּוֹת, וָואס זַיינֶען לוֹיטֶער רַחֲמִים. יְיָ יְיָ אֵל רַחוּם וְחַנּוּן אֶרֶךְ אַפַּיִם וְרַב חֶסֶד וֶאֱמֶת נוֹצֵר חֶסֶד לָאֲלָפִים נוֹשֵׂא עָוֹן וָפֶשַׁע וְחַטָּאָה וְנַקֵּה. דַיין הַאנְד אִיז אָפֶען צוּ עֶמְפְּפַאנְגֶען דִי וָואס הָאבֶען חֲרָטָה אוּן דוּ עֶנְטְפֶערְסְט. וֶוען מֶען טְהוּט תְּפִלָּה. עֶנְטְפֶער מִיר, דוּ דֶערְבַּארְמִיגֶער גָאט, וָואס עֶנְטְ־פֶערְט צוּ זַיינֶע אֶבְיוֹנִים. עֶנְטְפֶער מִיר, וִויא דוּ עֶנְטְפֶערְסְט צוּ דִי צוּ־

---

משלי מוסר

גְּרִיתִי יִצְחָק, מַיין בּוּנְד מִיט יִצְחָק וֶועל אִיךְ דֶערְמָאהְנֶען אַלְס צְוַוייג. וְאַף אֶת בְּרִיתִי אַבְרָהָם אֶזְכֹּר, אוּן נָאךְ אַ צְוַוייג וֶועל אִיךְ גֶעבֶּען, אִיךְ וֶועל דֶערְמָאהְנֶען מַיין בּוּנְד מִיט אַבְרָהָם אוֹיךְ. נָאר דֶער זְכוּת פוּן יַעֲקֹב אִיז דֶער עִיקָר, דַארוּם הָאבֶען אוֹיסֶער דִיא יִשְׂרָאֵל קִיינֶער קֵיין

בְּרָאכֶענֶע הֶערְצֶער. רַחוּם וְחַנּוּן, עֶנְטְפֶער מִיר, וְוִי דוּ הָאסְט גֶעעֶנְטְ־ פֶערְט אוּנְזֶער מוּטֶער חַנָּה, אוּן גֶעהֶם אָן מַיין תְּשׁוּבָה וְויא דוּ הָאסְט אָנְגֶענוּמֶען דִי תְּשׁוּבָה פוּן מְנַשֶּׁה. הֶעלְף מִיר אִיךְ זָאהְל שׁוֹין וַוייטֶער נִיט זִינְדִיגֶען אוּן שְׁטַארְק מִיר מַיין הַארְץ צוּא גֶעהְן אִין דַיינֶע וֶועגֶען צוּא גֶעבֶּען צְדָקָה אוּן צוּ טְהָאן מַעֲשִׂים טוֹבִים, אַז מַיין לֶעבֶּען זָאהְל הֵייסֶען אַ רֶעכְט לֶעבֶּען. דוּ גָאט, דוּ ווייסְט דָאךְ וואוּיל מַיין מַחֲשָׁבָה אוּן דוּא הֶעלְפְסְט דֶעם מֶענְטְשֶׁען אִין דֶעם וֶועג וְויא עֶר גֶעהְמְט זִיךְ פַאר, טָא זַיי זִיךְ מְרַחֵם אִיבֶּער מִיר כְּרַחֵם אָב עַל בָּנִים, אַז אִיךְ וֶועל חַס וְשָׁלוֹם זִינְדִיגֶען זָאלְסְטוּ מִיר דֶערְמָאהְנֶען תְּשׁוּבָה צוּ טְהָאן אוּן אַז אִיךְ וֶועל דִיךְ אָנְרוּפֶען זָאלְסְטוּ מִיר עֶנְטְפֶערֶען אוּן זָאלְסְט מִיךְ נִישְׁט פַארְלָאזֶען אַז עֶס וֶועט מִיר חַס וְשָׁלוֹם אַ נוֹיטְה זַיין, אוּן זָאלְסְט מִיר הֶעלְפֶען אוּן זָאלְסְט מִיר הֵיילֶען, דֶען דוּא בִּיסְט אַ רוֹפֵא חִנָּם אוּן אַ רוֹפֵא לִשְׁבוּרֵי לֵב. אִיךְ בֶּעט דִיךְ, אָבִינוּ שֶׁבַּשָּׁמַיִם, דוּא זָאלְסְט מִיר דֶערְהוֹיכֶען מַיין מַזָּל מִיט מַיין מַאן אוּן זָאלְסְט מִיר גֶעבֶּען גוּטֶע קִינְ־ דֶער אוּן אִיךְ זָאהְל פוּן זֵייא קַיין צַעַר נִיט הָאבֶּען, דֶען דָאס אִיז נָאר דָאס לֶעבֶּען בָּעוֹלָם הַזֶּה אוּן בָּעוֹלָם הַבָּא. זָאלְסְט אוּנְז גֶעבֶּען לֶחֶם לֶאֱכוֹל וּבֶגֶד לִלְבּוֹשׁ בְּכָבוֹד אוּן נִישְׁט מִיט בִּזָּיוֹן. זָאלְסְטוּ אוּנְז לָאזֶען אוֹיסְלֶעבֶּען אוּנְזֶערֶע יָאהְרֶען אִין גְרוֹיס פְרֵיידֶען מִיר זָאלֶען זוֹכֶה זַיין צוּ זֶעהְן אוּנְזֶער גֶעזַאלְבְּטֶען מָשִׁיחַ, בִּמְהֵרָה בְיָמֵינוּ, אָמֵן:

---

משלי מוסר

צוּטְרֶעט נִישְׁט גֶעהַאט צוּ גֶענִיסֶען דֶעם זְכוּת פוּן יַעֲקֹב:

**מִיר** זָאגֶען רֹאשׁ הַשָּׁנָה אוּן דִי אַלֶע עֲשֶׂרֶת יְמֵי תְּשׁוּבָה „אָבִינוּ מַלְכֵּנוּ". מִיר ווִילֶען דִיא פְּסוּקִים פוּן דִיעזֶער תְּפִלָּה גֶעבֶּען צוּ פַארְשְׁטֶעהְן מִיט מְשָׁלִים:

**אָבִינוּ** מַלְכֵּנוּ חָטָאנוּ לְפָנֶיךָ, אוּנְ־ זֶער פָאטֶער, אוּנְזֶער קֶענִיג, מִיר הָאבֶּען גֶעזִינְדִיגְט פַאר דִיר.

לְמָשָׁל: אִין אַ שְׁטָאדְט אִיז גֶעוֶוען אֵיינֶער וָואס הָאט גֶעהַאנְדֶעלְט מִיט לָאטֶערִי צֶעטְלֶען וַיְהִי הַיּוֹם, הָאט אִיהְם דֶער פְּרִיסְטַאוו אָנְגֶעזָאגְט, אַז עֶר זָאל דִיעזֶען מִסְחָר נִיט טְהָאן, ווייל דָאס אִיז גֶעגֶען דִי גֶעזֶעץ. דֶער מַאן הָאט אָבֶּער נִיט גֶעפָאלְגְט אוּן הָאט פַארְקוֹיפְט צֶעטְלֶען אִין פְּרִיסְטַאווּים

# סדר ליכט צינדען פון ראש השנה:

אז ראש השנה געפאלט אום דער וואכען זאגט מען. דיעזע ברכות
פאר ליכט צינדען:

בָּרוּךְ אַתָּה יְיָ אֱלֹהֵינוּ מֶלֶךְ הָעוֹלָם אֲשֶׁר
קִדְּשָׁנוּ בְּמִצְוֹתָיו וְצִוָּנוּ לְהַדְלִיק נֵר
שֶׁל יוֹם טוֹב:

בָּרוּךְ אַתָּה יְיָ אֱלֹהֵינוּ מֶלֶךְ הָעוֹלָם שֶׁהֶחֱיָנוּ וְקִיְּמָנוּ
וְהִגִּיעָנוּ לַזְּמַן הַזֶּה:

אז ראש השנה געפאלט אום שבת זאגט מען דיעזע ברכות נאך
ליכט צינדען:

בָּרוּךְ אַתָּה יְיָ אֱלֹהֵינוּ מֶלֶךְ הָעוֹלָם אֲשֶׁר
קִדְּשָׁנוּ בְּמִצְוֹתָיו וְצִוָּנוּ לְהַדְלִיק נֵר
שֶׁל שַׁבָּת וְשֶׁל יוֹם טוֹב:

בָּרוּךְ אַתָּה יְיָ אֱלֹהֵינוּ מֶלֶךְ הָעוֹלָם שֶׁהֶחֱיָנוּ וְקִיְּמָנוּ
וְהִגִּיעָנוּ לַזְּמַן הַזֶּה:

## תחנה לראש השנה נאך ליכט בענשען.

די תחנה זאגט מען ביידע טעג ראש השנה נאך ליכט בענשען:

הִנְנִי בָּאָה לְדַבֵּר לְפָנֶיךָ אָבִי שֶׁבַּשָּׁמַיִם:

---

משלי מוסר

מיר אין דיא אויגען עובר זיין אוי־ גענגענוואַרט. דעם פריסטאוו האט
מיין פארזאג! עם זעהר פארדראסען, סטייטש, פאר

אִיךְ קוּם יֶעצְט צוּ רֵיידֶען פַאר דִיר גָאט, וָואס דוּ בִּיסְט מַיין פָאטֶער אִין הִימֶעל אוּן שְׁטֶעל מִיךְ אַנִיעדֶער תְּפִלָּה צוּא טְהָאן פַאר דִיר דֶערְבַּאַרְמְדִיגֶער פָאטֶער:

# בְּלֵב נִשְׁבָּר וְרוּחַ נְמוּכָה וְקוֹמָה זְקוּפָה:

מִיט אַ צוּבְּרָאכֶען הַארְץ, וָואס עֶס צוּגֶעהְט אִין מִיר אַזוֹי וִוי וַואסֶער אוּן מִיט אַ נִידְרִיג גֶעמִיטְה אוּן אַן אַיינְגֶעבּוֹי־גֶען שְׁטַאנְד:

# כִּי יִרְאָה וַחֲרָדָה אֲנִי מֵאֵימַת דִינֶךָ:

דֶען אִיךְ פָארְכְט מִיךְ זֶעהְר אוּן צִיטֶער פוּן דֶער מוֹרָא פוּן דַיין מִשְׁפָּט, וָואס דוּא זֶעצְט זִיךְ הַיינְט צוּ מִשְׁפָּטְ'ן גָאר דִי וֶועלְט:

# זֵכֶר כָּל הַמַעֲשִׂים לְפָנֶיךָ בָּא:

הַיינְטִיגֶען טָאג קוּמְט פַאר דִיר דָאס גֶעדֶעכֶענִישׁ פוּן אַלֶע מַעֲשִׂים וָואס דֶער מֶענְטְשׁ טְהוּט אַ גַאנְץ יָאהְר, סַיי דִיא זַאכֶען וָואס עֶר טְהוּט אָפֶען אוּן סַיי דִיא זַאכֶען וָואס עֶר טְהוּט פַארְבָּארְגֶענֶערְהֵייד:

# הַיוֹם יִכָּתְבוּ הַבְּרִיוֹת לְחַיִים וְלַמָוֶת:

הַיינְטִיגֶען טָאג טְהוּעֶן גֶעשְׁרִיבֶען וֶוערֶען אַלֶע בַּאשֶׁעפֶּע־נֶעשׁ פוּן דֶער וֶועלְט זַייא זָאלֶען לֶעבֶען בְּלַייבֶּען אָדֶער זָאלֶען גֶעטוֹידְט וֶוערֶען:

---

משלי מוסר

כַּךְ, אַזוֹי אִיז מִיט אוּנְז אִידֶען, מִיר טְהוּעֶן אַזֶעלְכֶע זַאכֶען וָואס גָאט בָּרוּךְ הוּא הָאט פַארְבָּאטֶען, אוּן וִויא גָאךְ זִינְדִיגֶען מִיר? אִין גָאטְ'ס גֶעגֶענְוַוארְט

וַוייל דֶער בּוֹרֵא יִתְבָּרַךְ זֶעהְט דָאךְ אַלֶעס, אַזוֹי וִויא אִין פָּסוּק שְׁטֶעהְט: „אִם יִסָתֵר אִישׁ בְּמִסְתָּרִים וַאֲנִי לֹא אֶרְאֶנוּ“? הֶעוְ זִיךְ דֶען אַ מֶענְטְשׁ בַּא־

## וְאָנֹכִי אִשָּׁה קְשַׁת רוּחַ הַנִּצֶּבֶת בְּלֵב מַר:

און איך אִשָּׁה (פלונית בת פלוניט) הָאבּ אַ שְׁוֶוער גֶעמִיטְה און איך שְׁטֶעה מִיט אַ בִּיטֶער הַארְץ, דֶען איך בַּאדֶענְק מִיךְ אויף מַיינֶע מַעֲשִׂים פון אַ גַאנְץ יָאהְר:

## רוּחִי קְצָרָה וּנְשָׁמָה לֹא נוֹתְרָה בִי:

מַיין אָטְהֶעם איז קוּרְץ צוּא רֵיידֶען פַאר דִיר, דֶער דֶערְבַּאַ־רֶעמְדִיגֶער פָּאטֶער, און עֶס בְּלַייבְּט אִין מִיר קַיין נְשָׁמָה נִיט איך זָאל עֶפֶענֶען יֶעצְט מַיין מויל:

## יָדַעְתִּי אֶת מֶרְיִי וְאֶת עָרְפִּי הַקָּשָׁה:

איך וֵייס זֶעהְר וואויל מַיין וִוידֶערְשְׁפֶּענִיגְקֵייט גֶעגֶען דִיר און וָואס איך בִּין הַארְטְנַאקִיג גֶעוֶועןן צוּא הֶערֶען דַיינֶע לִיעבֶּע הֵיילִיגֶע גֶעבָּאט:

## אוֹי לִי וְאוֹי לְנַפְשִׁי כִּי טִמֵּאתִיהָ.

וֶועה טְהוּ איך שְׁרַייעֶן אויף מִיר און וֶועה אויף מַיין לַייבּ דֶען איך הָאבּ זִיא פַארְאוּמְרֵיינִיגְט מִיט מַיינֶע בֵּייזֶע מַעֲשִׂים וָואס איך הָאבּ גֶעטְהָאן אַ גַאנְץ יָאהְר:

## אֵיזֶה זְכוּת אֲבַקֵּשׁ בְּקוּמְךָ לְשָׁפְטֵנִי:

וָואס פַאר אַ זְכוּת קֶען איך גֶעפִינֶען אויף מִיר און אויף מַיין לַייבּ וֶוען דוּ וֶועסְט אוֹיפְשְׁטֶעהְן צוּ מִשְׁפָּטְן מִיךְ הַיינְט אִיןְ דֶעם יוֹם הַדִּין:

---

משלי מוסר

האלְטֶען און דֶער רִבּוֹנוֹ שֶׁל עוֹלָם זָאל אִיהְם נִיט זֶעהְן? דארִיבֶּער צִיי־גֶען מִיר זִיךְ מִתְוַדָּה און מִיר זָאגֶען: „אָבִינוּ מַלְכֵּנוּ חָטָאנוּ לְפָנֶיךָ". מִיר הָאבֶּען גֶעזִינְדִיגְט פַאר דִיר, אִין דַיין גֶעגֶענְוַוארְט און אוּנְזֶער פַארְבְּרֶע־כֶען אִיז זֶעהְר גְרוֹיס:

## רַחֵם עָלַי כְּרוֹב רַחֲמֶיךָ לְצַדְקֵנִי בַּמִשְׁפָּט:

**רִבּוֹנוֹ** שֶׁל עוֹלָם, אִיךְ בֶּעט דִיךָ, הָאבּ אוֹיף מִיר רַחֲמָנוּת אַזוֹי
וִוי דַיין פִיעל דֶערְבַּארְמַקַייט צוּ גֶערֶעכְט מַאכֶען מִיךְ
אִין דֶעם מִשְׁפָּט אוּן זָאלְסְט אַנְשְׁרַייעֶן אוֹיף דִיא מְקַטְרְגִים זֵיי
זָאלֶען נִיט רֵיידֶען קַיין בֵּייז אוֹיף מִיר:

## כִּי רַחוּם וְחַנּוּן אָתָּה וּמַרְבֶּה לִסְלוֹחַ:

**דֶען** דוּא בִּיסְט אַ דֶערְבַּארֶעמִיגֶער אוּן אַ לַייטְזֶעלִיגֶער אוּן
מְהוּסְט מֶעהֶרֶען צוּ פַארְגֶעבֶּען אוֹיף דִיא זִינְד פוּן דֶעם
מֶענְשֶׁען חָאטְשֶׁע עֶר זִינְדִיגְט פִיעל מָאל. וִוי בַּאלְד עֶר טְהוּט
תְּשׁוּבָה מִיט זַיין גַאנְץ הַארְץ, נֶעהְמְסְט דוּ אָן זַיין תְּשׁוּבָה:

## אַל תַּעַשׂ כָּלָה לִשְׁאֵרִית יִשְׂרָאֵל עַמֶּךָ:

**זָאלְסְט** נִישְׁט פַארְנִיכְטֶען דִיא אִיבֶּערְגֶעבְּלִיבֶּעֶנֶע פוּן דַיין
לִיעבּ פָאלְק יִשְׂרָאֵל וָואס זַיינֶען אִיבֶּערְגֶעבְּלִיבֶּען
זֶעהְר אַ ווִינְצִיגֶע צָאהְל:

## זְכוֹר דָּמָם אֲשֶׁר נִשְׁפַּךְ כְּפַלְגֵי מַיִם:

**גֶעדֶענְק**, דֶערְבַּארֶעמִיגֶער גָאט, דָאס בְּלוּט פוּן דַיין פָאלְק
יִשְׂרָאֵל וָואס עֶס אִיז יֶענֶע צַייטֶען פַארְגָאסֶען גֶע־
וָוארֶען אַזוֹי וִויא טַייכֶען וַואסֶער, וֶוען זֵיי זַיינֶען גֶעטוֹידְט גֶע־
וָוארֶען אוֹיף קִידוּשׁ הַשֵּׁם:

## וְאַל יִשָּׁפֵךְ דָּמָם עַתָּה בְּחֶרֶב מַלְאַךְ הַמָּוֶת:

---

### משלי מוסר

**אָבִינוּ** מַלְכֵּנוּ עֲשֵׂה עִמָּנוּ לְמַעַן
שְׁמֶךָ, אוּנְזֶער פָאטֶער, אוּנ־
זֶער קֶענִיג טְהוּ מִיט אוּנְז גוּטֶעס צוּ־
לִיעבּ דַיין נָאמֶען. לְמָשָׁל: אִין אַ
שְׁטָאדְט הָאט גֶעווָאהְנְט אַ זַיינֶער־
מַאכֶער אַ גְרוֹיסֶער קִינְסְטְלֶער וָואס
הָאט גֶעמַאכְט זֶעהְר זֶעלְטֶענֶע זַייגֶערְס, אָבֶער מֶען הָאט פוּן אִיהְם

אונ אין דעם זכות זאלסט דו זייא אנשרייבען צו א לעבעדיג יאהר עס זאהל ניט פארגאסען ווערען זייער בלוט דורך דער שעוערד פון דעם מלאך המות:

## זראה עמך כלם מתקבצים אל בית תפלתם:

אונ קוק, ליעבער גאט, ווי אזוי דיין ליעב פאלק ישראל טהוען זיך היינט פארזאמלען אין דיא שוהלען צו וויינען אונ שרייען אונ טהאן תפלה פאר דיר:

## זועקים אליך בלב מר ודורשים חסדך:

זיי טהוען אלע שרייען צו דיר מיט א ביטער הארץ אונ מיט א צובראכען געמיטה אונ פארלאנגען פון דיר דו זאלסט מיט זיי טהאן גענאד אונ דערבארמקייט:

## מצפים לישועתך ועיניהם לך תולים:

זיי טהוען האפען צו דיין גוטע הילף אונ זייערע אויגען היינגען צו דיר אונ קוקען ארוים אז דו זאלסט זיך דערבארמען אויף אונז אונ שרייב אונז אריין היינטיגען טאג אין דעם ספר פון לעבען:

## ואתה אל רחום זכרנו לחיים טובים ומתוקים:

אונ דו, דערבארמיגער גאט, בעט איך, דו זאלסט אונז גערעדענקען צו א גוט לעבען אונ זיסע יאהרען מיך אונ מיין מאן אונ מיינע קינדער אונ כל ישראל אחינו:

---

משלי מוסר

ניט געוואוסט אונ ער האט ניט געהאט קיין בארויף. איינמאל איז צוא איהם געקומען א בייזענדער אונ געזעהן זיינע קונציגע ארבייט, ער האט נאכהער אויף זיין בייזע איבעראל דערצעהלט וועגען דעם גרויסען קינסטלער אונ זיין פראכטפאלע ארבייט אונ ער האט געקראגען א שם

## וְתַעֲלֶה לְפָנֶיךָ לְרָצוֹן בִּרְכָתִי עַל הַנֵּרוֹת:

און עס זָאהל אוֹיפְגֶעהֶען פַאר דִיר, דֶערְבַּארְמִיגֶער פָאטֶער. צוּ גוּטֶען־ווִילֶען דִי בְּרָכָה ווָאס אִיךְ הָאבּ גֶעמַאכְט אוֹיף דִי לִיכְט ווָאס אִיךְ הָאבּ אָנְגֶעצוּנְדֶען לְכָבוֹד דֶעם הֵיילִיגֶען יוֹם הַדִין:

## בַּחֲסָדֶיךָ הַמְּרֻבִּים אֶת מִשְׁפָּטִי לְהָאִירָה:

און אַזוֹי ווִי אִיךְ הָאבּ גֶעטְהָאן דֶערְלַייכְטֶען מַיין הויז מִיט דִי לִיכְט ווָאס אִיךְ הָאבּ גֶעבֶּענְטְשְׁט, אַזוֹי רִבּוֹנוֹ שֶׁל עוֹלָם זָאלְסְט דוּ מִיר דֶערְלַייכְטֶען מַיין מִשְׁפָּט און זָאלְסְט מִיךְ מִשְׁפָּטְ'ן צוּ גוּטֶען:

## וְלֹא יֶחְשַׁךְ אוֹר חַיֵּי נַפְשִׁי בָּעוֹלָם הַזֶּה:

און עס זָאהל חָלִילָה נִיט פִינְצְטֶער ווֶערֶען דָאס לִיכְטִיגְקֵייט פוּן דֶעם לֶעבֶּען פוּן מַיין לַייבּ אוֹיף דֶער ווֶעלְט. מַיין שַׁיין זָאל נִיט פַארְגֶעהְן אַזוֹי ווִיא דִי שַׁיין פוּן דֶער זוּהְן גֶעהְט אוּנְטֶער אוֹיף דֶער נַאכְט:

## וְתָאִיר אֶת מַזָּלִי לְפַרְנָסָה טוֹבָה וְכַלְכָּלָה:

און זָאלְסְט דֶערְלַייכְטֶען, לִיעבֶּער גָאט. מַיין מַזָל און דָאס מַזָל פוּן מַיין מַאן און מַיינֶע קִינְדֶער צוּא אַ גוּטֶע פַּרְנָסָה און שְׁפַּייז מִיר זָאלֶען נִיט דארְפֶען אָנְקוּמֶען צוּ דֶער גָאבּ פוּן אַ בָּשָׂר וָדָם, נָאר צוּא דַיין פוּלֶע גֶעבֶּענְשְׁטֶע הַאנְד:

---

משלי מוסר

אוֹיף דֶער ווֶעלְט. שָׂרִים און מְלָכִים הָאבֶּען אָנְגֶעהוֹיבֶּען קוֹיפֶען ווַיינֶע זַיי־גֶערְס און מֶען הָאט פַאר זַייא גֶע־צָאהְלְט גְרוֹיסֶע פְּרַייזֶען. אין אַ צַייט אַרוּם אִיז דֶער ווֶעלְכֶער בּייזֶעוִויכְט גֶעקוּמֶען צוּם זֵייגֶער־מַאכֶער און אִיהְם גֶעבֶּעטֶען עֶר זָאל אִיהְר פַאר־רִיכְטֶען אַ צוּבְּרַאכֶענֶעם זֵייגֶער. דֶער

## וְאֶת עֵינֵי בַּעֲלִי וְזַרְעִי תָּאִיר בְּתוֹרָתְךָ הַקְּדוֹשָׁה:

און דִי אויגֶען פון מַיין מַאן און מַיינֶע קִינְדֶער זָאלְסְטוּ דֶערְ־לַייכְטֶען אִין דַיין הֵיילִיגֶער תּוֹרָה אַזוֹי וִוי אִיךְ הָאבּ בַּאַ־לֵייכְטֶען מַיין הויז מִיט דִיא לִיכְט וָואס אִיךְ הָאבּ גֶעבֶּענְטְשְׁט לִכְבוֹד רֹאשׁ הַשָּׁנָה:

## וְלֹא תִבְעַר עָלֵינוּ חֲמָתְךָ מֵעַתָּה וְעַד עוֹלָם:

לִיעבֶּער גָאט, דֶערְבַּארְמִיגֶער פָאטֶער, עֶס זָאל נִיט בְּרֶענֶען אויף אוּנְז דַיין צָארְן פון הַיינְט בִּיז אוֹיבִּיג און דוּא זָאלְסְט מִיט אוּנְז נָאר טְהָאן גֶענָאד און דֶערְבַּא־רֶעמְקַייט:

## וְתַכְרִית וּתְכַלֶּה כָּל הַמְקַטְרְגִים עַל יִשְׂרָאֵל:

זָאלְסְט פַארְשְׁנַיידֶען און אויסְרָאטֶען אַלֶע וָואס רֵיידֶען פַאר דִיר בֵּייז אויף דַיין לִיעבּ פָאלְק יִשְׂרָאֵל. שְׁרַייא אָן אויפְ׳ן שָׂטָן און אויף אַלֶע בֵּייזֶע מַלְאָכִים זֵיי זָאלֶען פַארְשְׁלִי־סֶען זֵייעֶר מויל פון רֵיידֶען אויף אוּנְז בֵּייז:

## וְהָאֵר פָּנֶיךָ עַל מִקְדָשְׁךָ הַשָּׁמֵם, אָמֵן סֶלָה:

און מַאךְ לַייכְטֶען, לִיעבֶּער דֶערְבַּארְמִיגֶער גָאט, דַיין הֵיילִי־גֶע שַׁיין אויף דֶעם בֵּית הַמִּקְדָּשׁ וָואס אִיז וִויסְט און חָרֵב שׁוֹין פון וִויפִיעל יָאהְר, און מִיר זָאלֶען זוֹכֶה זַיין צוּא צִינְדֶען לִיכְט אִין דֶער הֵיילִיגֶער מְנוֹרָה, בִּמְהֵרָה בְיָמֵינוּ. אָמֵן סֶלָה:

---

### משלי מוסר

גְרויסֶער מַייסְטֶער הָאט אִיהְם גֶע־עֶנְטְפֶערְט: „וִויא אַזוֹי קָאנְסְטוּ דָאס פַארְלַאנְגֶען, אַז אִיךְ, וָואס מַיין אַרְבֵּייט גֶעפִינְט זִיךְ אִין קֵייזֶערְלִיכֶע פַּאלַאצֶען. זָאהְל בַּיין צוּבְּרָאכֶענֶעם זַייגֶער פַארְרִיכְטֶען?" דֶער בַּייזֶענְ־דֶער הָאט אִיהְם דַאן גֶעזָאגְט: „אִיךְ הָאבּ אַ רֶעכְט צוּא פַארְלַאנְגֶען דָאס

# תְּפִלָּה עַל הַפַּרְנָסָה.

יְהִי רָצוֹן, עֶס זָאהְל זַיין דֶער ווילֶען פַאר דִיר גָאט, אוּנְזֶער גָאט אוּן גָאט פוּן אוּנְזֶערֶע עֶלְטֶערְן, גְרוֹיסֶער אוּן שְׁטַארְקֶער אוּן פָארְכְטִיגֶער גָאט, אַז דוּא זָאלְסְט דֶערְפִיהְלְט וֶוערֶען מִיט דֶערְבַּארְעמִקַייט אוֹיף אוּנְז פוּן דַיינֶעט וֶועגֶען אוּן וֶועגֶען דֶעם הֵיילִיגֶען מִזְמוֹר אוּן דִי הֵיילִיגֶע שֵׁמוֹת וָואס וֶוערֶען דֶערְמָאהְנְט אִין אִיהְם אוּן דָאס הֵיילִיגְקַייט פוּן זַיינֶע פְּסוּקִים אוּן וֶוערְטֶער אוּן אוֹתִיוֹת אוּן טְרָאפּ אוּן רְמָזִים אוּן סוֹדוֹת אוּן דָאס הֵיילִיגְקַייט פוּן דֶעם הֵיילִיגֶען נָאמֶען, וָואס גֶעהְט אַרוֹיס פוּן דֶעם פָּסוּק וַהֲרִיקוֹתִי לָכֶם בְּרָכָה עַד בְּלִי דַי. דָאס אִיז טַייטְשׁ: אִיךְ וֶועל צוּא אַייךְ אוֹיסְלֵיידִיגֶען בְּרָכָה בִּיז גֶענוּג. אוּן פוּן דֶעם פָּסוּק „נְסָה עָלֵינוּ אוֹר פָּנֶיךָ יְיָ“, דֶערְהוֹיבּ אוֹיף אוּנְז דָאס לִיכְטִיגְקַייט פוּן דַיין פָּנִים גָאט, וְכָתְבֵנוּ אוּן שְׁרַייבּ אוּנְז אִין דֶעם סֵפֶר פוּן פַּרְנָסָה אוּן שְׁפַּייז הַיינְטִיגֶס יָאהְר אוּן אַלֶע יָאהְר, אוּנְז אוּן אַלֶע אוּנְזֶערֶע בְּנֵי בַיִת בִּיז וַואנֶען מִיר וֶועלֶען לֶעבֶּען. בְּמִלּוּי, מִיט דֶער עֶרְפִיהְלוּנְג אוּן בְּרֵייטְקַייט, בְּהֶתֵּר אוּן נִיט בְּאִיסוּר, אִין נַחַת אוּן נִיט אִין צַעַר. בְּשַׁלְוָה מִיט פְרִיעד אוּן שְׁטִילְקַייט אָהְן אַ שׁוּם עַיִן הָרָע, אוּן זָאלְסְט אוּנְז מְזַכֶּה זַיין צוּא עוֹסֵק זַיין אִין דַיין הֵיילִיגֶער דִינֶנְסְט אָהְן אַ שׁוּם טִרְדָה, אוּן זָאלְסְט אוּנְז מְפַרְנֵס זַיין מִיט אַ פַּרְנָסָה וָואס עֶס זָאהְל אִין אִיהְר נִיט זַיין קַיין שַׁאנְד אוּן מִיר זָאלֶען נִישְׁט דַארְפֶען אָנְקוּמֶען צוּא אַ בָּשָׂר וָדָם, נָאר פוּן דַיין פוּלֶע אוּן בְּרֵייטֶע הַאנְד, אוּן זָאלְסְט אוּנְז בַּאגְלִיקֶען אוּן דֶערְבְּרֵייטֶען אִין אוּנְזֶער לֶעהֶרְנוּנְג אוּן אִין אַלֶע אוּנְזֶערֶע הַאנְדֶעלְשַׁאפְט. אוּנְזֶערֶע הַייזֶער זָאלֶען זַיין פוּל מִיט גָאטֶס בְּרָכָה אוּן מִיר זָאלֶען זַאט זַיין מִיט בְּרוֹיט אוּן אוּנְז זָאל

---

משלי מוסר

פוּן דִיר דֶערְפַאר וָואס אִיךְ הָאבּ דִיךְ מְפַרְסֵם גֶעוֶוען, וָוארוּם וֶוען נִיט אִיךְ וָואלְט דִי וֶועלְט גָאר נִיט גֶעוואוּסְט אַז דוּ בִּיסְט אַזַא קִינְסְטְלֶער אוּן דַיין סְחוֹרָה וָואלְט נִיט גֶעהַאט אַזַא גְרוֹיסֶען אָבְּנַאנְג“.

כַּךְ. אַזוֹי קוּמֶען מִיר אִידֶען מִיט אַ טַעֲנָה פַאר הַקָּדוֹשׁ בָּרוּךְ הוּא:

זיין גוט. חַנוּן, דֶערְבַּארְמִיגֶער, לַייטְזֶעלִיגֶער, הִיטֶער, אוּנְטֶערְלֶעהְ־נֶער, בַּאשִׁירְמֶער, רֶעכְטְפַארְטִיגֶער, אויסְלַייזֶער, דֶערְבַּארֶעם דִיךְ אוֹיף אוּנְז אוּן הֶער צוּ אוּנְזֶער גֶעבֶּעט, דֶען דוּ הֶערְסְט דִי גֶעבֶּעט פוּן אַלֶע וָואס טְהוּעֶן תְּפִלָּה צוּ דִיר. בָּרוּךְ, גֶעלוֹיבְּט בִּיסְטוּ וָואס דוּ הֶערְסְט צוּ גֶעבֶּעט: יִהְיוּ לְרָצוֹן אִמְרֵי פִי וְהֶגְיוֹן לִבִּי לְפָנֶיךָ יְיָ צוּרִי וְגוֹאֲלִי:

# תְּחִנָּה לְרֹאשׁ־הַשָּׁנָה אִין דֶער פְּרִיה

דִי תְּחִנָּה זָאגְט מֶען אוּם רֹאשׁ הַשָּׁנָה וֶוען מֶען קוּמְט אִין שׁוּל אַרַיין:
וֶוען שַׁבָּת אִיז רֹאשׁ הַשָּׁנָה זָאגְט מֶען נִיט דִי תְּחִנָּה:

## זְכוֹר לָנוּ בְּרִית אַבְרָהָם אָבִינוּ:

גֶעדֶענְק אוּנְז, לִיעבֶּער גָאט, דֶעם זְכוּת פוּן אוּנְזֶער פָּא־טֶער אַבְרָהָם וָואס פוּן דְרַייא יָאהְר אָן הָאט עֶר דֶערְקֶענְט זַיין בַּאשֶׁעפֶער אוּן הָאט גֶעלָאזְט וויסֶען דַיין נָא־מֶען אוֹיף גָאר דֶער וֶועלְט, אוּן אִיז מִיט צֶעהְן פְּרוּב גֶעפְּרוּבְט גֶעוָוארֶען. גֶעדֶענְק אוּנְז, לִיעבֶּער גָאט, זַיין זְכוּת, דֶען מִיר צִיטֶערֶען אוּן פָארְכְטֶען פוּן דֶעם יוֹם הַדִין, וֶוען מִיר טְהוּעֶן זִיךְ בַּאדֶענְקֶען דָאס הַיינְטִיגֶען טָאג זֶעצְסְטוּ זִיךְ אוֹיף דֶעם שְׁטוּהל צוּ מִשְׁפָּטְ'ן דַיינֶע בַּאשֶׁעפֶענֶעשׁ אוּן עֶס וֶוערְט גֶעלֵיי־עֶנְט פַאר דִיר דֶער בּוּךְ פוּן אַלֶע מַעֲשִׂים פוּן דִיא מֶענְטְשֶׁען פוּן גָאר דֶער וֶועלְט. קֵיין זַאךְ אִיז פַאר דִיר נִיט פַארְבָּארְגֶען אוּן קַיין פַארְגֶעסוּנְג אִיז פַאר דִיר נִיטָא. דֶערְמָאהְן דִיךְ אָן אוּנְזֶער פָאטֶער אַבְרָהָם אוּן דֶערְבַּארֶעם דִיךְ אוֹיף זַיינֶע קִינְ־

---

משלי מוסר

"אָבִינוּ מַלְכֵּנוּ עֲשֵׂה עִמָּנוּ לְמַעַן שְׁמֶךָ", טְהוּ מִיט אוּנְז גוּטֶעס דֶערְפַאר וָואס מִיר מַאכֶען גְרוֹיס דַיין נָאמֶען צְווִי־שֶׁען דִי פֶעלְקֶער. אוּן אַז דוּ וֶועסְט אָנְגֶעהֶמֶען אוּנְזֶער תְּפִלָּה. וֶועלֶען מִיר נָאךְ דַיין נָאמֶען מֶעהְר פַאר־גְרֶעסֶערֶען:

דער אין די צעהן טעג פון ראש השנה ביז יום כפור אין זיין זכות, וואס ער איז מיט צעהן פרוב געפרובט געווארען:

## זכור לנו זכות שרה אמנו:

געדענק אונז, ליעבער גאט, דעם זכות פון אונזער מוטער שרה, וואס זיא איז אין דעם טאג ראש השנה נפקד געווארען, און שרייב אונז אן בספר החיים און מיר זאלען האבען קינדער תלמידי חכמים. רבונו של עולם, דוא האסט איהר צו ניינציג יאהר אן איינציגען זוהן געגעבען און האסט איהר צוגעזאגט, דאס זיינע קינדער וועלען זיין פיעל ווי שטערען אין הימעל, יעצט ליעבער גאט, זאל איהר זכות ביישטעהן דאס איהרע קינדער, וואס זיינען דיין פאלק ישראל, זאלען חלילה נישט אומגעבראכט ווערען און שרייב אן א גוט לעבען מיר און מיין מאן און מיינע קינדער און קינד'ס קינדער און כל ישראל, אמן:

## זכור לנו עקידת יצחק אבינו:

געדענק אונז, ליעבער גאט, דעם זכות פון אונזער פא־טער יצחק, וואס מען האט איהם מקריב געווען אויפ'ן הר המוריה. רבונו של עולם, עס זאל זיין גלייך ווי זיין אש איז געהויפענט אויף דעם מזבח און זיין בלוט איז פאר־גאסען, און דאס קול פון דעם שופר וואס מיר וועלען בלא־זען זאהל פארטומלען אלע וואס קומען מקטרג צוא זיין אויף

---

משלי מוסר

אבינו מלכנו בטל מחשבות שונאינו, אונזער פאטער, אונזער קעניג, פארניכטע דיא גע־דאנקען פון אונזערע שונאים למשל:

אין א מדינה האבען דיא מיניס־טארען אויסגעארבייט א פראיעקט, וואס וואלט שלעכט געווען פאר די איינוואהנער פון לאנד. דער קעניג

דַיין פָאלְק יִשְׂרָאֵל אוּן דוּ זָאלְסְט צוּרַייסֶען דֶעם גְזַר דִין. אוּן מִיט דֶעם קוֹל פוּן דֶעם שׁוֹפָר זָאלֶען אַרוֹיפְגֶעהֶען פַאר דִיר אַלֶע אוּנְזֶערֶע תְּפִלּוֹת אוּן בַּקָשׁוֹת דָאס דוּא זָאלְסְט אוּנְז אָנְ־שְׁרַייבֶען צוּ אַ גוּט גֶעבֶּענְטְשְׁט יָאהְר:

## זְכוֹר לָנוּ זְכוּת רִבְקָה אִמֵּנוּ:

גֶעדֶענְק אוּנְז, לִיעבֶּער גָאט, דֶעם זְכוּת פוּן אוּנְזֶער מוּ־טֶער רִבְקָה, וָואס זִיא הָאט זִיךְ גֶעפְּלַייסְט, דָאס אוּנְזֶער פָאטֶער יַעֲקֹב זָאל נֶעמֶען דִי בְּרָכוֹת פוּן אוּנְזֶער פָּא־טֶער יִצְחָק, אַזוֹי זָאל זִי שְׁטֶעהְן אוּן זַיין אַ גוּטֶע מְלִיצָה אוֹיף אוּנְז אִיהְרֶע קִינְדֶער, דָאס מִיר זָאלֶען אָנְגֶעשְׁרִיעבֶּען וֶוערֶען צוּא גוּטֶען אוּן אַלֶע בְּרָכוֹת פוּן אוּנְזֶער פָאטֶער יִצְחָק זָאהְל אוֹיף אוּנְז גֶעשֶׁעהְן אוּן עֶס זָאל דֶערְוֶועקְט וֶוערֶען אִיהְר גְרוֹי־סֶער זְכוּת אוֹיף אִיהְרֶע קִינְדֶער הַיינְט אִין דֶעם יוֹם הַדִּין:

## זְכוֹר לָנוּ זְכוּת יַעֲקֹב אָבִינוּ:

גֶעדֶענְק אוּנְז, לִיעבֶּער גָאט, דֶעם זְכוּת פוּן אוּנְזֶער פָּא־טֶער יַעֲקֹב. אַזוֹי ווִי דוּא הָאסְט אִיהְם גֶעהָאלְפֶען פוּן עֵשָׂו אוּן פוּן לָבָן אַזוֹיא זָאלְסְט דוּ אוּנְז הֶעלְפֶען פוּן כָּל הַמְקַטְרְגִים זֵיי זָאלֶען אוֹיף אוּנְז נִישְׁט קָאנֶען מְקַטְרֵג זַיין צוּא דֶעם יוֹם הַדִּין. אוּנְזֶער מִשְׁפָּט זָאהְל אַרוֹיסְגֶעהֶען פַאר דִיר לְטוֹבָה מִיט גְרוֹיס דֶערְבַּארֶעמְקַייט, מִיר זָאלֶען הָאבֶּען אַ גוּ־טֶען מִשְׁפָּט מִיט אוּנְזֶערֶע מֶענֶער אוּן קִינְדֶער. אוּן אַזוֹי וִויא

---

משלי מוסר

פוּן לַאנְד אִיז גֶעוֶוען אַ גוּטֶער מֶענְשׁ, אַ מֶלֶךְ שֶׁל חֶסֶד, אוּן וֶוען מֶען הָאט אִיהְם גֶעבְּרַאכְט דֶעם פְּרָאיֶעקְט אוּנְ־טֶערְצוּשְׁרַייבֶּען, הָאט עֶר זִיךְ עֶנְטְ־זַאגְט דָאס צוּ טְהָאן. דִיא מִינִיסְטָא־רֶען הָאבֶּען דֶעם גֶעשְׁרִיבֶּענֶעם פְּרָא־יֶעקְט צוּגֶענוּמֶען אוּן בַּאהַאלְטֶען אִין אַרְכִיוו. וֶוען דֶער קֶענִיג הָאט זִיךְ

עֶר אִיז גֶעבֶּענְטְשְׁט גֶעוָוארֶען פוּן זַיין פָאטָער יִצְחָק, דָאס עֶר זָאהְל מִיט קוֹל גֶעהָאלְפֶען וֶוערֶען, אַזוֹי זָאהְל אוּנְז בַּיישְׁטֶעהְן דָאס דוּ זָאלְסְט אָנְנֶעהְמֶען דָאס קוֹל פוּן אוּנְזֶערֶע תְּפִלּוֹת אוּן דָאס קוֹל פוּן דֶעם שׁוֹפָר אוּן מִיר זָאלֶען גֶעשְׁרִיבֶּען אוּן גֶע־חַתְמֶ׳עט וֶוערֶען צוּ אַלֶעם גוּטֶען:

## זְכוֹר לָנוּ זְכוּת רָחֵל אִמֵּנוּ:

גֶעדֶענְק אוּנְז, לִיעבֶּער גָאט, דֶעם זְכוּת פוּן אוּנְזֶער מוּ־טֶער רָחֵל, וָואס זִיא הָאט גֶעוֵויינְט אוּן גֶעקְלָאגְט וֶוען נְבוּזַרְאֲדָן הָאט דִיא אִידֶען אִין גָלוּת גֶעפִיהְרְט, בִּיז דוּא הָאסְט אִיהְר צוּגֶעזָאגְט דָאס דוּ וֶועסְט אוּנְז אוּמְקֶעהְרֶען צוּא אוּנְזֶער לַאנְד. לִיעבֶּער גָאט, גֶעדֶענְק אוּנְז אִיהְר זְכוּת אוּן דֶעם זְכוּת וָואס מִיר טְהוּעֶן הַיינְט שׁוֹפָר בְּלָאזֶען, דָאס דוּא זָאלְסְט גִיךְ מְקַיֵּים זַיין דָאס וָואס דוּ הָאסְט אִיהְר מַבְטִיחַ גֶע־וֶוען אוּן מִיר זָאלֶען זוֹכֶה זַיין צוּ הֶערֶען שׁוֹפָר שֶׁל מָשִׁיחַ גִיךְ אוּן בַּאלְד. אָמֵן כֵּן יְהִי רָצוֹן:

## זְכוֹר לָנוּ זְכוּת לֵאָה אִמֵּנוּ:

גֶעדֶענְק אוּנְז, לִיעבֶּער גָאט, דֶעם זְכוּת פוּן אוּנְזֶער מוּ־טֶער לֵאָה אוּן קֶעהְר דִיךְ צוּ אוּנְזֶער גֶעוֵויין אַזוֹי וִויא דוּ הָאסְט אָנְגֶענוּמֶען אִיהְר גֶעוֵויין, דָאס זִי זָאל צוּ עֵשָׂו נִיט גֶענוּמֶען וֶוערֶען אוּן זִי זָאל אִין זַיין גוֹרָל נִיט פַאלֶען, דֶען

---

משלי מוסר

דֶערְפוּן דֶערְוואוּסְט· הָאט עֶר זִיךְ בַּארֶעכֶענְט אַז עֶס קָאן אַ מָאל אוֹיפְ־שְׁטֶעהְן אַ נַייעֶר קֶענִיג, וָואס וֶועט נִיט זַיין אַזַא גוּטֶער מֶענְשׁ, אוּן וֶוען עֶר וֶועט דֶעם שְׁלֶעכְטֶען פְּרָאיֶעקְט גֶעפִינֶען וֶועט עֶר אִיהְם לָאזֶען פַאר־וִוירְקְלִיכֶען. עֶר הָאט דַארִיבֶּער גֶע־הֵייסֶען אַז מֶען זָאל דֶעם פְּרָאיֶעקְט אִין גַאנְצֶען פַארְנִיכְטֶען·

דארִיבֶּער בֶּעטֶען מִיר בַּיי גָאט־

דוא בּיסט אַ גָאט וָואס הֶערְט דָאס קול פוּן גֶעוֵויין. קוּק פוּן הִימֶעל אַרָאפּ אוּן זֶעה וִוי דַיין פָאלְק טְהוּעֶן אַלֶע וֵויינֶען מִיט בִּיטֶערֶע טְרֶעהְרֶען אוּן צִיטֶערֶען פַאר דַיין מִשְׁפָּט. זֶעה אַז מִיר זָאלֶען נִיט פַאלֶען אִין דֶעם גוֹרָל פוּן דֶעם שָׂטָן אוּן צוּ דִי מְקַטְרְגִים וָואס קוּמֶען מְקַטְרֵג זַיין אוֹיף אוּנְז. רִבּוֹנוֹ שֶׁל עוֹלָם, קֶעהְר דִיךְ בֶּעסֶער צוּ דֶעם קוֹל פוּן אַלֶע גוּטֶע מַלְאָכִים וָואס שְׁטֶעהֶען פַאר דַיין שְׁטוּהְל אוּן בֶּעטֶען גוּטֶס אוֹיף דַיין פָאלְק יִשְׂרָאֵל אוּן קֶעהְר דִיךְ נִיט צוּא דֶעם קוֹל פוּן דֶעם שָׂטָן וָואס קוּמְט צוּ זָאגֶען אוֹיף זַיי בֵּייז. שְׁרַייא אָן אוֹיף אִיהְם עֶר זָאל זַיין מוֹיל נִיט עֶפֶענֶען אוּן עֶר זָאהְל פַארְטוּמֶעלְט וֶוערֶען פוּן צ״א רֵיידֶען בֵּייז. אוּן דָאס קוֹל פוּנ׳ם שׁוֹפָר מִיט אוּנְזֶערֶע תְּפִלוֹת, זָאלֶען אוֹיפְנֶעהֶען פַאר דִיר אָנְצוּשְׁרַייבֶּען אוּנְז אִין דֶעם סֵפֶר הַצַדִיקִים לְחַיִים טוֹבִים, אָמֵן:

## זְכוֹר לָנוּ זְכוּת שִׁבְטֵי יַעֲקֹב:

**גֶעדֶענְק** אוּנְז, לִיעבֶּער גָאט, דֶעם זְכוּת פוּן דִי שְׁבָטִים, דִי קִינְדֶער פוּן יַעֲקֹב, וָואס הָאבֶּען אַלֶע בַּאנַאנְד דַיין נָאמֶען גֶעאֵיינְצִיגְט, דֶען אֵיידֶער יַעֲקֹב אִיז גֶעשְׁטָארְבֶּען הָאט עֶר זַיינֶע קִינְדֶער צוּנוֹיפְגֶערוּפֶען אוּן הָאט גֶעזָאגְט צוּא זַיי: לִיעבֶּע קִינְדֶער, טָאמֶער אִיז חָלִילָה צְוִוישֶׁען אַיךְ דָא אַ פְּסוּל אַזוֹי וִויא מַיין עֶלְטֶער פָאטֶער אַבְרָהָם הָאט גֶעהַאט אַ זוּהְן יִשְׁמָעֵאל אָדֶער מַיין פָאטֶער יִצְחָק, וָואס עֶר הָאט גֶע־

---

משלי מוסר

„אָבִינוּ מַלְכֵּנוּ בַּטֵּל מַחְשְׁבוֹת שׂוֹנְאֵינוּ" פַארְנִיכְטֶע דִי בֵּייזֶע מַחְשָׁבוֹת וָואס אוּנְזֶערֶע שׂוֹנְאִים הָאבֶּען אוֹיף אוּנְז, אוּם זַיי זָאלֶען קֵיינְמָאל נִישְׁט פַּרְאַ־ יֶעקְטִירְט אוּן פַארְוִוירְקְלִיכְט וֶוערֶען חַס וְשָׁלוֹם:

**אָבִינוּ** מַלְכֵּנוּ כַּלֵה דֶבֶר וְחֶרֶב וְרָעָב יְשְׁבִי וּמַשְׁחִית וְעָוֹן מִבְּנֵי

האַט אַ זוהן עֵשָׂו. אַזוֹי הָאבֶּען דִיא שְׁבָטִים אַלֶע בַּאנאַנְדֶער גֶעזָאגְט: „שְׁמַע יִשְׂרָאֵל", דָאס אִיז טַייטְשׁ: הֶער צוּא יִשְׂרָאֵל, דָאס אִיז יַעֲקֹב. „יְיָ אֱלֹהֵינוּ יְיָ אֶחָד". דָאס אִיז טַייטְשׁ: גָאט אוּנְזֶער גָאט אִיז אֵיין אֵיינְצִיגֶער גָאט, אוּן מִיר רִיעֶגֶען אַלֶע צוּ דֶעם גָאט. וָואס אַבְרָהָם אוּן יִצְחָק אוּן דוּ אוּנְזֶער פָּאטֶער הָאבֶּען גֶעדִיענְט. דַארוּם גֶעדֶענְק אוּנְז, לִיעבֶּער פָאטֶער, זַייעֶר זְכוּת, דֶען מִיר טְהוּעֶן אַלֶע אֵיינְצִיגֶען דַיין נָאמֶען אַלֶע טָאג אוּן מִיר טְהוּעֶן דִיךְ אוּם ראֹשׁ הַשָּׁנָה פַאר אַ קֶענִיג אִיבֶּער אוּנְז קְרֵיינֶען אַלֶע יָאהר:

## זְכוֹר לָנוּ זְכוּת יוֹסֵף הַצַדִיק:

גֶעדֶענְק אוּנְז, לִיעבֶּער גָאט, דֶעם זְכוּת פוּן יוֹסֵף הַצַדִיק, דָאס אִין דֶעם טָאג הָאסְטוּ אִיהם אוֹיסְגֶעצוֹיגֶען פוּן זַיין תְּפִיסָה אוּן הָאסְט אִיהם דֶערְהֶויבֶּען צוּא זַיין אַ מוֹשֵׁל אוֹיף דֶעם לַאנְד מִצְרַיִם, אַזוֹי רִבּוֹנוֹ שֶׁל עוֹלָם. אִין זַיין זְכוּת זָאלְסְטוּ דֶערְהֶויבֶּען אוּנְזֶער מַזָל מִיר זָאלֶען חָלִילָה קֵיין בִּלְבּוּל נִישְׁט הָאבֶּען, דָאס מִיר זָאלֶען אִין תְּפִיסָה זִיצֶען. אוּן זָאלְסְט רוּפֶען צוּא דִיא גֶעפַאנְגֶענֶע פְרַייהַייט אוּן זָאלְסְט אוֹיפְבִּינְדֶען זַייעֶר שְׁלָאס הַיינְטִיגֶען טָאג:

## זְכוֹר לָנוּ זְכוּת מֹשֶׁה רַבֵּינוּ:

גֶעדֶענְק אוּנְז, לִיעבֶּער גָאט, דֶעם זְכוּת פוּן מֹשֶׁה רַבֵּינוּ, דָאס עֶר אִיז אִין דִיא טֶעג אוֹיף דֶעם הִימֶעל גֶע־

---

משלי מוסר

בְּרִיתְךָ אוּנְזֶער פָּאטֶער, אוּנְזֶער קֶענִיי, וֶוענְד אָפּ פֶּעסְט אוּן שְׁוֶוערְד אוּן הוּנְגֶער אוּן גֶעפַאנְגֶענְשַׁאפְט אוּן פַארְדַארְבּוּנְג אוּן זִינְד פוּן דַיי־נֶע קִינְדֶם־קִינְדֶער לְמָשָׁל:

אֵיינֶער אִיז אַבַּיינְגֶעקוּמֶען צוּ אַ צְוֵוייטֶען אִין הוֹיז אִין אַ רֶעגֶענְדִיגֶען טָאג אוּן הָאט גֶעטְרָאפֶען אִין הוֹיז אָנְגֶעשְׁטֶעלְט כֵּלִים פוּל מִיט וַואסֶער וָואס אִיז גֶערוּנֶען פוּן דֶער סְטֶעלְיֶע.

וָוען אוּן הָאט פוּן אוּנְזֶערְט וֶוענֶען דיא לוּחוֹת גֶענוּמֶען. זֶעה לִיעבֶּער גָאט, דָאס מִיר זַיינֶען מְקַיֵּים אַזוֹי וִוי דוּ הָאסְט אוּנְז גֶעבָּאטֶען מִיר זָאלֶען הַיינְטִינֶען טָאג שׁוֹפָר בְּלָאזֶען. זַיי אוֹיךְ מְקַיֵּים אַזוֹי וִויא דוּא הָאסְט גֶעזָאגְט צוּא משֶׁה רַבֵּינוּ „סָלַחְתִּי כִּדְבָרֶיךָ". דָאס אִיז טַייטְשׁ: אִיךְ הָאבּ פַארְגֶעבֶּען אַזוֹי וִויא דַיינֶע רֵייד:

## זְכוֹר לָנוּ זְכוּת אַהֲרֹן הַכֹּהֵן:

גֶעדֶענְק אוּנְז, לִיעבֶּער גָאט, דֶעם זְכוּת פוּן אַהֲרֹן הַכֹּהֵן, דָאס זַיין מִדָּה אִיז גֶעוֶועזֶען צוּ שָׁלוֹם מַאכֶען צְוִוישֶׁען מַאן אוּן וַוייבּ אוּן צְוִוישֶׁען מֶענְטְשֶׁען וָואס הָאבֶען זִיךְ גֶעקְרִינְט, אַזוֹי אוֹיךְ, רִבּוֹנוֹ שֶׁל עוֹלָם, זָאלְסְט דוּ אִיהְם גֶעבֶּען רְשׁוּת דָאס עֶר זָאהל אַ מֵלִיץ זַיין פַאר דִיר אוֹיף דַיין פָאלְק יִשְׂרָאֵל אָפְּצוּטְהָאן דַיין גְרִימְצָארְן פוּן אוּנְז, אוּן זָאלְסְט אוּנְז אָנְשְׁרַייבֶּען צוּ אַ יָאהְר פוּן פְרִיעדֶען אוּן שַׁלְוָה אוּן שְׁטִילְקַייט, צוּ נַחַת אוּן נִיט קַיין צַעַר חָלִילָה:

## זְכוֹר לָנוּ זְכוּת דָוִד מַלְכֵּנוּ:

גֶעדֶענְק אוּנְז, לִיעבֶּער גָאט, דֶעם זְכוּת פוּן דָוִד אוּנְזֶער קֶענִיג. וָואס דוּ הָאסְט אִיהְם פוּן אַלֶע זַיינֶע פַיינְד גֶעהָאלְפֶען אַזוֹי הֶעלְף אוּנְז, רִבּוֹנוֹ שֶׁל עוֹלָם, אִין זַיין זְכוּת פוּן אַלֶע בֵּייזֶע מַלְאָכִים אוּן מְקַטְרְגִים אוּן מַשְׁחִיתִים, וָואס הָאבֶען פַיינְדְשַׁאפְט אוֹיף דַיין פָאלְק יִשְׂרָאֵל אוּן אוֹיךְ קַיין

---

משלי מוסר

עֶר הָאט בַּאמֶערְקְט, אַז אִי דִיא סְטֶעלְיֶע, אִי דִי פָאדְלָאגֶע זַיינֶען שׁוֹין צוּגֶעפוֹילְט וַייל זֵיי וֶוערֶען אָפְּט נַאס פוּן רֶעגֶען. הָאט יֶענֶער גֶעזָאגְט צוּם בַּעַל הַבַּיִת פוּן הויז: — אִיךְ וֶועל דִיר אַן עֵצָה גֶעבֶּען אַז דִיא סְטֶעלְיֶע אוּן דִי פָאדְלָאגֶע זָאלֶען נִיט פוֹילֶען אוּן רוּא זָאלְסְט פַארְשְׁפַּארֶען אוּנְטֶער־

פֿײַנד זָאל אִין אוּנְז קַיין נְקָמָה נִיט הָאבֶּען און זָאלֶען אָן אוּנְז נִיט דֶערְפְרֶעהְט װֶערֶען:

## זְכוֹר לָנוּ זְכוּת צַדִיקִים וְצִדְקָנִיּוֹת:

גֶעדֶענְק אוּנְז, לִיעבֶּער גָאט, דֶעם זְכוּת פוּן אַלֶע צַדִיקִים און נָשִׁים צִדְקָנִיּוֹת, װָאס זַײנֶען גֶעװֶעזֶען פוּן דֶער צַייט פוּן אָדָם הָרִאשׁוֹן בִּיז הַיינְטִיגֶען טָאג. זַייעֶר זְכוּת זָאהְל אויף אוּנְז מֵגֵן זַיין, דָאס דֶער גוֹאֵל צֶדֶק זָאל שׁוֹין קוּמֶען, עֶס זָאל זַיין תְּחִיַּית הַמֵּתִים און מִיר זָאלֶען שׁוֹין הֶערֶען שׁוֹפָר שֶׁל מָשִׁיחַ, בִּמְהֵרָה בְּיָמֵינוּ, אָמֵן:

# שְׁלֹשׁ עֶשְׂרֵה מִדּוֹת.

די תְּחִנָּה זָאל מֶען זָאגֶען װֶען מֶען נֶעמְט אוֹיס דִיא סִפְרֵי תּוֹרוֹת פוּן אָרוֹן הַקוֹדֶשׁ אוּם ראש הַשָּׁנָה און יוֹם כִּפּוּר.

יי יְיָ, אֵל רַחוּם וְחַנּוּן, אֶרֶךְ אַפַּיִם וְרַב חֶסֶד וֶאֱמֶת: נֹצֵר חֶסֶד לָאֲלָפִים, נֹשֵׂא עָוֹן וָפֶשַׁע וְחַטָּאָה וְנַקֵּה: ג״פ דריי מאל.

לראש השנה וליום כפור.

רִבּוֹנוֹ שֶׁל עוֹלָם, מַלֵּא מִשְׁאֲלוֹתַי לְטוֹבָה וְהָפֵק רְצוֹנִי, וְתֵן שְׁאֵלָתִי, וְתִמְחוֹל לִי עַל כָּל

---

משלי מוסר

שְׁטֶעלֶען דִי כֵּלִים, דֶער רֶעגֶען רִינְט אַבַּיין, װַײל עֶס אִיז פַאבַּאן אַ לָאךְ אִין דָאךְ, פַארְלַאטֶע יֶענֶע לָאךְ װֶעט דֶער רֶעגֶען נִישְׁט אַרוּנְטֶער רִינֶען:

אָט דָאס בֶּעטֶען מִיר בַּיים רִבּוֹנוֹ שֶׁל עוֹלָם: „כַּלֵּה דֶבֶר וְחֶרֶב וְרָעָב וּשְׁבִי וּמַשְׁחִית“. נֶעהְם פוּן אוּנְז צוּ אָט דִי אַלֶע פְּלָאגֶען, דִי אַלֶע צָרוֹת, װִי

עונותי, ועל כל עונות אנשי ביתי, מחילה בחסד, מחילה ברחמים. וטהרני מחטאי ומעוני ומפשעי. וזכרני בזכרון טוב לפניך. ופקדני בפקודת ישועה ורחמים. וזכרני לחיים ארוכים, לחיים טובים ולשלום. ופרנסה טובה וכלכלה, ולחם לאכול ובגד ללבוש, ועשר וכבוד, ואריכת ימים בתורתך ובמצותיך, ושכל ובינה להבין ולהשכיל עמקי סודותיה. והפק רפואה לכל מכאובינו. ותברך את כל מעשה ידינו. וגזור עלינו גזרות טובות ישועות ונחמות, ובטל מעלינו כל גזרות קשות ורעות. ותן בלב מלכות ויועציו ושריו עלינו לטובה. אמן וכן יהי רצון: יהיו לרצון אמרי פי, והגיון לבי לפניך, יי צורי וגואלי:

רבונו של עולם, הערר פון דער וועלט, ערפיל דעם פערלאנג פון מיין הארץ צו גוטען, און פיהר דורך מיין

---

משלי מוסר

אזוי? „ויען מכני בריתך", אז דו וועסט שטארקען אונזערע הערצער מיר זאלען ניט זינדיגען, וועלען די צרות בםילא אויף אונז ניט קומען, ווייל זיי קומען דאך נאר צוליעב אונזערע עבירות און ווען מיר וועלען נישט זינדיג זיין וועלען מיר פון קיינע צרות ניט וויסען.

זִילֶען, און גִיבּ מַיין גֶעבֶּעט, און זַיי מִיר מוֹחֵל אוֹיף אַלֶע מַיינֶע זִינְד און אוֹיךְ אוֹיף אַלֶע זִינְד פון מַיין הוֹיזְגֶעזִינְד, אַ פֶערְצַייהוּנְג מִיט גֶעזוּנְד, אַ פֶערְצַייהוּנְג מִיט רַחֲמָנוּת. און רֵיינִיג מִיךְ פון מַיינֶע זִינְד און פון מַיינֶע שוּלְדֶען און דֶער־מָאהְן מִיךְ מִיט אַ גוּטֶע גֶעדֶעכֶענִיס פַאר דַיין הֵיילִיגֶען נָאמֶען, און רִיכְט מִיךְ אוֹיף מִיט אַן אוֹיפְרִיכְטוּנְג פון הִילְף און דֶער־בַּארִימְקַייט, און דֶערמָאהְן מִיךְ צוּ אַ גוּט לַאנְג לֶעבֶּען און צוּ פְרֵיידֶען, און צוּ פַּרְנָסָה און צוּ נַאהְרוּנְג, און בְּרוֹיט צוּ עֶסֶען און אַ בֶּגֶד אָנְצוּקְלֵיידֶען, און רַייכְטְהוּם און כָּבוֹד, און לַאנְגֶע יָאהְר צוּ בֶּעשֶׁעפְטִיגֶען זִיךְ מִיט דַיין תּוֹרָה און דַיינֶע מִצְוֹת, און שֵׂכֶל און פֶערְשְׁטַאנְד צוּ פֶערְשְׁטֶעהֶען און צוּ בֶּעגְרֵייפֶען אִיהְרֶע טִיעפֶע סוֹדוֹת, און בְּרֵיינְג אַ רְפוּאָה שְׁלֵמָה צוּ אַלֶע אוּנְזֶערֶע וֶועהטָאגֶען, און דוּ זָאלְסְט בֶּענְשֶׁען אַלֶע אוּנְזֶערֶע בֶּעשֶׁעפְטִיגוּנְגֶען, און זָאלְסְט אוֹיף אוּנְז גוֹזֵר זַיין גוּטֶע גְזֵרוֹת, הִילְף און טְרֵייסְטוּנְגֶען, און זָאלְסְט פון אוּנְז אַרוּנְטֶערְנֶעהְמֶען אַלֶע שְׁוֶוערֶע און שְׁלֶעכְטֶע גְזֵרוֹת, און גִיבּ דֶעם הֶערְשֶׁער און זַיינֶע רַאטְה־גֶעבֶּער און זַיינֶע הַארְצֶען אַ זִינֶען זֵיי זָאלֶען זַיין גוּט צוּ אוּנְז, אָמֵן וְכֵן יְהִי רָצוֹן.

---

משלי מוסר

**אָבִינוּ** מַלְכֵּנוּ הַחֲזִירֵנוּ בִּתְשׁוּבָה שְׁלֵמָה לְפָנֶיךָ, אוּנְזֶער פָאטֶער, אוּנְזֶער קֶענִיג, קֶעהְר אוּנְז אוּם מִיט אַ גַאנְצֶע תְּשׁוּבָה פַאר דִיר.

לְמָשָׁל:

אֵיינֶער הָאט אַ מָאל בַּיים צְוֵוייטֶען גֶעלִיהֶען אַ כְּלִי צוּ שֶׁעפֶּען וַואסֶער. שֶׁעפֶּענְדִיג אִיז דִי כְּלִי אַרַיינְגֶעפַאלֶען אִין בְּרוּנֶעם און אִיז דָארְט פַארְבְּלִיבֶען. אִין אַ צַייט אַרוּם הָאט

# תחנה פון אויסנעהמען פיר ראש השנה און יום כפור.

רבש״ע פערלאזענדיג זיך אויף די י״ג מדות שטעל איך זיך בעטען דיין היילגען נאמען, אז אזוי ווי מען עפענט די טהיר פון ארון הקודש ארויסצונעהמען דיין היילגע ספר תורה, אזוי זאלסטו עפענען דיינע שערי רחמים און מוחל זיין אונזערע זינד וואס מיר האבען דאס גאנצע יאהר געטהאן. און אזוי ווי מיר האבען אנגעטהאן דיינע היילגע ספר תורה׳ס אין ווייסע מענטעלאך, אזוי זאלסטו ווייס מאכען די פלעקען פון אונזערע נשמות, וואס מיר האבען איינגעפלעקט מיט אונזערע חטאים, אזוי ווי דר נביא זאגט: אם יאדימו כתולע כצמר יהיו, אויב אונזערע זינד זיינען רויט ווי רויטע פאדעם וועלען זיי ווייס ווערען ווי ווייסע וואל. רבונו של עולם. אזוי ווי מיר נעהמען איצט ארוים די תורה וואס ווערט אנגערופען ספר. אזוי זאלסטו אונז היינט אנשרייבען אין ספר החיים און אין ספר של ברכה והצלחה, און אזוי ווי דו האסט ראש השנה צוגעהערט די תפלה פון אונזער מוטער שרה און די צדקת חנה, אזוי זאלסטו אויך צוהערען אונזער תפלה, און אזוי ווי דו האסט יוסף הצדיק

---

משלי מוסר

דער בעל הכלי שטארק אנגעהויבען מאהנען זיין כלי ביי דעם וואס האט זי געליהען. יענער האט מיט איני־סטרומענטען ארויסבאקומען די כלי פון גרונד פון ברונעם. אבער ליע־גענדיג אין וואסער א לאנגע צייט איז זיא פארפוילט און פארדארבען געווארען. דער אייגענטהימער פון

אַרויסגֶעצוֹיגֶען פוּן תְּפִיסָה אוּם רֹאשׁ הַשָּׁנָה, אַזוֹי זָאלְסְטוּ אוּנְז אַרויסנֶעהְמֶען פוּן אַלֶעם שְׁלֶעכְטֶעס אוּן אָנְשְׁרַייבֶּען אוּן אָנ־חַתְמְ'ענֶען אוּנְז אַ גוּט יָאהְר אוּן אַ גֶעזוּנְד יָאהְר, דֶען דִי טוֹיעֶרֶען פוּן תְּפִלָּה זַיינֶען קֵיינְמָאל נִיט פֶערְשְׁלָאסֶען אוּן דַיינֶע אוֹיעֶרֶען זַיינֶען שְׁטֶענְדִיג גֶענֵייגְט צוּ הֶערֶען אוּנְזֶער גֶעבֶּעט. רִבּוֹנוֹ שֶׁל עוֹלָם, בֶּעגֶעה זִיךְ מִיט אוּנְז מִיט דַיין מִדַּת הָרַחֲמִים אוּן זָאלְסְט אוּנְז חָלִילָה נִיט אַוֶועקְנֶעהְמֶען פוּן דֶער וֶועלְט פַאר זִיבֶּעצִיג יָאהְר. זָאלֶען אוּנְזֶערֶע קִינְדֶער נִיט פֶערְבְּלַייבֶּען קַיין יְתוֹמִים אוּן הֶעלְף אוּנְז מִיר זָאלֶען זֵיי קֶענֶען עֶרְצִיהֶען אוּן פִיהְרֶען אִין דִי הֵיילִיגֶע וֶועגֶען פוּן דַיין תּוֹרָה הַקְּדוֹשָׁה. נֶעהְם נִיט אַוֶועק אוּנְזֶערֶע בַּיי אוּנְזֶער לֶעבֶּען, כְּדֵי זֵיי זָאלֶען קֶענֶען לֶערְנֶען דַיין תּוֹרָה אוּן מְקַיֵים זַיין אִיהְרֶע מִצְוֹת. שֵׁייד נִיט אָפּ מַאנֶען פוּן זֵייעֶרֶע וַוייבֶּער אוּן וַוייבֶּער פוּן זֵייעֶרֶע מַאנֶען. זָאלֶען אוּנְזֶערֶע שְׁוֶועסְטֶער אוּן בְּרִידֶער זַיין אַלֶע אִין גַאנְצֶען אוּן קַיין טוֹיט חַס וְשָׁלוֹם זָאל קוּמֶען אִין אוּנְזֶער גְּבוּל. זָאלֶען אוּנְזֶערֶע טְרֶעהְרֶען דוּרְכְלֶעכֶערֶען אַן אַרַיינְגַאנְג צוּ דַיין הֵיילִיגֶען שְׁטוּהְל אוּן אוּנְזֶער תְּפִלָּה זָאל אִין דַיין הַאנְד קוּמֶען. אוּנְזֶערֶע הֶערְצֶער זַיינֶען אִיצְט צוּבְּרָאכֶען אוֹיף דְרַייצֶעהְן שְׁטִיק אַנְטְקֶעגֶען דַיינֶע שְׁלֹשׁ עֶשְׂרֵה מִדּוֹת. הַיינט זַיינֶען אִיצְט

משלי מוסר

דֶער כְּלִי הָאט זִי נִיט גֶעוָואלְט צוּ־נֶעמֶען. עֶר הָאט גֶעטַעֲנָה'ט: אִיךְ הָאבּ דָאךְ דִיר גֶעגֶעבֶּען אַ גַאנְצֶע כְּלִי. נִיט קַיין פַארְדָארְבֶּענֶע. וֶוען דוּ וָואלְסְט זִיא גֶעוֶוען אַרוֹיסְגֶענֶעהְמֶען בַּאלְד וִויא זִיא אִיז אַרַיינְגֶעפַאלֶען וָואלְט זִי דָאךְ נִיט צוּפוֹילְט גֶעוָוארֶען. כָּךְ, אַזוֹי אִיז מִיט אוּנְז. דֶער בּוֹרֵא

אָנְגֶעפִיהְלְט מִיט תְּשׁוּבָה און מִיר נֶעהְמֶן אוֹיף אוּנְז נִיט צוּ זִינְדִיגֶען אוּן נִיט ווִידֶערְשְׁפֶּענִיגֶען דַיין הֵיילִיגֶען רָצוֹן. הֶעלְף אוּנְז אִין אַלֶע אוּנְזֶערֶע וֶועגֶען און בְּרֵיינְג דֶעם גוֹאֵל צֶדֶק אַזוֹי ווִי דוּ הָאסְט אוּנְז פֶערְשְׁפְּרָאכֶען דוּרְךָ דַיינֶע הֵיילִיגֶע נְבִיאִים גִיבּ אוּנְז שֶׁפַע פוּן דַיין בְּרֵייטֶע הַאנְד און מִיר זָאלֶען חָלִילָה נִיט דַארְפֶען אָנְקוּמֶען צוּ לַייטֶען בִּמְהֵרָה בְּיָמֵינוּ. אָמֵן.

# אַיין נַייעֶ תְּחִנָּה עֵת רָצוֹן מִצִיּוֹן הַקְּדוֹשָׁה בְּשַׁעַת הוֹצָאַת סֵפֶר תּוֹרָה:

ווֶען מֶען עֶפִינְט דֶעם אָרוֹן הַקוֹדֶשׁ. עֶפִינְט מֶען אִין הִימֶעל דִיא שַׁעֲרֵי רַחֲמִים. עֶס אִיז אַיין עֵת רָצוֹן אוּים צוּ בֶּעטֶען זִיךְ גֶעזוּנְט פַּרְנָסָה מִיט אַלֶעם גוּטֶ֑ם:

**רִבּוֹנוֹ** שֶׁל עוֹלָם יְיָ צְבָאוֹת רַחוּם וְחַנּוּן יְהִי רָצוֹן עֶס זָאל זַיין דֶער ווִילֶען פַאר דִיר גָאט מַיין גָאט און גָאט פוּן מַיינֶע עֶלְטֶערְין דוּ זָאלְסְט אוֹיף מִיר און אוֹיף כָּל יִשְׂרָאֵל עַמְךָ רַחֲמָנוּת הָאבֶּען און אַזוֹי ווִיא דִיא שַׁעֲרֵי רַחֲמִים זֶענֶען יֶעצְט אָפֶען און עֶס אִיז אַיין עֵת רָצוֹן זָאל זַיין בַּאווִילִיגְט מַיין גֶעבֶּעט אַז דוּ זָאלְסְט מִיר און מַיין מַאן און מַיינֶע קִינְדֶער און מַיינֶע קִינְדְ'ס קִינְדֶער גֶעבֶּען לַאנְג לֶעבֶּען גֶעזוּנְט פַּרְנָסָה דֶער דֶ'ארִימְהַייט אוּן פרייד. באגליך אונז אין אַלֶע אוּנְזֶערֶע וֶועגֶען

---

משלי מוסר

יִתְבָּרַךְ הָאט אוּנְז גֶעגֶעבֶּען אַ גַאנְצֶע נְשָׁמָה און אַ רֵיינֶע און עֶר פֶארְלַאנְגְט פוּן אוּנְז אַז מִיר זָאלֶען זִי אִיהְם צוּרִיק גֶעבֶּען אַ גַאנְצֶע און אַ רֵיינֶע. אָבֶּער מִיר זִינְדִיגֶען און מִיר לָאזֶען אוּנְזֶערֶע נְשָׁמוֹת זִינְקֶען אִין שְׁמוּטְץ און זֵיי וֶוערֶען פַארְדָארְבֶּען. ווֶען עֶס קוּמְט דִי צַייט אַז מִיר דַארְפֶען דִיא

כּי״ זָאלֶען גֶעפִינֶען חֵן וָחֶסֶד אִין דַיינֶע אױגֶען אױךְ אִין לַייטֶענְ׳ס אױגֶען גִיעב אוּנְז שֵׂכֶל אוּן פַארְשְׁטַאנְדִינְקַייט צוּ דַיין עֲבוֹדָה דָאס אַזוֹי וִוי דָאס קְוֶועלֶענְדִיג וַואסֶער וָואס שְׁטַארְקְט זִיךְ אִין דֶעם קְוַואל פוּן דֶעם בְּרוּנֶעם, אַזוֹי זָאל מַיין הַארְץ אוּן מַיינֶע קִינְדֶערְס הֶערְצֶער זִיךְ שְׁטַארְקֶען צוּ דַיין הַיילִיגֶער דִינְסְט דוּ זָאלְסְט דֶערְלַייכְטֶען מַיינֶע אױגֶען אוּן אױךְ מַיינֶע קִינְדֶערְס אױגֶען זֵיי זָאלֶען לֶערְנֶען דַיין הֵיילִיגֶע תּוֹרָה זֵיי זָאלֶען גֵיין אִין גוּטֶען וֶועג פוּן דִי תּוֹרָה הַקְּדוֹשָׁה, וָואס זֵיי וֶועלֶען לֶערְנֶען פוּן דִי תּוֹרָה הַקְּדוֹשָׁה זָאלֶען זֵיי נִיט פַארְגֶעסֶען גִיעב זֵיי חֵן אוּן שֵׁיינֶע רֵייד זֵיי זָאלֶען מַצְלִיחַ זַיין אוּן פּוֹעֶלִין אַלְץ וָואס זֵיי וֶועלֶען פַארְלַאנְגֶען אָמֵן:

**אָנָּא** יְיָ אִיךְ בֶּעט דִיךְ גָאט אַל תַּצְרִיכֵנִי לִידֵי מַתְּנַת בָּשָׂר וָדָם. אִיךְ זָאל חָלִילָה אָן קוּמֶען צוּ אַ מַתָּנָה פוּן אַבָּשָׂר וָדָם אוּנְזֶער הָאפֶענוּנְג וָואס מִיר הָאפֶען צוּ דִיר נִיט פַאר־שֶׁעמְט חָלִילָה צוּ וֶוערֶען אוּנְזֶערֶע מַעֲשִׂים זָאלֶען נִיט וֶוערֶען פַארְדָארְבֶּען מִיר זָאלֶען נִיט גֵיין צוּ מִידִיקַייט אוּן צוּ צַעַר אוּן אוּנְזֶער אַרְבֶּעט זָאל אַלְץ זַיין לִבְרָכָה וְהַצְלָחָה דִי דָאזִיגֶע צַייט אוּן אַלֶע צַייט וֶוען אִיךְ בֶּעט פַאר דִיר זָאל זַיין אַ צַייט פוּן דֶערְבַּארֶעמְקַייט אַיין צַייט אַז מַיין בַּאגֶער זָאל דֶערְהֶערְט

---

משלי מוסר

נְשָׁמוֹת צוּרִיקְגֶעבֶּען. טַעֲנָה׳ט דֶער רִבּוֹנוֹ שֶׁל עוֹלָם:—אִיהְר הָאט זֵי נִיט גֶעדַארְפְט לָאזֶען לִיגֶען אַ לַאנְגֶע צַייט אִין שְׁמוּץ אוּן אִין בְּלָאטֶע אוּן אָפְּגֶעבֶּען זֵיי מִיר רֵיין אוּן גַאנְץ וִוי זֵיי זַיינֶען גֶעוֶועזֶן.

אָט דָאס בֶּעטֶען מִיר בַּיי גָאט: הַחֲזִירֵנוּ בִּתְשׁוּבָה שְׁלֵמָה. הָעֲלָ׳

װערען, מיין בקשה אלץ װאס איך װעל נאר בעטען זאלסט
דו מיר ענטפערען מיט דער בארעמקייט און גינאד אמן:

דריי מאל **וַאֲנִי תְפִלָּתִי לְךָ יְיָ עֵת רָצוֹן, אֱלֹהִים בְּרָב חַסְדֶּךָ, עֲנֵנִי בֶּאֱמֶת יִשְׁעֶךָ:**

**רבונו** של עולם יהי רצון מלפניך שתעשה למען שמך היחיד והמיוחד, איך בעט דיך ליעבער גאט טו דאס פון דיין איינציגען נאמען װעגען װאס ער איז געאיינציגט געװארען דורך אונזערע אבות הקדושים און דורך אונזערע נביאים דיינע קנעכט, איינציג מיין הארץ און מיינע קינדערס הערצער אז מיר זאלען װיסען צו פארשטיין דיין איינציגען נאמען הקדוש והטהור דאס מיר זאלען שוין ניט זינדיגען צו דיר, וכאשר שמעת אזוי װי דו האסט געהערט דאס געשריי און געװיין פון אונזער עלטער פאטער יעקב און האסט איהם אפגעהיטען פון עשו ולבן, אזוי היט אונז אפ פון אלע בייזע און שלעכטע מענשען, און געגעבען פרנסה פון דיין האנד, פותח את ידיך, צו שפייזען מיך מיט מיין מאן און קינדער מיט מיין גאנץ הויזגעזינד, היט אונז אפ פון יסורים פון בייזע קראנקהייט פון עין הרעה פון אלער־ליי װייטאג, היט אונז אפ פון בלוט פערגיסונג, פון אומ־

---

משלי מוסר

אונז. אז מיר זאלען זיך צו דיר אומ־קעהרען גאנץ, עס הייסט. אז מיר זאלען ניט פארזינקען אין זינד און מיר זאלען דיר אפּגעבען אונזע־רע נשמות גאנץ און ריין װי זיי זייגען געװען, װען דוא האסט אונז זיי געליהען.

גליקען אויפֿען ים. פון דעם שונא'ס שווערד, און פון פֿער־
שיעדענע מגפות רחמנא לצלן, אויך זאלסט דו מיין געבעט
דערהערען און באווערען צו אלעם גוטען וואס איך וועל נאר
בעטען היינט און אלע צייט אמן כן יהי רצון:

דעם שיר המעלות זאגט מען ימים נוראים נאך ישתבח:

שיר המעלות ממעמקים פון דעם טיעפען הארץ האב איך דיך גאט גערו־
פען: אדני שמעה בקולי הער צוא גאט מיין קול פון מיין געבעט: אם
עונות אויב דו גאט וועסט היטען מיינע עבירות און וועסט מיך שטראפען
אויף זייא וועד וועט דען קאנען באשטעהן בארויף: כי עמך הסליחה ווארום
ביי דיר אין די הענד איז מוחל צו זיין עבירות כדי אז מען זאל מורא האב־
בען פאר דיר: קויתי יי איך טהו האפען צו גאט וואס ער האט מיר מבטיח
געווען: נפשי לאדני מיין לייב טהוט האפען צו גאט איידער די היטער בײ
דער נאכט האפען עס זאל טאג ווערען: יחל ישראל איהר אידען האפט צוא
גאט ווארום כי׳ט גאט איז דער חסד און פיעל מאחל האט ער אייך שוין
אויסגעלייזט: והוא יפדה ווארום גאט וועט אויסלייזען דיא ישראל פון אלע
זייערע עבירות:

# תחנה שערי שלום:

## די נייע תחנה זאגט מען ווען דער חזן זאגט ברכת כהנים:

רבונו של עולם, מיר בעטען דיך, לייטזעליג אונז בזכות אברהם
אבינו. לאז אונז אויך געניסען דעם זכות פון די עקידה פון

---

משלי מוסר

אבינו מלכנו קרע רוע גזר דיננו. אונזער פאטער, אונזער קעני־
ניג, צורייס דאס שלעכטעס פון אונ־
זער גזר דין. דער לשון „רוע גזר
דיננו" ווייזט אויס אז מיר בעטען אז
דאס שלעכטע פון גזר זאל ער צור־
רייסען און דאס גוטע זאל פערבלייי־
בען. למש[illegible]

יִצְחָק. שֶׁפַּייז אוּן קְלֵייד אוּנְז בִּזְכוּת יַעֲקֹב, וֶועלְכֶער הָאט גֶעבֶּעטֶען לֶחֶם לֶאֱכוֹל וּבֶגֶד לִלְבּוֹשׁ. לִיעבֶּער גָאט, לָאז אוּנְז בַּיישְׁטֶעהֶען דֶער זְכוּת פוּן שָׂרָה רִבְקָה רָחֵל וְלֵאָה, אוּן שִׁיק אוּנְז אַלֶע הֵיילִיגֶע מַלְאָכִים זֵיי זָאלֶען אוּנְז הִיטֶען פַאר אַלֶעם בֵּייזֶען, אוּן גִיבּ מִיר, מִיט מַיין מַאן אוּן קִינְדֶער אַ גוּטֶען מַזָל אוּן פַּרְנָסָה אוּן גֶעזוּנְד. אַדִּיר בַּמָּרוֹם שׁוֹכֵן בִּגְבוּרָה, דוּא אַלְמֶעכְטִיגֶער גָאט, וָואס רוּהְסְט אִין הִימֶעל, אַתָּה שָׁלוֹם וְשִׁמְךָ שָׁלוֹם, דוּ אוּן דַיין נָאמֶען אִיז לוֹיטֶער שָׁלוֹם. יְהִי רָצוֹן, עֶס זָאל דֶער ווילֶען, שֶׁתָּשִׂים עָלֵינוּ וְעַל כָּל עַמְּךָ בֵּית יִשְׂרָאֵל חַיִּים וּבְרָכָה לְמִשְׁמֶרֶת שָׁלוֹם, דָאס דוּא זָאלְסְט אוּנְז אוּן כָּל יִשְׂרָאֵל גֶעבֶּען גוּטֶע פַּרְנָסָה אוּן גֶעזוּנְדְהַייט מִיט לוֹטֶער שָׁלוֹם׃

**לִיעבֶּער** גָאט, אִיךְ הָאבּ חֲרָטָה אוֹיף מַיינֶע זִינְד, וָואס אִיךְ הָאבּ גֶעזִינְדִיגְט פַאר דִיר. יֶעצְט קוּם אִיךְ אוּן פַאל פַאר דִיר ווִיא אַ קְנֶעכְט פַאר זַיין הֶערְר אוּן ווִיא אַ דִיענְסְטְ־מוֹיד פַאר אִיהְר ווִירְטִהִין. מַיין אָטְהֶעם קְלַאפְּט אִין מִיר פַאר מוֹרָא. דַארוּם בֶּעט אִיךְ דִיךְ, לִיעבֶּער פָאטֶער, זַיי זִיךְ מְרַחֵם אִיבֶּער אוּנְז, זַיי אוּנְז מוֹחֵל אוּנְזֶערֶע זִינְד אוּן גֶעה מִיט מִיר בְּמִדַּת הַחֶסֶד וְרַחֲמִים ווִי דַיין מִדָּה אִיז, אוּן בַּאהִיט מִיךְ פַאר זִינְד, ווִי עֶס שְׁטֶעהְט גֶעשְׁרִיעבֶּען׃ נָאךְ אוּנְזֶער ווִיעדֶערְקֶעהְרֶען וֶועסְטוּ אוּנְז דֶערְבַּארְעמֶען׃

# תְּחִנָּה פַאר שׁוֹפָר בְּלָאזֶען.

**רִבּוֹנוֹ** שֶׁל עוֹלָם. דוּא בִּיסְט דֶער הֶערְר פוּן דֶער גַאנְצֶער וֶועלְט, דוּא ווייסְט וואוּיל אַז מִיר זַיינֶען בְּקוּט אוּן

---

משלי מוסר

אֵיינֶער אִיז בֶּענַאנְגֶען אַ פֶערְבְּרֶעכֶען גֶעגֶען דִיא רֶעגִיערוּנג אוּן מֶען הָאט אִיהם פֶערְמִשְׁפָּט צוּא פוּפְצִיג שְׁמִיטץ אַ דָאקְטָאר הָאט דֶעם פֶערְמִשְׁפָּטְן אוּנְטֶערְזוּכְט אוּן עֶר הָאט אוֹיסְגֶעפוּנֶען אַז עֶר אִיז צוּ שְׁוַואךְ צוּ אִיבֶּערְטְרָאגֶען דִי שְׁטְרָאף. עֶר הָאט דֶערִיבֶּער גֶעהֵייסֶען אַז

פְלֵייש און מִיר קָאנֶען נִיט פַארְשְׁטֶעהְן דַיינֶע מִצְוֹות. דו גָאט, הָאסְט אוּנְז גֶעבָּאטֶען, אַז עֶס וֶועט קוּמֶען רֹאשׁ הַשָּׁנָה זָאהְל מֶען שׁוֹפָר בְּלָאזֶען, אוּם אוּנְזֶערֶע מַעֲשִׂים טוֹבִים זָאהְל פַאר דִיר גֶעדַאכְט וֶוערֶען. דַיינֶע לִיעבֶּע קִינְדֶער, דַיין פָאלְק יִשְׂרָאֵל, הָאבֶּען גֶעפֶּעדֶערְט צוּ בְּלָאזֶען שׁוֹפָר פוּן רֹאשׁ חוֹדֶשׁ אֱלוּל, כְּדֵי מֶען זָאל דֶעם שָׂטָן צוּמִישֶׁעז אַז עֶר זָאל זִיךְ דֶערְשְׁרֶעקֶען. וָוארוּם וֶוען עֶר דֶערְהֶערְט דֶעם שׁוֹפָר הָאט עֶר גְרוֹיס פָארְכְט, ווייל עֶר ווייס אַז דַיינֶע לִיעבֶּע קִינְדֶער, וִויא זֵייא דֶערְהֶערֶען דֶעם שׁוֹפָר אַזוֹי טְהוּעֶן זֵיי תֵּיכֶף תְּשׁוּבָה און הָאבֶּען גְרוֹיס חֲרָטָה אוֹיף זֵייעֶרֶע זִינְד, וִויא עֶס שְׁטֶעהְט גֶעשְׁרִיעבֶּען: וֶוען מֶען הֶערְט אִין שְׁטָאדְט שׁוֹפָר בְּלָאזֶען דָא וֶוערְט דֶעם פָאלְק דָאס הַארְץ צוּגַאנְגֶען. דַארוּם, לִיעבֶּער גָאט, זָאל זַיין דַיין גוּטֶער ווילֶען מִיט דַיין גְרוֹיס דֶערְבַּארֶעמְדְקַייט אַז דָאס קוֹל פוּן שׁוֹפָר זָאל גְלַייךְ קוּמֶען פַאר דִיר און צוּרַייסֶען אַלֶע בֵּייזֶע גְזֵירוֹת פוּן אוּנְז און פַארְנִיכְטֶען אַלֶע בֵּייזֶע מַלְאָכִים וָואס מַאכֶען אַ צְווִישֶׁענְשֵׁייד צְווִישֶׁען אוּנְז און צְווִישֶׁען דִיר אַז אוּנְזֶער גֶעבֶּעט קָאן נִישְׁט אַרוֹיפְקוּמֶען פַאר דִיר, און זָאלְסְט אָפְּטְהָאן דָאס בֵּייזֶע גְלוּסְטִינְקַייט פוּן אוּנְז אַז מִיר זָאלֶען דֶערְלֶעבֶּען אַז דוּא וֶועסְט מִיט דֶעם גְרוֹיסֶען שׁוֹפָר בְּלָאזֶען אַיינְצוּזַאמְלֶען אַלֶע פַארְלָארֶענֶע און פַארְשְׁטוֹיסֶענֶע פוּן דַיין פָאלְק יִשְׂרָאֵל אִין אֶרֶץ יִשְׂרָאֵל אַרַיין, און מִיר זָאלֶען זוֹכֶה זַיין צוּא זֶעהֶען דַיין הֵיילִיגֶע שְׁכִינָה און דוּא

משלי מוסר

מֶען זָאל אִיהם אַ חוֹדֶשׁ נָאכְאַנַאנְד גֶעבֶּען אַלֶע טָאג אַ פוּנְט פְלֵייש מִיט אַ פְלַאשׁ וויין, אוּם עֶר זָאל בֶּעקוּמֶען גֶענוּג קְרֶעפְטֶען. אִין אֵיינִיגֶע טֶעג אַרוּם הָאט דֶער קֶענִיג דֶעם פֶּערְבְּרֶעכֶער בֶּעגְנַאדִיגְט, עֶר אִיז אָבֶּער גֶעקוּמֶען און גֶעפָאדֶערְט זַיין פָארְצִיאָן פְלֵייש און וויין, דֶער בֶּעד־

זאָלסט זיין מיין העלפער און מיין באַשיצער. ליעבער גאָט, עס זאָהל היינט זיין אַזאַ צייט פאַר דיר צו פאַרנעהמען אונ־זער געבעט און אונז צו־צו־הערען. ווען מיר טהוען דיך רופען זאָלסטו דו אונז ענטפערען און דאָס בלאָזען מיטן שופר זאָל צו־רייסען אַלע בייזע גזירות. דו זאָלסט זיך זעצען אויפ'ן שטוהל פון רחמים און זאָלסט זיך איבער מיר מרחם זיין און אויסהערען אונזער געבעט. דערלענגער אונזערע יאָהרען אַז מיר זאָלען קאָנען פאַררעכטען וואָס מיר האָבען אומרעכט געטהאַן קעגען דיר, און דערוועק אונזער האַרץ וויעדער צו־קעהרען זיך צו דיר. לעהרען אונז וויא מיר זאָלען בעזיעגען אונזער פיינד, דעם שטן, וואָס וויל די ישראל יאָגען און ער־גרייכען. ליעבער גאָט, פון דעם קול שופר זאָלסט דו איהם מאַכען פאַלען ער זאָל ניט קאָנען אויפשטעהן צו ריידען ביים אויף דיין פאָלק ישראל. אין ערשטען קול פון דעם שופר זאָהל געדאַכט ווערען פאַר דיר דער זכות פון אברהם אונ־זער פאָטער, אין אַנדערען קול פון שופר זאָל געדאַכט ווע־רען דער זכות פון יצחק אבינו און אין דריטען קול פון שופר זאָהל געדאַכט ווערען דער זכות פון יעקב אינזער פאָטער,

---

משלי מוסר

אַמטער האָט איהם געענטפערט: שוטה, דאָס האָט מען דאָך דיר גע־געבען כּדי דו זאָלסט קענען פער־טראָגען די שטראָף. אָבער איצט אַז מען האָט דיר די שמיטץ גע־שיינקט. פאַר וואָס זעשע קומט דיר די פליישׁ און ווייז?

דער בורא יתברך בעשטימט אַמאָל גוטעס כּדי ער זאָל נאָכהער קענען שטראָפען און געבען שלעכ־טעס. ער בעשטימט איינעם צוא ווערען רייך, כּדי ער זאָל איהם נאָכהער אָרים מאַכען אַלס שטראָף פאַר זיינע זינד; ער בעשטימט איינעם קינדער, כּדי ער זאָל זייא נאָכהער קענען צונעהמען ביים

און מיט דעם פֶערְטֶען קול זָאהל גֶעדַאכְט וֶוערֶען דֶער זְכוּת פון דָוִד הַמֶלֶךְ. דִי פִיער סְדָרִים וָואס הֵייסֶען תְּקִיעָה, שְׁבָרִים, תְּרוּעָה, תְּקִיעָה, זָאלֶען אוּנְזֶערֶע עֶלְטֶערֶענְס זְכוּת אוֹיפְבְּרֵיינְ־גֶען פַאר דִיר און דֶער שָׂטָן זָאל קֵיין מַאכְט נִיט הָאבֶּען. פון אִיהְם זָאהְל אַ גוּטֶער מַלְאָךְ וֶוערֶען און עֶר זָאהְל אוֹיף אוּנְז גוּטְס רֵיידֶען, און זָאלְסְט טְהָאן פון דַיין נָאמֶען וֶועגֶען און דוּ זָאלְסְט אוּנְז אָנְשְׁרַייבֶּען צוּ גוּטֶען אִין דֶעם נַייעֶם יָאהְר וָואס דַא קוּמְט אוֹיף אוּנְז און אוֹיף כָּל יִשְׂרָאֵל צוּא פַּרְנָסָה, צוּא בְּרָכָה און הַצְלָחָה און מִיט אוּנְזֶערֶע קִינְדֶערְלַאךְ מִיט גְרוֹיס שֶׁפַע אָהְן מִידְקַייט און מִיט רוּח און מִיט פְּרֵייד. אַז אִיךְ זָאל נִיט קוּמֶען צוּ קֵיין חֶרְפָּה און אִיךְ זָאל זִיצֶען רוּהִיג און קָאנֶען דִיענֶען דַיין הֵיילִיגֶען נָאמֶען און זָאהְל נִישְׁט בֶּאדַארְפֶען קֵיין מֶענְטְשֶׁענְס גָאבּ, און אוּנְזֶערֶע קִינְדֶער זָאלֶען נִיט גֶעמִינֶערְט וֶוערֶען פַאר אוּנְזֶער לֶעבֶּען, און זָאלְסְט דֶערְוַוייטֶערֶען פון אוּנְז אַלֶע טְרוֹיעֶרְקַייט און זָאלְסְט אוּנְז וַוייזֶען גְרוֹיסֶע פְּרֵייד אִין אוּנְזֶערֶע שׂוֹנְאִים זָאלֶען אָן אוּנְז קֵיין נְקָמָה הָאבֶּען. עֶס זָאל צְווִישֶׁען אוּנְז נִיט זַיין קֵיין קְרִיעג, נור בְּרָכָה און הַצְלָחָה און שָׁלוֹם, און אִין זְכוּת פון שָׁלוֹם זָאלֶען מִיר גִיךְ דֶערְלֵייזְט וֶוערֶען, אָמֵן:

משלי מוסר

אִיהם. קוּמְט דָאךְ אוֹיס נָאךְ דֶעם פָארִיגֶען מָשָׁל, אַז וֶוען גָאט צִיהט צוּרִיק זַיין שְׁטְרָאף בַּארְפֶען דִיא בְּרָכוֹת פון בַּייכְּטְהוּם און קִינְדֶער נִיט מְקוּיָם וֶוערֶען.

דֶערִיבֶּער הֶעטֶען מִיר: „קְרַע רוֹעַ גְזַר דִינֵנוּ", צוּרֵייס דִיא שְׁלֶעכְ־טֶעם פְּזַר גְזַר דִין, אָבֶּער דִי גוּטֶעם זָאל פֶערְבְּלֵייבֶּען. דֶען אַזוֹי אִיז גָאט'ס דֶרֶךְ, אַזוֹי וִוי דִי גְמָרָא זָאגְט: „כָּל דָבָר שֶׁיָצָא מִפִּי הקב"ה לְטוֹבָה אֲפִילוּ עַל תְּנַאי לֹא חָזַר בּוֹ", דִי זַאךְ וָואס אִיז אַרוֹיס פון בּוֹרֵא יִתְבָּרַךְ צוּ גוּטֶען אֲפִילוּ אוֹיף אַ תְּנַאי הָאט עֶר קֵיין חֲרָטָה נִיט.

# סֵדֶר תְּקִיעוֹת.

פַאר תְּקִיעַת שׁוֹפָר זָאגְט מֶען דֶעם לַמְנַצֵּחַ זִיבֶּען מָאל:

לַמְנַצֵּחַ לִבְנֵי קֹרַח מִזְמוֹר: כָּל הָעַמִּים תִּקְעוּ כָף הָרִיעוּ לֵאלֹהִים בְּקוֹל רִנָּה: כִּי יְיָ עֶלְיוֹן נוֹרָא מֶלֶךְ גָּדוֹל עַל כָּל הָאָרֶץ: יַדְבֵּר עַמִּים תַּחְתֵּינוּ וּלְאֻמִּים תַּחַת רַגְלֵינוּ: יִבְחַר לָנוּ אֶת נַחֲלָתֵנוּ אֶת גְּאוֹן יַעֲקֹב אֲשֶׁר אָהֵב סֶלָה: עָלָה אֱלֹהִים בִּתְרוּעָה יְיָ בְּקוֹל שׁוֹפָר: זַמְּרוּ אֱלֹהִים זַמֵּרוּ זַמְּרוּ לְמַלְכֵּנוּ זַמֵּרוּ: כִּי מֶלֶךְ כָּל הָאָרֶץ אֱלֹהִים זַמְּרוּ מַשְׂכִּיל: מָלַךְ אֱלֹהִים עַל גּוֹיִם אֱלֹהִים יָשַׁב עַל כִּסֵּא קָדְשׁוֹ:

---

**לַמְנַצֵּחַ** צוּם גֶעזַאנְג פוּן דִי קִינְדֶער קֹרַח: (כָּל הָעַמִּים) אַלֶע פֶעלְקֶער שְׁטֶעקְט אַרַיין דִי הֶענְד טְהוּט שַׁאלֶען אוֹיף שׁוֹפְרוֹת אוּן טְרוּמֵייטֶען אוּן טְהוּט זִינְגֶען צוּ גָאט מִיט אַ קוֹל פוּן גֶעזַאנְג פַאר שִׂמְחָה: (כִּי יְיָ עֶלְיוֹן) דֶען גָאט אִיז דֶער גַאנְץ אוֹיבֶּערְשְׁטֶער אַ פָארְכְטִיגֶער גְרוֹיסֶער מֶלֶךְ אוֹיף דֶער גַאנְצֶער וֶועלְט: (יַדְבֵּר עַמִּים) עֶר הָאט גֶעמַאכְט פִיהְרֶען דִי פֶעלְקֶער וָואס זַיינֶען גֶעקוּמֶען אוֹיף יְרוּשָׁלַיִם זֵיי זָאלֶען אוּנְטֶער אוּנְז זַיין אוּן דִיא קֶענִיגְרַייךְ אוּנְטֶער אוּנְזֶערֶע פִּים: (יִבְחַר לָנוּ אֶת) עֶר הָאט אוּנְז אוֹיסְדֶערְוֶועהְלְט אוּנְזֶער נַחֲלָה דָאס הֶערְשַׁאפְט פוּן יַעֲקֹב וָואס עֶר הָאט לִיבּ תָּמִיד: (עָלָה אֱלֹהִים בִּתְרוּעָה) גָאט בָּרוּךְ הוּא אִיז דֶערְהוֹיכְט גֶעוָוארֶען מִיט שַׁאלוּנְג, (יְיָ בְּקוֹל שׁוֹפָר) גָאט וֶוערְט גֶעלוֹיבְּט מִיט דֶעם קוֹל פוּן שׁוֹפָר: (זַמְּרוּ אֱלֹהִים זַמֵּרוּ) זִינְגְט אוּן לוֹיבְּט צוּא גָאט, זִינְגְט צוּא אוּנְזֶער מֶלֶךְ: (כִּי מֶלֶךְ) וָוארוּם דֶער מֶלֶךְ פוּן גָאר דֶער וֶועלְט אִיז גָאט, זִינְגְט מִיט קְלוּגְשַׁאפְט: (מָלַךְ אֱלֹהִים) דֶער גֶעוֶועלְטִיגֶער גָאט טוּט קִינִיגֶען אוֹיף דִי פֶעלְקֶער, דֶער גֶעוֶועלְטִיגֶער גָאט זִיצְט אוֹיף זַיין הֵיילִיגֶער שְׁטוּהְל: (נְדִיבֵי עַמִּים) דִי

נְדִיבֵי עַמִּים נֶאֱסָפוּ עַם אֱלֹהֵי אַבְרָהָם כִּי לֵאלֹהִים מָגִנֵּי אֶרֶץ מְאֹד נַעֲלָה:

אֵיידֶער מֶען בְּלָאזְט דִי תְּקִיעוֹת זָאגְט מֶען דָאס:

קוֹלִי שָׁמָעְתָּ אַל תַּעְלֵם אָזְנְךָ לְרַוְחָתִי לְשַׁוְעָתִי.
מַיין שְׁטִים הָאסְטוּ גֶעהֶערְט, פַארְבָּארְג נִיט דַיין אוֹיעֶר פוּן מַיין גֶעשְׁרֵיי:

רֹאשׁ דְּבָרְךָ אֱמֶת וּלְעוֹלָם כָּל מִשְׁפַּט צִדְקֶךָ.
דֶער אָנְפַאנְג פוּן דַיין רֵייד אִיז וַואהְר, אוּן צוּ אוֹיבִּיג אִיז דַיין גֶערֶעכְטִיגְקַייט:

עֲרוֹב עַבְדְּךָ לְטוֹב אַל יַעַשְׁקוּנִי זֵדִים.
זַיי עָרֵב פַאר דַיין קְנֶעכְט צוּא גוּטֶען, לָאזֶען מִיךְ דִיא מוּטְוִוילִיגֶע נִיט פַארְצוּקֶען:

שָׂשׂ אָנֹכִי עַל אִמְרָתֶךָ כְּמוֹצֵא שָׁלָל רָב.
אִיךְ פְרֶעה מִיךְ מִיט דַיין זָאג גְלַייךְ אַזוֹי וִויא אֵיינֶער גֶעפִינְט פִיעל זַאק רוֹיבּ:

טוּב טַעַם וָדַעַת לַמְּדֵנִי כִּי בְמִצְוֹתֶיךָ הֶאֱמָנְתִּי.
לֶעהֶרֶען מִיךְ פַארְשְׁטַאנְד אוּן וִויסֶענְשַׁאפְט, דֶען אִין דַיין גֶעבָּאט גְלוֹיבּ אִיךְ:

נִדְבוֹת פִּי רְצֵה נָא יְיָ וּמִשְׁפָּטֶיךָ לַמְּדֵנִי.

---

בַּאוִוילִיגְטֶע פוּן פָאלְק טְהוּעֶן זִיךְ אַיינְזַאמְלֶען קַיין יְרוּשָׁלַיִם, דָאס פָאלְק פוּן גָאט, דֶער גָאט, וָואס אַבְרָהָם הָאט גֶעהַאלְטֶען פַאר אַ גָאט, וָוארוּם צוּא גָאט וָואס גֶעוֶועלְטִיגְט דֶער בַּאשִׁיצֶער פוּן דֶער וֶועלְט עֶר אִיז זֶעהְר דֶערְהוֹיבֶּען:

דִיא בַּאווילִיגוּנְג פוּן מַיין מויל נֶעהְם אָן מִיט ווילֶען,
אוּן לֶעהְרֶען מִיךְ דַיין גֶערִיכְט:

דֶער תּוֹקֵעַ זָאגְט דִי בְּרָכוֹת אוּן יֶעדֶער זָאל גוּט אויסְהֶערֶען אוּן נָאכְזָאגֶען אָמֵן, דֶער נָאךְ בְּלָאזְט עֶר שׁוֹפָר. אוּן נָאךְ יֶעדֶער סֵדֶר זָאגְט מֶען יְהִי רָצוֹן:

# בָּרוּךְ אַתָּה יְיָ אֱלֹהֵינוּ מֶלֶךְ הָעוֹלָם אֲשֶׁר קִדְּשָׁנוּ בְּמִצְוֹתָיו וְצִוָּנוּ לִשְׁמוֹעַ קוֹל שׁוֹפָר:

# בָּרוּךְ אַתָּה יְיָ, אֱלֹהֵינוּ מֶלֶךְ הָעוֹלָם. שֶׁהֶחֱיָנוּ וְקִיְּמָנוּ וְהִגִּיעָנוּ לַזְּמַן הַזֶּה:

תקיעה שברים תרועה תקיעה
תקיעה שברים תרועה תקיעה
תקיעה שברים תרועה תקיעה

יְהִי רָצוֹן, עֶס זָאל זַיין בַּאווילִיגְט פַאר דִיר גָאט מַיין גָאט אוּן גָאט פוּן מַיינֶע עֶלְטֶערֶען, דָאס בְּלָאזֶען תְּקִיעָה שְׁבָרִים תְּרוּעָה תְּקִיעָה, וָואס מִיר הָאבֶען הַיינְט גֶעבְּלָאזֶען, זָאלְסְטוּ מַאכֶען אַ קְרוֹין דוּרְךְ דֶעם מַלְאָךְ וָואס אִיז אִיבֶּער דֶעם גֶעזֶעצְט אוּן זָאלְסְט טְהָאן מִיט אוּנְז אַ צֵייכֶען צוּא גוּטֶען אוּן זָאלְסְט עֶרְפִּיהְלֶען אִיבֶּער אוּנְז דֶערְבַּרֶעמְקַייט. גֶעלוֹיבְּט בִּיסְטוּ גָאט, בַּעַל הָרַחֲמִים:

תקיעה שברים תקיעה
תקיעה שברים תקיעה
תקיעה שברים תקיעה

יְהִי רָצוֹן, עֶס זָאהְל זַיין בַּאווילִיגְט פַאר דִיר גָאט מַיין גָאט אוּן גָאט פוּן מַיינֶע עֶלְטֶערֶען דָאס בְּלָאזֶען תְּקִיעָה שְׁבָרִים תְּקִיעָה, וָואס מִיר הָאבֶען הַיינְט גֶעבְּלָאזֶען, זָאלְסְטוּ אָנְנֶעהְמֶען דוּרְךְ דֶעם מְמוּנָה,

וָואס אִיז גֶעזֶעצְט דַארוֹיף, אַזוֹי וואויל וִוי דוּ הָאסְט אָנְגֶענוּמֶען דוּרְךְ אֵלִיָהוּ אוּן זָאלְסְט עֶרְפִיהְלֶען אִיבֶּער אוּנְז דֶערְבַּארֶעמְקַייט. גֶעלוֹיבְּט בִּיסְטוּ גָאט, בַּעַל הָרַחֲמִים:

תקיעה תרועה תקיעה

תקיעה תרועה תקיעה

תקיעה תרועה תקיעה גדולה

**וּבְכֵן** יְהִי רָצוֹן, עֶס זָאל זַיין בַּאוִוילִיגְט פַאר דִיר גָאט אוּנְזֶער גָאט אוּן גָאט פוּן אוּנְזֶערֶע עֶלְטֶערְן, דָאס דִיא מַלְאָכִים דִי גֶעהֶען אוֹיף פוּן דֶעם שׁוֹפָר אוּן פוּן תְּקִיעָה שְׁבָרִים תְּרוּעָה תְּקִיעָה אוּן פוּן תְּקִיעָה שְׁבָרִים תְּקִיעָה אוּן פוּן תְּקִיעָה תְּרוּעָה תְּקִיעָה זָאלֶען אַריינְ־גֶעהְן פַאר דַיין כִּסֵא הַכָּבוֹד אוּן זַייא זָאלֶען גוּטְס פַאר אוּנְז פַאר־שְׁפְּרֶעכֶען צוּ פַארְגֶעבֶּען פַאר אוּנְזֶערֶע זִינְד, אָמֵן:

דֶער נָאךְ זָאגְט דָאס דֶער חַזָן מִיט אַ הוֹיךְ קוֹל:

**אַשְׁרֵי הָעָם יוֹדְעֵי תְרוּעָה יְיָ בְּאוֹר פָּנֶיךָ יְהַלֵּכוּן: בְּשִׁמְךָ יְגִילוּן כָּל הַיּוֹם וּבְצִדְקָתְךָ יָרוּמוּ: כִּי תִפְאֶרֶת עֻזָּמוֹ אָתָּה וּבִרְצוֹנְךָ תָּרוּם קַרְנֵנוּ: אַשְׁרֵי יוֹשְׁבֵי בֵיתֶךָ עוֹד יְהַלְלוּךָ סֶּלָה:** אשרי וכו׳

## תְּחִנָּה פַאר בִּרְכַּת כֹּהֲנִים.

דִי תְּחִנָּה זָאגְט מֶען וֶוען דֶער חַזָן הוֹיבְּט אָן צוּ זָאגֶען רְצֵה:

אֱלֹהֵינוּ וֵאלֹהֵי אֲבוֹתֵינוּ:

**אוּנְזֶער** גָאט, דֶער גָאט פוּן אוּנְזֶערֶע עֶלְטֶערְן, אַבְרָהָם, יִצְחָק וְיַעֲקֹב. הִנֵּה בְּנֵי אַהֲרֹן כֹּהֲנֶיךָ, דִי קִינְדֶער פוּן אַהֲרֹן דַיינֶע כֹּהֲנִים וֶועלֶען אַצוּנְד אוֹיפְהוֹיבֶּען דִיא הֶענְד צוּ בֶּענְטְשֶׁען דַיין פָאלְק יִשְׂרָאֵל מִיט נָאר זַייעֶר הַארְץ אוּן וֶועלֶען זָאגֶען דִיא בְּרָכָה זָאלֶען זַיי בֶּענְטְשֶׁען דַיין פָאלְק יִשְׂרָאֵל, וֶוען זַיי שְׁטֶעלֶען זִיךְ צוּם דוּכֶ׳ן. רִבּוֹנוֹ

שֶׁל עוֹלָם, פַארְגֶעהְם דָאס גֶעבֶּעט פוּן דִי כֹּהֲנִים, וָואס בֶּענְטְשֶׁען דַיין פָאלְק יִשְׂרָאֵל אוּן מִיר זָאלֶען גֶעבֶּענְטְשְׁט וֶוערֶען אַלֶע יוּדֶען בַּאנַאנְד אוּן אוֹיךְ אִיךְ מִיט מַיין מַאן אוּן מַיינֶע קִינְדֶער צְווִישֶׁען זֵיי צוּ אַ גוּט לֶעבֶּען אוּן גוּטֶע פַּרְנָסָה פוּן דַיין פוֹלֶער גֶעבֶּענְטְשְׁטֶער הַאנְד. מִיר זָאלֶען נִיט דַארְפֶען אָנְקוּמֶען צוּ אַ בָּשָׂר וָדָם אוּן מִיר זָאלֶען זוֹכֶה זַיין צוּא הָאבֶּען קִינְדֶער אוּן קִינְדֶ'ס קִינְדֶער, גוּטֶע אוּן פְרוּמֶע אוּן גָאטס פָארְכְטִיגֶע. זָאלְסְט אוּנְז הִיטֶען פוּן אַלֶעם בֵּייזֶען אַז קֵיין שׂוֹנֵא זָאהְל אוּנְז נִישְׁט קֶענֶען טְהָאן קֵיין שְׁלֶעכְטְס אוּן זָאלְסְט דֶערְלַייכְטֶען דַיין פָּנִים צוּ אוּנְז מִיר זָאלֶען קֶענֶען דֶערְהַאלְטֶען דַיין הֵיילִיגֶע תּוֹרָה, מִיר זָאלֶען נִיט וִויעדֶערְשְׁפֶּענִיגֶען אַנְטְקֶעגֶען דִיר אוּן זָאלְסְט אוּנְז לַייטְזֶעלִיגֶען מִיט אַלֶעם גוּטֶען מִיט אַ גוּט לֶעבֶּען, לֶעבֶּען פוּן גֶעזוּנְד, לֶעבֶּען פוּן פַּרְנָסָה, לֶעבֶּען פוּן שְׁפַּייז אוּן פוּן עֶרְנֶעהְרוּנְג, לֶעבֶּען פוּן רַייכְקַייט, לֶעבֶּען פוּן אַ גוּט מַזָל. אוּן זָאלְסְט אוּנְז נוֹשֵׂא פָּנִים זַיין, וֶוען דוּ קוּמְסְט אוּנְז מִשְׁפָּטְ'ן אִין דֶעם זְכוּת פוּן אַהֲרֹן הַכֹּהֵן מִיט זַיינֶע קִינְדֶער אוּן זָאלְסְט שַׁאפֶען צוּ אוּנְז פְרִידֶען אִין שַׁלְוָה אוּן שְׁטִילְקַייט, עֶס זָאהְל חָלִילָה נִישְׁט קוּמֶען קֵיין שְׁרֶעק אִין אוּנְזֶער הוֹיז, אוּן מִיר זָאלֶען קֶענֶען דִיךְ דִינֶען מִיט דֶעם גַאנְצֶען הַאֶרְץ. אָמֵן:

# תְּחִנָּה נָאךְ וּכְתוֹב לְחַיִּים טוֹבִים:

אוּם רֹאשׁ הַשָּׁנָה וְיוֹם כִּפּוּר צוּ מוּסָף אַז דֶער חַזָן הַאלְט וּכְתוֹב זָאגְט מֶען דָאס:

**אָבִינוּ**, אוּנְזֶער פָאטֶער, גֶעדֶענְק דַיין דֶערְבַּארֶעמְקַייט אוּן בַּאצְוִוינְג דַיין צָארְן אוּן מַאךְ אַ סוֹף צוּ מָארְד אוּן שְׁוֶוערְד אוּן הוּנְגֶער אוּן גֶעפֶענְגֶענֶעשׁ אוּן פַארְדַארְבּוּנְג אוּן

---

משלי מוסר

**אָבִינוּ** מַלְכֵּנוּ כָּתְבֵנוּ בְּסֵפֶר גְאוּלָּה וִישׁוּעָה, אוּנְזֶער פָאטֶער. אוּנְזֶער קֶענִיג, פַארְשְׁרַייבּ אוּנְז אִין בּוּךְ פוּן עֶרְלֵייזוּנְג אוּן הִילְף. לְמָשָׁל:

אַ רַייכֶער מַאן הָאט אוּנְטֶערְוֶועגֶענְס גֶעטְרָאפֶען צְווֵיי מֶענְשֶׁען וָואס זַיינֶען גֶעוֶוען גֶעפַאנְגֶען. דִיא פַאנְגֶער הָאבֶּען זֵייעֶרֶע קָרְבָּנוֹת

מַגֵפָה און בֵּייזֶע בַּאגֶעגֶענִישׁ און אַלֶע קְרַאנְקְהַייט און אַלֶע שְׁטְרוֹיכְלוּנְג אַלֶע בֵּייזֶע גְזֵירוֹת און אוּמְזִיסְטֶע פַיינְדְשַׁאפְט פון אוּנְז און פון אַלֶע קִינְדֶער פון דַיין בּוֹתֶךָ:

# תְּחִנָּה לְבִרְכַּת כֹּהֲנִים.

## יְבָרֶכְךָ יְיָ וְיִשְׁמְרֶךָ:

וֶוען דֶער חַזָן זָאגְט דָאס וָוארְט „וְיִשְׁמְרֶךָ" זָאגְט מֶען דָאס:

רִבּוֹנוֹ שֶׁל עוֹלָם, אִיךְ בִּין דַיין און מַיינֶע חֲלוֹמוֹת זַיינֶען דַיי־נֶע, עֶס זָאהל זַיין דֶער ווִילֶען פַאר דִיר גָאט, אַז אַלֶע מַיינֶע חֲלוֹמוֹת זָאלֶען זַיין אוֹיף מִיר און אוֹיף כָּל יִשְׂרָאֵל צוּא גוּטֶען, סַיי אִיךְ הָאבּ מִיךְ גֶע'חָלוֹמְ'ט אוֹיף זִיךְ זֶעלְבְּסְט, סַיי אוֹיף אַנְדֶערֶע, און סַיי אַנֶדערֶע הָאט זִיךְ גֶע'חָלוֹמְ'ט אוֹיף מִיר. אוֹיבּ זֵייא זַיינֶען גוּט, שְׁטַארְק זֵייא און זֵיי זָאלֶען מְקוּיָם וֶוערֶען אִין מִיר און אִין זֵייא אַזוֹי וִויא דִיא חֲלוֹמוֹת פון יוֹסֵף הַצַדִיק, און אוֹיבּ זֵיי דַארְפֶען הֵיילוּנְג, זָאלְסְטוּ זֵיי הֵיילֶען אַזוֹי וִוי דוּ הָאסְט גֶעהֵיילְט חִזְקִיָהוּ מֶלֶךְ יְהוּדָה פון זַיין קְרַאנְקְהַייט מִרְיָם הַנְבִיאָה פון אִיהְרֶע קְרֶעץ און נַעֲמָן פון זַיינֶע קְרֶעץ, און אַזוֹי וִוי דִיא וַואסֶער פון מָרָה דוּרְךָ מֹשֶׁה רַבֵּינוּ, און אַזוֹי וִוי דִי וַואסֶער פון דֶער שְׁטָאדְט יְרִיחוֹ דוּרְךָ אֱלִישָׁע. און אַזוֹי וִויא דוּ הָאסְט פַארְקֶעהֶרְט דִי קְלָלָה פון בִּלְעָם הָרָשָׁע צוּ אַ בְּרָכָה אַזוֹי זָאלְסְט דוּ אוּמְקֶעהְרֶען אַלֶע מַיינֶע חֲלוֹמוֹת אוֹיף

---

משלי מוסר

זֶעהְר גֶעפֵּיינִיגְט און זֵיי גֶעצְווּאוּנְגֶען צוּ טְהָאן שְׁוֶוערֶע אַרְבַּייט. דֶער עוֹשֶׁר הָאט אוֹיף זֵיי רַחֲמָנוֹת גֶעהַאט און הָאט זֵיי אוֹיסְגֶעלֵייזְט. אֵיינֶעם הָאט עֶר מִיטְגֶענוּמֶען און הָאט אִיהם גֶעגֶעבֶּען אַ גוּטֶע שְׁטֶעלֶע אִין זַיין גֶעשֶׁעפְט און דֶעם צְווֵייטֶען הָאט עֶר אִיבֶּערְגֶעלָאזְט אוֹיף גָאט'ס בֶּע־

מִיר אוּן אוֹיף כָּל יִשְׂרָאֵל צוּ גוּטֶען אוּן זָאלְסְט מִיךְ הִיטֶען אוּן לַייטְזֶעלִיגֶען אוּן בֵּאוִוילִיגֶען, אָמֵן:

## יָאֵר יְיָ פָּנָיו אֵלֶיךָ וִיחֻנֶּךָּ:

וֶוען דֶער חַזָן זָאגְט דָאס וָוארְט וִיחֻנֶּךָּ, זָאגְט מֶען נָאךְ אַ מָאל דֶעם רִבּוֹנוֹ שֶׁל עוֹלָם וָואס מֶען הָאט פְרִיהֶער גֶעזָאגְט:

## יִשָּׂא יְיָ פָּנָיו אֵלֶיךָ וְיָשֵׂם לְךָ שָׁלוֹם:

וֶוען דֶער חַזָן זָאגְט דָאס וָוארְט „שָׁלוֹם" זָאגְט מֶען דָאס:

יְהִי רָצוֹן מִלְּפָנֶיךָ יְיָ אֱלֹהַי וֵאלֹהֵי אֲבוֹתַי, עֶס זָאהל זַיין דֶער ווילֶען פַאר דִיר גָאט מַיין גָאט אוּן גָאט פוּן מַיינֶע עֶלְטֶערֶען, אַז דוּ זָאלְסְט טְהָאן צוּלִיעבּ דִי הֵיילִיגְקַייט פוּן דַיינֶע חֲסָדִים אוּן צוּלִיעבּ דָאס גְרוֹיסְקַייט פוּן דַיין דֶערְבַּארֶעמְקַייט, וָואס זַיינֶען פַארְשְׁפְּרֵייט אִיבֶּער דֶער וֶועלְט אוּן צוּלִיעבּ דִיא רֵיינְקַייט פוּן דַיין נָאמֶען, דֶעם גְרוֹיסֶען אוּן שְׁטַארְקֶען אוּן פָארְכְטִיגֶען וָואס אִין אִיהְם אִיז דָא צְוֵויי אוּן צְוַואנְצִיג אוֹתִיּוֹת וָואס גֶעהֶען אַרוֹיס פוּן דִיא פְּסוּקִים פוּן בִּרְכַּת כֹּהֲנִים, וָואס אִיז גֶעזָאגְט גֶעווָארֶען פוּן דֶעם מוֹיל פוּן אַהֲרֹן מִיט זַיינֶע קִינְדֶער דַיין הֵיילִיג פָאלְק, אַז דוּא זָאלְסְט זַיין נָאהֶענְט צוּא מִיר, וֶוען אִיךְ טְהוּ רוּפֶען צוּ דִיר אוּן זָאלְסְט פַארְנֶעהְמֶען מַיין גֶעשְׁרֵיי אַלֶע צַייטֶען, אַזוֹי וִויא דוּ הָאסְט גֶעהֶערְט דָאס גֶעשְׁרֵיי

---

משלי מוסר

בָּאטֶה. דִיזֶער הָאט גֶעלִיטֶען גְרוֹיסֶע צָרוֹת ווייל עֶר אִיז גֶעוועזֶען עֶלֶענְד אִין אַ פְרֶעמְדֶע גֶעגֶענְד אוּן הָאט נִיט גֶעהַאט צוּ וֶועמֶען זִיךְ צוּקֶעהְרֶען אוּן וֶוענְדֶען. זַיין פְּרֵייהַייט אִיז אִיהְם דֶערִיבֶּער נִיט אַיינְגֶעגַאנְגֶען אוּן עֶר הָאט גֶעדֶענְקְט אַז זַיין גֶעפַאנְגֶען אִיז בֶּעסֶער ווי זַיין אַ פְרֵייעֶר מֶענְשׁ אוּן

פון יַעֲקֹב אָבִינוּ, וָואס עֶר הֵייסְט אִישׁ תָּם, אוּן זָאלְסְט מִיר גֶעבֶּען מִיט מַיין גַאנְץ הוֹיזְגֶעזִינְד, אוּנְזֶער שְׁפַּייז אוּן פַּרְנָסָה מִיט בְּרֵייטְקַייט נִישְׁט בְּצִמְצוּם, מִיט הֶיתֵּר נִישְׁט מִיט אִיסוּר, מִיט נַחַת נִיט מִיט צַעַר, פוּן דַיין בְּרֵייטֶע הַאנְד, אַזוֹי וְויא דוּ הָאסְט גֶעגֶעבֶּען בְּרוֹיט צוּא עֶסֶען אוּן קְלֵיידֶער אָנְצוּקְלֵיידֶען צוּ יַעֲקֹב אָבִינוּ, וָואס הֵייסְט אִישׁ תָּם, אוּן זָאלְסְט אוּנְז גֶעבֶּען צוּ לֵיעבְּשַׁאפְט, צוּ חֵן אוּן חֶסֶד אוּן צוּ רַחֲמִים אִין דַיינֶע אוֹיגֶען אוּן אִין לַייטֶעְנְס אוֹיגֶען אַזוֹי וְוי דוּ הָאסְט גֶעגֶעבֶּען יוֹסֵף הַצַדִיק אַז דֶער פָּאטֶער הָאט אִיהְם אָנְגֶעטְהָאן דָאס זַיידֶענֶע הֶעמְדֶעל צוּ חֵן אוּן חֶסֶד אוּן רַחֲמִים אִין דַיינֶע אוֹיגֶען אוּן אִין לַייטֶעְנְס אוֹיגֶען אוּן דוּ זָאלְסְט מִיהאן מִיט מִיר וואוּנְדֶער אוּן נִסִים אוּן צֵייכֶען צוּ גוּטֶען אוּן זָאלְסְט מִיךְ בַּאגְלִיקֶען אִין מַיינֶע וֶוענֶען אוּן גִיעבּ אִין מַיין הַארְץ פַארְשְׁטַאנְד צוּא פַארְשְׁטֶעהְן אוּן צוּ קְלִיגֶען אוּן מְקַיֵים זַיין דִי רֵייד פוּן דֶער תּוֹרָה מִיט אִיהְרֶע סוֹדוֹת, אוּן זָאלְסְט מִיךְ מַצִיל זַיין פוּן טָעוּתְ'ן אִיךְ זָאל מִיךְ חַס וְשָׁלוֹם נִיט טוֹעֶה זַיין אִין דֶער תּוֹרָה, אוּן זָאלְסְט מַאכֶען רַיין מַיינֶע גֶעדַאנְקֶען אוּן מַיין הַארְץ צוּ דַיין דִינְסְט אוּן זָאלְסְט דֶערְלֵיינְגֶערֶען מַיינֶע טֶעג אוּן מַיין מַאן אוּן קִינְדֶערְס טֶעג מִיט אַלֶעם גוּטֶען אוּן פַארְגְנִיעגֶען מִיט פִיעל שְׁטַארְקַייט אוּן פְרִיעדֶען, אָמֵן סֶלָה:

---

משלי מוסר

נִיט הָאבֶּען קַיין הִילְף אוּן קַיין שְׁטִיצֶע פוּן קֵיינֶעם.
אָט דָאס בֶּעטֶען מִיר בַּיי גָאט: „אָבִינוּ מַלְכֵּנוּ כָּתְבֵנוּ בְּסֵפֶר גְאוּלָה וִישׁוּעָה". דוּ זָאלְסְט אִי אוֹיסְלֵייזֶען אִי הֶעלְפֶען אוּן שְׁטִיצֶען.

# סֵדֶר תַּשְׁלִיךְ.

דֶעם עֶרְשְׁטֶען טָאג רֹאשׁ הַשָּׁנָה נָאךְ מִנְחָה גֶעהְט מֶען צוּא אַ טַייךְ
אוּן מֶען זָאגְט דָאס. אוּן וֶוען עֶס גֶעפַאלְט אוּם שַׁבָּת, גֶעהְט מֶען
דֶעם אַנְדֶערֶען טָאג רֹאשׁ הַשָּׁנָה:

מִי אֵל כָּמוֹךָ נוֹשֵׂא עָוֹן וְעוֹבֵר עַל פֶּשַׁע לִשְׁאֵרִית
נַחֲלָתוֹ לֹא הֶחֱזִיק לָעַד אַפּוֹ כִּי חָפֵץ חֶסֶד הוּא:
יָשׁוּב יְרַחֲמֵנוּ יִכְבּוֹשׁ עֲוֹנוֹתֵינוּ וְתַשְׁלִיךְ בִּמְצוּלוֹת יָם
כָּל חַטֹּאתָם: תִּתֵּן אֱמֶת לְיַעֲקֹב חֶסֶד לְאַבְרָהָם אֲשֶׁר
נִשְׁבַּעְתָּ לַאֲבוֹתֵינוּ מִימֵי קֶדֶם: מִן הַמֵּצַר קָרָאתִי יָּהּ
עָנָנִי בַמֶּרְחָב יָהּ: יְיָ לִי לֹא אִירָא מַה יַּעֲשֶׂה לִי אָדָם:
יְיָ לִי בְּעֹזְרָי וַאֲנִי אֶרְאֶה בְשֹׂנְאָי: טוֹב לַחֲסוֹת בַּייָ
מִבְּטֹחַ בָּאָדָם: טוֹב לַחֲסוֹת בַּייָ מִבְּטֹחַ בִּנְדִיבִים:

---

מִי אֵל כָּמוֹךָ, וֶוער אִיז אַ גָאט וְויא דוּ, וָואס פַארְטְרָאגְט אוּמְרֶעכְט
אוּן לָאזְט דוּרְךְ שׁוּלְדֶען צוּ דִיא אִיבֶּערְבְּלַייבּוּנְג פוּן זַיין אַרְבּ. עֶר
הַאלְט נִיט אוֹיבִּיג זַיין צָארְן, דֶען עֶר בַּאגֶעהְרְט גֶענָאד. דַארוּם זָאהְל
עֶר וִויעדֶער דֶערְבַּארֶעמֶען אוּנְז אוּן טְרֶעטֶען אוֹיף אוּנְזֶערֶע זִינְד אוּן
וַוארְפֶען אִין טִיעפֶענֶעשׁ פוּן דֶעם יַם אַלֶע זֵייעֶרֶע עֲבֵירוֹת. דוּ גִיבְּסְט
דִי מִדָּה פוּן אֱמֶת צוּ יַעֲקֹב אוּן דִי מִדָּה פוּן חֶסֶד צוּ אַבְרָהָם, דָאס דוּ
הָאסְט גֶעשְׁוָוארֶען צוּ אוּנְזֶערֶע עֶלְטֶערֶען פַארְצַייטֶען. פוּן אֵיינְגְשַׁאפְּט
טְהוּ אִיךְ רוּפֶען צוּא גָאט, טְהוּט גָאט מִיר עֶנְטְפֶערֶען אִין דֶער בְּרֵייט
טֶערוּנְג: גָאט אִיז מִיט מִיר, דַארוּם פָארְכְט אִיךְ מִיךְ נִישְׁט, וָואס קָאן
אַ מֶענְטְשׁ מִיר טְהָאן? גָאט אִיז אִין מַיינֶער הִילְף, דַארוּם וֶועל אִיךְ
בְּוַדַּאי זֶעהְן אַ מַפָּלָה אִין מַיינֶע פַיינְד: עֶס אִיז בֶּעסֶער אַ בִּטָּחוֹן צוּא
הָאבֶּען אִין גָאט אֵיידֶער צוּא הָאבֶּען אַ בִּטָּחוֹן אִין אַ מֶענְטְשֶׁען: עֶס
אִיז בֶּעסֶער צוּ פַארְזִיכֶערֶען זִיךְ אוֹיף גָאט אֵיידֶער צוּא פַארְזִיכֶערֶען
זִיךְ אוֹיף דִי מְלָכִים:

רַנְּנוּ צַדִּיקִים בַּיְיָ לַיְשָׁרִים נָאוָה תְהִלָּה: הוֹדוּ לַיְיָ
בְּכִנּוֹר בְּנֵבֶל עָשׂוֹר זַמְּרוּ לוֹ: שִׁירוּ לוֹ שִׁיר
חָדָשׁ הֵיטִיבוּ נַגֵּן בִּתְרוּעָה: כִּי יָשָׁר דְּבַר יְיָ וְכָל
מַעֲשֵׂהוּ בֶּאֱמוּנָה: אֹהֵב צְדָקָה וּמִשְׁפָּט חֶסֶד יְיָ מָלְאָה
הָאָרֶץ: בִּדְבַר יְיָ שָׁמַיִם נַעֲשׂוּ וּבְרוּחַ פִּיו כָּל צְבָאָם:
כּוֹנֵס כַּנֵּד מֵי הַיָּם נוֹתֵן בְּאוֹצָרוֹת תְּהוֹמוֹת: יִירְאוּ
מֵיְיָ כָּל הָאָרֶץ מִמֶּנּוּ יָגוּרוּ כָּל יוֹשְׁבֵי תֵבֵל: כִּי הוּא
אָמַר וַיֶּהִי הוּא צִוָּה וַיַּעֲמֹד: יְיָ הֵפִיר עֲצַת גּוֹיִם הֵנִיא
מַחְשְׁבוֹת עַמִּים: עֲצַת יְיָ לְעוֹלָם תַּעֲמֹד מַחְשְׁבוֹת
לִבּוֹ לְדוֹר וָדוֹר: אַשְׁרֵי הַגּוֹי אֲשֶׁר יְיָ אֱלֹהָיו הָעָם

---

רַנְּנוּ לויבט צדיקים צוא גאט צו דיא רעכטפארטיגע איז שעהן א
לויב: לויבט צו גאט מיט א הארף מיט א פידעל פון צעהן
סטרונעס: לויבט צוא איהם א נייע לויב, מאכט שעהן צוא שפיעלען
מיט אויסגעשריי פון שופר: ווארום רעכטפארטיג איז גאטס-רייד און
גאר זיין ווערק איז מיט וואהרהאפטיגקייט: ער האט ליעב צדקה
ומשפט, דער חסד פון גאט איז פול די וועלט: מיט גאטס רייד זיינען
געווארען דיא הימעל און מיט דעם אטהעם פון זיין מויל גאר דיא
הערשאפט פון הימעל: ער זאמעלט איין ווי א מויער די וואסער פון
דעם ים, ער גיט אין די באהעלטענעס די אפגרונטען: פארכט אייך
פאר גאט, אלע לייט פון דער וועלט, פאר איהם זאלען מורא האבען
אלע זיצער אויף דער וועלט. ווארום וואס ער זאגט איז אזוי, וואס
ער שאפט בלייבט שטעהן: גאט האט צושטערט דאס טראכטען פון
דיא היידען, ער האט פערוועהט דאס טראכטען פון שלעכטע פעלי
קער: גאטס עצה בלייבט שטעהן אויף אויביג, דיא מחשבה פון זיין
הארצען בלייבט פון איין דור צום אנדערען דור: יואויל דעם פאלק,

בָּחַר לְנַחֲלָה לוֹ: מִשָּׁמַיִם הִבִּיט יְיָ רָאָה אֶת כָּל בְּנֵי הָאָדָם· מִמְּכוֹן שִׁבְתּוֹ הִשְׁגִּיחַ אֶל כָּל יֹשְׁבֵי הָאָרֶץ· הַיּוֹצֵר יַחַד לִבָּם הַמֵּבִין אֶל כָּל מַעֲשֵׂיהֶם· אֵין הַמֶּלֶךְ נוֹשָׁע בְּרָב חָיִל גִּבּוֹר לֹא יִנָּצֵל בְּרָב כֹּחַ: שֶׁקֶר הַסּוּס לִתְשׁוּעָה וּבְרֹב חֵילוֹ לֹא יְמַלֵּט· הִנֵּה עֵין יְיָ אֶל יְרֵאָיו לַמְיַחֲלִים לְחַסְדּוֹ· לְהַצִּיל מִמָּוֶת נַפְשָׁם וּלְחַיּוֹתָם בָּרָעָב· נַפְשֵׁנוּ חִכְּתָה לַייָ עֶזְרֵנוּ וּמָגִנֵּנוּ הוּא· כִּי בוֹ יִשְׂמַח לִבֵּנוּ כִּי בְשֵׁם קָדְשׁוֹ בָטָחְנוּ: יְהִי חַסְדְּךָ יְיָ עָלֵינוּ כַּאֲשֶׁר יִחַלְנוּ לָךְ·

---

וואס דער רעכטער און וואהרהאפטיגער גאט איז זיין גאט, וואויל דעם פאלק, וואס ער האט אויסגעקליבען פאר א ארב צוא איהם: פון דעם הימעל קוקט גאט, ער זעהט די אלע קינדער פון אָדָם: פון דעם ארט וואס ער האט אנגעגרייט ער זאהל דארט זיצען טהוט ער קוקען צו אלע זיצער פון דער ערד: דער וואס האט באשאפען אלע הערצער פארשטעהט ער בודאי אלע זייערע ווערק: דער מֶלֶךְ ווערט ניט געהאלפען דורך זיין פיעל חַיִל, דער שטארקסטער ווערט נישט נצול אין דער מלחמה חאטש ער האט פיעל כֹּחַ: עס איז ליעגען און פאלש אז דאס שטארקייט פון א פערד זאל העלפען, מיט זיין פיעל חַיִל ווערט ער ניט אנטרונען אין דער מלחמה: גאטס אויג גיט אכ־טונג צו זיינע פארכטיגע, צו די וואס האפען צו זיין גענאד: צו מציל זיין פון טוידט זייער לייב און דערנעהרען זיי אין א הונגער: אונזערע זעעלען האפען צוא גאט, אונזער העלפער און אונזער באשיצער איז ער: ווארום מיט איהם טהוט זיך פרעהען אונזער הארץ, אין זיין הייליגען נאמען פארזיכערען מיר זיך: עס זאל זיין דיין גענאד אויף אונז ווי מיר האפען צו דיר:

נאך דעם זאגט מען דאס:

לא יָרֵעוּ וְלֹא יַשְׁחִיתוּ בְּכָל הַר קָדְשִׁי · כִּי מָלְאָה הָאָרֶץ דֵּעָה אֶת יְיָ כַּמַּיִם לַיָּם מְכַסִּים·

יְהִי רָצוֹן מִלְּפָנֶיךָ עַל יְדֵי הֶאָרַת תִּקּוּנִים עַתִּיקָא קַדִּישָׁא דַעֲתִיקִין בִּזְעֵיר שֶׁבְּאָרִיךְ יִכְבְּשׁוּ רַחֲמֶיךָ אֶת כַּעַסְךָ וְיָגוֹלוּ רַחֲמֶיךָ עַל מִדּוֹתֶיךָ וְתִתְנַהֵג עִמָּנוּ בְּמִדַּת הָרַחֲמִים וְתִתֶּן לָנוּ חַיִּים אֲרוּכִים וְטוֹבִים בְּעִסְקֵי תוֹרָתֶךָ וְקִיּוּם מִצְוֹתֶיךָ לַעֲשׂוֹת רְצוֹנְךָ אָמֵן, וְכֵן יְהִי רָצוֹן·

שִׁיר לַמַּעֲלוֹת אֶשָּׂא עֵינַי אֶל הֶהָרִים מֵאַיִן יָבֹא עֶזְרִי· עֶזְרִי מֵעִם יְיָ עֹשֵׂה שָׁמַיִם וָאָרֶץ· וְאֹרַח צַדִּיקִים כְּאוֹר נֹגַהּ הוֹלֵךְ וָאוֹר עַד נְכוֹן הַיּוֹם· וַאֲנִי תְפִלָּתִי לְךָ יְיָ עֵת רָצוֹן אֱלֹהִים בְּרָב חַסְדֶּךָ עֲנֵנִי בֶּאֱמֶת יִשְׁעֶךָ. הִנֵּה לֹא יָנוּם וְלֹא יִישָׁן שׁוֹמֵר יִשְׂרָאֵל· הִנֵּה עֵין יְיָ אֶל יְרֵאָיו לַמְיַחֲלִים לְחַסְדּוֹ· הוֹד וְהָדָר לְפָנָיו עֹז וְחֶדְוָה בִּמְקוֹמוֹ: כִּי עִמְּךָ הַסְּלִיחָה לְמַעַן תִּוָּרֵא· חַנּוּן וְרַחוּם יְיָ אֶרֶךְ אַפַּיִם וּגְדָל חָסֶד· בְּאוֹר פְּנֵי מֶלֶךְ חַיִּים וּרְצוֹנוֹ כְּעָב מַלְקוֹשׁ· כִּי אֵל גָּדוֹל יְיָ וּמֶלֶךְ גָּדוֹל עַל כָּל אֱלֹהִים· אַשְׁרֵי הָעָם יוֹדְעֵי תְרוּעָה

---

לא יָרֵעוּ, זיי איבלען ניט און זיי פארדארבען ניט אין מיין הייליגען בארג, דען דאס לאנד איז פיעל מיט וויסענשאפט פון גאָט אַזוי ווי וואסער דעקט צו דעם ים:

יי בְּאוֹר פָּנֶיךָ יְהַלֵּכוּן · כְּשֶׁמֶן הַטּוֹב עַל הָרֹאשׁ יוֹרֵד עַל הַזָּקָן זְקַן אַהֲרֹן שֶׁיּוֹרֵד עַל פִּי מִדּוֹתָיו׃

# אַ נַייעֶ תְּחִנָּה צוּ תַּשְׁלִיךְ.

רִבּוֹן הָעוֹלָמִים, הֶערְר פוּן אַלֶע װֶעלְטֶען, דוּ הָאסְט גֶעשְׁרִיעבֶּען אִין דַיין הֵיילִיגֶע תּוֹרָה צוּ מַאכֶען הַיינְטִיגֶען טָאג ראֹשׁ־הַשָּׁנָה, דֶען אִין הַיינְטִיגֶען טָאג זִיצְטוּ אוֹיף דֶעם שְׁטוּל פוּן מִשְׁפָּט צוּא מִשְׁפָּטְ'ן דִיא גַאנְצֶע װֶעלְט, קְלֵיין אוּן גְרוֹיס, יוּנְג אוּן אַלְט, אָרֶעם אוּן רַייךְ, צוּא מִשְׁפָּטְ'ן זֵייא צוּא גוּטְס אוּן צוּ שְׁלֶעכְטְס, צוּ גְלִיק אוּן צוּ אוּנְגְלִיק, צוּם טוֹידְט אוּן צוּם לֶעבֶּען, יֶעדֶערֶען נָאךְ זַיינֶע מַעֲשִׂים, וְוִיא עֶר הָאט פַארְדִיענְט, וְוִי עֶר אִיז װֶערְטְה. אוּן מִיר וְוייסֶען אַז מִיר זַיינֶען פוּל מִיט זִינְד. מִיר הָאבֶּען נִיט מְקַיֵּים גֶעוֶועזֶען וָואס דוּ הָאסְט גֶעשְׁרִיעבֶּען אִין דַיין הֵיילִיגֶע תּוֹרָה. אוּן מִיר הָאבֶּען גֶעגֶען דִיר וִוידֶער גֶעשְׁפֶּעניגְט. דַארוּם זַיינֶען מִיר זֶעהְר עֶרְשְׁרָאקֶען פַאר דֶעם יוֹם הַדִּין, אוּן עֶס אִיז אוֹיף אוּנְז אַ גְרוֹיס פַּחַד, פִיעלַייכְט װֶעסְט דוּ אוּנְז מִשְׁפָּטְ'ן נָאךְ אוּנְזֶערֶע בֵּייזֶע מַעֲשִׂים וֶועלֶען מִיר חָלִילָה קַיין תְּקוּמָה נִיט הָאבֶּען. דַארוּם קוּמֶען מִיר יֶעצְט צוּם וַואסֶער צוּ פְלִיסֶען טְרֶערֶען וְוִי וַואסֶער. דְרוּם קוּמֶ'ין מִיר צוּם וַואסֶער בֶּעטֶען דִיךְ אַז דוּ זָאלְסְט זִיךְ מִיט אוּנְז בַּאגֶעהְן מִיט עֶרְבַּארְעמְקַייט מִיט חֶסֶד וָואס אִיז גֶעגְלִיבֶען צוּ וַואסֶער, אוּן זָאלְסְט אוּנְז הַיינְט צוּם יוֹם הַדִּין עֶרְוֶועך־

---

משלי מוסר

אָבִינוּ מַלְכֵּנוּ כָּתְבֵנוּ בְּסֵפֶר פַּרְנָסָה וְכַלְכָּלָה, אוּנְזֶער פָאטֶער, אוּנְזֶער קֶענִיג, פֶערְשְׁרַייבּ אוּנְז אִין בּוּךְ פוּן פַּרְנָסָה אוּן שְׁפַּייז. לְמָשָׁל:

אַן אָרִימֶער מֶענְשׁ הָאט גֶעקְרָאגֶען אַ שְׁטֶעלֶע בַּיי אַ בַּייכֶען פַאבְּרִיקַאנְט. עֶר הָאט אִיהְם אַװֶעקְגֶעשִׁיקְט אִין אַ וַוייטֶע לַאנְד אַלְס

קען דיינע גוטע מדות צו ריינינגען אונז פון אונזערע זינד וואס זיינען פיעל ווי אין מעער וואסער, און זאלסט אבוואשען אלע אונזערע פלעקען ווי וואסער. דו זעהסט וואס ביי יעדער מענש איז אין הארץ, דוא קוקסט דורך יעדער קערפער וויא וואסער. עס איז פון דיר קיין זאך ניט פארבארגען, קיינער קען זיך פון דיר ניט באהאלטען, אויסער דיר קען קיין באר שעפעניש ניט לעבען וויא א פיש אהן וואסער. ווען חלילה דו וואלסט זיך באגעהן מיט דער וועלט א קליינע ווייל"ע מיט מדת הדין, ווען דו וואלסט באצאהלען א מענשען נאך זיינע מעשים פינקטליך ווי ער האט פארדיענט, וואלט די וועלט קיין קיום ניט האבען, נאר דו צאמסט ארום דעם מדת הדין מיט דיין מדת הרחמים ווי דיא ברעגען פון ים צאמען ארום דעם וואסער. דארום קומען מיר היינט צום וואסער ניט מיט אונזערע גוטע מעשים, ניט מיט אונזערע רעכטפארטיגקייט, נאר מיר פארהאפען אויף דיין גענאד און דיין מדת הרחמים, וואס זיינען אזוי פיעל ווי אין ים דאס וואסער. מיר זיינען זיך מתודה אויף אונזערע בייזע מעשים וואס מיר האבען געטאן ביז אהער, און אונזער הארץ איז דארויף זעהר צובראכען וואס מיר האבען געגען דיר ווידערגעשפעניגט און דיך ער־צערענט. מיר האבען ניט געהיט דיין הייליגע תורה און מיר האבען ניט מקיים געוועזן דיינע הייליגע מצוות. מיר בעטען פון דיר, הערר פון דער גאנצער וועלט, וואס אין דיין האנד

---

משלי סוסר

קאמיסיאנער צוא פארקויפען זיין סחורה. דער מאן האט דארט גע־לייזט גוטע מקחים און פארדיענט פיינע געלד. ער איז אבער ניט צופריעדען געוועזן, ווייל יענע מדינה איז נישט געוועזן קיין פרוכטבארע און ער האט דארט ניט געקראגען גענוג צוא עסען לויט זיין געוואהנ־

אִיז דִי זֶעעלֶע אוּן דֶער לֶעבֶּען פוּן אַלֶע מֶענְשֶׁען, מִיר בֶּעטֶען פוּן דִיר דוּא זָאלְסְט אָפְּמֶעקֶען אַלֶע אוּנְזֶערֶע זִינְד אוּן אַלֶע שְׁטָרֵי חוֹבוֹת, דֶען מִיר הָאבֶּען נִיט מִיט וָואס אֵיינְצוּצָאהְלֶען דָאס וָואס מִיר זַיינֶען שׁוּלְדִיג. מִיר זָאלֶען חָלִילָה נִיט דַארְפֶען צָאהְלֶען מִיט אוּנְזֶער לֶעבֶּען, מִיט דֶעם לֶעבֶּען פוּן אוּנְזֶערֶע קְלֵיינֶע קִינְדֶער, אוּן פוּן יֶעצְט אָן אוּן וַוייטֶער זָאלְסְטוּ אוּנְז הֶעלְפֶען מִיר זָאלֶען קֶענֶען דִיךְ דִיעֶנֶען מִיט דֶעם גַאנְצֶען הַארְצֶען. דוּ זָאלְסְט אוּנְז בַּאשַׁאפֶען אַ גוּט הַארְץ, מִיר זָאלֶען הִיטֶען אַלֶע דַיינֶע גֶעבָּאטֶען, עֶס זָאל בַּיי אוּנְז נִיט זַיין קַיין קִנְאָה שִׂנְאָה. מִיר זָאלֶען אֵיינֶער מִיט דֶעם אַנְדֶערֶען גוּטְס טְהָאן, מִיר זָאלֶען יֶעדֶערֶער טְרַאכְטֶען גוּטְס, אוּן מִיר זָאלֶען אֵיינֶער דֶעם אַנְדֶערֶען לִיעבּ הָאבֶּען וִוי זִיךְ זֶעלְבְּסְט, אוּן מִיר זָאלֶען זַיין גֶעלִיעבְּט בַּיי אַנְדֶערֶע אִין דִי אוֹיגֶען. מִיר זָאלֶען גָאר קַיין שְׁלֶעכְטֶע גֶעדַאנְקֶען נִיט הָאבֶּען אִין זִינֶען, מִיר זָאַ־ לֶען וֶוערְטְה זַיין פוּן הַיינְט אָן אַז דוּ זָאלְסְט מִיט אוּנְז גוּטְס טְהָאן, אוּן זָאלְסְט הֵיילֶען אַלֶע צוּבְּרָאכֶענֶע הֶערְצֶער. דוּא וָאלְסְט אוּנְז גֶעבֶּען אַ יָאהר פוּן לֶעבֶּען, אַ יָאהְר פוּן גֶעזוּנְד, אַ יָאהְר פוּן פַּרְנָסָה, אַ יָאהר פוּן גוּטְס. דוּ זָאלְסְט נִיט צוּ־ נֶעהְמֶען אַ פָאטֶער פוּן זַיינֶע קִינְדֶער, עֶס זָאלֶען נִיט בְּלַייבֶּען אַלְמָנוֹת אוּן יְתוֹמִים וִוי אַ שִׁיף אָהְן אַ רוּדֶער, אוּן וִוי אַ סְטַאַ־ דֶע שָׁאף אָהְן אַ הִירְט. דוּ זָאלְסְט נִיט צוּנֶעהְמֶען אַ מוּטֶער פוּן קְלֵיינֶע קִינְדֶער, אוּן קִינְדֶער זָאלְסְטוּ נִיט אַוֶועקְנֶעהְמֶען

---

משלי מוסר

בַּייט פוּן דֶער הַיים. עֶר הָאט גֶע־ שְׁרִיעבֶּען צוּא זַיין ווִירְטְה אַז עֶר אִיז אִיהְם הֶעכְסְט דַאנְקְבַּאר פַאר דֶער שְׁטֶעלֶע וָואס עֶר הָאט אִיהְם גֶעגֶעבֶּען, אָבֶּער עֶס אִיז אִיהְם זֶעהְר שְׁלֶעכְט וָואס עֶר קְרִיעגְט נִיט צוּא עֶסֶען וָואס עֶר וִויל, אַלְזָא בֶּעט עֶר אִיהְם עֶר זָאל אִיהְם בֶּעשְׁטִימֶען אַן

בַּיי אַ פָאטֶער אוּן מוּטֶער. עֶס זָאל בַּייא אוּנְז קֵיין בְּרָאךְ אוּן קֵיין אוּנְגְלִיק נִיט גֶעשֶׁעהֶן אִין אוּנְזֶערֶע הַייזֶער, אוּנְזֶער בְּלוּט זָאל זַיין אִין גַאנְצֶען. מִיר וֵויינֶען אוּן שְׁרַייעֶן הַיינְט, אַז אַ גַאנְץ יָאהְר זָאלֶען מִיר שׁוֹין מֶעהְר נִיט דַארְפֶען שְׁרַייעֶן אוּן וֵויינֶען חָלִילָה. מִיר זָאלֶען אַ גַאנְץ יָאהְר קֵיין טְרֶעהְרֶען נִיט פַארְגִיסֶען, אוּן דוּ זָאלְסְט עֶרְפְרֶעהֶען אַלֶע בִּיטֶערֶע הֶערְצֶער, אַלֶע צוּבְּרָאכֶענֶע גֶעמִיטְהֶען, דוּ זָאלְסְט יֶעדֶערֶען עֶרְפִיהְלֶען וָואס אִיהְם פֶעהְלְט, אַלֶע וָואס לִיעגֶען קְרַאנְק, רַחֲמָנָא לִיצְלָן, זָאלְסְטוּ הֵיילֶען אוּן שִׁיקֶען אַ רְפוּאָה שְׁלֵמָה זֵיי זָאלֶען גֶעזוּנְד אוּן שְׁטַארְק וֶוערֶען. אַלֶע וָואס זַיינֶען בִּמְקוֹם סַכָּנָה זָאלְסְטוּ בַּאשִׁיצֶען מִיט דַיין רֶעכְטֶע הַאנְד אוּן זָאלְסְט זֵייא בַּאשִׁירְמֶען פוּן זֵייעֶר גֶעפַאהְר. אַלֶע עֲקָרוֹת זָאלְסְטוּ בַּאפֶעהְלֶען זֵיי זָאלֶען טְרָאגֶענְדִיג וֶוערֶען אוּן אַלֶע חֲשׁוּכֵי בָנִים זָאלֶען עֶרְפְרֶעהְט וֶוערֶען מִיט זֶרַע שֶׁל קַיָּמָא. זֵיי זָאלֶען מֶעהְר נִיט זַיין וִוי צוּדַארְטֶע בּוֹימֶער, נוּר וִוי בּוֹימֶער וָואס גִיעבֶען פְּרוּכְט. אַלֶע טְרָאגֶענְדִיגֶע פְרוֹיעֶן זָאלְסְטוּ הִיטֶען זֵייא זָאלֶען נִיט מַפִּיל זַיין, חַס וְשָׁלוֹם, אוּן זָאלֶען גֶעוִוינֶען אִין דֶער צַייט. אַלֶע גֶעוִוינֶערִינְס זָאלֶען בְּשָׁלוֹם גֶעוִוינֶען אָהְן צַעַר, אָהְן חֶבְלֵי לֵדָה, אָהְן וֶועהְטָאג, אָהְן יִסוּרִים, אָהְן שׁוּם סַכָּנָה אוּן אוּנְגְלִיק, אוּן זָאלֶען הָאבֶּען לַאנְג לֶעבֶּעדִיגֶע קִינְדֶער, זֵיי זָאלֶען פוּן זֵייא קֵיין צַעַר גִּדּוּל בָּנִים נִיט הָאבֶּען. זֵיי זָאלֶען זֵיי אוֹיפְהָאדֶעוֶוען צוּ תּוֹרָה אוּן צוּא מַעֲשִׂים טוֹבִים. זֵייא זָאלֶען נִיט פַארְשֶׁעהְמֶען

---

משלי מוסר

אַנְדֶער גֶעגֶענְד וואוּ עֶר זָאל בֶּעקוּמֶען גֶענוּג שְׁפַּייז. דֶער פַאבְּרִיקַאנְט הָאט אִיהְם צוּלִיעבּ גֶעטְהָאן אוּן אָוֶועקְגֶעשִׁיקְט אִין אַן אַנְדֶער מְדִינָה. דָארְט אִיז שׁוֹין גֶעוֶוען אַן אֶרֶץ זָבַת חָלָב וּדְבָשׁ אוּן דֶער קָאמִיסְיָאנֶער הָאט בֶּעקוּמֶען וָואס עֶר הָאט גֶעוָואלְט. אִיז אָבֶּער גֶעוֶוען אַן אַנְדֶער

זייערע עלטערען. זייא זאלען זיין גוט און פרום צוא גאט און צו מענטשען. רבונו של עולם, גיעב אונז א יאהר וואס מיר זאלען ניט פארשעהמט ווערען. זאלסט אונז היטען פון ארעמקייט מיר זאלען חלילה ניט באדארפען אנקומען לידי מתנת בשר ודם. מיר זאלען ניט באדארפען אנקומען איינער צום אנדערען דען די גאב פון א מענשען איז קליין און די שאנד איז זעהר גרויס. נאר דוא זאלסט אונז ערנעהרען פון דיין איינענע האנד. דוא זאלסט אונז צושיקען א כשרה פרנסה, א גרינגע פרנסה, אהן צער, אהן לייד. אהן שוועריגקייטען. מיר זאלען ביי לייטען ניט דארפען וואס נעהמען. רבונו של עולם, דוא זאלסט אונז ניט צונעהמען פון דער וועלט פאר דער צייט ביז וואנען מיר וועלען אויסלעבען אונזערע יאהרען און מיר וועלען אויסהאדעווען אונזערע קינדער, און מיר זאלען פון זייא נחת האבען זייא זאלען געהן אין די רעכטע וועגען. אונזערע הערצער זאלען זיך פרעהען, אמן:

הבט משמים וראה, קוק, אונזער הייליגער גאט, פון הי־מעל אויף אונז אין דערנידערער אזוי וויא די וואסער־געהט פון הויך אין דערנידער. קוק און זעה וויא מיר שטעהען דא פאר דיר מיט שרעק, מיט גרויס פארכט און מיט ציטערניס. מיר קאנען ניט איינשטעהן אויף אונזער

---

משלי מוסר

חסרון — מען האט דארט די סחורה ניט געקויפט און ער האט ניט פערדיענט.

דעריבער בעטען מיר ביי גאט: „אבינו מלכנו כתבנו בספר פרנסה וכלכלה", גיב אונז, רבונו של עולם. בריידע זאכען, אי פרנסה, גוטע פארדיענסטען, אי גענוג שפייז, עס זאל היישט עס, זיין גערעטעניש'ען און מען זאהל קענעי קריגען וואס מען דארף.

ארט פון שרעק אזוי ווי די וואסער שטעהט ניט אויף אן ארט. דערבארעם זיך אויף אונז און עס זאלען אוועקגעהן אונזערע פאריגע זינד אזוי ווי די וואסער געהט אוועק. זאלסט ארייני ווארפען אונזערע חטאים אין אן ארט וואס זיי זאלען מעהר ניט קומען אזוי וויא דיא וואסער געהען און פאלען אריין אין טיעפען מעער. יע מיר האבען געזינדיגט, אבער אצונד איז אונזער הארץ קלאהר וויא דאס וואסער. העלף אונז אז מיר זאלען קענען טהאן שפעטער אלעס וואס מיר האבען דיא איצטיגע ווייליע אין אונזערע געדאנקען. טהו מיט אונז געד נאד פון וועגען דיין הייליגע תורה וואס זיא איז געגליכען צו וואסער דען די תורה קען מען ניט מקיים זיין אין קבר, ווייל די איז ניט געגעבען געווארען פאר טוידטע. דארום לאז אונז לעבען מיר זאלען זיא מקיים זיין און גוטס טהאן אויף דער וועלט. מיר זאלען פארריכטען וואס מיר האבען ביז יעצט קאליע געמאכט. הושיעה ה׳, העלף אונז, גאט, צוא דיענען דיך מיט דעם גאנצען הארצען. מיר זאלען פארברינגען אונ־ זערע יאהרען אין פרומקייט און עהרליכקייט. אונזער עלטער זאל ניט פארשעהמען אונזער יוגענד. דוא זאלסט אונז ניט ברינגען לידי נסיון. מיר זאלען ניט געפרובט ווערען. מיר זאלען ניט קומען לידי בזיון. מיר זאלען ניט פארשעהמט ווערען. מיר זאלען, חלילה, צו דער עלטער ניט באדארפען אנקומען צו פרעמדע טישען. מיר זאלען ניט באדארפען חלילה אנקומען צו קינדער, צו קרובים און צו די גאב פון א

---

משלי מוסר

**אבינו** מלכנו הרם קרן ישראל עמך. אונזער פאטער. אונ־ זער קעניג ערהויב די הערשאפט

פון דיין פאלק ישראל. למשל: א גביר האט געהאט אן ארי־ מען קריב. וועלכען ער פלעגט אלע

מֶענְשֶׁען. מִיר זָאלֶען אויסְלֶעבֶּען אוּנְזֶערֶע יָאהְרֶען מִיט אוּנְ־זֶערֶע מַאנֶען מִיר זָאלֶען נִיט פַאנַאנְדֶערְגֶעשֵׁיידְט וֶוערֶען. מִיר זָאלֶען נִיט אָפְּגֶעריסֶען וֶוערֶען אֵיינֶער פוּן אַנְדֶערֶען. דוּ זָאלְסְט אוּנְז נִיט אַוֶועקְוַוארְפֶען צוּ דֶער צַייט פוּן אוּנְזֶער עֶלְטֶער, דוּ זָאלְסְט אוּנְז נִיט פַארְלָאזֶען וֶוען מִיר וֶועלֶען שׁוין זַיין שְׁלַאף. מִיר זָאלֶען זַיין מִיט דֶעם גַאנְצֶען זִינֶען בִּיז דָאס לֶעצְטֶע וַוייל. מִיר זָאלֶען קַיין צַעַר נִיט הָאבֶּען פוּן אוּנְזֶערֶע קִינְדֶער דֶעם גַאנְצֶען לֶעבֶּען. מִיר זָאלֶען קַיין צַעַר נִיט זֶעהְן אִין אוּנְזֶער גַאנְצֶע פַאמִילְיֶע. אִין אוּנְזֶערֶע גוּטֶע פְרַיינְד אוּן כְּלַל יִשְׂרָאֵל אוּן אִין דֶער גַאנְצֶער וֶועלְט. חַדֵּשׁ עָלֵינוּ, בַּאנַיי אוֹיף אוּנְז. לִיעבֶּער גָאט. דֶעם נַייעֶם יָאהְר, אַז עֶס זָאל זַיין אַ יָאהְר פוּן בְּרָכָה אִיז פוּן זוֹל. עֶס זָאל, חָלִילָה, קַיין הוּנְגֶער נִיט זַיין אוֹיף דֶער וֶועלְט. אַ יָאהְר פוּן פַּרְנָסָה, פוּן גוּטֶע גֶעשֶׁעפְטֶען. אַ יָאהְר פוּן שָׁלוֹם. פוּן מְנוּחָה, עֶס זָאהל חָלִילָה קַיין מַגֵּפָה נִיט זַיין אוֹיף דֶער וֶועלְט אוּן אוֹיךְ קַיין שׁוּם צָרָה. מִיר זָאלֶען אַלֶע זַיין גֶעהִיט פוּן שַׁאדֶען, פוּן פַייעֶר, פוּן וַואסֶער, פוּן אַלֶע שְׁטְרוֹיכְלוּנְג, פוּן אַלֶע בֵּייזֶע בַּאגֶעגֶענֶעשׁ, אָמֵן:

**אָנָּא** ה׳, אִיךְ בֶּעט דִיךְ גָאט, דֶער גְרוֹיסֶער, דֶער שְׁטַארְקֶער אוּן אַלְמֶעכְטִיגֶער. נֶעהְם צוּא מַיין תְּשׁוּבָה וָואס אִיךְ הָאבּ יֶעצְט חֲרָטָה אוֹיף מַיינֶע זִינְד מִיט דֶעם גַאנְצֶען הַארְצֶען. דוּא וֵוייסְט דָאךְ אוּנְזֶער קֶערְפֶּער. עֶס אִיז נִיטָא אֵיין מֶענְשׁ אוֹיף דֶער וֶועלְט וָואס זָאל טְהָאן נָאר גוּטְס אוּן זָאל נִיט זִינְ־דִיגֶען. אוּן דַארִיבֶּער הָאסְט דוּ אוּנְז גֶעגֶעבֶּען דֶעם הֵיילִיגֶען

---

משלי מוסר

מָאל אויסגעהאָלפֶען מִיט עֶטְלִיכֶע דָאלֶער אוֹיף חוּנָה. דֶעם גְבִיר אִיז עֶנְדְלִיךְ נְמָאס גֶעוָוארֶען צוּ גֶע־בֶּען זַיין אָרִימֶען קָרוֹב נְדָבוֹת אוּן דֶעם אָרִימַאן אִיז נְמָאס גֶעוָוארֶען צוּ בֶּעטֶען, אִיז עֶר גֶעקוּמֶען צוּם

טאג ראש השנה מיר זאלען ניט פארפאלען ווערען אין אונ־זערע זינד. מיר זאלען היינטיגען טאג תשובה טהאן, וויא עס שטעהט געשריעבען אין דיין היילינגע תורה: „כי לא תחפוץ במות המת”, דו ווילסט ניט דער מענש זאל שטאר־בען, נאר ער זאל חרטה האבען און תשובה טהאן אויף זיי־נע זינד און זאל בלייבען לעבען. דארום זאלסטו צונעהמען מיין געבעט און מיין תשובה צווישען דיא תפלות פון כלל ישראל, פון אלע צדיקים וצדקניות, און זאלסט מיך לאזען לעבען. דוא זאלסט עפענען דיינע טהויערען פון רחמים צוא כל ישראל און צו מיר אויך. דערהויך מיין מזל און דעם מזל פון מיין מאן און מיינע קינדער. דערלייכט זייערע אויגען אין דיין היילינגע תורה, דערהויב דעם מזל פון כלל ישראל, זיי זאלען האבען חן אין די אויגען פון די פעלקער צווישען וועל־כע זיי וואוינען, און זאלסט אונז בויען דיין היילינגען בית־המקדש. מיר זאלען זוכה זיין צוא זעהן מיט אונזערע אויגען דעם משיח צדקנו, במהרה בימינו אמן:

# סדר כפרות.

מען נעהמט דיא כפרה אין דער רעכטער האנד און מען זאגט נפש תחת נפש און מען זאגט דאס מיט דעם לשון דריי מאהל:

בני אדם יושבי חשך וצלמות אסירי עני וברזל: יוציאם מחשך וצלמות ומוסרותיהם ינתק:

---

משלי מוסר

עושר און האט צוא איהם אזוי גע־זאגט: צו וואס זאל איך דיר אלע מאל באלעסטיגען און בעטען ביי דיר שטיצע? דו בעקער זאג אריים אפען אז דוא ביסט מיינער א קרוב וועל איך קריגען קרעדיט און וועל קענען מאכען א געשעפט און הא־בען שטענדיגע פרנסה. דער גבי־

אֱוִלִים מִדֶּרֶךְ פִּשְׁעָם וּמֵעֲוֹנֹתֵיהֶם יִתְעַנּוּ: כָּל אֹכֶל תְּתַעֵב נַפְשָׁם וַיַּגִּיעוּ עַד שַׁעֲרֵי מָוֶת: וַיִּזְעֲקוּ אֶל יְיָ בַּצַּר לָהֶם מִמְּצוּקוֹתֵיהֶם יוֹשִׁיעֵם: יִשְׁלַח דְּבָרוֹ וְיִרְפָּאֵם וִימַלֵּט מִשְּׁחִיתוֹתָם: יוֹדוּ לַייָ חַסְדּוֹ וְנִפְלְאוֹתָיו לִבְנֵי אָדָם: אִם יֵשׁ עָלָיו מַלְאָךְ מֵלִיץ אֶחָד מִנִּי אָלֶף לְהַגִּיד לְאָדָם יָשְׁרוֹ: וַיְחֻנֶּנּוּ וַיֹּאמֶר פְּדָעֵהוּ מֵרֶדֶת שַׁחַת מָצָאתִי כֹפֶר:

ווען איין זכר שלאגט כפרות זאל ער דאס זאגען דריי מאל:

**זֶה** חֲלִיפָתִי, זֶה תְּמוּרָתִי, זֶה כַּפָּרָתִי, זֶה הַתַּרְנְגוֹל יֵלֵךְ לְמִיתָה, וַאֲנִי אֶכָּנֵס וְאֵלֵךְ לְחַיִּים טוֹבִים אֲרוּכִים וּלְשָׁלוֹם:

ווער עס שלאגט כפרות פיר זיך מיט נאך איינעם זאלען זיי דאס זאגען דריי מאל:

**זֶה** חֲלִיפָתֵנוּ, זֶה תְּמוּרָתֵנוּ, זֶה כַּפָּרָתֵנוּ, זֶה הַתַּרְנְגוֹל יֵלֵךְ לְמִיתָה. וַאֲנַחְנוּ נִכָּנֵס וְנֵלֵךְ לְחַיִּים טוֹבִים אֲרוּכִים וּלְשָׁלוֹם:

ווער עס שלאגט כפרות פיר איין זכר זאהל דאס זאגען דריי מאהל:

**זֶה** חֲלִיפָתְךָ, זֶה תְּמוּרָתְךָ, זֶה כַּפָּרָתְךָ, זֶה הַתַּרְנְגוֹל יֵלֵךְ לְמִיתָה, וְאַתָּה תִּכָּנֵס וְתֵלֵךְ לְחַיִּים טוֹבִים אֲרוּכִים וּלְשָׁלוֹם:

ווער עס שלאגט כפרות פיר 2 אדער 3 זכרים זאהל דאס זאגען דריי מאל:

**זֶה** חֲלִיפַתְכֶם, זֶה תְּמוּרַתְכֶם, זֶה כַּפָּרַתְכֶם, זֶה הַתַּרְנְגוֹל יֵלֵךְ לְמִיתָה, וְאַתֶּם תִּכָּנְסוּ וְתֵלְכוּ לְחַיִּים טוֹבִים אֲרוּכִים וּלְשָׁלוֹם:

---

משלי מוסר

האט אזוי געטהאן און זיין ארימער
קרוב האט אנגעהויבען האנדלען
און עס האט איהם מצליח געוועזען.
אט דאס בעטען מיר ביים

בורא, ברוך הוא: „אבינו מלכנו
הרם קרן ישראל עמך", ערהויב
אונז מיט דיין גרויסען יחוס און צייז.
פאר דער וועלט אז דו ביזט אונזער

וָוער עָס שְׁלָאגְט כַּפָּרוֹת פַאר אֵיין נְקֵבָה זָאל דָאס זָאגֶען דְרַייא מָאל:

**זֹאת** חֲלִיפָתֵךְ, זֹאת תְּמוּרָתֵךְ, זֹאת כַּפָּרָתֵךְ. זֹאת הַתַּרְנְגוֹלֶת תֵּלֵךְ לְמִיתָה, וְאַתְּ תִּכָּנְסִי וְתֵלְכִי לְחַיִּים טוֹבִים אֲרוּכִים וּלְשָׁלוֹם:

וָוען אֵיינֶער שְׁלָאגְט כַּפָּרוֹת פַאר צְווייא נְקֵבוֹת זָאל דָאס זָאגֶען דְרַייא מָאל:

**זֹאת** חֲלִיפַתְכֶן, זֹאת תְּמוּרַתְכֶן, זֹאת כַּפָּרַתְכֶן. זֹאת הַתַּרְנְגוֹלֶת תֵּלֵךְ לְמִיתָה, וְאַתֶּן תִּכָּנַסְנָה וְתֵלַכְנָה לְחַיִּים טוֹבִים אֲרוּכִים וּלְשָׁלוֹם:

וָוען אַ אִשָּׁה מְעוּבֶּרֶת שְׁלָאגְט כַּפָּרוֹת פִיר זִיךְ זָאל זִי דָאס זָאגֶען דְרַייא מָאל:

**אֵלּוּ** חֲלִיפוֹתֵינוּ, אֵלּוּ תְּמוּרוֹתֵינוּ, אֵלּוּ כַּפָּרוֹתֵינוּ. אֵלּוּ הַתַּרְנְגוֹלִים יֵלְכוּ לְמִיתָה, וַאֲנַחְנוּ נִכָּנֵס וְנֵלֵךְ לְחַיִּים טוֹבִים אֲרוּכִים וּלְשָׁלוֹם:

# תְּחִנָּה נָאךְ כַּפָּרוֹת שְׁלָאגֶען.

דיא תְּחִנָּה זָאגְט מֶען עֶרֶב יוֹם כִּפּוּר אִין דֶער פְרִיה אֵיי־
דֶער מֶען דַאוֶוענְט וָוען מֶען הָאט כַּפָּרוֹת גֶעשְׁלָאגֶען:

## כַּפֵּר לִי אָבִי בַּעַל הָרַחֲמִים:

**פַארגִיעבּ** מִיר מַיין פָאטֶער, וָואס דוּ בִּיסְט אַבַּעַל הָרַחֲמִים, אוֹיף דִי אַלֶע חֲטָאִים וַעֲוֹנוֹת וּפְשָׁעִים, וָואס אִיךְ הָאבּ גֶע־ זִינְדִיגְט פַאר דִיר אוּן הָאבּ דִיר דֶערְצֶעהֶרֶענְט דֶער מִיט וָואס אִיךְ הָאבּ גֶעהֶערְט אִין דֶעם קוֹל פוּן יֵצֶר הָרַע צוּ נָאכְגֶעהֶן נָאךְ דִי גֶעלוּסְ־ טוּנְג פוּן מַיין הַארְצֶען, סַיי דִי זַאךְ וָואס אִיךְ הָאבּ גֶעטְהָאן מִיט מַיין גוּטֶען ווִילֶען פַארְבָּארְגֶענֶערְהֵייד אוּן אַנְטְפְּלֶעקְטֶערְהֵייד, סַיי וָוא־ כֶענְדִיג אוּן סַיי אִין שְׁלָאף, סַיי מִיט רֵייד אוּן סַיי מִיט אַ מַחֲשָׁבָה, מִיט הֶערֶען אָדֶער מִיט זֶעהְן, מִיט גַאנְג אָדֶער מִיט זִיצֶען, זָאלְסְט דוּ אוֹיךְ פַארְגֶעבֶּען וָואס אִיךְ הָאבּ נַארִישְׁקַייט גֶעטְהָאן פוּן דֶער צֵייט וָואס אִיךְ בִּין אוֹיף דֶער וֶועלְט גֶעקוּמֶען:

---

משלי סומר

קָרוֹב. אַזוֹי וִויא אִין פָּסוּק שְׁטֶעהט: „לִבְנֵי יִשְׂרָאֵל עַם קְרוֹבוֹ". דַאן וֶוע־ רֶען אוּנְז אַלֶע פֶעלְקֶער רֶעסְפֶּעקְטִי־ רֶען אוּן מִיר וֶועלֶען מֶעהר נִיט לֵיי־ דֶען קַיין גָלוּת.

## כַּפֵּר לִי אָבִי בַּעַל הָרַחֲמִים:

פַארְגִיעבּ מִיר מַיין פָאטֶער, וָואס דוּ בִּיסְט אַ בַּעַל הָרַחֲמִים, דֶען אִיךְ קוּם פַאר דִיר מִיט מַיין נִידֶערִיגֶען שְׁטַאנְד אוּן מִיט אַ צוּבְּרָאכֶענֶעם גֶעמִיטְה. אִיךְ טְהוּ מִיךְ בַּאדֶענְקֶען אוֹיף מַיינֶע בֵּייזֶע מַעֲשִׂים, וָואס אִיךְ הָאבּ גֶעטְהָאן אַ גַאנְץ יָאהְר. אוֹי לִי וְאוֹי לְנַפְשִׁי, וֶועה אִיז צוּ מִיר, וֶועה אִיז צוּ מַיין לַייבּ, דֶען אִיךְ הָאבּ מִיר פַאר אוּמְרֵיינִיגְט אַלֶע מַיינֶע אֵבָרִים מִיט דִי נַארִישֶׁע זִינְד. יֶעצְט קוּם אִיךְ זִיךְ מִתְוַדֶּה צוּ זַיין פַאר דִיר, דֶערְבַּארֶעמִיגֶער פָאטֶער, אוּן הָאבּ חֲרָטָה אוֹיף מַיינֶע אַלֶע בֵּייזֶע מַעֲשִׂים אוּן פַארְלַאנְג פוּן דִיר דוּ זָאלְסְט זַיין אִין מַיין הִילְף אִיךְ זָאל שׁוֹין מֶעהְר נִיט זִינְדִיגֶען:

## כַּפֵּר לִי אָבִי בַּעַל הָרַחֲמִים:

פַארְגִיעבּ מִיר מַיין פָאטֶער, וָואס דוּ בִּיסְט אַ בַּעַל הָרַחֲמִים, דֶען דוּא בִּיסְט אַ פִיעל פַארְגֶעבֶּער אוּן דוּ ווִילְסְט נִיט אִין דֶעם טוֹידְט פוּן שׁוּלְדִיגֶע מֶענְשֶׁען, נָאר דוּא בַּאגֶעהְרְסְט צוּא זֵייעֶר תְּשׁוּבָה, אוּן אִיךְ טְהוּ בֶּעטֶען פוּן דִיר, דֶערְבַּארֶעמִיגֶער פָאטֶער, דוּ זָאלְסְט מִיר גֶעבֶּען גֶעדַאנְקֶען אִין מַיין הַארְצֶען אִיךְ זָאהְל אָנְפַּאנְגֶען צוּ גֶעהְמֶען זִיךְ צוּם גוּטֶען וֶועג, דֶען וָואס וֶועט דִיר אַרוֹיסְקוּמֶען, אַז דוּ וֶועסְט מִיךְ מַאכֶען נִידֶערֶען אִין דֶעם גְרוּבּ פוּן דֶעם גֵיהִנֹּם:

## כַּפֵּר לִי אָבִי בַּעַל הָרַחֲמִים:

פַארְגִיעבּ מִיר מַיין פָאטֶער, וָואס דוּ בִּיסְט אַ בַּעַל הָרַחֲמִים, אוֹיבּ אִיךְ הָאבּ גֶעטְהָאן אַזַא עֲבֵירָה, וָואס אִיךְ בִּין דַארוֹיף חַיָּב מִיתָה פוּן הֶרֶג, זָאל גֶערֶעכֶענְט זַיין דָאס וָואס אִיךְ הָאבּ אִיבֶּער־

---

משלי מוסר

אָבִינוּ מַלְכֵּנוּ זְכוֹר כִּי עָפָר אֲנָחְנוּ. אוּנְזֶער פָאטֶער, אוּנְזֶער קֶענִיג, גֶעדֶענְק אַז מִיר זַיינֶען עֶרְד, לְמָשָׁל:

אוֹיף אַן אוֹיסְשְׁטֶעלוּנְג הָאבֶּען פֶערְשִׁיעדֶענֶע פַאבְּרִיקַאנְטֶען גֶע־בְּרַאכְט פֶערְשִׁיעדֶענֶע כֵּלִים. אֵיי־נֶער הָאט גֶעבְּרַאכְט אַ גַאלְדֶענֶע

געענטפּערט מיין כַּפָּרָה צום שוחט ער זָאל זי קוילֶען, גְלַייך אַזוֹי ווִי איך בין גֶעקוילֶעט גֶעוואָרֶען מיט אַ שְׁווֶערְד דורך דֶעם בֵּית דִין הַגָּדוֹל, וָואס איז גֶעוועֶן אין יְרוּשָׁלַיִם און זָאלְסְט היטֶען מיך און מיין מַאן און מַיינֶע קִינְדֶער פון דֶער שְׁווֶערְד פון דֶעם מַלְאַךְ הַמָּוֶת און פון דֶער שְׁווֶערְד פון אַ רוֹצֵחַ. מיר זָאלֶען גֶע׳חַתְמ׳עט ווֶערֶען צוּא אַ לֶעבֶּעדִיג יָאהְר און זָאלְסְט אונז מַצִיל זַיין פון אַלֶע מִיתוֹת מְשׁוּנוֹת, וָואס דוּ טְהוּסְט מיט זֵיי שְׁטְרָאפֶען דֶעם מֶענְשֶׁען וָואס איז חַיָב הֶרֶג:

## כַּפֵּר לִי אָבִי בַּעַל הָרַחֲמִים:

**פַאֲרְגִיעבּ** מיר מַיין פָאטֶער וָואס דוּ בִּיסְט אַ בַּעַל הָרַחֲמִים, אויבּ איך הָאבּ גֶעטְהָאן אַזַא עֲבֵירָה וָואס איך בִּין דַארוּיף חַיָב מִיתָה פון שְׂרֵפָה, זָאהְל גֶערֶעכֶענְט ווֶערֶען דָאס וָואס איך טְהוּ מיין כַּפָּרָה בְּרֵיינְגֶען בַּיי דֶעם פַייעֶר, גְלַייך ווִי איך וָואלְט פַארְבְּרֶענְט גֶעוואָרֶען דורך דֶעם בֵּית דִין הַגָּדוֹל וָואס איז גֶעוועֶן אין יְרוּשָׁלַיִם, און זָאלְסְט היטֶען מיך און מַיין מַאן און מַיינֶע קִינְדֶער פון שְׂרֵיפוֹת און פון הֶזֵיקוֹת און, זָאלְסְט אונז מַצִיל זַיין פון אַלֶע מִיתוֹת מְשׁוּנוֹת, וָואס דוּא טְהוּסְט מיט זֵיי שְׁטְרָאפֶען דֶעם מֶענְשֶׁען וָואס ער איז חַיָב שְׂרֵפָה:

## כַּפֵּר לִי אָבִי בַּעַל הָרַחֲמִים:

**פַאֲרְגִיעבּ** מיר מַיין פָאטֶער וָואס דוּ בִּיסְט אַ בַּעַל הָרַחֲמִים, אויבּ איך הָאבּ גֶעטְהָאן אַזַא עֲבֵירָה וָואס איך בִּין דַארוּיף חַיָב כָּרֵת, דָאס הֵייסְט, פַארְשְׁנִיטֶענֶע יָאהְרֶען, זָאהְל גֶערֶעכֶענְט זַיין, דָאס וָואס איך הָאבּ פַארְשְׁנִיטֶען די יָאהְרֶען פון מַיין כַּפָּרָה, גְלַייך ווִי

---

משלי מוסר

כֵּלִי, וֶועלְכֶע הָאט זֶעהְר אויסְגֶעְנוּמֶען און ער הָאט דֶערְפַאר גֶעקְרָאגֶען אַ גָאלְדֶענֶעם מֶעדַאל. נָאכְהֶער הָאט מֶען גֶעטְבְּרַאכְט נָאךְ אַן אַנְדֶערֶע גָאלְדֶענֶע כֵּלִי פון אַן אַנְדֶער פַאבְּרִיקַאנְט, וֶועלְכֶע איז גֶעוועֶן פִיעל שֶׁעהְנֶער און קוּנְצִיגֶער פון דֶער עֶרְשְׁטֶער און מֶען הָאט דֶעם

עֶם וָואלְט פַארְשְׁנִיטֶען גֶעוָוארֶען מַיינֶע יָאהְרֶען, סַיי כָּרֵת בִּידֵי אָדָם אוּן סַיי כָּרֵת בִּידֵי שָׁמַיִם, אוּן זָאלְסְט מַצִּיל זַיין מִיךְ אוּן מַיין מַאן אוּן מַיינֶע קִינְדֶערְלַאךְ פוּן אַ יוּנְגֶען טוֹידְט אוּן פוּן פַארְשְׁנִיטֶענֶע יָאהְרֶען. מִיר זָאלֶען זִיךְ עֶלְטֶערֶען אִין עוֹשֶׁר אוּן אִין כָּבוֹד בִּיז הוּנְדֶערְט יָאהְר:

## כַּפֵּר לִי אָבִי בַּעַל הָרַחֲמִים:

פַארְגִיעבּ מִיר מַיין פָאטֶער וָואס דוּ בִּיסְט אַבַּעַל הָרַחֲמִים, אוֹיף אַלֶע מַיינֶע זִינְד וָואס אִיךְ הָאבּ אַקֶעגֶען דִיר װִידֶער־גֶעשְׁפֶּענִיגְט, סַיי מִיט אַ מִצְוַת עֲשֵׂה, סַיי מִיט אַ מִצְוַת לֹא תַעֲשֶׂה אוּן סַיי אַמִצְוָה דְרַבָּנָן. אוֹיף אַלֶע זָאלְסְטוּ מִיר גֶעבֶּען אַכַּפָּרָה וּסְלִיחָה וּמְחִילָה אוּן זָאלְסְט אוּנְז חַתְמֶ'עֶנֶען אִין דֶעם יוֹם הַדִּין צוּ אַ גוּט גֶע־בֶּענְטְשְׁט יָאהְר צוּם גוּטֶען לֶעבֶּען אוּן אַ גוּטֶע פַּרְנָסָה אוּן מִיר זָאלֶען מְקַיֵּים זַיין אַלֶע תַּרְיַ"ג מִצְווֹת וָואס דוּ הָאסְט אוּנְז גֶעבָּאטֶען אוּן מִיר זָאלֶען שׁוֹין מֶעהְר נִיט זִינְדִיגֶען פוּן הַיינְט אָן בִּיז מִיר וֶועלֶען לֶעבֶּען, אָמֵן:

## תְּחִנָּה עֶרֶב יוֹם כִּפּוּר צוּ לִיכְט בֶּענְשֶׁען.

מִי אֲנִי, וֶוער בִּין אִיךְ, זִינְדִיגֶע פְרוֹי, אִיךְ זָאהל זִיךְ פַאר דִיר אוֹיסְטַעֲנָה'ן אוּן זָאהל זִיךְ פַארְעֶנְטְפֶערֶען אוֹיף דִיא זִינְד וָואס אִיךְ הָאבּ גֶעטְהָאן? וֶוער בִּין אִיךְ, שְׁוַואכֶע פְרוֹי, אִיךְ זָאהל מִיךְ שְׁטֶעלֶען פַאר דִיר גְרוֹיסֶער גָאט, וָואס דִיא גַאנְצֶע וֶועלְט אִיז אִין דַיינֶע אוֹיגֶען, וִויא אַ טְרָאפֶּען פוּן יָם, אוּן מִיט אֵיין וִוינְק קָאנְסְטוּ פוּן אִיהְר מַאכֶען תֹּהוּ וָבֹהוּ? אָבֶּער הֶערְ

---

משלי מוסר

צְווַייטֶען פַאבְּרִיקַאנְט גֶעגֶעבֶּען אַ זִילְבֶּערְנֶעם מֶעדַאל. אַלֶע הָאבֶּען זִיךְ גֶעוואוּנְדֶערְט דֶערוֹיף אוּן מֶען הָאט גֶעפְרֶעגְט דִי קָאמִיסְיֶע אַן עֶרְ־קְלֶעהְרוּנְג דֶערִיבֶּער. דִי קָאמִיסְיֶע הָאט גֶעעֶנְטְפֶערְט: אִיהְר הָאט אִין גַאנְצֶען אַ טָעוּת. אִיהְר מֵיינְט אַז דִי בֵּיידֶע כֵּלִים זַיינֶען גֶעוֶוען גָאלְ־

פון אלע וועלטען, טאקע דערפאר, וואס איך בין אזוי קליין און שוואך. באדארפסטו רחמנות האבען אויף מיר, דו אליין ווייסט דאך, אז דער שוואכער מענש טהוט זעהר אפט גאר ניט ווילענדיג אזעלכע זאכען, וואס דיר איז נישט לרצון, און פאר דיא זינד וואס איך האב געטהאן האב איך אויך פיעל געליטען. לפניך גלוים, פאר דיר זיינען ענטדעקט די פיעלע צרות און עגמת נפש, וואס איך האב אין דעם פאר־גאנגענעם יאהר געהאט, דוא האסט געהערט מיינע זיפצען, וואס פלעגען פון מיר ארויסגעהן פון טיפען הארצען, און האסט אויך געזעהן דיא טרעהרען, וואס איך האב פיעל מאהל אין דעם יאהר פארגאסען דורך דיא פארשיעדענע צרות וואס איך האב אין דיא צוועלף חדשים געהאט, די צרות און דיא יסורים מיט וועלכע דו האסט מיך אין דעם יאהר געשטראפט זאהל שוין זיין אן אפקומעניש פאר דיא זינד וואס איך האב געטהאן, און דער נייער יאהר, וואס הויבט זיך ערשט אן פאר מיר זאהל זיין א שנת ברכה, א געבענטשט יאהר אהן עגמת נפש, אהן זיפצען און אהן טרעהרען. דו זאלסט אויך מיט דיינע פליענעל באשיטצען מיין מאן מיט מיינע אונשולדיגע קינדערלאך, דוא גוטער גאט, זאלסט אונז חלילה נישט צושיידען, און זאלסט אונז בענשען מיט נחת און מיט גליק, מיט געזונד און מיט פרנסה. פאר דעם שיין פון דיא ליכט, וואס איך האב ערשט אנגעצונדען לכבוד דיין היילינען נאמ־

---

משלי מוסר

דענע, אבער אין אמת'ן איז עס ניט אזוי, דער ערשטער פאבריקאנט האט זיין כלי אויסגעארבייט פון לייהם און האט זי בעגולט און דעם צווייטענס איז טאקע געווען פון גאלד. דער ערשטער האט אלזא בעוויזען א גרעסערע קונץ, אז ער האט פון א שטיק לייהם אויסגעאר־

מֶען, זָאלְסְטוּ זֶעהֶן נוּר דָאס בִּיסֶעל גוּטֶעס, וָואס מִיר הָאבֶּען גֶעטְהָאן אוּן אוּנְזֶערֶע זִינְד זָאלֶען וִויא דִיא שָׁאטֶעְנס אַוֶועקְ פְלִיהֶען פַאר דִי לִיכְטִיגְקַייט פוּן דִי גֶעבֶּענְטְשְׁטֶע לִיכְט:

**הַנֵרוֹת** הַלָלוּ, דִיא דָאזִיגֶע לִיכְט, וָואס אִיךְ צִינְד יֶעצְט אָן, זָאלֶען פַאר מִיר זַיין אַן אָנְהוֹיב פוּן אַ לִיכְטִיג גְלִיקְלִיךְ יָאהְר, אַזוֹי וִויא אִיךְ צִינְד אָן דִי לִיכְט לִכְבוֹד דַיין הֵיילִי־גֶען נָאמֶען, אַזוֹי זָאלְסְטוּ הֵייסֶען מַיין מַזָל זָאל אָנְהוֹיבֶּען צוּא לַייכְטֶען, אוּן אַזוֹי וְוִי דָאס פִינְצְטֶערְנִישׁ אַנְטְלוֹיפְט פַאר דֶעם שַׁיין פוּן דִי לִיכְט, אַזוֹי זָאלֶען פַאר מַיין לִיכְטִיג מַזָל אַנְטְלוֹי־פֶען אַלֶע מַיינֶע צָרוֹת. וְתֵן בְּלִבִּי, אוּן גִיבּ אַרַיין אִין מַיין הַאר־צֶען דֶעם חֵשֶׁק צוּ טְהָאן גוּטֶעס אוּן אַלְץ וָואס דִיר גֶעפֶעהְלְט. שְׁטַארְק דָאס הַארְץ פוּן מַיינֶע קִינְדֶערְלַאךְ זֵיי זָאלֶען זִיךְ הַאלְטֶען פֶעסְט אָן דִיר, דֶער גָאט פוּן זֵייעֶרֶע עֶלְטֶערֶען אַבְרָהָם, יִצְחָק, יַעֲקֹב. זֵיי זָאלֶען חָלִילָה פוּן גְלַייכֶען וֶועג נִישְׁט אַרָאפּ, זֵיי זָאלֶען זַיין דִיר גֶעטְרַייעֶ קִינְדֶער אוּן נוּצְלִיכֶע מֶענְ־שֶׁען אִין דֶער וֶועלְט. דוּ זָאלְסְט שְׁטַארְקֶען אוּנְזֶער בּוּנְד אִיךְ זָאהְל חָלִילָה נִיט אָפְּגֶערִיסֶען וֶוערֶען פוּן זֵיי אִין זֵיי פוּן מִיר, אוּן אִיבֶּער אַ יָאהְר אִין דֶער צַייט זָאלֶען מִיר אַלֶע זַיין אִין דֶעם בֵּית הַמִקְדָשׁ, וָואס מִיר וֶועלֶען פַאר דַיין כָּבוֹד אוֹיסְ־בּוֹיעֶן. אָמֵן וְאָמֵן:

---

משלי מוסר

בַּייט אַזַא פַיינֶע כֵּלִי, אוֹיף וֶועלְכֶע מֶען הָאט גֶעמֵיינְט אַז זִי אִיז פוּן גָאלְד, דֶערְפַאר הָאט אִיהְם גֶעקוּמְט אַ גָאלְדֶענֶער מֶעדַאל.

דֶערִיבֶּער זָאגֶען מִיר: „אָבִינוּ מַלְכֵּנוּ זְכוֹר כִּי עָפָר אֲנָחְנוּ“ דֶער־מָאהְן זִיךְ, רִבּוֹנוֹ שֶׁל עוֹלָם, אַז מִיר זַיינֶען חָשׁוּבִ׳ע׳ פוּן דִי מַלְאָכִים. זֵיי זַיינֶען טַאקֶע אֵיידֶעלֶער אוּן פַיי־גֶער פוּן אוּנְז, אָבֶּער זֵיי זַיינֶען דָאךְ פוּן אַ הֵיילִיגֶען מַאטֶערְיַאל. וֶועהְ־רֶענְד מִיר זַיינֶען נִיט מֶעהְר וִוי עֶרְד

# סֵדֶר לִיכְט צִינְדֶען אויף יוֹם כִּפּוּר.

אֵיידֶער דִי זוּן גֶעהְט אוּנְטֶער צִינְדְ׳ מֶען אָן לִיכְט און דֶערְנָאךְ זָאגְט מֶען
דִי בְּרָכוֹת: אַז יוֹם כִּפּוּר גֶעפַאלְט זייא דֶער וָואכֶען זָאגְט מֶען דִי בְּרָכוֹת:

בָּרוּךְ אַתָּה יְיָ אֱלֹהֵינוּ מֶלֶךְ הָעוֹלָם אֲשֶׁר
קִדְּשָׁנוּ בְּמִצְוֹתָיו וְצִוָּנוּ לְהַדְלִיק נֵר
שֶׁל יוֹם הַכִּפּוּרִים:

בָּרוּךְ אַתָּה יְיָ אֱלֹהֵינוּ מֶלֶךְ הָעוֹלָם שֶׁהֶחֱיָנוּ וְקִיְּמָנוּ
וְהִגִּיעָנוּ לַזְּמַן הַזֶּה:

אַז יוֹם כִּפּוּר גֶעפַאלְט שַׁבָּת זָאגְט מֶען דִי בְּרָכוֹת:

בָּרוּךְ אַתָּה יְיָ אֱלֹהֵינוּ מֶלֶךְ הָעוֹלָם אֲשֶׁר
קִדְּשָׁנוּ בְּמִצְוֹתָיו וְצִוָּנוּ לְהַדְלִיק נֵר
שֶׁל שַׁבָּת וְשֶׁל יוֹם הַכִּפּוּרִים.

בָּרוּךְ אַתָּה יְיָ אֱלֹהֵינוּ מֶלֶךְ הָעוֹלָם שֶׁהֶחֱיָנוּ וְקִיְּמָנוּ
וְהִגִּיעָנוּ לַזְּמַן הַזֶּה:

# תְּחִנָּה עֶרֶב יוֹם כִּפּוּר נָאךְ לִיכְט בֶּענְשֶׁען.

דִי תְּחִנָּה זָאל מֶען זָאגֶען אוּם עֶרֶב יוֹם כִּפּוּר נָאךְ לִיכְט בֶּענְטְשֶׁען מִיט
גְרוֹיס כַּוָּנָה:

טֶרֶם אָחֵל לְדַבֵּר לְפָנֶיךָ אָבִינוּ שֶׁבַּשָּׁמַיִם:

---

משלי מוסר

אוּנְזֶער גוּף אִיז דָאךְ אַ שְׁטִיק לֵייהְם,
פוּן דֶעסְטְוֶועגֶען דִינֶען מִיר דִיךְ
מֶעהְר אָדֶער וֶוייגִיגֶער און זַייגֶען
אָבְגֶעפַייְנְט, קוּמְט אוּנְז אַ גָאלְדֶע-
גֶער מֶעדַאל.

**איידער** איך פאנג אן צוא עפענען מיין מויל צו רעדען פאר דיר תפלות ובקשות, דו, גאט, וואס דו ביזט אונזער פאטער אין הימעל און מיר, דיין ליעב פאלק ישראל, זיינען דיינע קינדער:

## אקדם פניך שתחזק את לבי ומחשבותי:

**וועל** איך פעדערען דיין פנים צו בעטען פון דיין ליעבען נאמען, אז דו זאלסט שטארקען מיין ביטער הארץ און מיינע פארוירטע געדאנקען איך זאל חלילה ניט געשטרויכעלט ווערען מיט די רייד פון מיין מויל:

## כי לבי יחרד ואימת מות עלי תפול:

**דען** מיין הארץ טהוט אין מיר זעהר ציטערען און א טוידט שרעקעניש טהוט פאלען אויף מיר ווען איך טהו מיך באדענקען פאר וועמען איך עפען מיין מויל צוא רעדען און פאר וועמען איך שטעל מיך צו בעטען:

## סמר מפחדך בשרי וחלחלה תאחזני:

**און** פאר גרויס פארכט און ציטערניש ווערען הארט די האר פון מיין לייב אזוי ווי צוועקעס און א גרויס ציטערניש טהוט באנגרייפען מיינע לענדען:

## כי מה אני ומה חיי אך רמה ותולעה:

**דען** וואס בין איך גאר געאכט און וואס איז גאר מיין לעבען אויף דער וועלט? איך בין בלויז גרייט אז ווערים זאלען געשפייזט ווערען פון מיין פלייש אין קבר:

## ימי אך כצל עובר וכענן כלה:

---

משלי מוסר

**אבינו** מלכנו עשה למענך אם לא למעננו. אונזער פאטער אונזער קעניג טהו עס פון

דיינטוועגען אויב ניט פון אונזערטוועגען למשל: איינער האט זיך געטרונקען

מיינע טעג אויף דער וועלט זיינען אזוי וויא א שאטן וואס פער־שווינדעט גיך און אזוי וויא א וואלקען וואס ווערט כלה און בלייבט ניט:

## ידעתי את אחריתי לקבר וצלמות:

איך ווייס זעהר גוט אז דער סוף פון מיין לעבען איז דאס איך וועל באגראבען ווערען אין קבר און דער שאטען פון דעם טויט וועט באדעקען גאר מיין לייב:

## ישכח שמי וזכרי ולא יזכר לנצח:

עס וועט פארגעסען ווערען מיין נאמען און מיין געדעכעניש, עס וועט ניט דערמאנט ווערען צו אייביג גלייך וויא מיין נאמען איז גאר ניט געוועזען אויף דער וועלט:

## והנה איככה אפצה פה ואיך אשא ראש:

און נון, אז עס איז יוה אזוי, ווי קען איך עפענען מיין מויל צו רעדען פאר דיר און ווי אזוי קען איך אויפהויבען מיין קאפ איך זאל זאגען בקשות ותחנונים פאר דיין ליעבען הייליגען נאמען:

## ואתה אלהים לך דומיה תהלה:

און דו, גאט, דיין גרעסטע לויב איז מען זאל ניט זאגען אויף דיר קיין שבחים און מען זאל שווייגען פון צו רעכענען דייגע מעלות, דען א מענש קען זיי גאר ניט אויסדערצעהלען:

## אין שעור לשבחיך ואין קץ לתהלותיך:

עס איז גאר ניטא קיין שיעור צו דייגע שבחים וואס מען גע־

משלי מוסר

א גוטער שווימער איז דערבייי גע־וועזען, אבער ער איז געוועזען אין כעס אויף דעם וואס האט זיך געטרונקען און ער האט איהם ניט געוואלט רעטען און אי: געשטאנגען פון דער־ווייטען. דער מאן וואס האט זיך געטרונקען האט אויסגעשטרעקט זיינע אַרמס און געבעטען: עס איז אמת אז איך האב דיר שמערצען פערשאפט און איך בין אפשר מא־

הָעוי צוּ זָאגֶען אוֹיף דִיר אוּן עֶס אִיז נִיטָא קֵיין סוֹף אוּן קֵיין עֶנְדֶע צוּ דַיינֶע לוֹיבּ.

## וְעַל רַחֲמֶיךָ הָרַבִּים אֶבְטַח וּבְחַסְדְּךָ אֶשָּׁעֵנָה

נִיט אוֹיף מַיינֶע מַעֲשִׂים טוֹבִים טְהוּ אִיךְ זִיךְ פַארְזִיכֶערֶען נַייעֶרְט אוֹיף דַיין פִיעל דֶערְבַּארֶעמְקַייט אוּן אוֹיף דַיין פִיעל גֶענָאד טְהוּ אִיךְ מִיךְ אָנְלֶעהְנֶען צוּ עֶפֶענֶען מַיין מוֹיל פַאר דִיר:

## וְעַל שַׁעֲרֵי דְמָעוֹת אֲשֶׁר לֹא נִסְגָּרִים:

אוּן אִיךְ פַארְזִיכֶער מִיךְ אוֹיף דִי טְרֶעהְרֶען וָואס אִיךְ טְהוּ פַארְגִיעסֶען אַזוֹי וִויא וַואסֶער, דֶען דִי טְהוֹיעֶרֶען פוּן טְרֶעהְרֶען זַיינֶען נִיט פַארְשְׁלָאסֶען, אַזוֹי וִוי אוּנְזֶערֶע חֲכָמִים שְׁרַייבֶּען: כָּל הַשְּׁעָרִים נִנְעָלוּ חוּץ מִשַּׁעֲרֵי דְמָעוֹת, דָאס אִיז טַייטְשׁ: אַלֶע טְהוֹיעֶרֶען זַיינֶען פַארְשְׁלָאסֶען חוּץ דִי טְהוֹיעֶרֶען פוּן טְרֶעהְרֶען:

## אָנָּא זְכוֹר חַסְדֵי אָבוֹת וּקְרַע רוֹעַ גְּזַר דִּינֵנוּ:

אִיךְ בֶּעט דִיךְ, לִיעבֶּער דֶערְבַּארֶעמִיגֶער גָאט, זָאלְסְט אוּנְז גֶעדֶענְקֶען דִ׳א גֶענָאד פוּן אוּנְזֶערֶע הֵיילִיגֶע אָבוֹת אַבְרָהָם, יִצְחָק וְיַעֲקֹב אוּן פוּן אוּנְזֶערֶע הֵיילִיגֶע אִמָּהוֹת שָׂרָה, רִבְקָה, רָחֵל וְלֵאָה אוּן צוּרַייסְ דָאס שְׁלֶעכְטִקַייט פוּן אוּנְזֶער גְּזַר דִּין:

## וּתְזַכֵּנוּ לָשׁוּב בֶּאֱמֶת עַל מַעֲשֵׂינוּ הָרָעִים:

אוּן זָאלְסְט אוּנְז מְזַכֶּה זַיין מִיר זָאלֶען בֶּאֱמֶת תְּשׁוּבָה טְהָאן אוֹיף אַלֶע אוּנְזֶערֶע בֵּייזֶע מַעֲשִׂים וָואס מִיר הָאבֶּען גֶעטְהָאן אַ גַאנְץ יָאהְר אוּן אַלֶע אוּנְזֶערֶע לֶעבּ טֶעג, מִיר זָאלֶען שׁוֹין נִישְׁט וִויעדֶערְשְׁפֶּענִיגֶען אַקֶעגֶען דִיר:

---

משלי מוסר

קֶע נִיט וֶוערְטְה אַז דוּ זָאלְסְט מִיר רֶעטֶען, אָבֶּער טְהוּ דָאס פוּן דַיינְט־וֶועגֶען, ווייל וֶוען דוּא וֶועסְט מִיךְ רֶעטֶען וֶועסְט דוּ בַּאוואוּסְט וֶוערֶען אַלְס אַ גְרוֹיסֶער שׁוֹימֶער אוּן דָאס וֶועט דִיר כָּבוֹד פַארְשַׁאפֶען.

כַּךְ, אַזוֹי בֶּעטֶען מִיר בַּיי גָאט: „אָבִינוּ מַלְכֵּנוּ עֲשֵׂה לְמַעַנְךָ אִם לֹא

## תֵּן בָּנוּ כֹּחַ וָעֹז וְאַל יֶחֱלַשׁ כּוֹחֵנוּ בַּיּוֹם הַזֶּה:

רִבּוֹנוֹ שֶׁל עוֹלָם, גִיעבּ אִין אוּנְז קְרַאפְט אוּן שְׁטַארְקַייט מִיר זָאלֶען קָאנֶען פַאסְטֶען אוּן טְהָאן אַלֶע זַאכֶען וָואס מִיר גֶעהֶערֶען צוּא טְהָאן הַיינְטִיגֶען טָאג אוּן עֶס זָאל נִיט שְׁלַאף וֶוערֶען אוּנְזֶער קְרַאפְט עֶס זָאל דָאס פַאסְטֶען נִיט שַׁאדֶען צוּ קֵיינֶעם:

## וּמְעֻבָּרוֹת שֶׁל עַמְּךָ יִשְׂרָאֵל לֹא תִתְאַוֶּינָה לְמַאֲכָל:

אוּן אַלֶע טְרָאגֶענְדִיגֶע וַוייבֶּער פוּן דַיין פָאלְק יִשְׂרָאֵל זָאלְסְט דוּא הִיטֶען עֶס זָאל זֵיי גִישְׁט גֶעלוּסְטֶען קֵיין עֶסֶען אַ גַאנְצֶען טָאג אוּן עֶס זָאל נִיט שַׁאדֶען נִיט צוּ זֵיי אוּן נִיט צוּ דֶעם קִינְד:

## וְתַחְתְּמֵנוּ בַּיּוֹם הַזֶּה לְחַיִּים טוֹבִים וַאֲרוּכִים:

אוּן זָאלְסְט אוּנְז אָנְחַתְמֶ'ענֶען, דֶערְבַּארְמִיגֶער גָאט, הַיינְטִיגֶען טָאג, וָואס קוּמְט אָן צוּ אַ גוּט לֶעבֶּען אוּן לַאנְגֶע יָאהְרֶען מִיר זָאלֶען חָלִילָה נִיט שְׁטַארְבֶּען אוּן מִיר זָאלֶען חָלִילָה נִיט בְּלַייבֶּען קֵיין אַלְמָנוֹת אוּן אוּנְזֶערֶע קִינְדֶער קֵיין יְתוֹמִים:

## וְתַעֲלֶה לְרָצוֹן לְפָנֶיךָ בִּרְכָתִי עַל הַנֵּרוֹת:

אוּן עֶס זָאל אוֹיפְגֶענֶהְן פַאר דִיר, לִיעבֶּער גָאט, צוּא בַּאוִוילִיגוּנְג דִי בְּרָכָה, וָואס אִיךְ הָאבּ גֶעמַאכְט אוֹיף דִי לִיכְט וָואס אִיךְ הָאבּ גֶעבֶּענְטְשְׁט לְכָבוֹד דֶעם הֵיילִיגֶען יוֹם כִּפּוּר:

## שֶׁתָּאִיר בְּרַחֲמֶיךָ אֶת מִשְׁפָּטִי לְטוֹבָה:

דוּא זָאלְסְט דֶערְלַייכְטֶען מִיט דַיין גְרוֹיס דֶערְבַּארֶעמְקַייט מַיין מִשְׁפָּט צוּא גוּטֶען, זָאלְסְט מִיר נִיט טְהָאן לוֹיט מַיינֶע בֵּייזֶע מַעֲשִׂים, נָאר אַזוֹי וִוי דַיין גְרוֹיס גֶערֶעכְטִיגְקַייט:

---

משלי סומר

לְמַעֲנֵנוּ", אוֹיבּ מִיר הָאבֶּען נִיט פַארְדִיענְט אַז דוּ זָאלְסְט אוּנְז הֶעלְפֶען, ווייל מִיר הָאבֶּען דִיךְ דֶערְבַּגְזְנ'ט שְׂהוּ דָאס פוּן בֵּיינְטְוֶועגֶען, כְּדֵי דַיין נָאמֶען זָאל גֶעהֶערְט וֶוערֶען אוֹיף דֶער וֶועלְט אוּן אַלֶע זָאלֶען ווִיסֶען וָואס פַאר אַ מֶעכְטִיגֶער גָאט דוּא בִּיזְט.

## וְנִשְׁמָתִי הָאֲפֵלָה תָּאִיר בְּמַעֲשַׂי הַטּוֹבִים:

און אַזוֹי וִוי אִיךְ הָאבּ יֶעצְט גֶעטָאן דֶערְלַייכְטֶען מַיין הויז מִיט די לִיכְט וָואס אִיךְ הָאבּ גֶעבֶּענְטְשְׁט לְכָבוֹד דֶעם הֵיילִיגֶען טָאג, אַזוֹי זָאל מַיין נְשָׁמָה, וָואס זיא אִיז פִינְצְטֶער גֶעוָוארֶען אִיבֶּער מַיינֶע זִינְד, דֶערְלַייכְט וֶוערֶען דורךְ מַיינֶע גוּטֶע מַעֲשִׂים וָואס דוּ וֶועסְט מִיךְ מְזַכֶּה זַיין אִיךְ זָאל טְהָאן אַ גַאנְץ יָאהְר:

## וּבִזְכוּת זֶה לֹא יֶחְשַׁךְ אוֹר חַיֵּי נַפְשִׁי:

און אִין דֶעם זְכוּת פוּן דיא לִיכְט בֶּענְשֶׁען זָאלְסְטוּ מִיךְ, לִיעבֶּער גָאט, בַּאשִׁירְמֶען עֶס זָאהְל גִישְׁט פִינְצְטֶער וֶוערֶען דיא לִיכְט פוּן מַיין לֶעבֶּען דוּ זָאלְסְט מִיר חָלִילָה נִיט חַתְמֶ'עֶנֶען צוּ מִיתָה:

## וְתַצִּילֵנִי שֶׁלֹּא אֶהְיֶה נִשְׂרֶפֶת בָּאֵשׁ שֶׁל גֵיהִנָּם:

און אֲפִילוּ מַיין צַייט וֶועט קוּמֶען צוּ שְׁטַארְבֶּען, זָאלְסְט דוּ מִיךְ, דֶערְבַּארְמִיגֶער פָאטֶער, בַּאשִׁירְמֶען, אִיךְ זָאל נִיט פַארְבְּרֶענְט וֶוערֶען אִין פַייעֶר פוּן דֶעם גֵיהִנָּם בִּזְכוּת דֶעם פַייעֶר וָואס אִיךְ הָאבּ אָנְגֶעצוּנְדֶען די לִיכְט לְכָבוֹד יוֹם כִּפּוּר:

## וְאֶתְעַנֵּג בְּאוֹרְךָ בְּגַן עֵדֶן עִם הַצִּדְקָנִיּוֹת:

און אִיךְ זָאהל זֶעהְפְּטִיגֶען מַיין לַייבּ מִיט דַיינֶער לִיכְט אִין גַן עֵדֶן מִיט אַלֶע וַוייבֶּער די צִדְקָנִיּוֹת און מִיט אוּנְזֶערֶע מוּטֶערְם שָׂרָה, רִבְקָה, רָחֵל וְלֵאָה:

## וְהָאֵר אֶת עֵינֵי בַּעֲלִי וְזַרְעִי בְּתוֹרָתְךָ הַקְּדוֹשָׁה:

און דֶערְלַייכְט, לִיעבֶּער גָאט, די אויגֶען פוּן מַיין מַאן און מַיינֶע

---

משלי מוסר

**אָבִינוּ** מַלְכֵּנוּ, חָנֵּנוּ וַעֲנֵנוּ, כִּי אֵין בָּנוּ מַעֲשִׂים, עֲשֵׂה עִמָּנוּ צְדָקָה וָחֶסֶד וְהוֹשִׁיעֵנוּ, אוּנְזֶער פָאטֶער, אוּנְזֶער קֶענִיג, בֶּעגְנַאדִיג אוּנְז און עֶנְטְפֶער אוּנְז, דֶען מִיר הָאבֶּען נִיט קַיין גוּטֶע מַעֲשִׂים, טְהוּ מִיט אוּנְז צְדָקָה און חֶסֶד און הֶעלְף אוּנְז, לְמָשָׁל:

קינדער אין דיין הייליגער תורה אזוי וויא איך האב דערלייכט נאר מיין הויז מיט דיא ליכט, וואס איך האב געבענשט לכבוד יום כפור:

## והאר פניך על ציון וירושלים אמן סלה:

רבונו של עולם גערענק אונז דעם זכות וואס מיר טהוען היינט בענטשען ליכט לכבוד דעם טאג יום כפור און זאלסט מאכען לייכטען דיין שיין אויף ציון און אויף ירושלים, אמן, סלה:

# תחנה פאר כל נדרי.

רבונו של עולם, דו ביסט אב הרחמן והסליחות און הייסט אל רחום וחנון ארך אפים, איך קום פאר מיין גאט מיט אן איינגעבויגענע קאפ, מיט א צובראכען הארץ, מיט גרויס פארכט און מיט גרויס ציטערנעס און בעט מחילה וסליחה וכפרה אויף מיינע זינד וואס איך האב געטהאן א גאנץ יאהר, סיי איך האב געטאן גערן אדער אומגערן. איך וויים אז מען קומט דיך בעטען מוזען די גוטע מעשים מליצים זיין, דען דאס צדקות פון דעם מענשען איז ממליץ פיר איהם. און איך וויים אז איך האב קיין גוטע מעשים אויך קיין צדקות געטהאן און קיין גענאד און רעכט פרומקייט איז אין מיר גאר ניטא, קיין גמילות חסדים און אפילו קיין תשובה אויף מיינע ביטערע חטאים וואס איך געדענק אדער נישט, קען איך אויך נישט צושטעלען, עס איז מיר וועה דאריבער, מיט וואס פאר א פנים שטעל איך מיך פאר דיין הייליגען נאמען?

---



ביי א גרויסען גביר, א נדבן און א בעל צדקה איז אמאל געוועסען זיינער א בעקאנטער, האט ער געזעהן ווי ארימע לייט קומען בעטען נדבות און דער גביר גיט יעדען איינעם נאך זיין בארערפעניש און שטעלט זיי אלעמען צופריעדען. דערווייל איז געקומען איינער מיט

נָאר אִיךְ וֵוייס אַז דוּא בִּיסְט אַ רַחוּם וְחַנּוּן און מַיין הָאפְנוּנְג אִיז אוֹיף דִיר אַז אִין דֶער צַייט וֶוערֶען גֶעעֶפֶענְט דִי טְהוֹיעֶ־רֶען פוּן רַחֲמִים, און בִּיסְט אֶרֶךְ אַפַּיִם וְרַב חֶסֶד וֶאֱמֶת נוֹצֵר חֶסֶד לָאֲלָפִים נוֹשֵׂא עָוֹן וָפֶשַׁע וְחַטָּאָה וְנַקֵּה, און הָאסְט אוּנְז גֶעגֶעבֶּען דֶעם טָאג יוֹם כִּפּוּר זָאלְסְט אוּנְז פַארְגֶעבֶּען דִי זִינְד, און הָאסְט אוּנְז גֶעבָּאטֶען דֶעם טָאג פִינְף עִנּוּיִים: אֵיינְס אִיז, מִיר טְהָארֶען נִיט עֶסֶען, דָאס אַנְדֶערֶע—מִיר טְהָארֶען זִיךְ נִיט וַואשֶׁען, דָאס דְרִיטֶע—מִיר טְהָארֶען זִיךְ נִיט שְׁמִירֶען מִיט אוֹיל, דָאס פֶערְטֶע—מִיר טְהָארֶען נִיט גֶעהְן אִין שִׁיךְ, דָאס פִינְפְטֶע—מִיר מוּזֶען זִיךְ פוּן אוּנְזֶערֶע מֶענֶער אָפְּשֵׁיידֶען. דִיא פִינְף זַאכֶען זָאלֶען אַ כַּפָּרָה זַיין אוֹיף אוּנְזֶערֶע עֲוֹנוֹת, דָאס פַּיינִיגֶען פוּן עֶסֶען זָאל זַיין אַ כַּפָּרָה וָואס מִיר הָאבֶּען אַ גַאנְץ יָאהְר גֶעגֶעסֶען און גֶעטְרוּנְקֶען וָואס אָסוּר אִיז, און דוּרְךְ דֶעם וָואס אִין מִיר קוּמְט פַייעֶר אַרַיין אִין דֶעם גוּף פוּן דֶעם פַאסְ־טֶען, זָאהְל דוּרְךְ דֶעם פַייעֶר גֶעלַייטֶערְט וֶוערֶען אוּנְזֶערֶע נְשָׁמוֹת, און דֶעם פַּיינִיגֶען פוּן דֶעם וַואשֶׁען זָאהְל מְכַפֵּר זַיין וָואס מִיר הָאבֶּען אַ גַאנְץ יָאהְר אַיינְגֶעשְׁרִיכְט מִיט פְלֶעקֶען אוּנְזֶערֶע נְשָׁמוֹת, און דָאס פַּיינִיגֶען וָואס מִיר מוּזֶען אָהְן שִׁיךְ גֶעהְן, זָאל מְכַפֵּר זַיין וָואס מִיר זַיינֶען גֶעלָאפֶען מִיט אוּנְזֶערֶע פִיס צוּ בֵּייזֶען און מִיר הָאבֶּען גֶעטְהָאן וָואס מִיר זַיינֶען חֵרֶם גֶעוֶוען חַס וְשָׁלוֹם און וֶוער עֶס אִיז אִין חֵרֶם מוּז עֶר גֶעהְן אָהְן שִׁיךְ, און וָואס מִיר מוּזֶען זִיךְ אָפְּשֵׁיידֶען פוּן אוּנְ־

---

משלי מוסר

אַ פֶּעקֶעל סחוֹרָה אויפ'ן פְּלֵייצֶע. דֶער גְבִיר הָאט בַּייא אִיהְם עֶפֶּעס וָואס גֶענוּמֶען און בַּאצָאהְלְט דֶעם צְוֶועהְנְלִיכֶען פְּרֵייז. הֶער בֶּעקַאנְ־טֶער הָאט אִיהְם כַּאן גֶעפְרֶעגְט: וָוארוּם הָאסְטוּ דִי פְרִיהֶערִיגֶע מֶענְ־שֶׁען, בַּיי וֶועלְכֶע דוּ הָאסְט גָאר נִיט גֶענוּמֶען, גֶעשֵׁיינְקְט פַיינֶע נְדָבוֹת

זֶערֶע מַאנֶען זָאל מְכַפֵּר זַיין וָואס מִיר הָאבֶּען זִיךְ נִישְׁט נוֹהֵג גֶעוֶועזֶען מִיט אוּנְזֶערֶע מֶענֶער בְּכַשְׁרוּת אַ גַאנְץ יָאהְר אוּן אִיבֶּער דֶעם אִיז דִיא שְׁכִינָה אִין גָלוּת, דַארוּם, לִיעבֶּער גָאט, דֶערְוֶועק שׁוֹין דַיין דֶערְבַּארְמִקַייט אוּן הֶעלְף אוּנְז צוּא אַ גוּט יָאהְר צוּ לֶעבֶּען אוּן צוּ גֶעזוּנְד אוּן צוּ אַ גְרִינְגֶע פַּרְנָסָה. אוּן זָאלְסְט אוּנְז גֶעבֶּען אַ לֵב טָהוֹר מִיר זָאלֶען דִיךְ דִיענֶען מִתּוֹךְ הַרְחָבַת הַלֵּב, אוּן זָאלְסְט אוּנְז דֶערְגְרִינְגֶערֶען דֶעם יָאךְ פוּן אוּנְזֶערֶע צָרוֹת וָוארוּם מִיר הָאבֶּען שׁוֹין קַיין כֹּחַ נִיט אוֹיסְצוּשְׁטֶעהְן, מִיר הָאבֶּען נִישְׁט פַאר קֵיינֶעם אוּנְזֶער בִּיטֶער הַארְץ אוֹיסְצוּרֵיידֶען אוּן מִיר נֶעהְמֶען אַלְץ אָן בְּאַהֲבָה, אוּלַי, וֶועסְטוּ דִיךְ שׁוֹין דֶערְבַּארְמֶען אִיבֶּער דֶעם אָרִימֶען פָאלְק אוּן וֶועסְט זֶעהְן אוּנְזֶערֶע פַּיין, אוּן גֶעבֶּעהְן דִי גְאוּלָּה אַז מִיר זָאלֶען דָאס יָאהְר אוֹיסְגֶעלֵייזְט וֶוערֶען אוּן דָאס בֵּית הַמִּקְדָשׁ זָאהְל גֶעבּוֹיט וֶוערֶען אִין אוּנְזֶערֶע טֶעג, אָמֵן סֶלָה:

# תְּחִנָּה פוּן נָאךְ תְּפִלַּת יַעֲלֶה:

דִי תְּחִנָּה זָאגְט מֶען יוֹם כִּפּוּר צוּ כָּל נִדְרֵי וֶוען דֶער חַזָּן זָאגְט אָפּ יַעֲלֶה:

## יַעֲלֶה לְפָנֶיךָ אָבִי שֶׁבַּשָּׁמַיִם:

עֶס זָאל אוֹיפְגֶעהְן פַאר דִיר, מַיין פָּאטֶער אִין הִימֶעל, וָואס אִיךְ קוּם יֶעצְט פַאר דִיר צוּא וֵויינֶען אוּן קְלָאגֶען מִיט אַ בִּיטֶער הַארְץ אוֹיף אַלֶע מַיינֶע חֲטָאִים וַעֲוֹנוֹת וּפְשָׁעִים וָואס זֵייעֶר נָאמֶען הוֹיבְּט זִיךְ אָן מִיט אַן אַלֶ"ף וָואס עֶס בַּאטְרֶעפְט

משלי מוסר

אוּן בַּיי דֶעם לֶעצְטֶען הָאסְטוּ עֶפֶּעס גֶענוּמֶען אוּן אִיהם גֶע'פַּטוּר'ט מִיט אַ קְלֵיינִיגְקַייט? דֶער גְבִיר הָאט גֶעאַנְטְוָוארְטֶעט: אִיךְ בִּין מִטֶבַע רוֹיף גֶעעֶנְטְפֶערְט: אִיךְ בִּין מִטֶבַע, אַ נַדְבָן אוּן אַז מֶען קוּמְט מִיר בֶּעטֶען אַ נְדָבָה, גִיעבּ אִיךְ אַ שֶׁעהְנֶע נְדָבָה, דֶער לֶעצְטֶער אָבֶּער הָאט דָאךְ גֶעבֶּעטֶען גֶעלְט פַאר סְחוֹרָה

אײנם און זָאלְסְט אוּנְז גֶעדֶענְקֶען דֶעם זְכוּת וָואס מִיר מְהוּעֶן אײנְצִיגֶען דַיין נָאמֶען דְרַייא מָאל אִין טָאג:

## יַעֲלֶה לְפָנֶיךָ אָבִי שֶׁבַּשָּׁמַיִם:

עֶם זָאהל אוֹיפְגֶעהֶן פַאר דִיר, מַיין פָאטֶער אִין הִימֶעל, מַיין שְׁמֶערְצוּנְג און מַיינֶע זִינְד וָואס אִיךְ הָאבּ גֶעטְהָאן אַ גַאנְץ יָאהר וָואס זֵייעֶר נָאמֶען הוֹיבְּט זִיךְ אָן מִיט אַ בֵּי״ת און זָאלְסְט אוּנְז גֶעדֶענְקֶען דֶעם זְכוּת וָואס מִיר הָאבֶּען מְקַבֵּל גֶעוֶוען דַיין תּוֹרָה וָוס זִי הוֹיבְּט זִיךְ אָן מִיט אַ בֵּי״ת פוּן בְּרֵאשִׁית:

## יַעֲלֶה לְפָנֶיךָ אָבִי שֶׁבַּשָּׁמַיִם:

עֶם זָאל אוֹיפְגֶעהֶן פַאר דִיר, מַיין פָאטֶער אִין הִימֶעל, מַיינֶע הֵייסֶע טְרֶערֶען וָואס אִיךְ טְהוּ יֶעצְט פֶארְגִיעסֶען דַארוּיף וָואס אִיךְ הָאבּ ווִיעדֶערְגֶעשְׁפֶּענִיגְט אַנְטְקֶעגֶען דִיר מִיט דִיא חֲטָאִים וַעֲוֹנוֹת וּפְשָׁעִים וָואס זֵייעֶר נָאמֶען הוֹיבְּט זִיךְ אָן מִיט אַ גִימֶ״ל וָואס בַּאטְרֶעפְט דְרַייא און זָאלְסְט אוּנְז גֶעדֶענְקֶען דֶעם זְכוּת פוּן דִיא דְרַייא אָבוֹת הַקְּדוֹשִׁים, אַבְרָהָם, יִצְחָק וְיַעֲקֹב:

## יַעֲלֶה לְפָנֶיךָ אָבִי שֶׁבַּשָּׁמַיִם:

עֶם זָאל אוֹיפְגֶעהֶן פַאר דִיר, מַיין פָאטֶער אִין הִימֶעל, מַיינֶע גְרוֹיסֶע זִיפְצֶען און קְלָאגֶען וָואס אִיךְ טְהוּ אַצוּנְד קְלָאגֶען מִיט אַ בִּיטֶער הַארְץ אוֹיף אַלֶע מַיינֶע חֲטָאִים וַעֲוֹנוֹת וּפְשָׁעִים, וָואס אִיךְ הָאבּ גֶעטְהָאן בִּיז אַהֶער, וָואס זֵייעֶר נָא-

---

משלי מוסר

הָאבּ אִיךְ אִיהם בַּאצָאהלְט פִיעל דִי סְחוֹרָה אִיז וֶוערְטְה.
דָאס זֶעלְבֶּע אִיז מִיט אוּנְז אוֹיךְ. וֶוען מִיר זָאלֶען בֶּעטֶען בַּייא נָאט גֶעצָאהלְט פַאר אוּנְזֶערֶע מַעֲשִׂים, דַארְף עֶר אוּנְז מֶעהר נִיט גֶעבֶּען אַזוֹי פִיעל וויפִיעל אוּנְזֶערֶע מַעֲשִׂים זַיינֶען וֶוערְטְה. און דָאס וָואלְט גֶע-

מען הויבט זיך אָן מיט אַ דלֶ"ת, וואס עס באַטרעפט פיער, און זאָלסט אונז געדענקען דעם זכות פון דיא פיער אמהות הקדושות, שרה, רבקה, רחל ולאה:

## יַעֲלֶה לְפָנֶיךָ אָבִי שֶׁבַּשָּׁמַיִם:

עס זאל אויפגעהן פאר דיר, מיין פאטער אין הימעל, מיינע תפלות ובקשות, וואס איך בעט פאר דיר אויף מיינע חטאים ועונות ופשעים, וואס איך האב געטהאן אַ גאנץ יאר וואס זייער נאמען הויבט זיך אָן מיט אַ הֵ"א, און זאָלסט אונז געדענקען דעם זכות, וואס מיר טהוען לערנען די פינף הייליגע ספרים פון דיין תורה הקדושה:

## יַעֲלֶה לְפָנֶיךָ אָבִי שֶׁבַּשָּׁמַיִם:

עס זאהל אויפגעהן פאר דיר, מיין פאטער אין הימעל, וואס איך קום אצונד פאר דיר מתודה זיין דארויף וואס איך האב פאר אומריינִיגט מיין לייב מיט דיא חטאים ועונות ופשעים, וואס זייער נאמען הויבט זיך אָן מיט אַ וָא"ו, און זאָלסט געדענקען צו דיין ליעב פאלק ישראל דעם זכות וואס זיי טהוען לערנען די זעקס סדרים משניות, וואס דאס ווערט אָנגערופען תורה שבעל פה:

## יַעֲלֶה לְפָנֶיךָ אָבִי שֶׁבַּשָּׁמַיִם:

עס זאהל אויפגעהן פאר דיר, מיין פאטער אין הימעל, מיין וועהטאג און מיין הארץ וואס עס טהוט מיר וועה אויף

---

משלי מוסר

ווען אַ קליינִיגקייט. דאריבער זאָגען מיר: „חָנֵּנוּ וַעֲנֵנוּ, כִּי אֵין בָּנוּ מַעֲשִׂים". מיר האָבען ניט קיין מעשים, מיר האָבען ניט־קיין סחורה און מיר בעטען ביי דיר צדקה וחסד, און אזוי ווי דו ביזט דאך אַ גרויסער נדבן, שענק אונז אַ פיינע נדבה.

אַלֶע מַיינֶע חֲטָאִים וַעֲוֹנוֹת וּפְשָׁעִים, וָואס אִיךְ הָאבּ מִיט זֵייא פַאר אוּמְוָוערְדִיגְט מַיין נְשָׁמָה, וָואס זֵייעֶר נָאמֶען הוֹיבְּט זִיךְ אָן מִיט אַ זַיִ״ן, אוּן זָאלְסְט אוּנְז, לִיעבֶּער גָאט, גֶעדֶענְקֶען דֶעם זְכוּת פוּן דֶעם לִיעבֶּען שַׁבָּת קוֹדֶשׁ, וָואס עֶר אִיז דֶער זִיעבֶּעטֶער טָאג פוּן דֶער וָואךְ:

## יַעֲלֶה לְפָנֶיךָ אָבִי שֶׁבַּשָּׁמַיִם:

עֶס זָאהל אוֹיפְגֶעהְן פַאר דִיר, מַיין פָאטֶער אִין הִימֶעל. מַיין אוּנְטֶערְטֶהֶענִיגְקַייט, וָואס אִיךְ בִּין אַצוּנְד גֶעקוּמֶען פַאר דִיר, וֶוען אִיךְ טְהוּא מִיךְ בַּאדֶענְקֶען, וָואס אִיךְ הָאבּ גֶעטְהָאן אוֹיף מַיין לֶעבֶּען פִיעל חֲטָאִים וַעֲוֹנוֹת וּפְשָׁעִים, וָואס זֵייעֶר נָאמֶען הוֹיבְּט זִיךְ אָן מִיט אַ חֵי״ת וָואס דָאס אִיז דָאס אַכְטֶע אוֹת פוּן אַלֶף בֵּית אוּן זָאלְסְט אוּנְז גֶעדֶענְקֶען דֶעם זְכוּת וָואס מִיר טְהוּעֶן מַל זַיין אוּנְזֶערֶע זִיהְן צוּ דֶעם אַכְטֶען טָאג:

## יַעֲלֶה לְפָנֶיךָ אָבִי שֶׁבַּשָּׁמַיִם:

עֶס זָאהל אוֹיפְגֶעהְן פַאר דִיר, מַיין פָאטֶער אִין הִימֶעל, מַיין קוֹל פוּן גֶעוֵויין וָואס אִיךְ בִּין אַצוּנְד גֶעקוּמֶען צוּ שְׁרַייעֶן אוּן וֵוויינֶען אוֹיף אַלֶע מַיינֶע חֲטָאִים וַעֲוֹנוֹת וּפְשָׁעִים, וָואס זֵייעֶר נָאמֶען הוֹיבְּט זִיךְ אָן מִיט אַ טֵי״ת, וָואס דָאס אִיז דָאס נַיינְטֶע אוֹת פוּן דֶעם אַלֶף בֵּית אוּן זָאלְסְט אוּנְז גֶעדֶענְקֶען דֶעם זְכוּת פוּן דֶער צְדָקָה וָואס מִיר הָאבֶּען צוּטְהֵיילְט הַיינְט אִין דֶעם נַיינְטֶען טָאג פוּן דֶעם חוֹדֶשׁ:

## יַעֲלֶה לְפָנֶיךָ אָבִי שֶׁבַּשָּׁמַיִם:

---

משלי מוסר

מִיר זַיינֶען זִיךְ מִתְוַדֶּה יוֹם כִּפּוּר: „עַל חֵטְא שֶׁחָטָאנוּ לְפָנֶיךָ בְּיֵצֶר הָרָע“, אוֹיף דִי זִינְד וָואס מִיר הָאבֶּען גֶעזִינְדִיגְט גֶעגֶען דִיר מִיטְ'ן יֵצֶר הָרָע. אִיז דָאךְ אִין פְלִיג דִיזֶער עַל חֵטְא אִין גַאנְצֶען אִיבְּרִיג, דֶען

**עס** זאָהל אויפגעהן פאר דיר, מיין פאָטער אין הימעל, דאס פארביטערקייט פון מיין הארץ, וואס עס איז פארביטערט און פארזארגט אויף אלע מיינע חטאים ועונות ופשעים וואס איך האב געטהאן פון מיין געבארען טאג אן ביז אהער, וואס זייער נאמען הויבט זיך אן מיט א יו"ד, וואס עס איז דאס צעהנטע אות פון דעם אלף בית, און זאלסט אונז געדענקען דעם זכות, וואס מיר היילינגען דעם טאג יום כפור, וואס ער איז צעהן טאג אין דעם חודש:

## יעלה לפניך אבי שבשמים:

**עס** זאהל אויפגעהן פאר דיר, מיין פאטער אין הימעל, וואס איך טהו פארגיעסען פיעל תפלות ובקשות צוא בעטען סליחה ומחילה וכפרה אויף אלע מיינע חטאים ועונות ופשעים וואס זייער נאמען הויבט זיך אן מיט א כ"ף, וואס דאס באטרעפט צוואנציג, און זאלסט אונז געדענקען דעם זכות פון דעם קדשי הקדשים וואס איז געווען ברייט צוואנציג איילען:

## יעלה לפניך אבי שבשמים:

**עס** זאל אויפגעהן פאר דיר, מיין פאטער אין הימעל, מיינע הייסע טרעהרען, וואס טהוען רינען פון מיינע אויגען אויף אלע חטאים ועונות ופשעים, וואס איך האב געטהאן א גאנץ יאהר און זייער נאמען הויבט זיך אן מיט א למ"ד און זאלסט אונז געדענקען דעם זכות, וואס מיר זיינען היינטיגען

---

משלי מוס.

אלע זינד ווערען דאך בעגאנגען דורכ'ן יצר הרע. ווען מיר דאס פארשטעהן דורך א משל:

עס איז אמאל געווען א בלינ־דער גנב. האט איהם איינער גע־פרעגט: „וויא אזוי גנב'עסטו אז דו ביסט בלינד?" האט ער געענט־פערט: „איך עפען א טהיער הער

חודש מסיים די הייליגע תורה וואס לאזט זיך אויס מיט דעם אות למ"ד פון ווארט ישראל:

## יעלה לפניך אבי שבשמים:

עס זאהל אויפגעהן פאר דיר, מיין פאטער אין הימעל, וואס איך האב יעצט חרטה אויף אלע מיינע חטאים ועונות ופשעים, וואס איך האב מיט זיי ווידערגעשפעניגט אנטקעגען דיין ליעבען נאמען, וואס זייא הויבען זיך אן מיט א מ"ם, וועם באטרעפט פערציג און זאלסט אונז געדענקען דעם זכות פון משה רבינו, וואס ער פערציג טעג געוועזען אויפ'ן הימעל צו מקבל זיין דיין הייליגע תורה:

## יעלה לפניך אבי שבשמים.

עס זאהל אויפגעהן פאר דיר, מיין פאטער אין הימעל, מיין גרויסע קלאג און יאמער וואס איך טהו יעצט אויף אלע מיינע חטאים ועונות ופשעים, וואס זייער נאמען הויבט זיך אן מיט א נו"ן, וואס דאס באטרעפט פופציג און זאלסט אונז געדענקען דעם זכות וואס מיר האבען דיא תורה מקבל געווען נאך פופציג טעג פון אונזער ארויסגעהן פון מצרים:

## יעלה לפניך אבי שבשמים.

עס זאהל אויפגעהן פאר דיר, מיין פאטער אין הימעל, מיין גרויס בושה און חרפה, וואס איך שעהם מיך דארויף, וואס איך האב וויעדערגעשפעניגט אקעגען דיר מיט חטאים

---

משלי סומר

איך אויב אימיצער איז פאראן אין הויז אנטלויף איך צוריק פיהל איך אבער אז קיינער איז ניטא, פאק איך מיך צונאמען וואס איך טאפ אן און טראג ארויס צו מיינע מיטהעלפער וואס ווארטען ביים טהיר. „ביז וויא לאנג אבער וועסטו מענשען בבלות שטעלען?" — האט איהם

וַעֲוֹנוֹת וּפְשָׁעִים, וָואס זֵייעֶר נָאמֶען הוֹיבְּט זִיךְ אָן מִיט אַסַמֶ"ךְ וָואס עֶס בַּאטְרֶעפְט זֶעכְצִיג אוּן זָאלְסְט אוּנְז גֶעדֶענְקֶען דֶעם זְכוּת פוּן דִיא מִצְווֹת וּמַעֲשִׂים טוֹבִים, וָואס דַיין לִיעבּ פָּאלְק יִשְׂרָאֵל טְהוּעֶן אִין דִי זֶעכְצִיג טֶעג פוּן אֱלוּל אוּן תִּשְׁרֵי:

## יַעֲלֶה לְפָנֶיךָ אָבִי שֶׁבַּשָּׁמַיִם.

**עֶס** זָאהְל אוֹיפְגֶעהְן פַאר דִיר, מַיין פָאטֶער אִין הִימֶעל. מַיין גֶעשְׁרֵיי, וָואס אִיךְ טְהוּ שְׁרַייעֶן אוֹיף אַלֶע מַיינֶע חֲטָאִים וַעֲוֹנוֹת וּפְשָׁעִים, וָואס אִיךְ הָאבּ גֶעטְהָאן אִין דֶער צַייט פוּן מַיין לֶעבֶּען, וָואס זֵייעֶר נָאמֶען הוֹיבְּט זִיךְ אָן מִיט דֶעם אוֹת עַיִ"ן, וָואס עֶס בַּאטְרֶעפְט זִיעבֶּעצִיג, אוּן דוּ זָאלְסְט אוּנְז גֶעדֶענְקֶען דֶעם זְכוּת פוּן דָוִד הַמֶּלֶךְ, וָואס הָאט גֶעלֶעבְּט זִיעבֶּעצִיג יָאהְר:

## יַעֲלֶה לְפָנֶיךָ אָבִי שֶׁבַּשָּׁמַיִם.

**עֶס** זָאהְל אוֹיפְגֶעהְן פַאר דִיר, מַיין פָאטֶער אִין הִימֶעל, וָואס אִיךְ בִּין גֶעקוּמֶען אִין דַיין הֵיילִיגֶער שׁוּל בֶּעטֶען פוּן דִיר דוּ זָאלְסְט מִיר מוֹחֵל זַיין אַלֶע מַיינֶע חֲטָאִים וַעֲוֹנוֹת וּפְשָׁעִים, וָואס זֵייעֶר נָאמֶען הוֹיבְּט זִיךְ אָן מִיט אַ פֵּ"א, וַואס עֶס בַּאטְרֶעפְט אַכְצִיג, אוּן זָאלְסְט אוּנְז גֶעדֶעַנְקֶען דֶעם זְכוּת פוּן מֹשֶׁה רַבֵּנוּ, וָואס עֶר אִיז אַלְט גֶעוֶועֶן אַכְצִיג יָאהְר אִין דֶער צַייט וָואס דוּא הָאסְט דוּרְךְ אִיהְם גֶעטְהָאן גְרוֹיסֶע וואוּנְדֶער אִין מִצְרַיִם:

---

משלי מוסר

אֵיינֶער גֶעפְרֶעגְט. "זָאלֶען זֵיי הִיטֶען זֵייעֶרְן הַיְזֶער"—הָאט דֶער גַנָּב גֶעעֶנְטְפֶערְט — וֶועל אִיךְ נִיט קֶענֶען גַנְבֶ'עְנֶען.

דֶער נִמְשָׁל אִיז: דֶער יֵצֶר הָרָע פְּרוּבִּירְט זִיךְ וִוי דֶער קְלֵיינֶער גַנָּב אַבֵּיין־גַנְבֶ'עֶנֶען צוּם מֶענְשֶׁען אִין הַארְצֶען. עֶר טַאפְּט אִין דֶער פִּינְס־

## יַעֲלֶה לְפָנֶיךָ אָבִי שֶׁבַּשָּׁמַיִם.

**עֶס** זָאהל אויפְגֶעהְן פַאר דִיר, מַיין פָאטֶער אִין הִימֶעל, מַיין גְרוֹיסֶע קְלָאג און זִיפְצֶען, וָואס אִיךְ טְהוּ קְלָאגֶען אויף אַלֶע מַיינֶע חֲטָאִים וַעֲוֹנוֹת וּפְשָׁעִים, וָואס זֵייעֶר נָאמֶען הויבְּט זִיךְ אָן מִיט אַ צַדִי״ק, און זָאלְסְט אוּנְז גֶעדֶענְקֶען דֶעם זְכוּת פון יוֹסֵף, וָואס עֶר וֶוערְט אָנְגֶערוּפֶען יוֹסֵף הַצַדִיק:

## יַעֲלֶה לְפָנֶיךָ אָבִי שֶׁבַּשָּׁמַיִם.

**עֶס** זָאל אויפְגֶעהְן פַאר דִיר, מַיין פָאטֶער אִין הִימֶעל, מַיינֶע בִּיטֶערֶע גֶעשְׁרֵייעֶן וָואס אִיךְ טְהוּ שְׁרַייעֶן מִיט מַיין מוֹיל אויף אַלֶע מַיינֶע חֲטָאִים וַעֲוֹנוֹת וּפְשָׁעִים, וָואס זֵייעֶר נָאמֶען הויבְּט זִיךְ אָן מִיט אַ קוּ״ף, וָואס עֶס בַּאטְרֶעפְט הוּנְדֶערְט, און זָאלְסְט אוּנְז גֶעדֶענְקֶען דֶעם זְכוּת פון אַבְרָהָם אָבִינוּ וָואס עֶר הָאט גֶעגְלוֹיבְּט אִין דִיר און דוּ הָאסְט אִיהְם גֶעגֶעבֶּען צוּ הוּנְדֶערְט יָאהְר אַ זוּהְן יִצְחָק:

## יַעֲלֶה לְפָנֶיךָ אָבִי שֶׁבַּשָּׁמַיִם.

**עֶס** זָאהל אויפְגֶעהְן פַאר דִיר, מַיין פָאטֶער אִין הִימֶעל, וָואס אִיךְ הָאבּ אַצוּנְד חֲרָטָה אויף אַלֶע מַיינֶע חֲטָאִים וַעֲוֹנוֹת וּפְשָׁעִים, וָואס זֵייעֶר נָאמֶען הויבְּט זִיךְ אָן מִיט אַ רֵי״שׁ און זָאלְסְט אוּנְז גֶעדֶענְקֶען דֶעם זְכוּת פון דֶעם הֵיילִיגֶען יוֹם כִּפּוּר וָואס זַיין נָאמֶען לָאזְט זִיךְ אוֹיס מִיט אַ רֵי״שׁ:

## יַעֲלֶה לְפָנֶיךָ אָבִי שֶׁבַּשָּׁמַיִם:

---

משלי מוסר

טֶער. אַ מָאל טְרֶעפְט עֶר און אַ מָאל פֶעהְלְט עֶר. עֶר קוּמְט צוּ אַיין פְּרוּ־מֶען מַאן און וויל גַנְבֶ׳עֶנֶען זַיין דֵעָה, עֶר פְרוּבִּירְט אָנְרֵיידֶען אִיהְם צוּ אַן עֲבֵרָה, זֶעהְט עֶר אַז זַיין בַּאֶרץ אִיז רֵיין פון זִינְד און נַאֶרֶעם אִין אִידִישְׁ־קַייט, זִי אִיז פוּל מִיט יִרְאַת שָׁמַיִם און דֶרֶךְ אֶרֶץ. צִיהְט עֶר אָפּ צוּרִיק

עֶם זָאל אוֹיפְגֶעהְן פַאר דִיר, מַיין פָּאטֶער אִין הִימֶעל, וָואס איך קוּם אַצוּנְד צוּ מִתְוַדָה זַיין פַאר דִיר אוֹיף אַלֶע מַיי־ נֶע חֲטָאִים וַעֲוֹנוֹת וּפְשָׁעִים. וָואס זֵייעֶר נָאמֶען הוֹיבְּט זִיךְ אָן מִיט אַ שִׁי״ן אוּן זָאלְסְט אוּנְז גֶעדֶענְקֶען דֶעם זְכוּת, וָואס מִיר טְהוּעֶן אַלֶע טָאג זָאגֶען דֶעם פָּסוּק שְׁמַע יִשְׂרָאֵל. וָואס עֶר הוֹיבְּט זִיךְ אוֹיךְ אָן מִיט אַ שִׁי״ן:

## יַעֲלֶה לְפָנֶיךָ אָבִי שֶׁבַּשָּׁמַיִם.

עֶם זָאל אוֹיפְגֶעהְן פַאר דִיר. מַיין פָּאטֶער אִין הִימֶעל, מַיינֶע גְרוֹיסֶע צָרוֹת אוּן לֵייד, וָואס אִיךְ הָאבּ אוֹיף אַלֶע מַיינֶע חֲטָאִים וַעֲוֹנוֹת וּפְשָׁעִים, וָואס זֵייעֶר נָאמֶען הוֹיבְּט זִיךְ אָן מִיט אַ תָּי״ו, אוּן זָאלְסְט אוּנְז מְזַכֶּה זַיין מִיר זָאלֶען תְּשׁוּבָה טְהָאן אוֹיף אַלֶע אוּנְזֶערֶע זִינְד אוּן מִיר זָאלֶען מְקַיֵּים זַיין גָאר דַיין הֵיילִיגֶע תוֹרָה, וָואס אִיהְר נָאמֶען הוֹיבְּט זִיךְ אָן מִיט אַ תָּי״ו אוּן מִיט דֶעם תָּי״ו הוֹיבְּט זִיךְ אוֹיךְ אָן תְּשׁוּבָה, אוּן מָשִׁיחַ זָאל קוּמֶען בִּמְהֵרָה בְּיָמֵינוּ, וְנֹאמַר אָמֵן:

---

### משלי מוסר

פוּן אִיהְם. קוּמְט עֶר אָבֶּער צוּ אֵיי־ נֶעם, וָואס זַיין הַאַרְץ אִיז פַארְדָארְ־ בֶּען, נִיט קַיין יִרְאַת שָׁמַיִם נִיט קַיין דֶרֶךְ אֶרֶץ אוּן דֶער פוּנְק פוּן אִידִישְׁ־ קַייט אִיז אוֹיךְ נִיטָא, דָא קוּמְט דֶער יֵצֶר הָרָע צוּ זַיין צִיעל, עֶר רֶעדְט אִיהְם אָן נָאךְ מֶעהְר צוּ זִינְדִיגֶען אוּן דֶער מֶענְשׁ פָאלְגְט אִיהְם. דֶער יֵצֶר הָרָע אַלֵיין אָבֶּער אִיז בַּיי אִיהְם גָאר נִיט שׁוּלְדִיג, דֶען אַז עֶר וַואלְט גֶע־ וֶוען וַוארֶעם אִין אִידִישְׁקַייט וָואלְט עֶר אוֹיף אִיהְם אַזַא שְׁלִיטָה נִיט גֶע־ הָאט. דָאס זָאגֶען מִיר עַל חֵטְא אוֹיף דֶעם פֶערְבְּרֶעכֶען שֶׁחָטָאנוּ לְפָנֶיךָ, וָואס מִיר זַיינֶען גֶעגֶען דִיר בֶּעגַאנְ־ גֶען בְּיֵצֶר הָרָע דַאמִיט וָואס מִיר הָאבֶּען אִיהְם גֶעעֶפֶענְט אַ טְהִיר אִין אוּנְזֶער הַארְצֶען אַז עֶר זָאל קֶענֶען אַריינְגֶעהְן.

# תְּחִנָּה לְהַזְכָּרַת נְשָׁמוֹת.

אַ נַייעֶ תְּחִנָּה וָואס מֶען זָאל זָאגֶען פַאר הַזְכָּרַת נְשָׁמוֹת:

רִבּוֹנוֹ שֶׁל עוֹלָם, הֶערְר פוּן דֶער וֶועלְט, וָואס דוּא בִּיסְט דֶער בַּאשֶׁעפֶער פוּן מֶענְשֶׁען אוּן הָאסְט אִיהְם בַּאשַׁאפֶען אַ גוּף מִיט אַ נְשָׁמָה, דֶער גוּף, אִיז עָפָר מִן הָאֲדָמָה, שְׁטוּיבּ פוּן דֶער עֶרְד, אוּן דִי נְשָׁמָה אִיז גֶענוּמֶען גֶעוָוארֶען פוּן אוּנְטֶער דַיין הֵיילִיגֶען כִּסֵּא הַכָּבוֹד. אוּן וֶוען דֶער מֶענְשׁ שְׁטַארְבְּט שֵׁיידֶען זֵיי זִיךְ פַארְנַאנְדֶער, יֶעדֶערֶער גֶעהְט אַוֶועק צוּא זַיין אָרְט, דֶעם גוּף לֵייגְט מֶען אַרַיין אִין קֶבֶר אוּן עֶר וֶוערְט פַארְפוֹילְט אוּן אוּמְגֶעקֶערְט צוּ עֶרְד, אוּן דִי הֵיילִיגֶע נְשָׁמָה פְלִיהְט אַוֶועק צוּרִיק אִין אִיהְר הֵיילִיגֶען וואוֹינוּנְג פוּן וַואנֶען זִיא אִיז גֶענוּמֶען גֶעוָוארֶען. (אַשְׁרֵי הָאִישׁ), וואוֹיל אוּן גוּט אִיז צוּא יֶענֶעם, וֶועלְכֶער עֶר הָאט גוּטְס גֶעטְהָאן אִין דֶער צַייט פוּן זַיין לֶעבֶּען אוֹיף דֶער וֶועלְט. הָאט פַארְרִיכְט, וָואס עֶר הָאט בַּאדַארְפְט, הָאט עֶרְפִילְט וָואס דוּ הָאסְט גֶעבָּאטֶען אִין דַיין הֵיילִיגֶע תּוֹרָה, הָאט גֶעטְהָאן דַיינֶע מִצְוֹת אוּן אִיז גֶעוֶוען פְרוּם צוּא גָאט אוּן גוּט צוּא לַייטֶען. יֶענֶע נְשָׁמָה קוּמְט גְלַייךְ נָאךְ דֶעם טוֹידְט צוּ אִיהְר עֶרְשְׁטֶען אָרְט, עֶס אִיז אִיהְר דִי וֶועג נִיט פַארְשְׁטֶעלְט אוּן נִיט פַארְצוֹימְט אוּן זִי וֶוערְט נִיט אָפְּגֶעהַאלְטֶען אוּן גְרֵייכְט לוֹיטֶער אוּן קְלָאהְר צוּ דֶעם אָרְט וָוס אִיהְר גֶעצֶעלְט אִיז גֶעוֶוען פְרִיהֶער, דֶען דוּ שִׁיקְסְט דַיינֶע הֵיילִיגֶע מַלְאָכִים זֵיי זָאלֶען יֶענֶע נְשָׁמָה צוּ גֶעהְמֶען אוּן בְּרֵיינְגֶען גְלַייךְ צוּ דִיר אוּן דוּא פְרֶעהְסְט זִיךְ מִיט אִיהְר וִויא אַ פָאטֶער, וָואס הָאט בַּאקוּמֶען צוּ זֶעהְן זַיין טְהַייעֶר קִינְד וָואס הָאט אִיהְם אַלַאנְגֶע צַייט נִיט גֶעזֶעהְן, וואוֹיל אוּן גוּט אִיז יֶענֶע נְשָׁמָה, צוּ אִיהְר תַּעֲנוּג אוּן פַארְגֶענִיגֶען אִיז גָאר קַיין גְלַייכֶען נִיט דָא. אָבֶּער עֶס שְׁטֶעהְט דָאךְ אִין פָּסוּק "אֵין צַדִּיק בָּאָרֶץ אֲשֶׁר יַעֲשֶׂה טוֹב וְלֹא יֶחֱטָא", עֶס אִיז גָאר אוּנְמֶעגְלִיךְ אַז אַ מֶענְשׁ זָאל טְהָאן נָאר גוּטֶעס אוּן קֵיינְמָאל נִיט זִינְדִיגֶען, אוּן דִי זִינְד מַאכֶען נָאךְ דֶעם טוֹידְט אַן אַייזֶערְנֶע וַואנְד אוּן אַ צוֹים פַאר דִיא נְשָׁמָה, זֵיי פַארְשְׁטֶעלֶען אִיהְר דִי וֶועג אוּן זִי קֶען נִיט אַרוֹיפְגֶעהְן אוּן קוּמֶען צוּא אִיהְר רוּה. אַנְדֶערֶע מֶענְשֶׁען וֶוערֶען אָפְּגֶענוּמֶען פוּן דֶער

װעלְט אִין יוּנְגֶע יָאהְרֶען - און אוֹיב זֵיי װָאלְטֶען אוֹיסְלֶעבֶּען זֵייעֶרֶע יָאהְרֶען װָאלְטֶען זֵיי אֶפְשַׁר פַארְרִיכְטֶען װָאס זֵיי הָאבֶּען קַאלְיֶע גֶע־מַאכְט, אָבֶּער װַייל זֵייא גֶעהְן אַװֶעק פַאר דֶער צַייט און זֵייא הָאבֶּען נָאךְ נִיט פַארְרִיכְט װָאס זֵייא הָאבֶּען בַּאדַארְפְט פַארְרִיכְטֶען, קֶענֶען זֵייעֶרֶע נְשָׁמוֹת נִיט גְרֵייכֶען צוּרִיק צוּ קוּמֶען צוּ זֵייעֶר עֶרְשְׁטֶען הֵיי־לִיגֶען אָרְט און הָאבֶּען קֵיין מְנוּחָה נִיט, אָבֶּער דוּא בִּיסְט אַ גָאט פוּן חֶסֶד און פוּן רַחֲמִים, דוּא עֶרְװֶעקְסְט דַיינֶע רַחֲמָנוּת פִּיער מָאהְל אִין יָאהְר: יוֹם כִּפּוּר, שְׁמִינִי עֲצֶרֶת, פֶּסַח און שָׁבוּעוֹת צוּ דֶערְמָאהְנֶען דִי נְשָׁמוֹת און מַעֲלֶה זַיין זֵיי, עֶס זָאל חָלִילָה פוּן זֵיי קֵיינֶער נִישְׁט פַארְ־שְׁטוֹיסֶען װֶערֶען און פַארְפַאלֶען װֶערֶען אִין תְּהוֹם. אִין דִיעֶזֶע פִּיער צַייטֶען אִיז דַיינֶע עֶרְבַּארְמַקַייט גְרוֹיס צוּ בְּרֵיינְגֶען יֶענֶע נְשָׁמוֹת צוּא זֵייעֶר הֵיילִיגֶע רוּהֶ צוּ דֶערְהוֹיבֶּען זֵיי און צוּ דֶערהוֹיבֶען זֵיי און זֶעצֶען זֵיי צְװִישֶׁען דִיא הֵיילִיגֶע נְשָׁמוֹת פוּן אַלֶע צַדִיקִים קְדוֹשִׁים וּטְהוֹרִים:

יְהִי רָצוֹן מִלְפָנֶיךָ, עֶס זָאל זַיין דֶער װִילֶען פוּן דִיר גָאט בָּרוּךְ הוּא, דוּא זָאלְסְט עֶפֶענֶען דִיא טְהוֹיעֶרֶען פוּן רַחֲמִים און זָאלְסְט עֶרְװֶעקֶען הַיינְטִיגֶען טָאג דַיינֶע עֶרְבַּארְמַקַייט אוֹיף דִי הֵיילִיגֶע נְשָׁמוֹת, דוּ זָאלְסְט זֵיי דִיעֶזֶען טָאג דֶערְמָאהְנֶען צוּא מַעֲלֶה זַיין זֵיי, צוּ דֶערְהוֹיבֶּען און צוּ גֶעבֶּען זֵיי מְנוּחָה צְװִי־שֶׁען דִי הֵיילִיגֶע נְשָׁמוֹת פוּן צַדִיקִים און צִדְקָנִיוֹת. בִּזְכוּת דִיא תְּפִלוֹת, װָאס מִיר זַיינֶען מִתְפַּלֵל, בִּזְכוּת דִי הֵיילִיגֶע תּוֹרָה, װָאס מֶען הָאט גֶעלֵייעֶנְט וּבִזְכוּת דִי צְדָקָה, װָאס מִיר זַיינֶען מְנַדֵב. זֶעהְ און הֶער דִי גֶעװֵיינֶען און דִי טְרֶערֶען װָאס װֶערֶען הַיינְ־טִיגֶען טָאג פַארְגָאסֶען אִין אַלֶע שׁוּהְלֶען און בָּתֵּי מְדְרָשִׁים. זֶעה מַיינֶע טְרֶעהְרֶען אוֹיךְ, חָאטְשׁ אִיךְ בִּין נִיט װֶערְטְה, נוּר בִּזְכוּת תְּפִלַת רַבִּים זָאלְסְט דוּ מַיין גֶעװֵיין אוֹיךְ הֶערֶען. דוּא זָאלְסְט גֶעבֶּען רוּהֶ צוּ אַלֶע הֵיילִיגֶע נְשָׁמוֹת און צוּ דִי הֵיילִיגֶע נְשָׁמָה פוּן מַיין (מוּטֶער, פָאטֶער) װָאס הָאט גֶעהֵייסֶען מִיטְן נָא־מֶען (פלוני) מַיינֶע זִינְד און מַיינֶע בֵּייזֶע מַעֲשִׂים זָאלְסְטוּ אִיצְט

נִישְׁט דֶערְמָאהֶנֶען אִיךְ זָאל נִישְׁט גוֹרֵם זַיין חָלִילָה מִיט מַיינֶע שְׁלֶעכְטֶע מַעֲשִׂים צוּ עֶרְוֶועקֶען דֶעם מִדַּת הַדִּין אוֹיף דִּי נְשָׁמוֹת פוּן מַיינֶע עֶלְטֶערֶען. וָואס הָאבֶּען מִיךְ גֶעבְּרַאכְט אוֹיף דֶער וֶועלְט. מַיינֶע זִינְד זָאלֶען נִיט זַיין אַ מְחִיצָה פִיר זֵייעֶרֶע נְשָׁמוֹת הַקְּדוֹשׁוֹת זֵיי זָאלֶען נִיט קֶענֶען קוּמֶען חָלִילָה צוּ זֵייעֶרֶע הֵייא־לִיגֶע מַדְרֵגוֹת, נַייעֶר אוּנְזֶערֶע גוּטֶע מַעֲשִׂים זָאלְסְט דוּ אוֹיף זֵיי דֶערְוֶועקֶען אוּן דֶעם זְכוּת פוּן אוּנְזֶערֶע מִצְוֹות אוּן דֶעם זְכוּת פוּן אוּנְזֶער צְדָקָה וָואס מִיר זָאגֶען צוּ צוּ גֶעבֶּען. דֶער זְכוּת פוּן אוּנְזֶערֶע קְלֵיינֶע קִינְדֶער זָאל דֶערְוֶועקְט וֶוערֶען אוֹיף דִיא הֵייליגֶע נְשָׁמוֹת אַז זֵיי זָאלֶען דֶערְהוֹיכְט אוּן דֶערְהוֹיבֶּען וֶוער־רֶען. זָאלְסְט דוּ גָאט בָּרוּךְ הוּא דֶערְהוֹיבֶּען אוּן אוֹיפְבְּרֵיינְגֶען אוֹיף אַ הוֹיכֶע מַדְרֵגָה דִי נְשָׁמָה פוּן מַיין (פלוני) אוּן דוּ זָאלְסְט צוּ נֶעהְמֶען מַיין גֶעבֶּעט בְּרַחֲמִים, אָמֵן:

**וְאַתֵּנָה** נְשָׁמוֹת הַקְּדוֹשׁוֹת, אוּן אִיהְר הֵיילִיגֶע נְשָׁמוֹת, וָואס מִיר בֶּעטֶען אוּן מִיר זַיינֶען מִתְפַּלֵּל פוּן אַייעֶרְט וֶועגֶען. בֶּעטֶען מִיר אַייךְ אִיהְר זָאלְט זִיךְ אוֹיךְ דֶערְמָאהְנֶען אָן אוּנְז. אִיהְר זָאלְט אָן אוּנְז נִיט פַארְגֶעסֶען וִוי מִיר פַארְגֶעסֶען נִישְׁט אָן אַייךְ. אִיהְר זָאלְט נִישְׁט פַארְגֶעסֶען אַייעֶרֶע קִינְדֶער, וָואס אִיהְר הָאט גֶעלָאזֶען אוֹיף דֶער וֶועלְט אוּן וָואס אִיהְר הָאט אוֹיפְגֶעהָאדֶעוֶועט מִיט מַאטֶערְנֶעס. מִיט צַעַר, מִיט גֶעוֵויין אוּן מִיט טְרֶעהְרֶען. אוּן אַזוֹי וִויא אִיהְר הָאט זֵייא גֶער־מָאסְטֶען אוּן גֶעוואוֹיגֶען אוּן אִיהְר הָאט פוּן זֵיי נִישְׁט אַרָאפְּ־גֶענוּמֶען אַייעֶרֶע אוֹיגֶען, אַזוֹי זָאלְט אִיהְר הַיינְט אוֹיךְ פוּן אוּנְז נִישְׁט אַרָאפְּנֶעהְמֶען אַייעֶרֶע אוֹיגֶען. אִיהְר זָאלְט זִיךְ דֶערְ־מָאהְנֶען אָן אוּנְז אוּן אָן אוּנְזֶערֶע מֶענֶער אוּן אוּנְזֶערֶע קִינְ־דֶער. אִיהְר זָאלְט זִיךְ עֶרְוֶועקֶען פוּן אַייעֶר הוֹיכֶע אוּן הֵיילִיגֶע רוּהֶע אוּן אִיהְר זָאלְט זַיין פַאר אוּנְז גוּטֶע מְלִיצִים פַאר הַשֵּׁם

יִתְבָּרַךְ. אִיהר זָאלְט בֶּעטֶען פִיר אוּנְז דֶעם אַלְמֶעכְטִיגֶען גָאט, עֶר זָאל זִיךְ מִיט אוּנְז נִיט בַּאגֶעהְן חָלִילָה מִיט דִין צוּא יוּכֶען פוּן אוּנְז זַיינֶע חוֹבוֹת, נוּר עֶר זָאל זִיךְ מִיט אוּנְז בַּאגֶעהְן מִיט חֶסֶד אוּן רַחֲמִים. עֶר זָאהל אוּנְז מוֹחֵל זַיין אוּנְזֶערֶע זִינְד אוּן אוּנְזֶערֶע תְּפִלּוֹת זָאלֶען אָנְגֶענוּמֶען וֶוערֶען. עֶר זָאל אוּנְז הֶעלְפֶען אִין אוּנְזֶערֶע נוֹיטְהֶען (יום כפור זאָל מען זאָגען: עֶר זָאל אוּנְז חַתְמְ'עֶנֶען צוּם לֶעבֶּען) עֶר זָאל דֶערְלֶענְגֶערֶען דִי יָאהְרֶען אוּנְז אוּן אוּנְזֶערֶע מֶענֶער אוּן אוּנְזֶערֶע קִינְדֶער אוּן אוּנְזֶערֶע בְּרִידֶער אוּן שְׁוֶועסְטֶער אוּן אוּנְזֶערֶע קְרוֹבִים אוּן אַלֶע אוּנְזֶערֶע גוּטֶע פְרַיינְד. מִיר זָאלֶען נִיט אָפְּגֶערִיסֶען וֶוערֶען אָהְן אַ צַייט. אוּנְזֶערֶע קִינְדֶעל זָאלֶען חָלִילָה נִיט הָאדֶעוֶוען בַּיי אַ פְרֶעמְדֶע מוּטֶער. אוּן מִיר זָאלֶען אוֹיךְ קַיין אַלְמָנוֹת נִישְׁט בְּלַייבֶּען אוּן אוּנְזֶערֶע קִינְדֶער זָאלֶען נִיט בְּלַייבֶּען קַיין יְתוֹמִים. אוּנְזֶער זוּנְן זָאל נִישְׁט פִינְצְטֶער וֶוערֶען אִין מִיטֶען טָאג. מִיר זָאלֶען נִישְׁט וִויסֶען פוּן קַיין קְלָאג אוּן פוּן קַיין בְּרָאךְ. אוּנְזֶערֶע קִינְדֶער זָאלֶען בַּיי אוּנְז אוֹיךְ אִין גַאנְצֶען זַיין עֶס זָאל פוּן אוּנְזֶער שְׁטוּבּ קַיינֶער נִיט פֶעהְלֶען. אוּן צוּא אַלֶע אַלְמָנוֹת אוּן יְתוֹמִים זָאהל גָאט בָּרוּךְ הוּא זַיין אַ פָאטֶער אוּן אַ בַּאשִׁיצֶער אוּן זָאל הֵיילֶען אַלֶע צוּבְּרָאכֶענֶע הֶערְצֶער. עֶר זָאל אוּנְז צוּשִׁיקֶען פַּרְנָסָה בְּכָבוֹד אוּן יוֹשֶׁר מִיר זָאלֶען נִיט דַארְפֶען אָנְקוּמֶען אַ פְרֶעמְדֶען אוּן מִיר זָאלֶען נִיט קוּמֶען צוּ שַׁאנְד וָואס דָאס אִיז גְלַייךְ ווִי גֶעשְׁטָארְבֶּען. אוּן מִיר זָאלֶען זוֹכֶה זַיין מְגַדֵּל צוּ זַיין אוּנְזֶערֶע קִינְדֶער צוּ דֶער הֵיילִיגֶער תּוֹרָה זֵיי זָאלֶען זַיין פְּרוּם צוּ גָאט אוּן גוּט צוּ מֶענְשֶׁען. מִיר זָאלֶען נִיט פַארְפִיהְרְט וֶוערֶען פוּן יֵצֶר הָרָע בִּזְכוּת אוּנְזֶערֶע אָבוֹת אַבְרָהָם יִצְחָק וְיַעֲקֹב אוּן בִּזְכוּת אוּנְזֶערֶע אִמָּהוֹת, שָׂרָה, רִבְקָה, רָחֵל וְלֵאָה אוּן בִּזְכוּת דִי נְשָׁמוֹת פוּן אַלֶע צַדִּיקִים אוּן צִדְקָנִיּוֹת אוּן מִיר זָאלֶען זוֹכֶה

זיין צוא זעהען בנין בית המקדש און תחית המתים, במהרה בימינו. אמן:

# סדר הזכרת נשמות.

מען איז זיך נוהג צוא דערמאהנען דיא נשמות פון די עלטערן אין שלש רגלים און אום יום כפור און מען זאגט צו צו געבען צדקה וועגן די נשמות:

נאך א פאטער זאגט מען דאס:

יזכור אלהים נשמת אבא מורי פב״פ שהלך לעולמו בעבור שאני נודר צדקה בעדו ובשכר זה תהא נפשו צרורה בצרור החיים עם נשמת אברהם יצחק, ויעקב, שרה, רבקה, רחל ולאה ועם שאר צדיקים וצדקניות שבגן עדן, ונאמר אמן:

יזכור, דו זאלסט געדענקען, גאט, די נשמה פון מיין פאטער פב״פ וואס איז געגאנגען אויף יענער וועלט, דערפאר ווייל איך בין מנדר צדקה פון זיינעט וועגען. און פאר דעם שכר זאהל זיין נשמה זיין פארבונדען אין בונד פון לעבען מיט די נשמות פון אברהם, יצחק ויעקב, שרה, רבקה, רחל ולאה און אנדערע צדיקים וצדקניות וואס זיינען אין גן עדן, און מיר וועלען זאגען אמן:

נאך א מוטער זאגט מען דאס:

יזכור אלהים נשמת אמי מורתי פב״פ שהלכה לעולמה בעבור שאני נודר צדקה בעדה ובשכר זה תהא נפשה צרורה בצרור החיים עם נשמת אברהם, יצחק ויעקב, שרה, רבקה, רחל ולאה ועם שאר צדיקים וצדקניות שבגן עדן ונאמר אמן:

**יִזְכּוֹר**, דו זָאלְסְט גֶעדֶענְקֶען, גָאט, דִי נְשָׁמָה פוּן מַיין מוּטֶער פב"פ וָואס אִיז גֶעגַאנְגֶען אוֹיף יֶענֶער וֶועלְט דֶערְפַאר וַוייל אִיךְ בִּין מְנַדֵר צְדָקָה פוּן אִיהְרֶעט וֶועגֶען אוּן פַאר דֶעם שְׂכַר זָאהְל אִיהְר נְשָׁמָה זַיין פַארְבּוּנְדֶען אִין בּוּנְד פוּן לֶעבֶּען מִיט דִיא נְשָׁמוֹת פוּן אַבְרָהָם, יִצְחָק וְיַעֲקֹב, שָׂרָה, רִבְקָה, רָחֵל וְלֵאָה אוּן אַנְדֶערֶע צַדִיקִים וְצִדְקָנִיּוֹת, וָואס זַיינֶען אִין גַן עֵדֶן, אוּן מִיר וֶועלֶען זָאגֶען אָמֵן:

אוֹיף אַנְדֶערֶע קְרוֹבִים זָאגְט מֶען דָאס:

**יִזְכּוֹר אֱלֹהִים נִשְׁמַת אָבִי וְאִמִּי זְקֵנַי וּזְקֵנוֹתַי דוֹדַי וְדוֹדוֹתַי אַחַי וְאַחְיוֹתַי בֵּין מִצַּד אָבִי בֵּין מִצַּד אִמִּי שֶׁהָלְכוּ לְעוֹלָמָם בַּעֲבוּר שֶׁאֲנִי נוֹדֵר צְדָקָה בַּעֲדָם וּבִשְׂכַר זֶה תִּהְיֶינָה נַפְשׁוֹתָם צְרוּרוֹת בִּצְרוֹר הַחַיִּים עִם נִשְׁמַת אַבְרָהָם, יִצְחָק וְיַעֲקֹב. שָׂרָה, רִבְקָה, רָחֵל וְלֵאָה וְעִם שְׁאָר צַדִּיקִים וְצִדְקָנִיּוֹת שֶׁבְּגַן עֵדֶן, וְנֹאמַר אָמֵן:**

**יִזְכּוֹר**, דוּא זָאלְסְט גֶעדֶענְקֶען, גָאט, דִיא נְשָׁמָה פוּן מַיין עֶלְטֶער־פָאטֶער אוּן מוּטֶער, בְּרִידֶער אוּן שְׁוֶועסְטֶער אוּן פֶעטֶערְס אוּן מוּהְמֶעס וָואס זַיינֶען גֶעגַאנְגֶען אוֹיף יֶענֶער וֶועלְט דֶערְפַאר וַוייל אִיךְ בִּין מְנַדֵר צְדָקָה פוּן זֵייעֶרְט וֶועגֶען אוּן פַאר דֶעם שְׂכַר זָאלֶען זֵייעֶרֶע נְשָׁמוֹת זַיין פַארְבּוּנְדֶען אִין בּוּנְד פוּן לֶעבֶּען מִיט דִיא נְשָׁמוֹת פוּן אַבְרָהָם, יִצְחָק וְיַעֲקֹב, שָׂרָה, רִבְקָה, רָחֵל וְלֵאָה אוּן דִיא אַנְדֶערֶע צַדִיקִים וָואס זַיינֶען אִין גַן עֵדֶן, אוּן מִיר וֶועלֶען זָאגֶען אָמֵן:

**יִזְכּוֹר אֱלֹהִים נִשְׁמַת** פב"פ **וְנִשְׁמַת כָּל קְרוֹבַי וּקְרוֹבוֹתַי הֵן מִצַּד אָבִי וְהֵן מִצַּד אִמִּי הֵן שֶׁהוּמְתוּ הֵן שֶׁנֶּהֶרְגוּ הֵן שֶׁנִּשְׁחֲטוּ וְשֶׁנִּשְׂרְפוּ וְשֶׁנִּטְבְּעוּ וְשֶׁנֶּחְנְקוּ**

עַל קִדּוּשׁ הַשֵּׁם בַּעֲבוּר שֶׁאֶתֵּן צְדָקָה בְּעַד הַזְכָּרַת נִשְׁמוֹתֵיהֶם וּבִשְׂכַר זֶה תִּהְיֶינָה נַפְשׁוֹתֵיהֶם צְרוּרוֹת בִּצְרוֹר הַחַיִּים עִם נִשְׁמוֹתֵיהֶם שֶׁל אַבְרָהָם, יִצְחָק וְיַעֲקֹב, שָׂרָה, רִבְקָה, רָחֵל וְלֵאָה וְעִם שְׁאָר צַדִּיקִים וְצִדְקָנִיּוֹת שֶׁבְּגַן עֵדֶן, וְנֹאמַר אָמֵן:

**יִזְכּוֹר**, דוּ זָאלְסְט גֶעדֶענְקֶען, גָאט, דִי נְשָׁמָה פוּן פב"פ אוּן דִי נְשָׁמָה פוּן יֶעדֶען פוּן מַיינֶע פְרַיינְד אוּן פְרַיינְדִינְס, סַיי פוּן מַיין פָאטֶעְרְ'ס צַד אוּן סַיי פוּן מַיין מוּטֶעְרְ'ס צַד, סַיי זֵיי זַיינֶען גֶעטוֹיטֶעט גֶעווָארֶען, סַיי זֵיי זַיינֶען גֶע'הַרְגֶ'עט גֶעווָארֶען, סַיי זֵיי זַיינֶען גֶעקוֹילֶעט גֶעווָארֶען, פַארְבְּרֶענְט גֶעווָארֶען, דֶערְטְרוּנְקֶען גֶעווָארֶען אָדֶער דֶערְוָוארְגֶען גֶעווָארֶען אוֹיף קִדּוּשׁ הַשֵּׁם, דֶערְפַאר ווַייל אִיךְ וֶועל גֶעבֶּען צְדָקָה פִיר דֶערְמָאהְנֶען זֵייעֶרֶע נְשָׁמוֹת אוּן פַאר דֶעם שְׂכַר זָאלֶען זֵייעֶרֶע נְשָׁמוֹת זַיין פַארְבּוּנְדֶען אִין בּוּנְד פוּן לֶעבֶּען מִיט דִיא נְשָׁמוֹת פוּן אַבְרָהָם, יִצְחָק וְיַעֲקֹב, שָׂרָה, רִבְקָה, רָחֵל וְלֵאָה אוּן אַנְדֶערֶע צַדִּיקִים אוּן צִדְקָנִיּוֹת וָואס זַיינֶען אִין גַן עֵדֶן, אוּן מִיר וֶועלֶען זָאגֶען, אָמֵן:

נָאךְ אַ זָכָר זָאגְט מֶען דָאס:

**אֵל מָלֵא רַחֲמִים** שׁוֹכֵן בַּמְּרוֹמִים הַמְצֵא מְנוּחָה נְכוֹנָה תַּחַת כַּנְפֵי הַשְּׁכִינָה בְּמַעֲלַת קְדוֹשִׁים וּטְהוֹרִים כְּזוֹהַר הָרָקִיעַ מַזְהִירִים אֶת נִשְׁמַת (אָבִי מוֹרִי) פב"פ שֶׁהָלַךְ לְעוֹלָמוֹ בַּעֲבוּר שֶׁאֲנִי נוֹדֵר צְדָקָה בְּעַד הַזְכָּרַת נִשְׁמָתוֹ. בְּגַן עֵדֶן תְּהֵא מְנוּחָתוֹ, לָכֵן בַּעַל הָרַחֲמִים יַסְתִּירֵהוּ בְּסֵתֶר כְּנָפָיו לְעוֹלָמִים וְיִצְרוֹר בִּצְרוֹר הַחַיִּים אֶת נִשְׁמָתוֹ יְיָ הוּא נַחֲלָתוֹ וְיָנוּחַ עַל מִשְׁכָּבוֹ בְּשָׁלוֹם, וְנֹאמַר אָמֵן:

אֵל מָלֵא רַחֲמִים, גָאט בָּרוּךְ הוּא, וָואס אִיז פוּל מִיט דֶערְבַּארְמְקַייט אוּן עֶר רוּהְט אִין הִימֶעל, מַאךְ גְרֵייכֶען אַ רֶעכְטֶע רוּהֶע אִין שׁוּץ פוּן דֶער שְׁכִינָה מִיט הֵיילִיגֶע אוּן רֵיינֶע מַעֲלוֹת אַזוֹי וִויא דָאס לוֹיטֶערְקַייט פוּן הִימֶעל זָאהְל לַייכְטֶען דִיא נְשָׁמָה פוּן מַיין פָאטֶער פב״פ וָואס עֶר אִיז אַוֶועקְגֶענַאנְגֶען צוּא זַיין וֶועלְט דֶערְפַאר וָואס אִיךְ בִּין מְנַדֵר צְדָקָה פַאר דֶערְמָאהְנֶען זַיין נְשָׁמָה. זַיין רוּהוּנְג זָאל זַיין אִין גַן עֵדֶן. דַארוּם זָאל דֶער דֶערְבַּארֶעמִיגֶער אִיהְם בַּאהַאלְטֶען אִין זַיין בַּאהֶעלְטֶענֶעשׁ אוֹיף אֵייבִּיג אוּן זָאל אַיינְבִּינְדֶען אִין בּוּנְד פוּן לֶעבֶּען זַיין נְשָׁמָה, גָאט בָּרוּךְ־הוּא אִיז זַיין אַרְבּ אוּן עֶר זָאל רוּהֶען אִין זַיין קֶבֶר מִיט שָׁלוֹם אוּן מִיר אַלֶע וֶועלֶען זָאגֶען, אָמֵן.

נָאךְ אַ נְקֵבָה זָאגְט מֶען דָאס:

אֵל מָלֵא רַחֲמִים שׁוֹכֵן בַּמְּרוֹמִים הַמְצֵא מְנוּחָה נְכוֹנָה תַּחַת כַּנְפֵי הַשְּׁכִינָה בְּמַעֲלַת קְדוֹשִׁים וּטְהוֹרִים כְּזוֹהַר הָרָקִיעַ מַזְהִירִים אֶת נִשְׁמַת (אִמִּי מוֹרָתִי) פב״פ שֶׁהָלְכָה לְעוֹלָמָהּ בַּעֲבוּר שֶׁאֲנִי נוֹדֵר צְדָקָה בְּעַד הַזְכָּרַת נִשְׁמָתָהּ. בְּגַן עֵדֶן תְּהֵא מְנוּחָתָהּ. לָכֵן בַּעַל הָרַחֲמִים יַסְתִּירֶהָ בְּסֵתֶר כְּנָפָיו לְעוֹלָמִים וְיִצְרוֹר בִּצְרוֹר הַחַיִּים אֶת נִשְׁמָתָהּ יְיָ הוּא נַחֲלָתָהּ וְתָנוּחַ עַל מִשְׁכָּבָהּ בְּשָׁלוֹם, וְנֹאמַר אָמֵן:

אֵל מָלֵא רַחֲמִים, גָאט בָּרוּךְ־הוּא וָואס אִיז פוּל מִיט דֶערְבַּארֶעמְ־קַייט אוּן רוּהְט אִין הִימֶעל, מַאךְ גְרֵייכֶען אַ רֶעכְטֶע רוּהֶע אִין שׁוּטְץ פוּן דֶער שְׁכִינָה מִיט דִיא הֵיילִיגֶע אוּן רֵיינֶע מַעֲלוֹת אַזוֹי וִויא דָאס לוֹיטֶערְקַייט פוּן הִימֶעל זָאל לַייכְטֶען דִי נְשָׁמָה פוּן מַיין מוּטֶער פב״פ וָואס זִי אִיז אַוֶועקְגֶענַאנְגֶען צוּ אִיהְר וֶועלְט. דֶערְפַאר וָואס אִיךְ בִּין מְנַדֵר צְדָקָה פַאר דֶערְמָאהְנֶען אִיהְר נְשָׁמָה אִיהְר רוּהוּנְג זָאל זַיין אִין גַן עֵדֶן. דַארוּם זָאל דֶער דֶערְבַּארֶעמִיגֶער אִיהְר בַּאהַאלְטֶען אִין

זיין באהעלטענעש אויף אייביג און זאל זיין איינגעבינדען אין בונד פון לעבען איהר נשמה גאט ברוך־הוא איז איהר ארב. און זי זאל רוה־ען אין קבר מיט שלום און מיר וועלען זאגען, אמן:

# א נייע הזכרת־נשמות־תחנה פאר געהרג׳עטע אין א מלחמה:

אלהינו ואלהי אבותינו, אונזער גאט און דער גאט פון אונזערע עלטערען. זכר נא, געדענק דיא נשמות פון דיא וואס זיינען געפאלען טוידט אין דער מלחמה, זאל די בלוט פון יעדען איינציגען פון זייא זיין גע־רעכענט פאר דיר אזוי ווי א קרבן עולה און דוא זאלסט זיי־ערע הייליגע נשמות באשיטצען אונטער די פליגעל פון דיין הייליגע שכינה און זיי זאלען לייכטען אזוי וויא שטערען אין דיין כסא הכבוד.

אתה האל אשר בידך נפשות החיים והמתים דו גאט וואס אין דיין רשות זיינען די זעלען פון די לעבעדיגע און פון די טוידטע, דוא האסט באשאפען דעם מענשען און אין איהם אריינגעבלאזען א הייליגע נשמה און דוא האסט אויך באשאפען תתק״ג מיני מיתה. ניין הונדערט מיט דריי מינים טוידט. דער וואס איז זוכה, דער וואס פארדיענט בייא דיר לעבט אוים זיינע יאהרען און שטארבט מיט א געוואוינליכען טוידט און מיט וידוי אויף זיין אייגענע בעט אין די אנוועזענ־הייט פון זיין פרוי און קינדער און משפחה, וועלכע באוויינען איהם און זעהען אז ער זאל קומען צוא קבר ישראל כדת וכדין, די אבער וואס זיינען ניט זוכה שטארבען פאר דער צייט אין דער פרעמד מיט ניט קיין געוואוינליכען טוידט

אָהן וִידוּי און וֶוערֶען נָאךְ חַס וְשָׁלוֹם בַּאגְרָאבֶּען אָהן טַהֲרָה און אָהן תַּכְרִיכִים אָט דָאס איז דֶער שְׁרֶעקְלִיכֶער שִׁיקְזַאל פון הֲרוּגֵי מִלְחָמָה. זֵיי וֶוערֶען אָבְגֶערִיסֶען פון דֶער וֶועלְט פַּאר דֶער צַייט. דִיא מֶעהְרְסְטֶע פון זֵייא אִין זֵייעֶרֶע בֶּעסְטֶע בְּלִיהֶענְדֶע יָאהרֶען. זֵייעֶר טוֹיְדְט קוּמְט זֵיי פְּלוּצְלִינְג און זֵיי הָאבֶּען קַיין צַייט צוּא פַארְבֶּערֵייטֶען זִיךְ און וִידוּי זָאגֶען. זֵיי קוּמֶען אוֹיךְ נִיט צוּ קְבוּרָה נָאכְ׳ן אִידִישֶׁען דִין און עֶס וֶוערְט אוֹיף זֵיי מְקוּיָם דִי שׁוֹידֶערְלִיכֶע קְלָלָה: „וְהָיְתָה נִבְלָתָם לְמַאֲכָל לְעוֹף הַשָּׁמַיִם וּלְחַיַּת הָאָרֶץ״. זֵייעֶרֶע קֶערְפֶּערְס וַואלְגֶערֶען זִיךְ אוֹיפְ׳ן פֶעלְד און רָאבֶּען און אַנְדֶערֶע פוֹיגֶלֶען פִּיקֶען אוֹיס זֵייעֶרֶע אוֹיגֶען און הוּנְגֶערִיגֶע וֶועלְף זֶעטִיגֶען זִיךְ מִיט זֵייעֶר פְלֵייש. רִבּוֹנוֹ שֶׁל עוֹלָם, אִין דִיעֶזֶען טָאג פון הַזְכָּרַת נְשָׁמוֹת בֶּעטֶען אִידִישֶׁע קִינְדֶער פַאר דִיא נְשָׁמוֹת פון זֵייעֶרֶע פֶּער־שְׁטָארְבֶּענֶע עֶלְטֶערֶען, קִינְדֶער און קְרוֹבִים. פַאר דִי נְשָׁמוֹת אָבֶּער פון דִי גֶע׳הַרְגֶ׳עטֶע אִין מִלְחָמָה דַארְפֶען אַלֶע בֶּעטֶען, דֶער כְּלַל יִשְׂרָאֵל דַארְף פַאר זֵיי תְּפִלָּה טְהָאן, וַוייל זֵיי זַיינֶען גֶעקוּמֶען צוּ זֵייעֶר שְׁרֶעקְלִיכֶען טוֹיְדְט נִיט פַאר זֵייעֶר אֵיינֶענֶע זִינְד, נוּר פַאר דִי פִיעלֶע זִינְד פון דוֹר, וַוייל יִשְׂרָאֵל עֲרֵבִין זֶה בָּזֶה, אִידֶען זַיינֶען עָרֵב אֵיינֶע פַאר דִי אַנְדֶערֶע און אוּנְשׁוּלְ־דִיגֶע וֶוערֶען אָפְטְמָאהְל בַּאשְׁטְרָאפְט פַאר שׁוּלְדִיגֶע. עֶס קֶען דָאךְ נִיט זַיין, אַז אַ מֶענְשׁ זָאל זַיין אַזוֹי פִיעל זִינְדִיג אַז עֶר זָאל אַזוֹי שׁוֹידֶערְלִיךְ בֶּעשְׁטְרָאפְט וֶוערֶען. עֶס אִיז דַאר־רִיבֶּער קַיין סָפֵק אַז מִיר אַלֶע הָאבֶּען אַ חֵלֶק אִין דֶעם טוֹיְדְט פון יֶענֶע קְדוֹשִׁים וָואס זַיינֶען דֶערְשָׁאסֶען אָדֶער דֶערְשְׁטָאכֶען גֶעוָוארֶען אוֹיפְ׳ן שְׁלַאכְטְפֶעלְד, און מִיר דַארְפֶען מְחִילָה בֶּער־טֶען בַּייא זֵייעֶרֶע הֵיילִיגֶע נְשָׁמוֹת און אוֹיךְ תְּפִלָּה טְהָאן צוּא גָאט פַאר זֵיי.

**הבט** משמים וראה, קיק גאטעניו, פון הימעל און זעה דעם צער פון די אלמנות און יתומים פון די הרוגי מלחמה. זעה אויך דעם צער פון זייערע טאטעס און מאמעס, פון זייערע שוועסטער און ברידער, וועלכע ווייסען ניט וואו דיא קברים פון זייערע ליעבע און טהייערע זיינען. זיי קענען נעך באך ניט געהן אויסוויינען זייערע ביטערע הערצער אויף די בערגלאך ערד, אונטער וועלכע עס רוהען די ביינער פון די געפאלענע קרבנות, ווייל קיינע מצבות זיינען אויף זייערע קברים ניט דא און זיי זיינען מיט קיין זאך ניט בעצייכענט. אנא ה׳, איך בעט דיך גאט, טרייסט די אונגליקליכע וועלכע האבען פערלארען זייערע ליעבסטע און טייערסטע אויף אזא שווערליכען אופן, און די היילינע נשמות פון די הרוגים, וועלכע האבען געווים פאר זייער טוידט אויסגעשריהען „שמע ישראל ה׳ אלהינו ה׳ אחד!“ זאלסטו, ליעבער גאט, געבען א פלאץ אין גן עדן צווישען דיא אבות הקדושים און צווישען אלע צדיקים וחסידים. דאס וואס זיי זיינען ניט געקומען צוא קבר ישראל דאס וואס זייערע קערפערם זיינען נקבר געווארען צוזאמען מיט דיא קערפערם פון ניט אידישע הרוגים זאהל ניט זיין קיין שטערונג אויפצוהויבען זייערע נשמות למעלה למעלה, ויניחו בשלום על משכבותם ונאמר אמן.

## א נייע הזכרת־נשמות־תחנה פאר גע'הרג'עטע אין פאגראמען:

**יזכור** אלהים, זאל גאט דערמאהנען דיא נשמות פון גע־הרג'עטע, געקוילעטע און דערשטאכענע אין פאגראמען. זאל זייער אומזיסט פארגאסענע בלוט זיך ציהען

אַזוי וויא אַ שְׁטְרָאם פַארְן כִּסֵא הַכָּבוֹד און זָאהְל אויף דיא שְׁלֶעכְטֶע מֶענְשֶׁען, אויף די פָּאגְרָאמֶען מַאכֶער מְקוּיָם וֶוערֶען דֶער פָּסוּק: „וְחַטָּאתָם נֶגְדִּי תָמִיד". זָאהְל דיא הֵיילִיגֶע בְּלוּט בְּרוּיזֶען און רוּישֶׁען אַזוי ווי די כְּוַואלְיֶעס פון יַם און זָאל דיא בְּלוּט נִיט שְׁטִיל וֶוערֶען בִּיז דֶער שׁוֹפֵט צֶדֶק וֶועט די רְשָׁעִים מִשְׁפָּט׳ן לויט וויא זַייא הָאבֶען פַארְדִיענְט. און זָאהְל מְקוּיָם וֶוערֶען אַזוי וויא אִין פָּסוּק שְׁטֶעהְט: „וְנִקֵּיתִי דָמָם לֹא נִקֵּיתִי". אִיךְ וֶועל דיא זִינְדִיגֶע מוֹחֵל זַיין אַנְדֶערֶע זַאכֶען, אָבֶער נִישְׁט אויף די זִינְד פון פַארְגִיעסֶען בְּלוּט:

**יִזְכּוֹר** אֱלֹהִים, זָאהְל גָאט דֶערְמָאהְנֶען דיא נְשָׁמוֹת פון דיא אוּנְשׁוּלְדִיגֶע פְרוֹיעֶן, וֶועלְכֶע זַיינֶען גֶעטוֹידְטֶעט גֶעוָוארֶען מִיט גְרוֹיס אַכְזָרִיוּת, און זָאל דֶער דוֹרֵשׁ דָמִים הַאלְטֶען זַייעֶר אוּמְזִיסְט פַארְגָאסֶענֶע בְּלוּט אִין אַ לָאגֶעל אַזוי ווי עֶר הַאלְט די טְרֶעהְרֶען פון פָאלְק יִשְׂרָאֵל אִין אַ לָאגֶעל. זָאל דֶער דוֹרֵשׁ דָמִים בַּאצָאהְלֶען די דָאזִיגֶע רְשָׁעִים מִדָּה כְּנֶגֶד מִדָּה, כְּדֵי אַלֶע זָאלֶען זֶעהֶען. וויסֶען אַז אִידִישֶׁעס בְּלוּט אִיז נִישְׁט הֶפְקֵר און אַז עֶס אִיז פַארְהַאן אַ גָאט אִין הִימֶעל וָואס נֶעהְמְט זִיךְ אָן פַאר זַיין אוֹיסֶערְוֶועהְלְטֶעס פָאלְק:

**יִזְכּוֹר** אֱלֹהִים, זָאהְל גָאט דֶערְמָאהְנֶען דיא רֵיינֶע כַּשֵׁר׳ע נְשָׁמָה׳לַאךְ פון די יוּנְגֶע קִינְדֶער, פון דיא עוֹפָה׳לַאךְ, וֶועלְכֶע זַיינֶען אוּמְגֶעבְּרַאכְט גֶעוָוארֶען אויף אַ שׁוֹידֶערְלִיכֶען אוֹפֶן. זָאהְל, רִבּוֹנוֹ שֶׁל עוֹלָם, שְׁטֶעהְדִיג זַיין פַאר דַיינֶע אוֹיגֶען דיא צוּשְׁמֶעטֶערְטֶע מוֹחַ׳לַאךְ און דיא אוֹיסְגֶערוּנֶענֶע גֶעהִירֶען פון די אוּנְשׁוּלְדִיגֶע קִינְדֶערְלַאךְ, וֶועלְכֶע די אַכְזָרִים הָאבֶען גֶעשְׁלַיידֶערְט פון הוֹיכֶע פֶענְסְטֶער אָדֶער הָאבֶען זַייא

גֶעהַאלְטֶען פַאר דִיא פִּיסְלַאךְ אוּן צוּשְׁמֶעטֶערְט. זֵייעֶרֶע קֶעפּ קְלַאפֶּענְדִיג זֵיי אָן שְׁטֵיינֶער. יִזְכּוֹר אֱלֹהִים. זָאהְל גָאט דֶערְמָאהְנֶען דִי אַלֶע שׁוידֶערְלִיכֶע טְהַאטֶען וָואס זַיינֶען בַּאגַאנְגֶען גֶעוָוארֶען גֶעגֶען דַיין פָאלְק אִין צַייט פוּן פָּאגְרָאמֶען. זָאגֶען דִי שׁוידֶערְלִיכֶע בִּילְדֶער, וִוי זֵיי הָאבֶּען גֶעקְלַאפְּט מְשֻׁוגַעקֶעס אִין דִי מוֹחוֹת פוּן אִידִישֶׁע קִינְדֶער, שְׁטֶענְדִיג שְׁטֶעהֶען פַאר זַיינֶע אוֹיגֶען אוּן זָאהְל דֶער שׁוֹפֵט צֶדֶק זִיךְ אָפְּרֶעכֶענֶען מִיט דִיא אוּנְמֶענְשֶׁען לוֹיט זֵייעֶרֶע מַעֲשִׂים, וְתַעֲבִיר מֶמְשֶׁלֶת זָדוֹן מִן הָאָרֶץ:

וְאַתֵּנָה הַנְּשָׁמוֹת הַקְּדוֹשׁוֹת, אוּן אִיהְר הֵיילִיגֶע נְשָׁמוֹת, מִיר ווַייסֶען אַז אִיהְר הָאט גֶעלִיטֶען אוּן גֶעפֵּיינִיגְט גֶעוָוארֶען נִיט פַאר אֵייעֶר אֵייגֶענֶע זִינְד, זָאנְדֶערְן פַאר דִיא זִינְד פוּן אוּנְז אַלֶע. אוֹיף אַיךְ אִיז גֶעפַאלֶען דֶער גוֹרָל אַז אִיהְר זָאלְט אָפְּקוּמֶען פַאר אוּנְזֶערֶע אַלֶעמֶענְס חֲטָאִים. דַארִיבֶּער בֶּעטֶען מִיר אַיךְ אַז אִיהְר זָאלְט אוּנְז מוֹחֵל זַיין אוּן אִיהְר זָאלְט שְׁטֶעהְן פַארְ׳ן כִּסֵּא הַכָּבוֹד אוּן בֶּעטֶען גָאט פַאר אֵייעֶרֶע אֵייגֶענֶע אוּן פַארְ׳ן גַאנְצֶען כְּלַל יִשְׂרָאֵל. זַייט דָארְט מְלִיצֵי יוֹשֶׁר פַאר אוּנְז אַלֶע, דֶען אִיהְר זַייט דָאךְ שׁוֹין גֶעוִוים אוֹיסְגֶעלַייטֶערְטֶע, אִיהְר זַיינְט דָאךְ שׁוֹין גֶעוִוים אָפְּגֶעקוּמֶען גֶענוּג אוֹיף דִיעזֶער זִינְדִיגֶער וֶועלְט אוּן אֵייעֶרֶע תְּפִלּוֹת וֶוערֶען גֶעוִוים אָנְגֶענוּמֶען וֶוערֶען בֶּעסֶער וִוי דִי תְּפִלּוֹת פוּן אוּנְז זִינְדִיגֶע מֶענְשֶׁען. בֶּעט דָארְט, אוּנְזֶערֶע הֵיילִיגֶע אָבוֹת אוּן אִמָּהוֹת אַז זֵייא זָאלֶען זִיךְ מִשְׁתַּדֵּל זַיין פַאר אוּנְז אוּן צוּלִיעבּ דֶעם זְכוּת, וָואס מִיר זַיינֶען אִיצְט מַזְכִּיר אֵייעֶרֶע נְשָׁמוֹת זָאל אוּנְז גָאט דֶערְמָאהְנֶען צוּ גוּטֶען אוּן מִיר זָאלֶען מֶעהְר נִישְׁט ווִיסֶען פוּן פָּאגְרָאמֶען אוּן אַנְדֶערֶע צָרוֹת אוּן פּוּרְעָנִיּוֹת. זָאל מְקוּיָּם וֶוערֶען אַזוֹיא וַויא מִיר בֶּעטֶען אִין אוּנְזֶערֶע הֵיילִיגֶע

תְּפִלּוֹת: „וְכָל הָרִשְׁעָה כֻּלָּהּ כְּעָשָׁן תִּכְלֶה“, „וְהַזֵּדִים מְהֵרָה תְּעַקֵּר וּתְשַׁבֵּר וּתְמַגֵּר וְתַכְנִיעֵם בִּמְהֵרָה בְיָמֵינוּ“, אָמֵן וְאָמֵן:

# אַ נַייעֶ הַזְכָּרַת־נְשָׁמוֹת־תְּחִנָּה פַאר אוּמְגֶעקוּמֶענֶע אִין שְׂרֵפוֹת.

**אֵל** מָלֵא רַחֲמִים שׁוֹכֵן בַּמְּרוֹמִים, גָאט, וָואס אִיז פוּל מִיט רַחֲמָנוּת אוּן רוּהְט אִין דִי הִימְלֶען, גֶעדֶענְק דִיא נְשָׁמוֹת פוּן דִי פַארְבְּרֶענְטֶע, דֶערְשְׁטִיקְט אוּן גֶע'הַרְגֶ'עטֶע אִין שְׂרֵפוֹת. זָאלֶען דִיא דָאזִיגֶע הֵיילִיגֶע נְשָׁמוֹת אַיינְגֶעפַּאסְט זַיין אִין דַיין קְרוֹין אוּן זָאלֶען זֵיי שַׁיינֶען אוּן בְּלַיאסְקֶען כְּזוֹהַר הָרָקִיעַ, אַזוֹי וִוי דִי שַׁיינוּנְגֶען פוּן הִימֶעל. זָאלֶען זֵיי פַארְבְּרֶענֶען, פַארְנִיכְטֶען אוּן פַארְטִילִיגֶען דִיא בֵּייזֶע רוּחוֹת אוּן שֵׁדִים וָואס זַיינֶען בַּאשַׁאפֶען גֶעוָוארֶען פוּן אוּנְזֶערֶע זִינְד. אוּן זָאלֶען זֵייא שְׁטִיל מַאכֶען דִיא מְקַטְרְגִים וָואס רֶעדֶען אוֹיף אוּנְז שְׁלֶעכְטֶעס אוּן זָאהְל דֶער שַׂר שֶׁל אֵשׁ שׁוֹין מֶעהְר נִישְׁט הָאבֶען קַיין שְׁלִיטָה אוֹיף אוּנְז, אוּנְזֶערֶע קִינְדֶער אוּן כָּל יִשְׂרָאֵל:

**אֵל** מָלֵא רַחֲמִים, גָאט, וָואס דוּ בִּיסְט פוּל מִיט רַחֲמָנוּת אוּן דוּ ווִילְסְט נִיט זֶעהְן דֶעם טוֹיְדְט אֲפִילוּ אוֹיף דִי רְשָׁעִים, וִוי דוּ הָאסְט גֶעזָאגְט דוּרְךְ דַיין נָבִיא יְחֶזְקֵאל: „הֶחָפֵץ אֶחְפֹּץ מוֹת רָשָׁע, הֲלֹא בְּשׁוּבוֹ מִדְּרָכָיו וְחָיָה“, צוּא דֶען ווִיל אִיךְ: אַז דֶער רָשָׁע זָאהְל שְׁטַארְבֶּען, אִיךְ ווִיל בֶּעסֶער עֶר זָאל תְּשׁוּבָה טְהָאן אוּן בְּלַייבֶּען לֶעבֶּען. מִיר זֶעהֶען אָבֶּער אַז אֲפִילוּ נִישְׁט קַיין רְשָׁעִים, אֲפִילוּ גָאר אוּנְשׁוּלְדִיגֶע שְׁטַארְבֶּען אָהְן דֶער צַייט אוּן אֲפִילוּ נִישְׁט מִיט קַיין גֶעווֶעהְנְלִיכֶען טוֹיְדְט, נָאר דוּרְךְ אַלֶרְלֵיי מִיתוֹת מְשׁוּנוֹת, חַס וְשָׁלוֹם. וָורוּם זְשֶׁע אִיז דָאס? דָאס אִיז צוּלִיעבּ דֶעם, ווַייל יִשְׂרָאֵל עֲרֵבִין זֶה בָּזֶה, ווַייל אִידֶען זַיי־

נען ערב איינער פאר'ן אנדערען, דען דאס גאנצע פאלק ישראל איז אזויא וויא איין גוף און איין נשמה און עס קומט דאריבער אפטמאל אויס אז אונשולדיגע ווערען געשטראפט פאר שולדיגע, אקוראט אזוי ווי א קינד וואס טהוט עפעס אן עולה מיט די הענד אדער מיט'ן מויל און זיין פאטער שלאגט איהם אין די באקען, כאטש די באקען האבען קיינע שלעכ־טעס געטהאן. רבונו של עולם, די דאזיגע אומגעקומענע אין שרפות אין פאבריקען און אין וואהנונגען זיינען געוועזען א גליד פון כלל ישראל און זיי זיינען אפשר געשטראפט געווארען פאר דיא זינד וואס אנדערע גליעדער פון פאלק האבען גע־טהאן. בעט איך דיר, דערבארמדיגער גאט, אז זייער טוידט גופא זאהל אונז ניט גערעכענט ווערען פאר א זינד, אז דוא זאלסט אונז נישט שטראפען דערפאר וואס מיר האבען מיט אונזערע חטאים גורם געוועזען זייער טוידט. און דיא הייליגע נשמות, בעט איך אויך, אז זייא זאלען אונז מוחל זיין און זיין דארט אין הימעל מליצי יושר, פאר מיר, פאר מיין מאן, פאר מיינע קינדער און קרובים און פאר אלע אידען:

**אל** מלא רחמים, גאט, וואס דוא ביסט פול מיט רחמנות, בזמן שבית המקדש היה קים, ווען אונזער בית המקדש איז געשטאנען, ווען מיר זיינען געזעסען אין אונזער אייגענע הייליגע לאנד און מיר האבען געהאט אונזערע סנהדרין זיי־נען געוועזען ארבע מיתות בית דין: סקילה, שרפה, הרג וחנק. דיא גמרא הקדושה זאגט, אז כאטש דיא סנהדרין זיינען בעונותינו הרבים, בטל געווארען, אבער דיא ארבע מיתות בית דין זיינען ניט בטל געווארען. דער וואס איז חלילה חיב סקילה, זאגט די הייליגע גמרא, פאלט ער אראפ פון א דאך און ווערט גע'הרג'עט, דער וואס טהוט אזא עבירה פאר וועלכע

עֶס קוּמְט חַס וְשָׁלוֹם שְׂרֵפָה, וֶוערְט פַארְבְּרֶענְט. דִיא קָרְבָּנוֹת פוּן שְׂרֵפוֹת, דִי פִּיעלֶע אִידִישֶׁע קִינְדֶער וָואס זַיינֶען אוּמְגֶעקוּ־מֶען אִין שְׂרֵפוֹת אִין דִי פַאבְּרִיקֶען וואוּ זֵיי זַיינֶען פַארְבְּרֶענְט גֶעוָוארֶען אָדֶער גֶעטוֹידְטֶעט גֶעוָוארֶען שְׁפְּרִינְגֶענְדִיג דוּרְךְ דִי פֶענְסְטֶער, זַיינֶען גֶעווֹיס נִיט גֶעוֶועזֶען אַזוֹי זִינְדִיג אַז עֶס זָאהְל זֵייא קוּמֶען גֶעשְׁטְרָאפְט צוּא וֶוערֶען מִיט דִיא שְׁרֶעקְלִיכְסְטֶע שְׁטְרָאפֶען סְקִילָה וּשְׂרֵפָה. זֵיי הָאבֶּען דָאךְ דָארְט גֶעאַרְבֵּייט מִיט בְּלוּטִיגֶען שְׁוֵייס אוּן פַארְדִיעְנְט אַ כָּשֵׁר שְׁטִיקֶעל בְּרוֹיט. מַאנְכֶע יוּנְגֶע קִינְדֶער הָאבֶּען דָאךְ דָארְט גֶעהָארֶעוֶועט צוּ מְפַרְנֵס זַיין אַן אַלְטֶען טַאטֶען, אַ שְׁוַואכֶע מַאמֶע אָדֶער קְלֵיי־נֶע בְּרִידֶערְלַאךְ אוּן שְׁוֶועסְטֶערְלַאךְ, אוּן דִיעזֶער זְכוּת אַלֵיין, הָאט זֵיי שׁוֹין גֶעדַארְפְט בַּיישְׁטֶעהְן, אַז זֵייא זָאלֶען נִיצוֹל וֶוע־רֶען פוּן שְׁרֶעקְלִיכֶען טוֹידְט. אָבֶּער דָאס זַיינֶען זֵייא אָפְּגֶעקוּ־מֶען פַאר דִיא זִינְד פוּן אוּנְז אַלֶע, אוּן דַארִיבֶּער דַארְפֶען מִיר דָא מַזְכִּיר זַיין זֵייעֶרֶע הֵיילִיגֶע נְשָׁמוֹת אוּן בֶּעטֶען מִיט גְרוֹיס הַכְנָעָה, אַז זֵיי זָאלֶען אוּנְז פַארְצַייהֶען אוּן פַארְגֶעבֶּען אוּן זֵיי זָאלֶען פוּן אוּנְז נִישְׁט מָאהְנֶען קֵיין דִין וְחֶשְׁבּוֹן דֶערְפַאר וָואס מִיר הָאבֶּען מִיט אוּנְזֶערֶע זִינְד גֶערוֹיבְּט זֵייעֶרֶע לֶעבֶּענְס אוֹיף אַזַא שׁוֹידֶערְלִיכֶען אוֹפֶן. אוּן דוּ, אֵל טוֹב וְסַלָּח, זָאלְסְט אוּנְז אוֹיךְ מְכַפֵּר זַיין אַלֶע אוּנְזֶערֶע חֲטָאִים אוּן קֵיינֶער זָאל מֶעהְר נִישְׁט גֶעשְׁטְרָאפְט וֶוערֶען פַאר אוּנְזֶערֶע זִינְד. זָאלֶען שׁוֹין, רִבּוֹנוֹ שֶׁל עוֹלָם, מֶעהְר אַזֶעלְכֶע אוּנְגְלִיקֶען נִיט טְרֶעפֶען אוּן זָאל אוֹיף אַלֶע אִידֶען מְקוּיָם וֶוערֶען דֶער פָּסוּק: „כִּי תֵלֵךְ בְּמוֹ אֵשׁ לֹא תִכָּוֶה וְלֶהָבָה לֹא תִבְעַר בָּךְ“, אַז דוּ וֶועסְט גֶעהְן אִין פַייעֶר וֶועסְטוּ נִיט פַארְסְמַאלְיֶעט וֶוערֶען אוּן אַ פְלַאם פַייעֶר וֶועט אִין דִיר נִיט בְּרֶענֶען. בָּרוּךְ אַתָּה, שׁוֹמֵעַ תְּפִלָּה:

# אַ נײַע הַזְכָּרַת־נְשָׁמוֹת־תְּחִנָּה פַאר דֶערְטְרוּנְקֶענֶע אִין יַם.

**יִזְכּוֹר** אֱלֹהִים, זָאל גָאט דֶערְמָאהְנֶען דִי הֵיילִיגֶע נְשָׁמוֹת פוּן דֶערְטְרוּנְקֶענֶע אִין יַם. זָאהְל פוּן דִיעזֶע נְשָׁמוֹת גֶע־פְלָאכְטֶען וֶוערֶען אַ קְרַאנְץ אַרוּם דַיין קְרוֹין אוּן זָאלֶען זַייא קֵיינְמָאל נִיט אָפְּגֶעשֵׁיידְט וֶוערֶען פוּן דַיין כִּסֵא הַכָּבוֹד:

**יִזְכּוֹר** אֱלֹהִים, זָאל גָאט דֶערְמָאהְנֶען יֶענֶע קְדוֹשִׁים וָואס זַייְ־נֶען אוּמְגֶעקוּמֶען אוֹיף דֶער שִׁיף טִיטַאנִיק. אוּן כָאטְשׁ אֲפִילוּ זַייעֶרֶע גוּפִים זַיינֶען צוּזֶעעט אוּן צוּשְׁפְּרֵייט גֶעוָוארֶען אִיבֶּערְן בְּרֵייטֶען יַם אוּן גְרוֹיסֶע פִישׁ אוּן יַם־חַיּוֹת הָאבֶּען זִיךְ גֶעזֶעטִיגְט מִיט זֵייעֶר פְלֵייש, זָאלֶען אָבֶּער זַייעֶרֶע הֵיילִיגֶע נְשָׁמוֹת זַיין אַלֶע צוּזַאמֶען אִין אֵיין פְּלַאטְץ בַּאהֶעפְט מִיט דַיין הֵיילִיגֶע שְׁכִינָה. זָאלֶען זַייא אַלֶע צוּזַאמֶען שְׁטֶענְדִיג זַיין פַאר דַיינֶע אוֹיגֶען אוּן זֵייעֶר זְכוּת זָאהְל מֵגֵן זַיין אוֹיף זַייעֶרֶע וַוייְ־בֶּער, קִינְדֶער, עֶלְטֶערֶען קְרוֹבִים אוּן כָּל יִשְׂרָאֵל. זָאל זֵייעֶר שְׁרֶעקְלִיכֶער טוֹיט זַיין אַ כַּפָּרָה אוֹיף אוּנְזֶערֶע אַלֶעמֶענְס זִינְד אוּן מִיר זָאלֶען בַּאהִיט אוּן בַּאשִׁירֶעמְט וֶוערֶען פוּן וַואסֶער אוּן פוּן פַייעֶר אוּן פוּן כָּל מִינֵי פּוּרְעָנִיּוֹת, בִּזְכוּת וָוס מִיר זַייְ־נֶען אִיצְט מַזְכִּיר זַייעֶרֶע נְשָׁמוֹת אוּן מִיר פַארְגִיעסֶען טְרֶעהְ־רֶען אוֹיף זַייעֶר טוֹיְדט:

**יִזְכּוֹר** אֱלֹהִים, זָאל גָאט דֶערְמָאהְנֶען יֶענֶע קְדוֹשִׁים וּטְהוֹרִים, וָואס הָאבֶּען זִיךְ מַקְרִיב גֶעוֶוען פַאר אַנְדֶערֶע. זָאלֶען שְׁטֶענְדִיג שְׁטֶעהְן פַאר דַיינֶע אוֹיגֶען דִיא שׁוּידֶערְלִיכֶע פַּאסִי־רוּנְגֶען בַּיי יֶענֶעם גְרוֹיסֶען יַם־אוּנְגְלִיק. דוּ, לִיעבֶּער גָאט, וָוס דוּ בִּיזְט אַ צוֹפֶה וּמַבִּיט עַד סוֹף כָּל הַדּוֹרוֹת, זָאלְסְטוּ שְׁטֶענְ־דִיג קוּקֶען אוֹיף דִיא שְׁרֶעקְלִיכֶע סְצֶענֶעס וִויא מֶענֶער הָאבֶּען

איבּערגעגעבּען זייערע רעטונגס־גארטלען און זייערע פּלעצער אין דיא שיפלאך צו פרויען און אליין זיינען זיי געזונקען אין דיא טיעפענים פון ים מיט דיין היליגען נאמען אויף זייערע ליפּען. רבונו של עולם, די גמרא זאגט: „כל המקים נפש אחת מישראל כּאלו קים עולם מלא”. דער וואס האלט אויף איין אידישע נשמה איז אזוי וויא ער האלט אויף א גאנצע וועלט. היינט וויפיעל וועלטען האבען דיא דאזיגע קדושים וטהורים אויפגעהאלטען דערמיט וואס זיי האבען דורך זייער איינענעם שרעקליכען טוידט גערעטעט אנדערע פון טוידט, און וויא גרוים דארף זיין דער זכות פון דיא דאזיגע קרבנות, וואס האבען אין דער צייט פון גרויסען אונגליק געזאגט: „בידך אפקיד רוחי”, אין דיין האנד, רבונו של עולם, גיעב איך איבער מיין זעלע, אום אנדערע זאלען גערעטעט ווערען. זאל זייער זכות, הארציגער פאטער אין הימעל, טאקע מגין זיין אויף אונז און אויף כל ישראל:

# א הזכרה פיר איזידאר און אידא שטראוס

**יזכור** אלהים, זאל גאט דערמאהנען די היילינע נשמות פון איזידאר ב”ר אליעזר און אידא בת רבּי נתן די טהייערע און באליעבּטע פּאאר פּאלק, וואס האבען געטהאן פיל גוטעס בּיי זייער לעבען, ווס זיינען געגעבען האנד אין האנד צו העלפען ארימע און געדריקטע, צוא שטיצען אלטע, קראנקע און שוואכע. יזכור אלהים, זאל גאט דערמאהנען דעם זכות פון די צוויי נאבעלע נשמות, וואס האבען זיך אויך פאראייניגט אין זייער טויט בּיי דעם אונגליק פון דער שיף טיטאניק. באשר תלך אלך, וואוהין דו וועסט געהן וועל איך אויך געהן, האט די נאבעלע פרוי געזאגט צו איהר מאן—און זי האט זיך

נִיט גֶעוָואלְט רֶעטֶען וויסֶענְדִיג אז אִיהְר מַאן וֶועט דֶערְטְרוּנְ־קֶען וֶוערֶן. דִי צְוֵויי פַאַרְאֵיינִיגְטֶע נְשָׁמוֹת זַיינֶען גֶעפַאלֶען אֵיי־נֶע די אַנְדֶערֶע אוֹיף די הֶעלְדְזֶער און זַיינֶען צוּזַאמֶען גֶעזוּנְקֶען מִיט „שְׁמַע יִשְׂרָאֵל" אוֹיף זֵייעֶרֶע לִיפֶּען. הַנֶאֱהָבִים וְהַנְעִימִים בְּחַיֵיהֶם וּבְמוֹתָם לֹא נִפְרָדוּ. דִיא גֶעלִיבְּטֶע אִין זֵייעֶר לֶעבֶּען הָאבֶּען זִיךְ מִיט זֵייעֶר טוֹידְט אוֹיךְ נִיט צוּשֵׁיידֶעט און זֵייעֶרֶע בֵּיידֶענְס הֵיילִיגֶע נְשָׁמוֹת זַיינֶען צוּזַאמֶען אַרוֹיף אִין הִימֶעל צוּ זֵייעֶר בַּאשֶׁעפֶער:

לִיעבֶּער גָאט, דֶערְמָאהְן זֵייעֶרֶע נְשָׁמוֹת און אַלֶע נְשָׁמוֹת פוּן דֶערְטְרוּנְקֶענֶע, הֵן אִין יַמִים, הֵן אִין טַייכֶען און בֵּייזֶער זִיךְ אָן אוֹיפְ'ן שַׂר שֶׁל יָם, אַז עֶר זָאל אַיינְהַאלְטֶען זַיין צָארְן. זָאל אוֹיף אוּנְז מְקוּיָם וֶוערֶען דֶער פָּסוּק: „כִּי תָבֹא בַמַיִם אִתְּךָ אָנִי וּנְהָרוֹת לֹא יִשְׁטְפוּךָ", אַז דוּ וֶועסְט קוּמֶען אִין וַואסֶער וֶועל אִיךְ מִיט דִיר זַיין און טַייכֶען וֶועלֶען דִיךְ נִישְׁט פַארְפְלֵייצֶען. און זֵיי, דִיא הֵיילִיגֶע נְשָׁמוֹת פוּן דֶערְטְרוּנְקֶענֶע, זָאלֶען רוּהֶען בְּשָׁלוֹם און נֶהֱנֶה זַיין מִזִיו הַשְּׁכִינָה, אָמֵן וְאָמֵן:

# אַ תְּחִנָּה וֶוען דֶער חַזָן זָאגְט דִיא עֲבוֹדָה און דֶער עוֹלָם פַאלְט כּוֹרְעִים:

פָּאַ־כְטִיגֶער גָאט! אַזוֹי ווִי דֶער כֹּהֵן גָדוֹל פְלֶעגְט אֵיין מָאהְל אִין יָאהְר אַרַיינְגֶעהֶען אִין קָדְשֵׁי הַקָדָשִׁים מִיט גְרוֹיס מוֹרָא, אַזוֹי פַאלֶען הַיינְט די אִידֶען כּוֹרְעִים מִיט גרויס שְׁרֶעק, אוּם דֶערְמִיט מְקַיֵים צוּא זַיין וְנַפְשִׁי כֶּעָפָר לַכֹּל תִּהְיֶה, אִיךְ בֶּעט בַּיי גָאט עֶר זָאל טְהָאן וִויא אִין פָּסוּק שְׁטֶעהְט גֶעשְׁרִיבֶּען מֵקִים מֵעָפָר דָל. אוֹיךְ עֶרְאִינֶער אִיךְ מִיךְ דוּרְךְ דֶעם פַאלֶען כּוֹרְעִים, אַז עֶס וֶועט קוּמֶען אַ צֵייט וָואס אִיךְ וֶועל לִיגֶען אוֹיסְגֶעצוֹיגֶען אוֹיף דֶער עֶרְד. און וֶוען אִיךְ שְׁטֶעל מִיר דָאס פָאר אִיז זִיךְ אִין מִיר מְעוֹרֵר אַ רָצוֹן

דאס איך זאל תשובה טהאן. אויך בעט מען בייא גאט ליעגענדיג אויף דער ערד אז דיא ערד זאל ארויסגעבען גוטע זיסע תבואה און פרוכט. גם בעטען זייא מחילה דיא ערד פאר וואס צוליעב דעם מענטשען האט איהר גאט געפלוכט. ליעבער גאט, אזוי וויא דוא פלעגסט מכפר זיין דורך דעם כהן גדול אזויא זאלסט דוא אונז מכפר זיין דורך דעם זאגען דיא עבודה, אמן סלה:

# תחנה ליום כפור צו מנחה.

יהי רצון, עס זאל זיין דער ווילען פאר דיר, גאט, אונזער גאט, דער גאט פון אונזערע עלטערען, אז דו זאלסט דערפילט ווער־רען מיט דערבארעמקייט אויף אונז און זאלסט אונז געדענקען דיא עקדה פון אונזער פאטער יצחק, דער זוהן פון אברהם אבינו, עליו השלום, וואס אין די דאזיגע טעג, אין דער צייט, אין דעם צעהנטען טאג פון חודש תשרי, איז געוועזען זיין עקדה אין דער צייט פון מנחה. דארום זאלסטו אונז געדענקען מיט דיין פיעל דערבארעמקייט גלייך וויא זיין אש איז געהויפענט און ליעגט אויף דעם מזבח און זאלסט קוקען אין זיין אש צו דערבארעמען זיך אויף אונז, און אין זיין זכות, און אין דעם זכות פון אברהם אבינו, עליו השלום, וואס ער איז גע־פרואווט געווארען מיט צעהן פרואוו, און אויך אין דעם זכות פון אונזער פאטער יעקב, עליו השלום, האסט דוא אונז געגעבען צעהן טעג אויף תשובה צו פארגעבען אונזערע זינד. דאריבער זאלסטו דו דערפילט ווערען אויף אונז מיט דערבארעמקייט און זאלסט פאר־שטערען אלע שלעכטע און בייזע גזרות פון אונז. און אזוי ווי אונ־זער פאטער אברהם האט באצוואונגען זיין רחמנות צוא טהאן דיין ווילען מיט'ן גאנצען הארצען, אזוי זאל דיין רחמנות באצווינגען דיין צארען און זאלסט זיך פיהרען מיט אונז, גאט, אונזער גאט, מיט מדת החסד און מדת הרחמים און זאלסט אריינגעהן פון אונזערטווע־גען לפנים משורת הדין און זאלסט קוקען אין דעם בלוט וואס אונ־זער פאטער אברהם האט זיך מל געוועזען אום יום כפור און זאלסט

פארגעבען אויף אלע אונזערע זינד אזוי וויא דיין גערעכטינקייט. מיט דיין גרויס גוטקייט זאל זיך אוועקקעהרען דיין גרים צארן פון דיין פאלק, און פון דיין שטאדט, און פון דיין לאנד, און פון דיין ארב:

# תחנה פון אויסנעהמען צו מנחה יום כפור.

רבונו של עולם, דו ביסט א הארר פון רחמנות און צו פארגעבען די זינד. הער צו מיין קול און ענטפער מיר אין מיין קלאפען אין די טויערען פון רחמנות. צו דיר, גאט, איז איצט די צייט פון רצון, אז דוא זאלסט מיר מוחל זיין אלע מיינע זינד, וואס איך האב געזינדיגט געגען דיר פון מיין יוגענד אן ביז היינטיגען טאג. זאלסט ממלא זיין אלע שמות הקדושים, וואס איך האב אין זייא פוגם געוועזען און זאלסט מיך אומקעהרען צו דיר בתשובה שלמה און זאלסט מיר פיהרען אין רעכטען וועג צו דיין דיענסט. אחת שאלתי מאת יי׳ אותה אבקש, איין זאך בעט איך פון דיר, ליעבער גאט, אז איך זאל זיצען אין דיין הויז, דאס מיינט סען אין היילינגען בית המקדש, און איך זאל זעהן דאס זיסקייט פון גאט־ברוך־הוא און איך זאל שטעהן פאר איהם אין זיין היכל. לערען מיך, גאט, דיין וועג און לאז מיך געהן אין דיין אמת. איינציג מיין הארץ אז איך זאל מורא האבען פאר דיין היילינגען נאמען. לב טהור ברא לי אלהים, איך בעט דיך, ליעבער גאט, באשאף מיך א ריין הארץ און א רעכטען גייסט זאלסט דוא באנייען אין מיר. אל תשליכני מלפניך ורוח קדשך אל תקח ממני, איך בעט דיר, ליעבער גאט, אז דוא זאלסט מיר ניט אוועקווארפען פון פאר דיר און דיין היילינגע נבואה זאלסטו פון מיר ניט אוועקנעהמען. איך בעט דיר, ליעבער גאט, דערבארעם זיך איבער מיר און זאלסט ניט פארשעהמען מיין פיין וואס איך האב פאר דיר היינט געפאסט, וואס מיינע קניהען זיינען געשטרויבעלט געווארען מחמת פאסטען און מיין פלייש איז מאגער געווארען פון מיין פעטקייט. הער צו, ליעבער גאט, מיין תפלה און מיין געשריי זאלסטו פארנעהמען. צו מיינע טרעהרען זאלסטו גיט

שְׁווייגֶען אוּן מַיין תְּפִלָּה זָאל בַּייא דִיר אַזוֹי חָשׁוּב זַיין וְוִיא קְטוֹרֶת. דָאס אוֹיפְהוֹיבּוּנְג פוּן מַיינֶע הֶענְד זָאל בַּייא דִיר אַזוֹי זִיס זַיין וְוִיא אַ קָרְבַּן מִנְחָה. וֶועה אִיז צוּ מִיר, דֶער טָאג גֶעהְט אַוֶועק, עֶס קֶעהְרְט זִיךְ אָפּ דֶער שָׁאטֶען פוּן דֶער זוּן. עֶס קוּמְט אוֹיף מִיר אַ מוֹרָא אוּן אַ צִיטֶערְנֶעס, וֶוען אִיךְ דֶערְמָאהְן מִיךְ אָן מַיינֶע זִינְד, אוּן אִיךְ וֵוייס נִיט אוֹיבּ אִיךְ וֶועל אַרוֹיסְגֶעהְן גֶערֶעכְט פוּן דֶעם מִשְׁפָּט פוּן דַיין גֶע־רֶעכְטֶען בֵּית־דִין אָדֶער חַיָב, הַס וְשָׁלוֹם. אַצוּנְד, לִיעבֶּער גָאט, אִיז מַיין הָאפְנוּנְג נָאר אוֹיף דִיר אוּן אוֹיף דַיין גְרוֹיס דֶערְבַּארֶעמְקַייט, אַז דַיין רַחֲמָנוּת זָאל אַיינְהַאלְטֶען דַיין כַּעַס אוּן דוּ זָאלְסְט זִיךְ מִיט מִיר נוֹהֵג זַיין בְּמִדַּת הַחֶסֶד וּבְמִדַּת הָרַחֲמִים אוּן ו זָאלְסְט מִיט מִיר טְהָאן לִפְנִים מְשׁוּרַת הַדִין. מִיט דַיין גְרוֹיס גוּטְס זָאלְסְטוּ אוּמְקֶעהְרֶען דַיין גְרִים צָארֶען פוּן דַיין פָאלְק יִשְׂרָאֵל אוּן פוּן דַיין הֵיילִיגֶער שְׁטָאדְט יְרוּשָׁלַיִם אוּן זַייא מְבַטֵּל פוּן אוּנְז כָּל יִשְׂרָאֵל אַלֶעס שְׁלֶעכְטֶס, זָאלְסְט בַּאוֶועגֶען דָאס הַארְץ פוּן אוּנְזֶערֶע שָׂרִים אוּן זֵייעֶרֶע יוֹעֲצִים אוֹיף אוּנְז צוּא גוּטֶען אוּן זָאלְסְט אוּנְז אָנְשַׁרייבֶּען מִיט דִיא צַדִיקִים, וָואס זֵיי טְהוּעֶן דַיין ווִילֶען אוּן אֵיינִיגֶען דַיין הֵיילִיגֶען נָאמֶען, אִין סֵפֶר הַחַיִים אוּן אִין סֵפֶר בְּרָכָה וְשָׁלוֹם וּפַרְנָסָה טוֹבָה יְשׁוּעוֹת וְנֶחָמוֹת. דוּ זָאלְסְט אוּנְז גֶעבֶּען כֹּחַ אַז מִיר זָאלֶען קָאנֶען בַּאשְׁטֶעהְן אַקֶעגֶען דֶעם יֵצֶר הָרָע עֶר זָאל אוּנְז נִיט מַאכֶען שְׁטְרוֹיכְלֶען מִיט אַ דְבַר עֲבֵרָה. אוּן פוּן וֶועגֶען דַיין הֵיילִיגֶען נָאמֶען זָאלְסְט דוּא, לִיעבֶּער גָאט, אוּנְז פִיהְרֶען אִין גוּטֶען וֶועג אוּן זָאלְסְט אוּנְז הֶעלְפֶען אַז מִיר זָאלֶען קָא־נֶען בַּאשְׁטֶעהְן בִּתְשׁוּבָה שְׁלֵמָה פַאר דִיר כָּל זְמַן אוּנְזֶער לֶעבֶּען, בִּיז דֶעם טָאג וָואס דוּ וֶועסְט אוּנְז צוּנֶעהְמֶען פוּן דֶער וֶועלְט צוּ דִיר. אוּן דוּ זָאלְסְט אוּנְז נִיט אַוֶועקְנֶעהְמֶען פוּן דֶער וֶועלְט פַאר דֶער צַייט בִּיז עֶס וֶועט דֶערְפִיהְלְט וֶוערֶען אוּנְזֶערֶע יָאהְרֶען, דָאס הֵייסְט, זִיבֶּעצִיג יָאהְר, כְּדֵי מִיר זָאלֶען קָאנֶען פַארְרִיכְטֶען וָואס מִיר הָאבֶּען קַאלְיֶע גֶעמַאכְט, אוּן מִיר זָאלֶען זוֹכֶה זַיין צוּא זֶעהְן אִין גִיכֶע צַייטֶען אִין יִצַר נֶחָמָה פוּן צִיוֹן וִירוּשָׁלַיִם אָמֵן כֵּן יְהִי רָצוֹן: וַאֲנִי תְפִלָּתִי כו'

בְּרִיךְ שְׁמֵיהּ כו'

# אַ תְּחִנָּה צוּ זָאגֶען פַאר נְעִילָה.

עֶרְבַּארֶעמִיגֶער גָאט, אֱלֹהֵי הַצְּבָאוֹת. דוּא הָאלְסְט שׁוֹין בַּיין גְזַר דִין צוּ פַאר'חַתְמֶ'עֶנֶען יֶעדֶענְס גּוֹרָל, יֶעדֶענְס מַזָל, וָואס דוּ הָאסְט פִיר אִיהם אָנְגֶעשְׁרִיעבֶּען. דֶער טָאג אִיז פַארְבַּיי, דִי זוּן גֶעהְט אוּנְטֶער אוּן דֶער שְׁרֶעקְלִיכֶער חוֹתָם לִיעגְט אַצוּנְד אִין דַיין אֵייגֶענֶע הַאנְד. רִבּוֹנוֹ שֶׁל עוֹלָם, אֵיידֶער דוּ וֶועסְט דַיין הֵיילִיגֶען זִיגֶעל לֵייגֶען אוֹיף אוּנְזֶער מִשְׁפָּט, בַּאטְרַאכְט דַיינֶע אָרֶעמֶע קִינְדֶער, דַיינֶע פַארְוָואגֶעלְטֶע שֶׁעפְּסֶעלַאךְ, וֶועלְכֶע שְׁטֶעהֶען פַאר דִיר נָאךְ פוּן נֶעכְטֶען מִיט אַ פַארְקְלֶעמְט גֶעמִיטְה, מִיט אַ צוּבְּרָאכֶענֶעם הַארְצֶען, פַארְשְׁמַאכְט, פַארְיָאמֶערְט אוּן זֵייעֶרֶע אוֹיגֶען אִיז אוֹיסְגֶעשְׁטֶעלְט נָאר צוּ דִיר אַלֵיין. בַּאטְרַאכְט, עֶרְבַּארְמִיגֶער גָאט, דִיא לַאגֶע פוּן דַיין אָרֶעמֶע פָאלְק, וֶועלְכֶע וֶוערְט פַארְפִינְצְטֶערְט אִין חוֹשֶׁךְ'דִיגֶען גָלוּת, שׁוֹין בַּאלְד צְוֶויי טוֹיזֶענְד יָאהְר. בַּאטְרַאכְט, וָואס אוּנְזֶערֶע עֶלְטֶערֶען הָאבֶּען גֶעלִיטֶען בִּיז הַיינְט, ווי זַיי הָאבֶּען מַקְרִיב גֶעוֶוען זֵייעֶר לֶעצְטֶען טְרָאפֶּען בְּלוּט פַאר דַיין הֵיילִיגֶען נָאמֶען. בַּאטְרַאכְט, הִימְלִישֶׁער פָאטֶער, דֶעם בִּיטֶערֶען לֶעבֶּען פוּן דַיינֶע אָרֶעמֶע קִינְדֶער וֶועלְכֶע שְׁטֶעהֶען אַצוּנְד פַאר דִיר אוּן עֶרְוַוארְטֶען פוּן דִיר אַ מְחִילָה וּסְלִיחָה אִין דֶם הֵיילִיגֶען יוֹם הַכִּפּוּרִים. וֶוער נָאךְ וִוי דוּ אַלֵיין, גְרוֹיסֶער גָאט, וֵוייסְט אוּנְזֶערֶע צוּבְּרָאכֶענֶע הֶערְצֶער, אוּנְזֶערֶע בְּלוּטִיגֶע וואוּנְדֶען, וֶועלְכֶע מִיר טְרָאגֶען טִיעף אִין אוּנְזֶערֶע פַארְקְלֶעמְטֶע הֶערְצֶער. נָאר דוּא אַלֵיין וֵוייסְט, דָאס נִיט חָלִילָה דִיךְ צוּא עֶרְצֶערְנֶען הָאבֶּען מִיר גֶעגֶען דִיר פַארְבְּרָאכֶען, נוּר אוּנְזֶער שְׁוֶוערֶער פִינְסְטֶערֶער לֶעבֶּען הָאט אוּנְז דַאצוּ גֶעבְּרַאכְט. דֶערְמָאהְן זִיךְ עֶרְבַּארְמִיגֶער גָאט, מִי כְּעַמְּךָ יִשְׂרָאֵל גּוֹי אֶחָד בָּאָרֶץ, וֶוער אִיז נָאךְ וִויא דַיין פָאלְק יִשְׂרָאֵל

אֵיינֶער אויף דַיין גַאנְצֶער וֶועלְט, וֶועלְכֶער הָאט אַזוֹי פִּיעל גֶעלִיטֶען אִיבֶּער דִיא הֵיילִיגְקַייט פוּן דַיין גְרוֹיסֶען נָאמֶען. עֶס אִיז שוֹין צַייט, אַז דוּא זָאלְסְט זִיךְ דֶערְמָאהְנֶען דַיין הַבְטָחָה, וָואס דוּ הָאסְט גֶעגֶעבֶּען אוּנְזֶערֶע עֶלְטֶערְן. וִויא לַאנְג נָאךְ וֶועלֶען מִיר זַיין צוּא שַאנְד אוּן צוּא שְפָּאט אִין אַלֶע עֶקֶען פוּן דֶער וֶועלְט. עֶרְבַּארְמִיגֶער גָאט, וָואס דוּא בִּיסְט דִיא קְוֶועלֶע פוּן רַחֲמָנוּת, הַיינְט אִיז דֶער טָאג, וָואס דוּ הָאסְט בַּאשְטִימְט יֶעדֶענְס גוֹרָל אוֹיף דֶעם גַאנְצֶען יָאהְר צוּ בַּאשְטִימֶען. בַּאלְד פַארְשְלִיסְטוּ שוֹין אַלֶע טִירֶען. מִיט שְרֶעק אוּן צִיטֶערְנֶעס שְטֶעהֶען מִיר יֶעצְט פַאר דִיר. עֶרְבַּארֶעם דִיךְ אוֹיף אוּנְז אוּן אוֹיף אַלֶע אוּנְזֶערֶע אָרֶעמֶע עֶלֶענְדֶע אוּמְגְלִיקְלִיכֶע בְּרִידֶער, וֶועלְכֶע זַיינֶען צוּזֶעעט אוּן צוּשְפְּרֵייט אִין אַלֶע עֶקֶען פוּן דֶער וֶועלְט. לָאז שוֹין זַיין דֶער יָאהְר וָואס אִיז אַוֶועק אַ סוֹף פוּן אוּנְזֶערֶע צָרוֹת. הֵייל דִי וואוּנְדֶען פוּן אוּנְזֶערֶע בְּלוּטִיגֶע הֶערְ־צֶער, טְרוֹיסְט דַיינֶע בַּאטְרִיבְּטֶע, פַארְבִּיטֶערְטֶע קִינְדֶער. שְרַייבּ זֵיי אָן צוּ אַ גוּטֶען לֶעבֶּען אוֹיפְ'ן נַייעֶם יָאהְר, דֶען צוּא דִיר אַלֵיין הָאפֶען מִיר. אוּן שִיק אוּנְז דֶעם גוֹאֵל צֶדֶק, בִּמְהֵרָה בְּיָמֵינוּ, אָמֵן:

# תְּחִנָּה פוּן סוּכּוֹת נָאךְ לִיכְט בֶּענְשֶען.

דִיא בְּרָכוֹת פוּן לִיכְט בֶּענְטְשֶען אוּן שֶׁהֶחֱיָנוּ גֶעפִינְט מֶען אוֹיבֶּען (צד 168) דִיא תְּחִנָּה זָאגְט מֶען דִי עֶרְשְטֶע טֶעג סוּכּוֹת אוּן שַׁבָּת חוֹל הַמּוֹעֵד סוּכּוֹת נָאךְ לִיכְט בֶּענְשֶען מִיט גְרוֹיס כַּוָּנָה:

## קַבֵּל נָא בְּרָצוֹן אִמְרֵי פִי וְהֶגְיוֹן לִבִּי:

רִבּוֹנוֹ שֶׁל עוֹלָם, נֶעהְם אָן מִיט בַּאוִוילִיגוּנְג דִי זָאג פוּן מַיין מוֹיל, וָואס אִיךְ קוּם יֶעצְט צוּ זָאגֶען פַאר דִיר, אוּן דִיא גֶעדַאנְקֶען וָואס אִיךְ טְהוּ יֶעצְט טְרַאכְטֶען צוּ גוּטֶען:

## עוֹרְרָה רַחֲמֶיךָ הַמְרֻבִּים עָלַי אֲמָתֶךָ:

דֶערְוֶועק, לִיעבֶּער הַארְצִיגֶער גָאט, דַיינֶע פִיעל דֶערְבַּארֶעמְקַייט אוֹיף מִיר דַיין דִיענְסְט (פב״ב) און דו זָאלְסְט אָפְּטְהָאן דַיין גְרִימְצָארְן פון מִיר:

## בְּאֶבְרָתֶיךָ תָּסֵךְ עָלַי וְתַחַת כְּנָפֶיךָ אֶחְסֶה:

מִיט דַיינֶע פְלִיעגֶעל זָאלְסְטוּ בַּאדֶעקֶען אוֹיף מִיר צוּא הִיטֶען מִיךְ פון אַלֶעם בֵּייזֶען און אוּנטֶער דַיינֶע פְלִייגֶעל וֶועל אִיךְ מִיךְ בַּאשִׁיצֶען אִין דֶעם זְכוּת וָואס מִיר בַּאדֶעקֶען דִי סוּכָּה מִיט דֶעם סְכַךְ:

## וּבִזְכוּת מִצְוַת סוּכָּה תַּצִילֵנוּ מִגָּלוּת:

און אִין דֶעם זְכוּת וָואס דַיינֶע לִיעבֶּע קִינְדֶער זַיינֶען פַארְוָואגֶעלְט פון זֵייעֶרֶע הַייזֶער צוּ זִיצֶען אִין סוּכָּה, זָאלְסְטוּ אוּנְז בַּאשִׁירְמֶען מִיר זָאלֶען נִיט פַארְטְרִיעבֶּען וֶוערֶען פון אוּנְזֶער אָרְט און מִיר זָאלֶען נִיט דַארְפֶען נַע וָנַד זַיין:

## וְתִתֵּן עָלֵינוּ לְבַל יִשְׁלְטוּ בָנוּ שׂוֹנְאֵינוּ:

און זָאלְסְט אוֹיף אוּנְז, לִיבֶּער גָאט, בַּאשִׁיצֶען אַז אוּנְזֶערֶע שׂוֹנְאִים זָאלֶען אִין אוּנְז נִישְׁט גֶעוֶועלְטִיגֶען. מִיר זָאלֶען גֶעהִיט זַיין פון אַלֶע אוּנְזֶערֶע פִיער זַייטֶען אִין דֶעם זְכוּת פון דִיא פִיער וֶוענְט וָואס מִיר מַאכֶען אִין דֶער סוּכָּה:

## וּתְקַבֵּץ נְפוּצוֹתֵינוּ מֵאַרְבַּע כַּנְפוֹת הָאָרֶץ:

און זָאלְסְט אַיינְזַאמְלֶען דֶערְבַּארְמִיגֶער גָאט, דַיין פָאלְק וָואס זַיינֶען נֶעבַּאךְ צוּשְׁפְּרֵייט אִין אַלֶע פִיער עֶקֶען פון דֶער וֶועלְט:

---

משלי מוסר

מִיר זָאגֶען אִין סוּכּוֹת׳דִיגֶען פִּיוּט: „נוֹאֲקִים אֵלֶיךָ בְּכָל לְבָבָם, סָמְכֵם וְרִיב רִיבָם“, זַיי שְׁרַייעֶן צוּא דִיר מִיטְ׳ן גַאנְצֶען הַארְצֶען, שְׁטִיץ זַיי אוּז גֶעהֶם זִיךְ אָן זֵייעֶר קְרִיוודֶע. לְמָשָׁל: אַ אִיד הָאט גֶעדוּנְגֶען אַן אַרֶענְדֶע פון אַ גְרַאף פַאר דְרַיי

## וְתַצִילֵנוּ מִשִׁבְיָה וּמִמַאֲסָר עַל יְדֵי עֲלִילָה:

און זָאלְסְט אונז בַּאשִׁירְמֶען מִיר זָאלֶען חָלִילָה נִיט גֶעפַאנְגֶען וֶוער־רֶען און מִיר זָאלֶען אויף זִיךְ קַיין בִּלְבּוּל נִיט הָאבֶּען, וָואס דוּרךְ דֶעם זָאלֶען מִיר זִיצֶען אִין תְּפִיסָה, אִין דֶעם זְכוּת וָואס מִיר זַיינֶען מְקַיֵים דַיין הֵיילִיגֶע מִצְוָה צוּ זִיצֶען אִין סוּכָּה:

## בְּנֵה בֵּית מִקְדָשְׁךָ וְהָשֵׁב שְׁכִינָתְךָ לִירוּשָׁלָיִם:

רִבּוֹנוֹ שֶׁל עוֹלָם, עֶס זָאהְל פַאר דִיר אוֹיפְגֶעהְן דֶער זְכוּת וָואס דַיינֶע לִיעבֶּע קִינְדֶער בּוֹיעֶן דִיא סוּכּוֹת, אַז דוּא זָאלְסְט זֵיי גִיךְ בּוֹיעֶן דֶעם בֵּית הַמִקְדָשׁ און זָאלְסְט אוּמְקֶעהְרֶען דַיין שְׁכִינָה קַיין יְרוּשָׁלַיִם:

## וְתַעֲלֶה לְפָנֶיךָ לְרָצוֹן בִּרְכָתִי עַל הַנֵרוֹת:

און עֶס זָאל אוֹיפְגֶעהְן פַאר דִיר צוּ גוּטֶען ווִילֶען דִיא בְּרָכָה וָואס אִיךְ הָאבּ גֶעמַאכְט אויף דִי לִיכְט בְּשַׁעַת אָנְצִינְדֶען לְכָבוֹד דֶעם הֵיי־לִיגֶען יוֹם טוֹב אִין דֶער סוּכָּה:

## וְתִשְׁמוֹר אֶת כָּל בָּתֵּי יִשְׂרָאֵל מִשְׂרֵפָה וְתַבְעֵרָה:

און זָאלְסְט הִיטֶען אַלֶע אִידִישֶׁע הַייזֶער, עֶס זָאהְל, חָלִילָה, נִיט קוּמֶען אויף זֵייא קַיין שְׂרֵפָה און קַיין בְּרֶענוּנְג, אִין דֶעם זְכוּת וָואס מִיר, אַלֶע וַוייבֶּער, דֶערְלַייכְטֶען מִיט דֶעם פַייעֶר פוּן דִיא לִיכְט אִין דִיא סוּכּוֹת:

## וְלֹא יִרְבּוּ הַגְּשָׁמִים בְּכָל שִׁבְעַת יְמֵי הֶחָג:

און זָאלְסְט דִי אִידֶען מְזַכֶּה זַיין, לִיעבֶּער גָאט, מְקַיֵים צוּ זַיין דִי הֵיילִיגֶע מִצְוָה פוּן סוּכּה, עֶס זָאל נִיט גֶעהְן קַיין רֶעגֶען אַלֶע זִיעבֶּען טֶעג פוּן סוּכּוֹת:

---

משלי מוסר

הוּנְדֶערְט רוּבֶּעל אַ יָאהר. וַיְהִי הַיּוֹם אִיז דֶער גְרַאף אַוֶועקְגֶעפָאהְ־רֶען און הָאט אִיבֶּערְגֶעלָאזְט אַן אוֹיפְזֶעהֶער אויף זַיינֶע מַאיָאנְטְקֶעס. דֶער אוֹיפְזֶעהֶער אִיז גֶעוֶוען אַ שׂוֹנֵא יִשְׂרָאֵל און עֶר הָאט דֶעם אַרֶענְדַאר־טָאר גֶעדְרִיקְט. אַנְשְׁטָאט דְרֵיי הוּנְדֶערְט עֶר אִיהְם גֶעהֵייסֶען צָאה־

## וְאַל יְכַבּוּ הָרוּחוֹת אֶת הַנֵּרוֹת אֲשֶׁר הִדְלַקְנוּ:

און עֶס זָאל נִיט פַארלֶעשֶׁען קֵיין שׁום ווינד דיא לִיכְט וָואס מִיר הָאבֶּען אָנְגֶעצוּנְדֶען אִין דֶער סוּכָּה לְכָבוֹד דֶעם הֵיילִיגֶען יוֹם טוֹב:

## וְתָאִיר אֶת מַזָּלֵנוּ לְפַרְנָסָה וּלְכַלְכָּלָה:

און זָאלְסְט דֶערְלַייכְטֶען, לִיעבֶּער גָאט, אוּנְזֶער מַזָּל צוּ אַ גוּטֶע פַּרְנָסָה און צוּא שְׁפַּייז. אוּנְזֶער פַּרְנָסָה זָאהל נִיט גֶעמִינֶערְט וֶוערֶען און מִיר זָאלֶען נִיט דַארְפֶען אָנְקוּמֶען צוּא דֶעם גֶעשַׁאנְק פוּן אַ בָּשָׂר וָדָם:

## וְתָאִיר אֶת עֵינֵי בַּעֲלִי וּבָנַי בְּתוֹרָתְךָ הַקְדוֹשָׁה:

און אַזוֹי וִויא אִיךְ הָאבּ גֶעטְהָאן דֶערְלַייכְטֶען דיא סוּכָּה מִיט דיא לִיכְט וָואס אִיךְ הָאבּ גֶעבֶּענְשְׁט אַזוֹי זָאלְסְט דוּ, לִיעבֶּער גָאט, דֶערְלַייכְטֶען דִי אוֹיגֶען פוּן מַיין מַאן און מַיינֶע קִינְדֶער אִין דַיין הֵיילִיגֶע תּוֹרָה:

## עֲשֵׂה לְמַעַן בָּאֵי בָאֵשׁ עַל קְדוּשַׁת שְׁמֶךָ:

רִבּוֹנוֹ שֶׁל עוֹלָם, אִין דֶעם זְכוּת וָואס מִיר צִינְדֶען אָן מִיט פַייעֶר די לִיכְט לְכָבוֹד דֶעם הֵיילִיגֶען סוּכּוֹת זָאלְסְט דוּ אוּנְז גֶעדֶענְקֶען דֶעם זְכוּת פוּן דיא צַדִּיקִים, וָואס זַיינֶען פַארְצַייטֶען פַארְבְּרֶענְט גֶעוָואֹרֶען אִין פַייעֶר וֶועגֶען צוּ הֵיילִיגֶען דַיין נָאמֶען:

## עֲשֵׂה לְמַעַן אַבְרָהָם יִצְחָק וְיַעֲקֹב:

טְהוּ מִיט אוּנְז גוּטְס, לִיעבֶּער גָאט, אִין דֶעם זְכוּת וָואס מִיר בֶּענְשֶׁען דיא לִיכְט און דֶערְלַייכְטֶען די הֵיילִיגֶע סוּכָּה מִיט פַייעֶר אַז עֶס זָאל דֶערְוֶועקְט וֶוערֶען דֶער זְכוּת פוּן אַבְרָהָם אָבִינוּ, וָואס עֶר אִיז

---

משלי מוסר

לֶען פִינְף הוּנְדֶערְט רוּבֶּעל אַ יָאהְר און דיא אַרֶענְדֶע הָאט גֶעמוּזְט בַּאצָאהלְט וֶוערֶען פּוּנְקְט צוּ דֶער מִינוּט. אֵיין מָאהל הָאט דֶעם אִידֶען אוֹיסְגֶעפֶעהְלְט צְוַואנְצִיג רוּבֶּעל און דֶער אוֹיפְזֶעהֶער הָאט גֶעהֵייסֶען אַז מֶען זָאהל אִיהם דֶערְפַאר גֶעבֶּען צְוַואנְצִיג שְׁמִיץ. מִיט אַ צַייט

גענוארפען געווארען אין דעם פלאם פייער פון דעם קאלך־אויוען און דער זכות פון יצחק, וואס ער איז געבונדען געווארען צוא דער עקידה אויף האלץ מיט פייער אין דער זכות פון יעקב אבינו, וואס האט זיך געראנגעלט מיט א מלאך פון פייער. זייער זכות זאלסטו היינט געדענקען, אמן כן יהי רצון:

## ברכות פון אתרוג בענטשען.

**ברוך אתה יי אלהינו מלך העולם אשר קדשנו במצותיו וצונו על נטילת לולב:**

**ברוך אתה יי אלהינו מלך העולם שהחיינו וקימנו והגיענו לזמן הזה:**

## תחנה נאך אתרוג בענטשען.

דיא תחנה זאגט מען אום סוכות איידער מען באווענט ווען מען האלט שוין נאך אתרוג בענשען:

יהי רצון מלפניך ה׳ האלהים ואדוני האדונים, עס זאהל זיין דער ווילען פאר דיר גאט און דער הארר איבער אלע הארען אז עס זאהל אנגענומען ווערען דיא מצוה וואס איך האב היינט געטהאן מיט דעם אתרוג בענשען גלייך ווי איך

---

משלי מוסר

שפעטער איז דער גראף געקומען און דער אהרענבראטאר האט איהם דערצעהלט ווי אזוי דער אופזעהר האט איהם באהאנדעלט. דער גראף, וועלכער איז געוועזן א גוטער מענש, האט זיך אנגב ארומגעזעהן אז דער אופזעהר האט איהם באגנב׳עט און האט זיך אויסגעשטעלט

הָאבּ מְכַוֵן גֶעוועֶן אַלֶע כַּוָנוֹת וָואס מֶען דַארְף צוּ מְכַוֵן זַיין,
אוּן דִי מִצְוָה זָאל לַייכְטֶען אִין אַלֶע הוֹיכֶע הִימְלֶען:

יְהִי רָצוֹן מִלְפָנֶיךָ ה׳ אֱלֹהַי וֵאלֹהֵי אֲבוֹתַי, עֶס זָאהְל זַיין דֶער ווִילֶען פַאר דִיר גָאט מַיין גָאט דֶער גָאט פוּן מַיינֶע עֶלְטֶערֶען, אַז אִין דֶעם זְכוּת וָואס אִיךְ הָאבּ גֶענוּמֶען אִין מַיין הַאנְד דֶעם אֶתְרוֹג וָואס עֶר וֶוערְט אָנְגֶערוּפֶען פְּרִי עֵץ הָדָר, אַ שֶׁעהְנֶע פְרוּכְט פוּן אַ בּוֹים, זָאלְסְט דוּ מִיר גֶעדֶענְקֶען דֶעם זְכוּת פוּן אוּנְזֶער פָאטֶער אַבְרָהָם אוּן אוּנְזֶער מוּטֶער שָׂרָה, וָואס דוּ הָאסְט זֵיי בַּאשֵׁיינְט מִיט אַלְטַקְייט, אַזוֹי וִוי אִין פָּסוּק אִיז גֶעשְׁרִיבֶען: וְאַבְרָהָם וְשָׂרָה זְקֵנִים בָּאִים בַּיָמִים:

יְהִי רָצוֹן מִלְפָנֶיךָ ה׳ אֱלֹהַי וֵאלֹהֵי אֲבוֹתַי, עֶס זָאהְל זַיין דֶער ווִילֶען פַאר דִיר גָאט מַיין גָאט, דֶער גָאט פוּן מַיינֶע עֶלְטֶערֶען, דוּ זָאלְסְט מִיר פַארְגֶעבֶּען אוֹיף אַלֶע מַיינֶע בֵּייזֶע גֶעדַאנְקֶען פוּן מַיין הַארְץ אִין דֶעם זְכוּת וָואס אִיךְ הָאבּ גֶענוּמֶען אִין מַיין הַאנְד דֶעם אֶתְרוֹג וָואס עֶר אִיז גֶעגְלִיכֶען צוּא דֶער הַארְץ פוּן מֶענְשֶׁען:

יְהִי רָצוֹן מִלְפָנֶיךָ ה׳ אֱלֹהַי וֵאלֹהֵי אֲבוֹתַי, עֶס זָאהְל זַיין דֶער ווִילֶען פַאר דִיר גָאט מַיין גָאט אוּן דֶער גָאט פוּן מַיינֶע עֶלְטֶערֶען, אַז אִין דֶעם זְכוּת וָואס אִיךְ הָאבּ גֶענוּמֶען אִין מַיין הַאנְד דֶעם גֶעבּוּנְדֶענֶעם לוּלָב זָאהְל דֶערְוֶועקְט וֶוערֶען אוֹיף מִיר דֶער זְכוּת פוּן אוּנְזֶער פָאטֶער יִצְחָק וָואס עֶר אִיז גֶעוֶוען אוֹיף דֶער עֲקֵידָה אוּן דֶער זְכוּת פוּן אוּנְזֶער מוּטֶער רִבְקָה,

---

משלי מוסר

אַ מוֹיעֶר פַאר פִיער טוֹיזֶענְד רוּבֶּעל. עֶר הָאט גֶערוּפֶען דֶעם אוֹיפְזֶעהֶר אוּן אִיהְם גֶעהֵייסֶען בַּאצָאהְלֶען דֶעם אִידֶען צוּ הוּנְדֶערְט רוּבֶּעל פַאר יֶע־ דֶען שְׁמִיטְץ וָואס עֶר הָאט אִיהם גֶעגֶעבֶּען. פַאר צְוַואנְצִיג שְׁמִיטְץ אִיז אוֹיסְגֶעקוּמֶען צְוֵויי טוֹיזֶענְד רוּ־ בֶּעל. וֶוען דֶער אוֹיפְזֶעהֶער הָאט

וואס זי איז געגליכען צו דעם לולב, אזוי ווי אין א לולב איז פאראן פירות און דערנער אזוי איז פון רבקה ארויסגעקומען יעקב און עשו:

יהי רצון מלפניך ה' אלהי ואלהי אבותי, עס זאהל זיין דער ווילען פאר דיר גאט מיין גאט און דער גאט פון מיינע עלטערען אז דו זאלסט מיר פארגעבען אלע מיינע זינד וואס איך האב געטהאן מיט'ן חוט השדרה אין דעם זכות וואס איך האב גענומען אין מיין האנד דעם לולב וואס ער איז געגליכען צו'ם חוט השדרה פון דעם מענשען:

יהי רצון מלפניך ה' אלהי ואלהי אבותי, עס זאהל זיין דער ווילען פאר דיר גאט מיין גאט און דער גאט פון מיינע עלטערען, אז אין דעם זכות וואס איך האב גענומען אין מיין האנד דיא דריי צווייגען פון א הדס זאהל דערוועקט ווערען אויף מיר דער זכות פון יעקב אבינו וואס ער איז דער דריטער פון די הייליגע אבות וואס ער איז געגליכען צו א הדס, אזוי וויא א הדס איז פול מיט בלעטלאך, אזוי איז יעקב געווען פול מיט קינדער:

יהי רצון מלפניך ה' אלהי ואלהי אבותי, עס זאהל זיין דער ווילען פאר דיר גאט מיין גאט און דער גאט פון מיינע עלטערען, אז דו זאלסט מיר פארגעבען מיינע אלע זינד וואס איך האב געטהאן מיט מיינע אויגען אין דעם זכות וואס איך

---

משלי מוסר

ערקלעהרט אז ער האט קיין געלט ניט, האט דער גראף געהייסען אז א האלב פון אויפזעהער'ס מויער זאל געהערען צום אידען. דער ארענדאטאר איז געקומען אהיים א אומעטיגער, און ווען זיין ווייב האט איהם געפרעגט. ווארום ער איז אומעטיג, האט ער ערקלעהרט: ווען

האָב הײַנט גענומען אין מײַן האַנד דעם הדס וואָס ער איז געגליכען צו די אויגען פון מענשען:

**יְהִי** רָצוֹן מִלְּפָנֶיךָ ה׳ אֱלֹהַי וֵאלֹהֵי אֲבוֹתַי. עס זאָהל זײַן דער ווילען פאַר דיר גאָט מײַן גאָט און דער גאָט פון מײַנע עלטערען, אַז אין דעם זכות וואָס איך האָב גענומען אין מײַן האַנד די ערבה, וואָס זי ווערט פאַרוויאַלעט פריהער איידער די אַנדערע מינים, זאָל פאַר דיר דערוועקט ווערען דר זכות פון יוסף הצדיק וואָס ער איז געגליכען צוא דער ערבה, דען ער איז אויך פריהער געשטאָרבען איידער זײַנע ברידער, און דער זכות פון אונזער מוטער רחל וואָס זיא איז אויך געגלי־כען צוא דער ערבה, דען זיא איז געשטאָרבען איידער איהר שוועסטער לאה:

**יְהִי** רָצוֹן מִלְּפָנֶיךָ ה׳ אֱלֹהַי וֵאלֹהֵי אֲבוֹתַי. עס זאָהל זײַן דער ווילען פאַר דיר גאָט מײַן גאָט און דער גאָט פון מײַנע עלטערען, אַז דוא זאָלסט מיר פאַרגעבען אויף אַלע מײַנע עבירות וואָס איך האָב געטהאָן מיט דיא רייד פון מײַן מויל אין דעם זכות וואָס איך האָב הײַנט גענומען אין מײַן האַנד די ערבה, וואָס איהרע בלעטלאך זײַנען געקאַרבט און זײַנען גלײַך צו דעם מויל פון דעם מענשען:

# אַ נײַע תְּחִנָּה נאָך אֶתְרוֹג בֶּענְשֶׁען.

**רִבּוֹנוֹ** שֶׁל עוֹלָם, דערבאַרמיגער גאָט, וואָס דו ביסט אַ דערבאַר־מיגער און אַ לײַטזעליגער צוא אַלע מענשען. געדענק צוא

---

משלי סומר

דער אויפזעהר האָט מיר געגעבען די שמיטץ האָב איך געשריהען און געוויינט. הלוואי וואָלט ער מיר גע־ וועבען געבען נאָך צוואַנציג ריטער. וואָלטען מיר איצט געהאַט דעם גאַנצען מויער.

דיין ליעב פאָלק ישׂראל, וואס זייא האלטען דיין געבאָט און לויבען דיך מיט די פיער מינים אתרוג און לולב און הדס און ערבה, אז דוא זאָלסט זיין אין אונזער הילף צוא היטען אונז פון אלע פיער זייטען. בזכות וואס מיר האָבען קיין הנאה ניט פון דעם אתרוג אלע זיבען טעג פון יום טוב אזוי וויא דו האָסט צו אונז געבאָטען, זאָלסטו אָפּ־מעקען דיא זינד פון אָדם און חוה וואס זייא האָבען געגעסען פון עץ הדעת איידער דוא האָסט זיי מתיר געווען צוא עסען און זיי האָבען געבראַכט דעם טוידט אויף דער וועלט. בענטש אונז, ליעבער גאָט, צום נייעם יאָהר מיט אַ גוט קוויטעל, מיר זאָלען גע'חתמ'עט ווערען צו לאַנגע יאָהרען און אַ גוט לעבען און משיח זאָהל קומען, במהרה בימינו, אמן:

# תחנה שלש עשרה מדות לשלש רגלים.

אום פּסח ושבועות וסוכות, ווען מען געהמט אַרויס די ספרי תורה, זאָל מען פריהער זאָגען דיא שלש עשרה מדות דריי מאָהל נאָך אַנאַנד און דערנאָך זאָל מען זאָגען דעם רבש"ע:

**יי יי אל רחום וחנון ארך אפים ורב חסד ואמת נוצר חסד לאלפים נושא עון ופשע וחטאה ונקה:**

**רבונו** של עולם, הערר פון דער גאַנצער וועלט, עס זאָהל זיין דער ווילען פאַר דיר דו זאָלסט ערפיהלען דעם באַגער פון מיין הארצען צוא גוטען אין בענשונג און זאָלסט מזכה זיין מיך (פב"ב) און מיין הויזגעזינד צו טהאָן דיין ווילען

---

משלי מוסר

אַט דאָס זאָגען מיר: "נוקם אליך", ווען עס איז דיא אידען שלעכט שבייען זיי, אָבער "סמכם דריב ריבם", אָבער נאָכהער לעוה"ב זאָלסטו זיי גוט באַצאָהלען פאַר זייערע יסורים און זיי זאָלען באַרפען בעדויערען וואס זייא האָבען אויף דיזער וועלט ניט געליטען מעהר.

מיט׳ן גאנצען הארצען און זאלסט אונז מאכען אנטרינען פון דעם יצר הרע און דוא זאלסט געבען אונזער חלק אין דיין ליעבע הייליגע תורה ומצוות און מעשים טובים, כדי דערמיט זאלסטו מאכען רוהען דיין שכינה אויף אונז און זאלסט מאכען רוהען אויף אונז דעם שכל פון דיין הייליגער שכינה און דוא זאלסט אונז מזכה זיין דאס מיר זאלען געבענטשט ווערען מיט חכמה ובינה, מיט קלוגהייט און פארשטענדיגקייט, אז עס זאל אן אונז מקוים ווערען דער פסוק וואס געשריעבען שטעהט: און עס וועט רוהען אויף דיר דיא נבואה פון פארשטענדיגקייט און פון שטארקייט אין דער תורה און דיא גבורה פון וויסענשאפט די תורה ומצוות און פון גאטס פארכט. און דארום זאהל זיין דער ווילען פאר דיר גאט פון מיינע עלטערען דאס דוא זאלסט מיך מזכה זיין צוא טהאן מעשים טובים אין דיינע אויגען און צו געהן אין רעכטפארטיגען וועג פאר דיר. און דוא זאלסט אונז געבען דאס מיר זאלען זוכה זיין לחיי עולם הבא צו א לאנג לעבען און צו א גוט לעבען און דו זאלסט מיך היטען פאר אלע מעשים רעים און פון דעם יצר הרע און פון אלע בייזע וועגען. און ווער עס פארזיכערט זיך אין דיר גאט, דער איז פארזיכערט, און זאלסט מיך ארומרינגלען מיט חסד, אמן, כן יהי רצון:

דאן זאגט מען „בריך שמיה".

---

משלי מוסר

ווען דער בית המקדש איז געשטאנען פלעגט מען סוכות פראווען שמחת בית השואבה. דאס איז געווען די שעהנסטע צערעמאניע אין דער וועלט. הלל הזקן איז דאמאלסט געוועזן דער גדול הדור ביי אידען. דערצעהלט די גמרא, אז ביי שמחת בית השואבה פלעגט ער זאגען: „אם אני כאן הכל כאן, וכשאין אני כאן, מי כאן?"—אז איך

# תְּחִנָּה לְהוֹשַׁעְנָא רַבָּה פַּאר הַלֵּל.

### דִי תְּחִנָּה זָאגְט מֶען אוּם הוֹשַׁעְנָא רַבָּה פַּאר הַלֵּל:

**אָנָּא** יְיָ הָאֵל הַגָּדוֹל הַגִּבּוֹר וְהַנּוֹרָא. אִיךְ בֶּעט דִיךְ גָאט דֶער גְרוֹיסֶער אוּן שְׁטַארְקֶער אוּן פָארְכְטִיגֶער, אִיךְ קוּם פַאר דִיר מִיט גְרוֹיס פַּחַד אוּן צִיטֶערְנֶעשׁ אוּן אִיךְ טְהוּ צוּא דִיר תְּפִלָּה טְהָאן מִיט גְרוֹיס כַּוָּונָה, הַיינְט אִין דֶעם טָאג וָואס אִיז דֶער לֶעצְטֶער טָאג פוּן דֶעם גְּמַר פוּן דֶער חֲתִימָה, הַיינְט אִין דֶעם טָאג טוּהֶען גֶע׳חַתְמֶ׳עט וֶוערֶען דִי קְווִיטְלַאךְ פוּן יֶעדֶער מֶענְטְשׁ וָואס עֶס וֶועט פַּאסִירֶען מִיט אִיהְם אַ גַאנְץ יָאהְר, צוּ עֶר זָאל זַיינֶע יָאהְרֶען אוֹיסְלֶעבֶּען אָזֶ עֶר עֶר זָאל זַיי חַס וְשָׁלוֹם נִישְׁט אוֹיסְלֶעבֶּען, עֶר זָאל שְׁטַארְבֶּען אִין וַואסֶער אָדֶער אִין פַייעֶר, דוּרְךְ אַ שְׁוֶוערְד אָדֶער דוּרְךְ אַ חַיָּה, פַאר הוּנְגֶער אָדֶער פַאר דָארְשְׁט, אִין שְׁטוּרֶעם אָדֶער אִין מָארְד, עֶר זָאהְל דֶערְוָוארְגֶען וֶוערֶען אָדֶער עֶר זָאהְל פַארְשְׁטַיינְט וֶוערֶען. עֶר זָאהְל רוּהֶען אָדֶער עֶר זָאל זַיין נָע וְנָד, עֶר זָאל זַיין רוּהִיג אוּן זִיכֶער אָדֶער פְרֶעמְדֶע זָאלֶען אַוֶועקְנֶעהְמֶען זַיין גֶעלְד בִּגְזֵילָה, עֶר זָאל הָאבֶּען שָׁלוֹם אוּן גֶעזוּנְד אוּן שְׁטַארְק זַיין אָדֶער עֶר זָאל גֶעשְׁטְרָאפְט וֶוערֶען מִיט יְסוּרִים. עֶר זָאהְל פַארָארֶעמְט וֶוערֶען אָדֶער עֶר זָאהְל רַייךְ וֶוערֶען, עֶר זָאהְל אַרָאפּ פוּן זַיין גְדוּלָּה אָדֶער עֶר זָאהְל דֶערְהוֹיבֶּען וֶוערֶען. וְהַיּוֹם הַזֶּה, אוּן הַיינְטִיגֶען טָאג הוֹשַׁעְנָא רַבָּה וֶוערְט גֶעגֶעבֶּען דָאס קְווִיטֶעל מִיט דֶעם גְּזַר דִין צוּם מֶענְטְשֶׁען, סַיי אוֹיף גוּטְס אוּן סַיי אוֹיף שְׁלֶעכְטְס. דַארוּם בִּין אִיךְ גֶעקוּמֶען, רִבּוֹנוֹ שֶׁל עוֹלָם, צוּא בֶּעטֶען פַאר דִיר, דוּא זָאלְסְט גֶעבֶּען דָאס גוּטֶע קְווִיטֶעל מִיר אוּן מַיין מַאן אוּן מַיינֶע קִינְדֶער, לֶעבֶּען, גֶעזוּנְד אוּן פַּרְנָסָה בְּכָבוֹד, אוֹיךְ גָאר דַיין פָאלְק יִשְׂרָאֵל

---

### משלי מוסר

בִּין דָא אִיז אַלֶעם דָא אוּן אַז אִיךְ בִּין נִיטָא, טָא וֶוער אִיז דָא? אִיז דָאךְ דִיא קַשְׁיָא: הִלֵּל, ווייסֶען מִיר דָאךְ. אִיז גֶעוֶוען אַ גְרוֹיסֶער עָנָיו. הַיינְט וִוי קוּמְט עֶס עֶר זָאל רֵיידֶען מִיט אַזַא גַאֲוָה? ווֶעלֶען מִיר דָאס פַארְשְׁטֶעהְן מִיט אַ מָשָׁל:

אַ קְלֵיינְשְׁטֶעטֶעלְדִיגֶער אָרֶעמ־

זָאלְסְטוּ גֶעבֶּען קְוִויטְלַאךְ פוּן אַ גוּט לֶעבֶּען אוּן פַּרְנָסָה מִיט שֶׁפַע אוּן הַצְלָחָה אוּן אַלֶעם גוּטֶען:

רִבּוֹנוֹ שֶׁל עוֹלָם, גֶעדֶענְק אוּנְז מִיט אַ גוּט גֶעדֶעכֶענִישׁ פַאר דִיר:

רִבּוֹנוֹ שֶׁל עוֹלָם, גִיעבּ אוּנְז דָאס קְוִויטֶעל פוּן גוּט לֶעבֶּען:

רִבּוֹנוֹ שֶׁל עוֹלָם, גִיעבּ אוּנְז דָאס קְוִויטֶעל פוּן גוּטֶע פַּרְנָסָה:

רִבּוֹנוֹ שֶׁל עוֹלָם, דֶערְבַּארֶעם דִיךְ אוֹיף אוּנְז אוּן אוֹיף אוּנְזֶערֶע קְלֵיינֶע קִינְדֶערְלַאךְ:

# אַ נַייעֶ תְּחִנָּה הוֹשַׁעְנָא רַבָּה פַאר הוֹשַׁעְנוֹת.

רִבּוֹנוֹ שֶׁל עוֹלָם, דוּ גָאט פוּן גֶענָאד אוּן עֶרְבַּארְמוּנְג, וָואס דַיין הַאנְד אִיז אוֹיסְגֶעשְׁטְרֶעקְט מְקַבֵּל צוּא זַיין אַלֶע־מֶען וֶועלְכֶע קֶעהְרֶען זִיךְ צוּ דִיר מִיט'ן גַאנְצֶען הַארְצֶען. הֶער צוּ, גְרוֹיסֶער גָאט, דִי גֶעבֶּעט פוּן דַיין דִיענְסְט, וֶועלְכֶע קוּמְט יֶעצְט פַאר דִיר אִין דַיין הֵיילִיגֶע הוֹיז מִיט אַ צוּרִיסֶענֶע הַארְץ. צוּא בֶּעטֶען בַּייא דִיר מְחִילָה וּסְלִיחָה אִין דֶעם הֵיילִיגֶען טָאג הוֹשַׁעְנָא רַבָּה. מִיט אַן אֵיינְגֶעבּוֹיגֶענֶע קָאפּ וִויא אַ שְׁוֶוערֶע זִינְדֶערֶען, מִיט הֵייסֶע טְרֶעהְרֶען אִין דִיא אוֹיגֶען שְׁטֶעה אִיךְ אַצוּנְד פַאר דִיר אוֹיסְצוּבֶּעטֶען בַּיי דִיר גָאט פוּן עֶרְבַּארְמוּנְג אַ גוּטֶען צֶעטֶעל פַאר מִיר, פַאר מַיין מַאן, פַאר מַיינֶע קִינְדֶערְלַאךְ אוּן פַאר כָּל יִשְׂרָאֵל. רִבּוֹנוֹ שֶׁל עוֹלָם, דוּא פָאטֶער פוּן אַלֶע צוּבְּרָאכֶענֶע הֶערְצֶער, הֶער צוּא מַיין גֶעבֶּעט, פַארְנֶעהְם מַיינֶע זִיפְצֶען. זַאמֶעל צוּזַאמֶען מַיינֶע הֵייסֶע טְרֶעהְרֶען, וֶועלְכֶע אִיךְ פַארְגִיעס פַאר דִיר אִין דַיין הֵיילִיגֶע הוֹיז. מַיין

---

מְשָׁלֵי מוּסָר

מַאן אִיז אַוֶועקְגֶעפָאהְרֶען אִין אַ גְרוֹי־סֶע שְׁטָאדְט אוּן הָאט דָארְט גֶע־קְרָאגֶען אַ מְשָׂרֵת שְׁטֶעלֶע בַּיי זַיי־גֶעם זֶעהְר אַ בַּייכֶען קָרוֹב. אִין אַ צַייט אַרוּם אִיז עֶר גֶעקוּמֶען אַהֵיים אוּן הָאט מִיטְגֶעבְּרַאכְט שֶׁעהְנֶע

גֶעבֶּעט זָאל אַרויפְגֶעהְן צוּ דִיר, צוּ דַיין כִּסֵא הַכָּבוֹד אוּן זיא זָאל דָארְטֶען גֶעפִינֶען אַן אָרְט צְווִישֶׁען אַלֶע תְּפִלּוֹת וּבַקָשׁוֹת פוּן דַיין פָאלְק יִשְׂרָאֵל, וֶועלְכֶע עֶם קוּמֶען פַאר דִיר הַיינְט פָאר אִין דִיעזֶען הֵיילִיגֶען טָאג. אוּן דֶער זְכוּת פוּן דִי הוֹשַׁעְנוֹת וָואס מִיר זַיינֶען מְקַיֵּם דֶעם מִנְהָג פוּן דִי הֵיילִיגֶע נְבִיאִים זָאל מִיר הַיינְט בַּייִשְׁטֶעהֶען פַאר דַיין הֵיילִיגֶען שְׁטוּהְל, אַז דוּא זָאלְסְט דֶערְמָאהְנֶען דַיין דִיענְסְט צוּ גוּטֶען אוֹיפְ'ן נַייעֶם יָאהְר, דוּ זָאלְסְט זִיךְ דֶערְבַּארְמֶען אוֹיף מִיר, אוֹיף מַיין מַאן אוּן אוּנְז צוּשִׁיקֶען אַ גְרִינְגֶע חִיוּנָה. דוּ זָאלְסְט הִיטֶען אַלֶע מַיינֶע קִינְדֶער צוּזַאמֶען מִיט אַלֶע קִינְדֶער פוּן דַיין פָאלְק יִשְׂרָאֵל, פוּן אַלֶעם בֵּייז אוּן פוּן שְׁוֶוערֶע קְרַאנְקְהַייטֶען. דוּ זָאלְסְט זֵיי גֶעבֶּען אַ רֵיינֶע הַארְץ אַז זֵייא זָאלֶען גֶעהֶען אִין דַיינֶע וֶועגֶען, לֶערְנֶען דַיין הֵיילִיגֶע תּוֹרָה אוּן הִיטֶען דַיינֶע מִצְוֹת. קֶעהְר אוּנְז אוּם אִין אוּנְזֶער הֵיילִיגֶע שְׁטָאדְט יְרוּשָׁלַיִם אוּן בּוֹי אוֹיף צוּרִיק דַיין הֵיילִיגֶען בֵּית הַמִּקְדָשׁ וואוּ דַיין שְׁכִינָה הָאט שְׁטֶענְדִיג גֶערוּהְט, אוּן דָארְטֶען וֶועלֶען מִיר אוּנְזֶערֶע הֶערְצֶער דִיר בְּרֵיינְגֶען אָפְּפֶער, אוּן דִיךְ דִינֶען בִּקְדוּשָּׁה וּבְטָהֳרָה, אָמֵן, כֵּן יְהִי רָצוֹן:

# סֵדֶר הַהַקָפוֹת פוּן הוֹשַׁעְנָא רַבָּה.

צוּ דֶער עֶרְשְׁטֶער הַקָפָה זָאגְט מֶען דָאס:

**רַחֲמָנָא,** דֶערְבַּארֶעמְדִיגֶער גָאט, גֶעדֶענְק אוּנְז דֶעם זְכוּת פוּן אַבְרָהָם דַיין גֶעלִיבְּטֶער, וָואס דוּא הָאסְט

---

משלי מוסר

אִיהְם גֶעקוּמֶען בֶּעזוּכֶען אוּן הָאבֶּען לָאמְפֶּען אוּן אַנְדֶערֶע טַייעֶרֶע כֵּלִים גֶעזֶעהְן דִיא שֶׁעהְנֶע לָאמְפֶּען אוּן וָואס זַיין קָרוֹב הָאט אִיהְם גֶעגֶעבֶּען כֵּלִים. הָאבֶּען זֵיי אִיהְם אָנְגֶענוּמֶען אַ מַתָּנָה. עֶען זַיינֶע פְרַיינְד זַיינֶען

אִיהם גֶעפְּרוּבְט מִיט צֶעהֶען פְּרוּבוּנְג און עֶר אִיז בַּאשְׁטַאנֶען און הָאט אִין דִיר גֶעגְלוֹיבְּט. זַיין זְכוּת אִין דֶער בְּרִית, וָואס דוּ הָאסְט מִיט אִיהְם כּוֹרֵת בְּרִית גֶעוֶוען, זָאל אוּנְז בַּיישְׁטֶעהְן הַיינְט אִין הוֹשַׁעְנָא רַבָּה צוּ דֶער גְמַר חֲתִימָה אַז דוּא זָאלְסְט קִינִיגֶען אִיבֶּער אוּנְז, דַיין לִיעבּ הֵיילִיג פָאלְק יִשְׂרָאֵל:

## כִּי אָמַרְתִּי עוֹלָם חֶסֶד יִבָּנֶה:

צוּ דֶער אַנְדֶערֶער הַקָּפָה זָאגְט מֶען דָאס:

**רַחֲמָנָא**, דֶערְבַּארֶעמְדִיגֶער גָאט, גֶעדֶענְק אוּנְז דֶעם זְכוּת פוּן יִצְחָק וָואס עֶר הָאט אוֹיסְגֶעשְׁטְרֶעקְט זַיין הַאלְז און הָאט זִיךְ גֶעוָואלְט לָאזֶען מַקְרִיב זַיין פַאר אַ קָרְבָּן עוֹלָה פוּן דַיין לִיעבֶּען הֵיילִיגֶען נָאמֶען וֶועגֶען. זַיין זְכוּת זָאלְסְט דוּ אוּנְז גֶעדֵינְקֶען, לִיעבֶּער גָאט, הַיינְט אִין הוֹשַׁעְנָא רַבָּה צוּא דֶעם גְמַר חֲתִימָה אַז דוּ זָאלְסְט קִינִיגֶען אִיבֶּער אוּנְז, דַיין לִיבּ הֵיילִיג פָאלְק יִשְׂרָאֵל:

## לְךָ זְרוֹעַ עִם גְבוּרָה תָּעוֹז יָדְךָ תָּרוּם יְמִינֶךָ:

צוּ דֶער דְרִיטֶער הַקָּפָה זָאגְט מֶען דָאס:

**רַחֲמָנָא**, דֶערְבַּארֶעמְדִיגֶער פָאטֶער, גֶעדֶענְק אוּנְז דֶעם זְכוּת פוּן אוּנְזֶער פָאטֶער יַעֲקֹב, זַיין זְכוּת זָאהְל אוּנְז בַּיישְׁטֶעהְן הַיינְט אִין הוֹשַׁעְנָא רַבָּה צוּ דֶעם גְמַר חֲתִימָה

---

משלי מוסר

פַאר אַ גְרוֹיסֶען נְגִיר. הָאט דֶער גַאסְט צוּא זַייא גֶעזָאגְט: „מַיינֶע פְרַיינְד, אִיהְר הָאט אַ טָעוּת. דָאס גֶעהֶמְט מֶען מִיךְ אָן פַאר אַ נְגִיר דָא אִין קְלֵיין שְׁטֶעדְטֶעל. דָארְט אָבֶּער אִין דֶער כְּרַךְ בַּיי מַיין קָרוֹב בִּין אִיךְ גָאר נִיט. וֶוען אִיךְ קְלַאפּ אָן אִין זַיין טִהִיר און עֶר פְרֶעגְט: 'וֶוער אִיז דָאס?' וֶוער אִיךְ אַ דֶער־שְׁרָאקֶענֶער".

אָט דָאס הָאט הִלֵּל הַזָּקֵן גֶע־מֵיינְט: „אִם אֲנִי כָּאן", אַז אִיךְ בִּין

אַז דוא זָאלְסְט קִינִיגֶען אִיבֶּער אוּנְז, דַיין לִיעבּ הֵיילִיג פָאלְק יִשְׂרָאֵל:

## תִּתֵּן אֱמֶת לְיַעֲקֹב חֶסֶד לְאַבְרָהָם:

צוּ דֶער פֶערְטֶער הַקָּפָה זָאגְט מֶען דָאס:

**רַחֲמָנָא**, דֶערְבַּארֶעמְדִיגֶער פָאטֶער, גֶעדֶענְק אוּנְז דֶעם זְכוּת פוּן משֶׁה רַבֵּינוּ דֶער בַּאגְלוֹיבְּטֶער מַאן, וָואס דוּ הָאסְט מִיט אִיהְם גֶערֶעדְט פָּנִים בְּפָנִים. זַיין זְכוּת זָאל אוּנְז בַּיישְׁטֶעהְן הַיינְט אִין הוֹשַׁעְנָא רַבָּה צוּ דֶעם גְמַר חֲתִימָה, אַז דוּ זָאלְסְט קִינִיגֶען אִיבֶּער אוּנְז דַיין לִיב הֵיילִיג פָאלְק יִשְׂרָאֵל:

## נְעִימוֹת בִּימִינְךָ נֶצַח:

צוּ דֶער פִינְפְטֶער הַקָּפָה זָאגְט מֶען דָאס:

**רַחֲמָנָא**, דֶערְבַּארֶעמְדִיגֶער גָאט, גֶעדֶענְק אוּנְז דֶעם זְכוּת פוּן אַהֲרֹן הַכֹּהֵן דֶער הֵיילִיגֶער מַאן, וָואס אִיז גֶעוֶוען גֶעקְלֵיידֶעט אִין אַכְט בִּגְדֵי כְּהוּנָה צוּ מְכַפֵּר זַיין אוֹיף דִי עֲבֵירוֹת פוּן יִשְׂרָאֵל. זַיין זְכוּת זָאל אוּנְז בַּיישְׁטֶעהְן הַיינְט אִין הוֹשַׁעְנָא רַבָּה צוּ דֶעם גְמַר חֲתִימָה אַז דוּ זָאלְסְט נִיךְ קִינִיגֶען אִיבֶּער אוּנְז, דַיין לִיעבּ הֵיילִיג פָאלְק יִשְׂרָאֵל:

## יְיָ אֲדוֹנֵינוּ מָה אַדִּיר שִׁמְךָ בְּכָל הָאָרֶץ אֲשֶׁר תְּנָה הוֹדְךָ עַל הַשָּׁמָיִם:

---

משלי מוסר

דָא אוֹיף דֶער זִינְדִיגֶער וֶועלְט, אִיז „הַכֹּל כַּאן", מֵיינְט אִיהְר אַז אִיךְ בִּין אַלֶעס. „וּכְשֶׁאֵין אֲנִי כַּאן", אוּן אַז אִיךְ וֶועל דָא נִיט זַיין, נוּר בעהו"ב בַּיים טִיהר פוּן גַן עֵדֶן, וואו עֶס גֶעפִינֶען זִיךְ דִיא אָבוֹת אוּן אַנְדֶערֶע גְרוֹיסֶע צַדִיקִים, אוּן אִיךְ וֶועל אוֹיךְ וֶועלֶען אַבּיינְגֶעהְן, וֶועט מֶען פְרֶעגֶע־

צו דער זעקסטער הקפה זאגט מען דאס:

**רחמנא**, דערבארעמדיגער גאט, געדענק אונז דעם זכות פון יוסף הצדיק דער גרעסטער מאן און זאלסט קינינען גיך און באלד אויף אונז דיין ליב הייליג פאלק ישראל:

צדיק יי בכל דרכיו וחסיד בכל מעשיו:

צו דער זיבעטער הקפה זאגט מען דאס:

**רחמנא**, דערבארעמדיגער גאט, געדענק אונז דאס זיסע געזאנג פון דוד המלך עליו השלום. מיט טרומייטען און פידלען האט ער דערוועקט דעם מארגען־שטערן, צו לויבען דיך מיט זיינע שירות ותשבחות. זיין זכות זאל אונז בייזשטעהן היינט אין הושענא רבה צו דער גמר חתימה. במהרה, גיך און באלד זאל קומען דער מבשר צדק און משיח בן דוד, מיר זאלען קומען מיט גרויס שמחה און פרייד קיין ארץ ישראל אונזער הייליג לאנד, אזוי וויא עס שטעהט אין פסוק: ובא לציון גואל, אמן:

לך יי הגדולה והגבורה והתפארת והנצח וההוד כי כל בשמים ובארץ לך יי הממלכה והמתנשא לכל לראש: והיה יי למלך על כל הארץ ביום ההוא יהיה יי אחד ושמו אחד: ברוך שם כבוד מלכותו לעולם ועד:

---

משלי מוסר

גען: „מי באן?" — ווער איז דאס דארט? ווייל געגען זיי בין איך גאר ניט געאכטעט.

**קהלת** זאגט: „ושבתי אני ואראה את כל העשוקים תחת השמש והנה דמעות העשוקים ואין

# תְּחִנָּה פוּן לִיכְט צִינְדֶען לִשְׁמִינִי עֲצֶרֶת וּלְשִׂמְחַת תּוֹרָה.

שְׁמִינִי עֲצֶרֶת און שִׂמְחַת תּוֹרָה דַארְף מֶען בַּיי לִיכְט צִינְדֶען מַאכֶען שֶׁהֶחֱיָנוּ:

## שְׁמַע תְּפִלָּתִי יְיָ וְהַאֲזִינָה לְקוֹל תַּחֲנוּנָי:

**הֶער** צוּ, לִיעבֶּער גָאט, מַיין תְּפִלָּה, וָואס אִיךְ וִויל טְהָאן פַאר דִיר און פַארְנֶעהְם דָאס קוֹל פוּן מַיין גֶעבֶּעט און בַּקָשׁוֹת וָואס אִיךְ וִויל פַאר דִיר יֶעצְט זָאגֶען:

## שַׁעֲרֵי שָׁמַיִם פְּתַח וְיִתְעוֹרְרוּ עָלַי רַחֲמֶיךָ:

**מַאךְ** אוֹיף דִי טְהִירֶען פוּן דֶעם הִימֶעל אַרַיינְצוּלָאזֶען מַיינֶע רֵייד וָואס אִיךְ וֶועל פַארְגִיעסֶען און עֶס זָאל דֶערְוֶועקְט וֶוערֶען אוֹיף מִיר דַיינֶע פִיעל דֶערְבַּארֶעמְקַייט:

## שְׂפָתַי תִּפְתָּח וְרַעְיוֹנוֹתַי לֹא יִהְיוּ נְבוּכִים:

**מַיינֶע** לֶעפְצֶען זָאלְסְט דוּ עֶפֶענֶען, דֶערְבַּארֶעמְדִיגֶער גָאט, אִיךְ זָאהְל זָאגֶען פַאר דִיר מַיינֶע רֵייד, אַזוֹי וִויא מֶען גֶעהֶער צוּא זָאגֶען פַאר דִיר וָואס דוּא בִּיסְט אַ מֶלֶךְ מַלְכֵי הַמְּלָכִים, און מַיינֶע גֶעדַאנְקֶען זָאלֶען נִיט צוּמִישְׁט וֶוערֶען:

## וְאַל יָבֹא עֶצֶב וְיָגוֹן בְּבָתֵּינוּ לְעוֹלָם:

**און** עֶס זָאהְל נִיט קוּמֶען קֵיין שׁוּם טְרוֹיעֶרְקַייט און קֵיין שׁוּם קְלָאג און קֵיין שׁוּם זָארְג אִין אוּנְזֶערֶע הַייזֶער בִּיז אוֹי־

---

משלי מוסר

לָהֶם מְנַחֵם", אִיךְ הָאבּ מִיךְ אַרוּמְגֶעקוּקְט און גֶעזֶעהֶן דִיא גְוַאלְדְטַאטֶען וָואס וֶוערֶען גֶעטְהָאן אוּנְטֶער דֶער זוּן און דִי טְרֶעהְרֶען פוּן דִיא גֶעדְרִיקְטֶע און זֵיי הָאבֶּען נִימ קֵיין טְרֵייסְטֶער. מִיר וֶועלֶען פַארְשְׁטֶעהֶן דֶעם מַאֲמַר דוּרְךְ אַ מָשָׁל: עֶטְלִיכֶע סוֹחֲרִים זַיינֶען גֶעקוּ־

ביג. מיר זאלען אויסלעבען אונזערע יאהרען אין נחת
און אין פרייד:

**ונהיה חשובים בעיניך ואל תפרד מאתנו:**

און מיר זאלען זיין חשוב אין דיינע אויגען און זאלסט זיך
קיינמאהל ניט אפשיידען פון אונז, אין דעם זכות, וואס
מיר היטען דעם היילינען יום טוב שמיני עצרת, וואס ער
ווערט גערופען מיט דעם דאזיגען נאמען, וואס באדייט אז
עס איז דיר זיך שווער אפצושיידען פון אונז דיין געליעבטע
פאלק ישראל:

**ראה עם אהובך ששים ושמחים בתורתך:**

קוק און זעה, ליעבער גאט, וויא דיין געליעבטע טהייערע
פאלק טוען זיך היינטיגען טאג פרעהען מיט דיין תורה
אין אלע בתי מדרשים און אין אלע שוהלען:

**קבל ברצון ברכתי על נרותי שהדלקתי:**

נעהם אן, ליעבער גאט, מיט'ן גוטען ווילען מיין ברכה, וואס
איך האב געמאכט אויף דיא ליכט וואס איך האב
אנגעצונדען לכבוד דעם היילינען יום טוב:

**וחדש עלינו את השנה הזאת לטובה ולברכה:**

און בנייע אויף אונז דאס יאהר צו פיעל גוטס און בענט־
שונג, מיר זאלען געבענטשט ווערען צוא א גוט לעבען

---

משלי מוסר

מען אין אן איינפאהר הויז צו געכ־
טיגען. זייא האבען זיך געהייסען
געבען א גוטען מאהלצייט פון פיש,
פלייש און טייערע משקאות. אין
דער צייט ווען דיא סוחרים זיינען
דארט געווען איז געקומען אן ארע־
מאן. ער האט אבגעגעסען א שטיי־
קעל פערדארט ברויט און זיך גע־

און גוטע פּרנסה און מיר זאָלען מגדל זיין אונזערע קינדער צו דיין הייליגע תורה ומצוות ומעשים טובים, אָמן:

**ועיני בעלי ובני בתורתך הקדושה תאיר:**

**און** אַזוי וויא איך האָב דערלייכט די ליכט לכבוד דעם יום טוב אַזוי זאָלסטו ליעבער גאָט דערלייכטען דיא אויגען פון מיין מאַן און מיינע קינדער אין דיין הייליגע תורה:

**ונזכה לקיים כל תרי"ג מצות הכתובות בתורתך אָמן:**

**און** בזכות, וואָס מיר וועלען געהען היינטיגען יום טוב אין דיא שוהלען צו קושען דיין הייליגע תורה זאָלסטו אונז מזכה זיין מיר זאָלען מקיים זיין אַלע תרי"ג מצוות וואָס זיינען געשריעבען אין דער תורה, אָמן סלה:

# אַ תחנה פאַר מוסף צו תפלת גשם.

**איך:** פאַרבינד מיך מיט כל ישראל צוזאַמען, וואָס שטעהען יעצט פאַר דיר גאָט און בעטען רעגען אין ארץ ישראל, כדי דיא פעלדער זאָלען וואַקסען, די תבואה זאָל זיין געראָטען, די פּירות זאָלען זיין זיס, די בלומען זאָלען אַרויסגעבען אַ געשמאַקען ריח, די גראָז זאָל זיין גרין און שאָף און רינדער זאָלען זיך מיט דעם זעטיגען, די רעגענס זאָלען געהען אין דער צייט, אָהן אַ שטורם ווינד, אָהן האָגעל, ניט צו פיעל ניט צו ווייניג, די דאָרטיגע יודען וועלען זאַט זיין מיט ברויט וועלען זיי קאָנען לעהרנען און דאַווענען. דיא השפעה פון ארץ ישראל וועט זיך ציהען צו אונז אין חוץ לארץ וועלען מיר ניט

---

משלי מוסר

ליינט שלאָפען. אין מיטען נאַכט זיינען דיא סוחרים אַנטלאָפען און דער אָרעמאַן איז פאַרבליעבען. דער בעל הבית איז אויפגעשטאַנען אין דער פריה און איז געגאַנגען צו דיא סוחרים מאַהנען געלד פאַר'ן מאַהלצייט, אָבער ער האָט בלויז געפונען דעם אָרעמאַן. ער האָט

דארפֿען אָנקומֶען אֵיינֶער צוּם אַנְדֶערְען בֶּעטֶען חָלִילָה בְּרוֹיט, מִיר וֶועלֶען זַאט זַיין פוּן דַיין הַאנְד, ווִיא דֶער פָּסוּק זָאגְט: פּוֹתֵחַ אֶת יָדֶךָ וּמַשְׂבִּיעַ לְכָל חַי רָצוֹן, עֶפֶען אוֹיף דַיין הַאנְד אוּן מַאךְ זַאט אַלֶע לֶעבֶּעדִיגֶע מִיט דַיין גוּטֶען ווִילֶען, גֶעלוֹיבְּט בִּיסְטוּ גָאט, וָואס דוּ בִּיסְט אַ זָן וּמְפַרְנֵס מִקַּרְנֵי רְאֵמִים עַד בֵּיצֵי כִנִּים. הֶער צוּ אוּנְזֶער תְּפִלָּה אוּן זַיי מְמַלֵא אוּנְזֶער רָצוֹן, אָמֵן:

# אַלִיעַזְ' פוּן אַלֶף בֵּית אוֹיף שִׂמְחַת תּוֹרָה.

לִיעֶבֶּער גָאט, לָאזֶען מִיר גֶענִיעסֶען דֶעם זְכוּת פוּן אוּנְזֶער מוּטֶער חַנָּה, וָואס זִיא אִיז גֶעגַאנְגֶען אִין בֵּית הַמִּקְדָּשׁ אַרַיין תְּפִלָּה טְהָאן:

א אָנְפַאנְגֶען וֶועלֶען מִיר צוּא זִינְגֶען מִיט אַ הוֹיכֶע שְׁטִימֶע, לְכָבוֹד אוּנְזֶער תּוֹרָה וָואס הָאט קֵיין פְּגִימָה, אוּן אוּנְזֶער הֵייליגֶען גָאט, וָואס הָאט אוּנְז גֶעגֶעבֶּען דִי הֵיילִיגֶע תּוֹרָה מִיט אִיהְרֶע צֶעהְן גֶעבָּאט:

ב בַּאשֵׁיידֶען וֶועל אִיךְ דִיא זַאךְ קְלָאהְר, אוּנְזֶער תּוֹרָה אִיז גֶעוֶוען פַארְבָּארְגֶען פוּן בְּרִיאַת עוֹלָם אָן, צְווֵיי טוֹיזֶענְד יָאהְר, דֶערְנָאךְ אִיז זִי אוּנְז גֶעגֶעבֶּען גֶעוָוארֶען גַאנְץ אוּן גָאר:

ג גָאט דֶער אַלְמֶעכְטִיגֶער הָאט גֶעטְהָאן זַיינֶע מַלְאָכִים אִין הִימֶעל פְרֶעגֶען: זָאל אִיךְ דִי תּוֹרָה צוּא דִי לַייט וָואס

משלי מוסר

אִיהם אָנְגֶעגוּמֶען אַלְס אֵיינֶער פוּן דִי סוֹחֲרִים אוּן עֶר הָאט אִיהם גֶענוּמֶען שְׁלָאגֶען פַאר נִיט בַּאצָאהְלֶען פַאר'ן עֶסֶען אוּן טְרִינְקֶען פוּן אִיהם אוּן זַיינֶע חֲבֵרִים. דֶער אָרֶעמַאן הָאט אָנְגֶעהוֹיבֶּען צוּ ווִייגֶען: „וָואס הָאט אִיהְר צוּ מִיר? יֶענֶע הָאבֶּען זִיךְ גֶעלָאזְט וואוּיל גֶעהְן אוּן אִיךְ

אוֹיף דֶער עֶרְד גֶעבֶּען? אַזוֹי בַּאלְד עֶנְטְפֶערְן אַלֶע גְלַייךְ:
גָאט, קָאז דָאךְ דַיין שֶׁעהֶנְהַייט אִין הִימֶעל־רַייךְ:

ד דָא זָאגְט גָאט צוּ דִי מַלְאָכִים: אִיהְר עֶנְגֶעל, דִיא הֵיילִיגֶע תּוֹרָה אַייךְ צוּ גֶעבֶּען, דָאס קָאן נִיט זַיין, אִיךְ וֶועל פוּן דִי וָואס אוֹיף דֶער עֶרְד אוֹיךְ גֶעלוֹיבְּט זַיין, לָאזֶען זֵיי וִויסֶען אַז קֵיינֶער אִיז קֵיין גָאט אוֹיף דֶער וֶועלְט נִיט מֵיין, נָאר אִיךְ אַלֵיין:

ה הוֹיבֶּען אָן דִיא מַלְאָכִים צוּ זָאגֶען צוּ גָאט: דוּ הַארְר פוּן דֶער גַאנְצֶער וֶועלְט, וִוי זָאלְסְטוּ גֶעבֶּען אַזֶעלְכֶע הֵיילִיגְ־קַייט צוּ לַייט וָואס זַיינֶען פוּן דֶער עֶרְד גֶעשְׁטֶעלְט? גִיעבּ עֶס אוּנְז עֶנְגֶעל נָאר מִיר וֶועלֶען זִיךְ בַּאמִיהֶען אִין אִיהְר גַאנְץ אוּן גָאר:

וִויא בַּאלְד דֶער אַלְמֶעכְטִיגֶער גָאט מְהוּט דָאס פוּן זֵייא הֶערֶען, אַזוֹי בַּאלְד עֶנְטְפֶערְט עֶר צוּא דִיא מַלְאָכִים: אִיךְ זָאג אַייךְ דִיא זַאךְ גַאנְץ קְלָאהְר, אִיהְר קֶענְט נִיט הָאבֶּען דִיא תּוֹרָה מִן הַשָּׁמַיִם, וַוייל אִיהְר זַייט נִישְׁט גֶעוֶועזְ אִין מִצְרַיִם:

זָא בַּאלְד זָאגֶען דִי מַלְאָכִים: נוּ, הָאבֶּען מִיר קֵיין בְּרֵירָה, אוּן מִיר קָאנֶען נִיט הָאבֶּען דִיא תּוֹרָה, וַוייל דִי צֶעהְן גֶע־בָּאט מִיט „אֲשֶׁר הוֹצֵאתִיךָ מִמִּצְרַיִם" פַאנְגְט זִיךְ אָן, אוּן מִיר הָאבֶּען קֵיין עֲבוֹדַת פֶּרֶךְ גֶעטְהָאן:

---

משלי מוסר

אב בְּלוֹיז גֶעגֶעסֶען אַ שְׁטִיקֶעל טְרוּ־
[…]ען בְּרוֹיט, לְסוֹף שְׁטְרָאפְט אִיהְר
[…]ור פַאר זַיי!" כַּךְ, אַזוֹי אִיז אוֹיךְ
[…]וט דִיא רְשָׁעִים אוּן צַדִיקִים. דִיא
[…]שָׁעִים לֶעבֶּען אוֹיף דֶער וֶועלְט אַ
גוּטֶען טָאג אוּן דִיא צַדִיקִים לַייטֶען
נָאר נִיט גֶהִנָם פוּן דֶער וֶועלְט, לְסוֹף
וֶוערֶען דִי צַדִיקִים גֶעשְׁטְרָאפְט פַאר
דִי זִינְד פוּן דִיא רְשָׁעִים. אַט דָאס
זָאגְט קֹהֶלֶת: אִיךְ זֶעה דִיא גְוַואלְד־

ח וַזִי וְכַיָם, הֵייסְט דִיא מַלְאָכִים גֶעהְן פָאַרְט, אוּן טְהוּט רוּ־
פֶען צוּ מֹשֶׁה צוּ זַיין הֵיילִיג אָרְט, אוּן זָאגְט צוּ אִיהְם, מִיט
זַיין הֵיילִיגֶע שְׂמִים:

ט טְהוּ נִיט זַאמֶען, מַיין גֶעטְרַייעֶר קְנֶעכְט, אוּן גֶעה צוּ מַיין
פָאלְק יִשְׂרָאֵל גִיךְ אוּן גֶעשְׁווִינְד, אוּן גִיעב זֵיי דִיא תּוֹרָה
אַצוּנְד:

י יִשְׂרָאֵל מַיין פָאלְק, דִיא קִינְדֶער פוּן אַבְרָהָם יִצְחָק וְיַעֲקֹב,
זָאלְסְטוּ פְרֶעגֶען, אוֹיבּ זֵיי זַיינֶען נִיט דַאגֶעגֶען, צוּא נֶעהְ־
מֶען דִי תּוֹרָה, וָואס אִיז דִי בֶּעסְטֶע סְחוֹרָה:

כ כָּל יִשְׂרָאֵל נֶעהְמֶען אוֹיף מֹשֶׁה'ן גַאנְץ פַיין, זֵיי זָאגֶען צוּא
אַז זֵיי וֶועלֶען בְּלֵב אֶחָד זַיין, זֵיי הָאבֶּען קַיין זַאךְ דַאגֶע־
גֶען, אוּן ווילֶען גָאר נִיט פְרֶעגֶען:

ל יִעבֶּער מֹשֶׁה, וָואהְרְהַאפְטִיגֶער מַאן, וָואס דֶער לֶעבֶּע־
דִיגֶער גָאט וֶועט דִיר בַּאפוֹילֶען וֶועלֶען מִיר אַלְץ טְהָאן,
עֶר אִיז דֶער אֵיינְצִיגֶער גָאט אִיבֶּער אַלֶע בַּאשֶׁעפֶענֶעשׁ,
עֶר הָאט אוּנְז גֶעפִיהְרְט אִיבֶּער דֶעם יַם אִין דֶער מְדְבָּ־
קֶענֶעשׁ:

מ מֹשֶׁה רַבֵּינוּ אִיז גֶעקוּמֶען צוּא גָאט, אוּן גֶעזָאגְט אַז עֶר
הָאט עֶרְפִיהְלְט זַיין גֶעבָּאט, אוּן „נַעֲשֶׂה וְנִשְׁמַע״ הָאבֶּען
גֶעזָאגְט דִי אִידֶען, אוּן זַיינֶען צוּפְרִיעדְען:

---

משלי מוסר

טַהְאטֶען. דִי אוּנְרֶעכְטֶען וָואס וֶוער־
רֶען גֶעטְהָאן אוּנְטֶער דֶער זוּן ווִיא
דִיא צַדִיקִים פַארְגִיסֶען טְרֶעהְרֶען
וָואס זֵייא וֶוערֶען גֶעשְׁטְרָאפְט פַאר
פְרֶעמְדֶע זִינְד. דֶערִיבֶּער פִיהְרְט עֶר
אוֹים: „וְשַׁבֵּחַ אֲנִי אֶת הַמֵּתִים״—אִיהְ
שֶׁעטְץ גְלִיקְלִיךְ דִיא מֵתִים, דִי גֶע־
שְׁטָארְבֶּענֶע צַדִיקִים, וַוייל אוֹיף יֶע־
נֶער וֶועלְט קְרִיגֶען זֵיי גוּט אָפְּגֶע־
צָאהְלְט פַאר דִי קְרִיוְודֶעס וָואס זֵיי
הָאבֶּען גֶעהַאט אוֹיף דֶער וֶועלְט.

נ נִיט עֶרְגֶעץ אִיז קֵיין פָאלְק פַארְהַאנְדֶען נוּר יִשְׂרָאֵל אַלֵיין, וָואס אִיז אַזוֹי אוּנְטֶערְטֶהֶענִיג פוּן גְרוֹיס בִּיז קְלֵיין, אוּן פָאלְגֶען, לִיעבֶּער גָאט, דַיין הֵיילִיגֶע גֶעבָּאט:

ס סוֹמֵךְ זַיין וֶועלֶען זֵיי זִיךְ אוֹיף מַיינֶע רֵייד, אוּן אָהְן אַן אוּנְטֶערְשֵׁייד, וֶועלֶן זֵיי מְקַבֵּל זַיין, גַאנְץ שֶׁעהְן אוּן גַאנְץ פַיין:

ע עֶנְטְפֶערְט גָט צוּ מֹשֶׁה: קוּם אַהֶער מַיין הֵיילִיגֶער קְנֶעכְט, רוּף מִיר צוּ אַהֲרֹן אוּן דִי זְקֵנִים אוּן כָּל יִשְׂרָאֵל גַאנְץ גֶערֶעכְט, אֵיידֶער זֵיי גֶעהְן צוּם בַּארְג סִינַי, זָאג זֵיי בַּאצַייטֶען, אַז זֵיי זָאלֶען שְׁטֶעהְן פוּן וַוייטֶען:

פ פָארְכְט אוּן מוֹרָא בַּאפַאלְט דִיא זְקֵנִים, מִיט אַלֶע אִידֶען אִין אֵיינֶעם, זֵיי שְׁרֶעקֶען זִיךְ וִויא פַארְ'ן טוֹידְט, וֶוען מֶען הֵייסְט זֵיי זַיין צוּם דְרִיטֶען טָאג גְרֵייט:

צ צִיהֶען טְהוּעֶן דִיא יִשְׂרָאֵל צוּם הַר סִינַי, דֶעם אוֹיסְדֶערְוֶועהְלְטֶען בַּארְג. זֶעהֶען זֵייא דִיא גְרוֹיסֶע וואוּנְדֶער גָאר שְׁטַארְק, הֵיילִיגֶען זִיךְ דְרַיי טֶעג אוּן דְרַיי נֶעכְט, וִויא עֶס הָאט גֶעהֵייסֶען מֹשֶׁה גָאטְ'ס קְנֶעכְט:

ק קְלֵיין אוּן גְרוֹיס אוּן אַלֶע הֵיילִיגֶע נְשָׁמוֹת קוּמֶען דָארְט, אוּן מִיט גְרוֹיס מוֹרָא אוּן פָארְכְט, זַיי אַנְטְפַאנְגֶען פוּן דֶעם אַלְמֶעכְטִיגֶען גָאט זַיין גָאבּ, אוּן פַארְנֶעהְמֶען זַיין זָאג:

ר רִיכְטִיג צוּא דֶער בַּאשְׁטִימְטֶער צַייט, הָאבֶּען זִיךְ פַארְזַא־

---



קֹהֶלֶת זָאגְט וַוייטֶער: „וְיוֹם הַמָּוֶת מִיוֹם הִוָּלְדוֹ", דֶער טָאג פוּן טוֹידְט אִיז חָשׁוּבֶ'ער וִויא דֶער טָאג וֶוען מֶען וֶוערְט גֶעבּוֹירֶען לְמָשָׁל:

אִין אַ הַאפֶען שְׁטֶעהְן צְווייא שִׁיפֶען. אֵיינֶע אִיז נוּר וָואס גֶעקוּמֶען פוּן אִיהְר רֵייזֶע אוּן דִי צְווייטֶע גֶעהְט אָפּ נָאךְ אַ וַוייטֶע רֵייזֶע. פִיעלֶע מֶענְשֶׁען זַיינֶען פֶערְזַאמֶעלְט בַּיים בְּרֶעג יַם אוּן מִיט פְרֵיידֶען גֶעשְׂרַיי־

מעלט אלע לייט, דעם זעקסטען אין סיון איז דאס געווען, דאמאלס זיינען גרויסע וואונדער געשעהן:

ש שרעקליכע דונערן און בליצען האבען אנגעפאנגען, דער בארג סיני מיט א וואלקען פארהאנגען, די אידען האבען זיך דערשראקען פאר גאט'ס קול, און זיינען אנטלאפען מיט א מאהל:

ת תיכף האבען זייא דיא מלאכים אומגעקעהרט אויף זייער ארט, ארום בארג סיני דארט, און געבעטען משה'ן ער זאל זיי זאגען די געבאט, ווייל זיי האבען מורא פאר דר שטימע פון גאט:

# תחנה לשמחת תורה.

די תחנה זאגט מען שמחת תורה ווען מען קומט אין שוהל די תורה קושען:

**יהי** רצון מלפניך יי אלהינו ואלהי אבותינו, עס זאהל זיין דער וויי־לען פאר דיר גאט אונזער גאט, דער גאט פון אונזערע עלטער־רען, דאס עס זאל זיין דיא שעה וואס מיר עפענען דעם ארון הקודש און מיר קומען קושען דיין ליעבע הייליגע תורה, א שעה פון דער־

---

משלי מוסר

ען באגלייטען זיי די שיף וואס געהט אפ, וועהרענד וועגען דער אנגע־קומענער שיף איז קיינער בעזאָרגט. א קלוגער וואס איז דערביי געוועזען האט באמערקט: „שוטים וואס איהר זיינט! פאר דער שיף וואס איז געקומען דארף מען זיין מעהר בעגייסטערט וויא פאר דער שיף וואס געהט אפ. דען וואס קען מען וויסען וואס מיט דיעזער שיף קאן פאסירען אויפ'ן וועג? זי קען זיך אנקלאפען אן א פעלז און אונ־טערגעהן. זי קען בעפאלען ווערען פון ים־רויבערס און פערשיעדענע סבות און אומגליקען קענען מיט איהר טרעפען. די שיף אבער וואס איז געקומען בשלום מיט די פאסא־זשירען און אנגעלאדען מיט כל טוב

בַּארְמְהַקייט, אַ שָׁעָה פוּן גֶענָאד, אַ שָׁעָה פוּן בַּאוִוילִיגוּנְג. עֶס זָאל גֶע־זֶעהֶען וֶוערֶען פַאר דִיר דֶער זְכוּת וָואס מִיר קוּמֶען יֶעצְט דַיין לִיעבֶּע הֵיילִיגֶע תּוֹרָה קוּשֶׁען אוּן זָאלְסְט אוּנְז עֶפֶענֶען טְהוֹיעֶרֶען פוּן לֶעבֶּען, טְהוֹיעֶרֶען פוּן גֶעזוּנְד, טְהוֹיעֶרֶען פוּן גוּטֶע פַּרְנָסָה, טְהוֹיעֶרֶען פוּן גוּ־טֶען מַזָל, טְהוֹיעֶרֶען פוּן גְלִיק, אוּן זָאלְסְט אוּנְז בַּאגְלִיקֶען אִין אַלֶע אוּנְזֶערֶע וֶועגֶען וואוּ מִיר וֶועלֶען זִיךְ קֶינְהֶרֶען אוּן וֶוענְדֶען מִיר זָאלֶען קֶענֶען דֶערְהַאלְטֶען דַיין לִיעבֶּע הֵיילִיגֶע תּוֹרָה אוּן אִיהְרֶע מִצְווֹת מִיט אַלֶע זֵייעֶרֶע פְּרָטִים אוּן דִקְדוּקִים אַזוֹי וְויא דַיין ווִילֶען אִיז אוּן מִיר זָאלֶען זוֹכֶה זַיין צוּ מְגַדֵל זיין אוּנְזֶערֶע קִינְדֶער צוּ גָאטְ׳ס דִינְסְט. אוּן אִין דֶעם זְכוּת וָואס מִיר פְרֶעהֶען זִיךְ אִין דֶעם לִיעבֶּען הֵיילִיגֶען יוֹם טוֹב מִיט דַיין תּוֹרָה זָאלְסְטוּ אוּנְז דֶערְפְרֶעהֶען אוּנְזֶער הַארְץ מִיט אַלֶעם גוּטֶען, עֶס זָאהְל נִיט גֶעשֶׁעהְן צוּ אוּנְז אִין אַלֶע אוּנְזֶערֶע לֶעבּ־טֶעג קַיין טְרוֹיעֶרְקַייט אוּן קַיין קְלָאג אוּן קַיין זִיפְצֶען אוּן זָאלְסְט אוּנְז בַּאשִׁירְמֶען פוּן אוּנְזֶערֶע לֵייד:

משלי מוסר

בַּארְף מֶען נָארֶעם בֶּעגְרִיסֶען אוּן אוֹיפְנֶעהְמֶען מִיט גְרוֹיס שִׂמְחָה".

כַּךְ, אַזוֹי אִיז מִיטְ׳ן מֶענְשֶׁען. וֶוען אַ קִינְד וֶוערְט גֶעבּוֹירֶען ווייס מֶען דָאךְ נִיט וָואס עֶר וֶועט זַיין. אֶפְשָׁר וֶועט עֶר גָאר, חַס וְשָׁלוֹם, אוֹיסְוַואקְסֶען אַ רָשָׁע. בַּארִיבֶּער אִיז דֶער גֶעבּוּרְטְס טָאג גָאר נִיט אַזאַ חֲשִׁיבוּת. וֶוען אָבֶּער אַ מֶענְטְשׁ גֶעהְט אַוֶועק פוּן דֶער וֶועלְט פוּל מִיט תּוֹרָה וּמַעֲשִׂים טוֹבִים בַּארְף מֶען צוּפְרִיעדֶען זַיין אוּן בַּאנְקֶען גָאט. אָט דָאס זָאגְט שְׁלֹמֹה הַמֶּלֶךְ: „וְיוֹם הַמָּוֶת מִיוֹם הִוָּלְדוֹ".

**שִׂמְחַת** תּוֹרָה זַיינֶען זִיךְ אַלֶע מְשַׂמֵחַ. אֲפִילוּ פְּרָאסְטֶע מֶענְשֶׁען, וָואס קֶענֶען נִיט לֶערְנֶען אוּן פַארְזוּכֶען נִיט אַ גַאנְץ יָאהְר עֶטְוָואס לֶערְנֶען דִי תּוֹרָה, טְרִינְקֶען אוֹיךְ אַ פָּאָר שְׁנֶעפְּסְלַאךְ אוּן גֶעהֶען אַ טֶענְצֶעל. פַארְקֶעהְרְט, פְּרָאסְטֶע מֶענְשֶׁען וָואס לֶערְנֶען נִיט הוּלֶיעֶן אָפְּטְמָאהְל מֶעהְר ווִי דִי בְּנֵי תּוֹרָה, ווִיא לוֹמְדִים וָואס לֶערְנֶען דוּרְכְ׳ן יָאהְר זֶעהְר פִיעל. אִין פְלוּג אִיז דָאךְ דָאס זֶעהְר נִיט גְלַייךְ אוּן דָאס זֶעהְט גָאר אוֹיס אַ חִילוּל הַתּוֹרָה.

תּוֹרָה תּוֹרָה, קוּק אָן דַיינֶע לִיעבֶּע קִינְדֶער, וָואס קוּמֶען צוּ קוּשֶׁען דִיר מַחֲמַת גְרוֹיס לִיעבְשַׁאפְט וָואס אִין זֵייעֶר הַארְצֶען אִיז צוּא דִיר אוּן טְהוּעֶן זִיךְ אָן מִיט שֶׁעהֶנֶע טְהֵייעֶרֶע קְלֵיידֶער פוּן דַיין כָּבוֹד וֶועגֶען. דַארוּם זָאלְסְט דוּ אוֹיף אוּנְז אַ גוּטֶען זְכוּת זָאגֶען פַאר הַשֵּׁם יִתְבָּרַךְ, דָאס עֶר זָאל אוּנְז גֶעבֶּען אַ גוּט יָאהְר מִיט פִיעל בְּרָכוֹת מִיט עוֹשֶׁר אוּן כָּבוֹד אוּן מִיר זָאלֶען זוֹכֶה זַיין צוּא גֶעהֶען קוּשֶׁען דִיא הֵיילִיגֶע תּוֹרָה אִין בֵּית הַמִּקְדָּשׁ, בִּמְהֵרָה בְיָמֵינוּ:

בְּשַׁעַת מֶען קוּשְׁט דִי תּוֹרָה זָאגְט מֶען דֶעם פָּסוּק דְרַיי מָאהְל:

## יִשָּׁקֵנִי מִנְּשִׁיקוֹת פִּיהוּ כִּי טוֹבִים דוֹדֶיךָ מִיָּיִן:

דִי תְּחִנָּה זָאגְט מֶען וֶוען מֶען גֶעהְט אַרוֹיס פוּן שוּהל:

רִבּוֹנוֹ שֶׁל עוֹלָם, הֶערְר פוּן דֶער גַאנְצֶער וֶועלְט, זָאלְסְט אָנְנֶעהְמֶען אַלֶע אוּנְזֶערֶע תְּפִלּוֹת וּבַקָּשׁוֹת וָואס מִיר הָאבֶּען דִיךְ גֶע־טְהָאן בֶּעטֶען אִין דֶער הֵיילִיגֶער שוּהְל אוּן מִיר זָאלֶען חַס וְשָׁלוֹם נִיט פַארְשֶׁעהְמְט וֶוערֶען, דֶען מִיר גֶעהֶען שׁוֹין יֶעצְט אַוֶועק פוּן דַיין הֵיי־לִיגֶער שוּהְל אוּן מִיר פְרֶעהֶען זִיךְ דֶערְמִיט וָואס מִיר זַיינֶען דָא אִין שוּהְל גֶעוֶועזֶען אוּן מִיר הָאבֶּען גֶעקוּשְׁט דַיין לִיעבֶּע הֵיילִיגֶע תּוֹרָה וָוס

---

משלי מוסר

וָואס הָאבֶּען דִיעזֶע מֶענְטְשֶׁען צוּא הוּלֶיען?

אַ אִיד אַ לַמְדָן, וֶועלְכֶער הָאט אַ גַאנְץ יָאהְר גֶעלֶערֶענְט תּוֹרָה בְּהַתְמָדָה הָאט גֶעזֶעהְן וִויא אַ וַואסֶער־טְרֶעגֶער, אַ גְרוֹיסֶער פְּרָאסְטַאק, הָאט שִׂמְחַת תּוֹרָה גֶעזוּנְגֶען אוּן גֶעטַאנְצְט. „וָואס אִיז מִיט דִיר דִיא שִׂמְחָה" — הָאט עֶר אִיהְם גֶעפְרֶעגְט - „דוּא הָאסְט דֶען דוּרְכְ'ן יָאהְר עֶפֶּעס גֶעלֶערֶענְט וָואס דוּא הוּלְיעסְט אַזוֹי?" דֶער פְּרָאסְטַאק הָאט אִיהְם דֶערוֹיף גֶעעֶנְטְפֶערְט:

„בָּארְף אִיךְ זִיךְ נִיט פְרֶעהֶען אִין דֶעם טָאג פוּן מַיין בְּרוּדֶער'ס חֲתוּנָה? דוּא בִּיזְט דָאךְ מַיינֶער אַ בְּרוּדֶער, וַוייל מִיר זַיינֶען בֵּיידֶע קִינְדֶער פוּן אַבְרָהָם, יִצְחָק וְיַעֲקֹב. בַּיי דִיר אִיז הַיינְט חֲתוּנָה. דוּ בִּיזְט דֶער „חֲתַן תּוֹרָה". וַוייל דוּ הָאסְט אַ

זִיא וָוערְט אָנְגֶערוּפֶען תּוֹרַת מֹשֶׁה. אוּן אִין דֶעם זְכוּת פוּן מֹשֶׁה רַבֵּנוּ עָלָיו הַשָּׁלוֹם זָאלְסְטוּ אוּנְז שְׁטַארְקֶען אוּנְזֶערֶע הֶערְצֶער, אַז מִיר זָאלֶען חַס וְשָׁלוֹם קֵיינְמָאהְל נִיט אַוֶועק נוֹיגֶען פוּן דֶעם וֶועג וָואס דִיא הֵיילִיגֶע תּוֹרָה הָאט אוּנְז גֶעשַׁאפֶען, נָאר מִיר זָאלֶען קָאנֶען מְקַיֵּים זַיין אַלֶע מִצְווֹת וָואס אִין דֶער הֵיילִיגֶער תּוֹרָה שְׁטֶעהְט, אוּן בִּזְכוּת אַלֶע צַדִיקִים אוּן אַלֶע פְרוּמֶע לַייט זָאלֶען מִיר זוֹכֶה זַיין צוּא הָאבֶּען גוּטֶע קִינְדֶער וָואס זָאלֶען זִיךְ מִיהֶען אִין דֶער תּוֹרָה, טָאג אוּן נַאכְט, אוּן מִיר זָאלֶען זוֹכֶה זַיין אִיבֶּער אַיָאהְר אִין דֶער הֵיילִיגֶער שׁוּהְל וִוידֶער צוּ גֶעהְן, אָמֵן סֶלָה:

# אַ נַייעֶ תְּחִנָּה לַחֲנוּכָּה.

צוּ לֵייעֶנֶען אַלֶע אַבֶּענְד פַאר חֲנוּכָּה לִיכְט בֶּענְשֶׁען:

אֱלֹהֵינוּ וֵאלֹהֵי אֲבוֹתֵינוּ, אוּנְזֶער גָאט אוּן דֶער גָאט פוּן אוּנְזֶערֶע עֶלְטֶערֶען. מִיר פַייעֶרֶען הַיינְט דֶם גְרוֹיסֶען יוֹם טוֹב חֲנוּכָּה. מִיר בֶּענְטְשֶׁען לִיכְט אַכְט טָאג כְּסֵדֶר אַלְם אַנְדֶענְקוּנְג פוּן דֶעם קְרִיעגֶעלֶע בּוֹימֶעל מִיט וֶועלְכֶען עֶס אִיז גֶעשֶׁעהְן אַנֵס אוּן אָנְשְׁטָאט אֵיין טָאג הָאט עֶר גֶעבְּרֶענְט אַכְט טֶעג. מִיר זָאגֶען „הַלֵל" אוּן „עַל הַנִסִים" אוּן מִיר דַאנְקֶען דִיר פַאר דִי נִסִים, גְבוּרוֹת, תְּשׁוּעוֹת וּמִלְחָמוֹת וָואס דוּ הָאסְט אַ מָאהְל אִין דִיעזֶע טֶעג גֶעטְהָאן צוּ אוּנְזֶערֶע אוּר־עֶלְטֶערֶען. אָבֶּער מִיר זַיינֶען נִיט אִימְשְׁטַאנְד אָפְּצוּדַאנְקֶען דִיר פַאר דִיא גְרוֹיסֶע חֲסָדִים וָואס דוּא הָאסְט דַאמָאלְס גֶעטְהָאן מִיט דַיין

---

משלי מוסר

גַאנְץ יָאהְר גֶעלֶערֶענְט, דֶערִיבֶּער בִּין אִיךְ זִיךְ אוֹיךְ מְשַׂמֵחַ נָאךְ מֶעהְר פוּן דִיר, וַוייל דַיין שִׂמְחָה אִיז אַן אֵיינֶערְלִיכֶע אוּן דוּא צֵיינְסְט זִיא נִיט פִיעל אַרוֹים פוּנְקְט וִוי אַ חָתָן וָואס טַאנְצְט וֵוייניגֶער פוּן דִיא מְחוּתָּנִים. אִיךְ אָבֶּער בִּין אַ מְחוּתָּן צוּא דֶער חֲתוּנָה, הוּלִיע אִיךְ מֶעהְר'.

פָאלק יִשְׂרָאֵל. ווייל וויפיעל מִיר זָאלֶען דִיר דַאנְקֶען און וויפיעל מִיר זָאלֶען דִיר לויבֶּען זַיינֶען מִיר אַלֶץ נִישְׁט יוֹצֵא. אִיךְ בֶּעט דִיךְ דַארִיבֶּער, הַארְצִיגֶער פָאטֶער אִין הִימֶעל, אַז דוּא זָאלְסְט מִיר נִיט רֶעכֶענֶען פַאר אַ זִינְד אוֹיב אִיךְ הָאבּ אָדֶער אוֹיבּ אִיךְ וָועל הַיינְטִיגֶען חֲנוּכָּה עֶפֶּעס פּוֹגֵם זַיין און נִיט אָפְּהִיטֶען דֶעם יוֹם טוֹב ווי גֶעהֶערִיג אִיז. אֶפְשַׁר הָאבּ אִיךְ פַארְגֶעסֶען און גֶעטְהָאן אַ מְלָאכָה וָואס נָשִׁים טְהָארֶען נִיט טְהָאן אוּם חֲנוּכָּה, אָדֶער אֶפְשַׁר וָועל אִיךְ פַארְגֶעסֶען און טְהָאן אַזַא מְלָאכָה, זָאלְסְטוּ מִיר מוֹחֵל זַיין און נִיט פַארְשְׁרַייבֶּען עֶס אִין סֵפֶר הַזִכְרוֹנוֹת פַאר אַ חֵטְא, ווייל אִיךְ בִּין דָאךְ נִישְׁט מֶעהְר ווי אַ זִינְדִיגֶע אִשָּׁה מִיט אַ שְׁוַואכֶען זִכָּרוֹן און אִיךְ קֶען מִיךְ נִיט אַיינְהִיטֶען פוּן צוּ טְהָאן אַזֶעלְכֶעס וָואס מֶען דַארְף נִישְׁט טְהָאן. הֶעלְף מִיר, אָבִינוּ שֶׁבַּשָּׁמַיִם, אַז אִיךְ זָאהְל זִיךְ נִישְׁט פַארְגֶעסֶען און נִיט טְהָאן קֵיין מְלָאכָה בַּיי דֶער שַׁיין פוּן דִיא חֲנוּכָּה לִיכְט, וָואס דָאס אִיז פַאר זֵיי אַ בִּזָיוֹן און אַן עֶרְנִיעדְרִיגוּנְג. הֶעלְף מִיךְ, מַיין מַאן, מַיינֶע קִינְדֶער און כָּל יִשְׂרָאֵל אַז אוּנְזֶערֶע מַזָלוֹת זָאלֶען לַייכְטֶען אַזוֹי וויא דִיא פַייעֶרֶען אִין דֶער הַיילִיגֶער מְנוֹרָה פוּן בֵּית הַמִקְדָשׁ. גֶעדֶענְק אוּנְז שְׁטֶענְדִיג דֶעם זְכוּת פוּן דֶער צַדֶקֶת חַנָה און אִיהְרֶע זִיעבֶּען זִיהְן, וֶועלְכֶע הָאבֶּען זִיךְ מַקְרִיב גֶעוֶוען עַל קִדוּשׁ הַשֵּׁם, און טְהוּא מִיט אוּנְז שְׁטֶענְדִיג נִסִים, כְּדֵי לְהוֹדוֹת וּלְהַלֵּל לְשִׁמְךָ הַגָּדוֹל:

# אַ נייעֶ תְּחִנָּה לְפּוּרִים.

צוּ לֵייעֶנֶען אִין דֶער פְרִיה צוּם בַּאוֶוענֶען און פַאר דֶער סְעוּדָה:

אַתָּה הָאֵל עוֹשֵׂה פֶלֶא, דוּא בִּיסְט דֶער גָאט, וָואס טְהוּט וואוּנְדֶער. מִיר פַייעֶרֶען הַיינְט דֶעם יוֹם טוֹב פּוּרִים אַלְס אַנְדֶענְקוּנְג אָן דֶעם גְרוֹיסֶען נֵס וָואס דוּא הָאסְט אוּנְז אַ

מָאהָל גֶעטְהָאן, וָוען הָמָן הָרָשָׁע הָאט גֶעוָואלְט אוּמְבְּרֵיינְגֶען אוּן אוֹיסְרָאטֶען אַלֶע אִידֶען, אוּן דֶער סוֹף אִיז גֶעוֶוען, אַז דִיא אִידֶען הָאבֶען גֶעהַאט נְקָמָה אָן זֵייעֶרֶע פֵיינְד אוּן הָמָן אוּן זֵיינֶע קִינְדֶער זַיינֶען אוֹיפְגֶעהַאנְגֶען גֶעוָוארֶען. מִיר זַיינֶען זִיךְ דַארִיבֶּער מְשַׂמֵחַ אִין דִיעֶזֶען טָאג אוּן מִיר זָאגֶען עַל הַנִסִים אוּן מִיר דַאנְקֶען דִיר פַאר דִי גְרוֹיסֶע חֲסָדִים, גְבוּרוֹת, תְּשׁוּעוֹת וּמִלְחָמוֹת וָואס דוּ הָאסְט אַ מָאהָל גֶעטְהָאן צוּ אוּנְזֶערֶע עֶלְטֶערֶען אִין דִיזֶע טֶעג. אָבֶער דוּ גָאט בִּיסְט דָאךְ אַ חֲכַם לֵבָב וְאַמִיץ כֹּחַ אוּן דוּא הֶעלְפְסְט אוּנְז שְׁטֶענְדִיג דוּרְךְ נִסִים. וָוען נִיט דַיינֶע גְרוֹיסֶע וואוּנְדֶער אוּן נִסִים וָואס דוּא טְהוּסְט מִיט אוּנְז יֶעדֶען טָאג, יֶעדֶע שָׁעָה אוּן יֶעדֶע רֶגַע, וָואלְטֶען מִיר נִיט גֶעקָאנְט עֶקְזִיסְטִירֶען אוֹיף דֶער וֶועלְט. אָבֶער אוּנְזֶערֶע מֹחוֹת זַיינֶען צוּ קְלֵיין צוּ פַארְשְׁטֶעהְן דִיא חֲסָדִים וָואס דוּא טְהוּסְט מִיט אוּנְז, אוּן אוּנְזֶערֶע אוֹיגֶען זַיינֶען צוּ שְׁוַואךְ צוּ זֶעהְן דַיינֶע טָאג טֶעגְלִיכֶע נִסִים, אַזוֹי ווִי דִי גְמָרָא הַקְדוֹשָׁה זָאגְט: „אֵין בַּעַל הַנֵס מַכִּיר בְּנִסוֹ”, דֶער מִיט וֶועמֶען עֶס פַּאסִירְט אַ נֵס זֶעהְט עֶס גָאר נִישְׁט אוּן בַּאגְרֵייפְט עֶס גָאר נִישְׁט. דַארִיבֶּער בֶּעט אִיךְ דִיר, הַארְצִיגֶער פָאטֶער אִין הִימֶעל, אֶפְשַׁר הָאבּ אִיךְ דִיר אַ גַאנְץ יָאהְר נִיט גֶעדַאנְקְט פַאר דִי פַארְבָּארְגֶענֶע נִסִים וָואס דוּ הָאסְט מִיט מִיר גֶעטְהָאן, זָאל דֶער עַל הַנִסִים וָואס אִיךְ זָאג הַיינְט אָנְגֶענוּמֶען וֶוערֶען פַאר דִיר אַלְס אַ דַאנְק פַאר אַלֶע נִסִים, וָואס דוּ הָאסְט גֶעטְהָאן מִיט מִיר, מִיט מַיין מַאן, מִיט מַיינֶע קִינְדֶער אוּן מִיט כָּל יִשְׂרָאֵל דִיזֶען יָאהְר אוּן אַלֶע יָאהְרֶען. אוּן דוּא זָאלְסְט אוּנְז, רִבּוֹנוֹ שֶׁל עוֹלָם, נִיט רֶעכֶענֶען פַאר אַ זִינְד, אוֹיבּ אִיךְ, מַיין מַאן, מַיינֶע קִינְדֶער, אָדֶער וֶועלְכֶע אִידִישׁ קִינְד דָאס אִיז, הָאט הַיינְט פוּן גְרוֹיס שִׂמְחָה גֶערֶעדְט אָדֶער גֶעטְהָאן אַזֶעלְכֶעס וָואס אִיז דִיר נִיט

לְרָצוֹן און הֶעלְף אוּנְז אַז מִיר זָאלֶען זוֹכֶה זַיין לִימוֹת הַמָּשִׁיחַ און מִיר זָאלֶען פַייעֶרְעֶן דֶעם יוֹם טוֹב פּוּרִים אִין אֶרֶץ יִשְׂרָאֵל, דֶען וֶוען מָשִׁיחַ וֶועט קוּמֶען וֶועלֶען אַלֶע יָמִים טוֹבִים בָּטֵל וֶוערֶען, אָבֶּער פוּרִים וֶועט נִישְׁט בָּטֵל וֶוערֶען. יִרְאוּ עֵינֵינוּ וְיִשְׂמַח לִבֵּנוּ, זָאלֶען אוּנְזֶערֶע אוֹיגֶען זֶעהֶן און אוּנְזֶערֶע הֶערְצֶער זָאלֶען זִיךְ פְרֶעהֶען מִיט דֶעם לֶעצְטֶען גְרוֹיסֶען נֵס וָואס דוּ וֶועסְט מִיט אוּנְז טְהָאן, בִּמְהֵרָה בְיָמֵינוּ, אָמֵן:

# תְּחִנָּה לְפֶּסַח נָאךְ לִיכְט צִינְדֶען.

דִיא תְּחִנָּה זָאגְט מֶען דִיא עֶרְשְׁטֶע און דִיא אַנְדֶערֶע טֶעג פֶּסַח נָאךְ לִיכְט בֶּענְשֶׁען:

דִי אַנְדֶערֶע טֶעג פוּן פֶּסַח בַּיי לִיכְט צִינְדֶען באַרְף מֶען נִיט זָאגֶען שֶׁהֶחֱיָנוּ:

## אַתָּה הוּא יְיָ הָאֱלֹהִים בּוֹרֵא שָׁמַיִם וָאָרֶץ:

דוּ בִּיסְט גָאט, דֶער גָאט, וָואס דוּ הָאסְט בַּאשַׁאפֶען דִי הוֹיכֶע הִימְלֶען און דִי עֶרד מִיט אַלֶע בַּאשֶׁעפֶענֶעשׁ וָואס עֶס גֶעפִינֶען זִיךְ אוֹיף דֶער וֶועלְט:

## הַאֲזִינָה מִמְּעוֹן קָדְשְׁךָ אֶת שְׁפִיכַת תְּפִלָּתִי:

פַארְנֶעהְם פוּן דַיין הֵיילִיג וָואהְנוּנְג מַיין גֶעבֶּעט וָואס אִיךְ וִויל יֶעצְט פַאר דִיר בֶּעטֶען און זָאלְסְט בּוֹיגֶען דַיין אוֹיעֶר צוּ הֶערֶען דִי וֶוערְטֶער וָואס וֶועלֶען אַרוֹיסְגֶעהְן פוּן דַיין מוֹיל:

---

משלי מוסר

שַׁבָּת שֶׁל פֶּסַח לֵייעֶנְט מֶען דִיא שִׁירַת אָז יָשִׁיר. וֶועלְכֶע פָאנְגְט זִיךְ אָן מִיטְ'ן פָּסוּק: „אָשִׁירָה לַה' כִּי גָאֹה גָּאָה„ אִיךְ וֶועל זִינְגֶען צוּ גָאט ווייל עֶר אִיז גְרוֹיס גֶעוָואַרֶען. און אַזוֹיא גֶעהְט דִיא גַאנְצֶע שִׁירָה, אַלֶץ שְׁבָחִים וֶועגֶען גָאטְ'ס גְרוֹיסְקַייט. אִיז נָאךְ דִיא-קֻשְׁיָא:

## כִּי אַתָּה עוֹשֶׂה נִפְלָאוֹת בְּכָל עֵת:

דֶען דוּא גָאט, טְהוּסְט דָאךְ מִיט אוּנְז וואוּנְדֶער אוּן נִסִים יֶעדֶער צַייט, דַארוּם טְהוּ מִיט מִיר אוֹיךְ וואוּנְדֶער צוּא פַארְ־נֶעהְמֶען מַיינֶע רֵייד, חָאטְשׁ אִיךְ וֵויים אַז אִיךְ בִּין נִיט וֶוערְטְה דֶער צוּ:

## הוֹצֵאתָנוּ מִמִּצְרַיִם לִהְיוֹת לְךָ עַם סְגֻלָּה:

דוּא הָאסְט אוּנְז אוֹיסְגֶעצוֹיגֶען פוּן מִצְרַיִם אוּן הָאסְט גֶעבְּרַאכְט אוֹיף דִיא מִצְרַיִם גְרוֹיסֶע מַכּוֹת אוּן שְׁלֶעק, אוּן אוּנְז הָאסְטוּ אוֹיסְדֶערְוֶועהְלְט צוּ זַיין צוּ דִיר אַ גֶעלִיעבְּט פָאלְק:

## לָכֵן אֲבַקֵּשׁ מִלְּפָנֶיךָ שֶׁתֶּעֱרַב לְפָנֶיךָ עֲתִירָתֵנוּ:

דַארוּם בֶּעט אִיךְ דִיר דֶערְבַּארֶעמְדִיגֶער גָאט, אַז עֶס זָאל זַיין פַאר דִיר זִיעס אוּנְזֶערֶע תְּפִלּוֹת וּבַקָּשׁוֹת וָואס מִיר טְהוּעֶן בֶּעטֶען פוּן דַיין לִיעבֶּען הֵיילִיגֶען גֶעאַכְפֶּערְטֶען נָאמֶען:

## וְעָלַי אֲמָתְךָ הַדּוֹפֶקֶת בְּשַׁעֲרֵי הָרַחֲמִים יֶהֱמוּ רַחֲמֶיךָ:

אוּן אוֹיף מִיר דַיין דִיענְסְט (פלונית בת פלונית) וָואס אִיךְ קוּם יֶעצְט צוּ קְלַאפֶּען אִין דִי טְהוֹיעֶרֶען פוּן רַחֲמִים זָאלֶען זִיךְ עֶרְוֶועקֶען דַיינֶע דֶערְבַּארֶעמְקַייט צוּ דֶערְבַּארֶעמֶען זִיךְ אוֹיף מִיר אוּן אוֹיף מַיין מַאן אוּן אוֹיף מַיינֶע קִינְדֶער:

## שֶׁתְּבַעֵר מֵעָלֵינוּ כָּל מִינֵי קָשׁוֹת וְרָעוֹת:

אַז דוּ זָאלְסְט אוֹיסְרַאמֶען פוּן אוּנְז אוּן פוּן גָאר דַיין לִיעבּ

---

משלי מוסר

וָוארוּם וֶוערְט נִיט דֶערְמָאהְנְט אִין דֶער שִׁירָה דָאס וָואס דִי אִידֶען זַיינֶען גֶעוֶועזֶען קְנֶעכְט אִין מִצְרַיִם אוּן זַיינֶען אוֹיסְגֶעלֵייזְט גֶעוָוארֶען, וָואס עַל פִּי הַשֵּׂכֶל הָאבֶּען זֵיי דָאךְ דַארוֹיף גֶעבַּארְפְט זִינְגֶען? זָאגְט דֶער דוּבְּנֶער מַגִּיד ז"ל דַארוֹיף אַ מָשָׁל: אוֹיף אַ חֲתוּנָה הָאבֶּען זִיךְ דִיא

פָּאלְק יִשְׂרָאֵל אַלֶעם בֵּייז אַזוֹי וִויא מִיר הָאבֶּען אוֹיסְגֶערָאמְט דֶעם חָמֵץ פוּן אוּנְזֶערֶע הַייזֶער אַזוֹי וִויא דוּא הָאסְט צוּ אוּנְז גֶעבָּאטֶען:

## וּבִזְכוּת אֲכִילָתֵנוּ הַמַּצּוֹת תִּשְׁמְרֵנוּ מִלֶּחֶם עוֹנִי:

און אִין דֶעם זְכוּת וָואס מִיר הַאלְטֶען דַיין הֵיילִיג גֶעבָּאט צוּא עֶסֶען מַצּוֹת אַ גַאנְץ יוֹם טוֹב וָואס דִי מַצּוֹת וֶוערֶען אָנְגערוּפֶען אָרֶעם בְּרוֹיט זָאלְסְט דוּ אוּנְז אָפְּהִיטֶען גָאר אוּנְזֶער לֶעבֶּען פוּן אָרֶעמְקַייט אִין אוּנְזֶער בְּרוֹיט.

## וּתְבָרְכֵנוּ לְפַרְנָסָה וְכַלְכָּלָה לְשׁוֹבַע וְלֹא לְרָזוֹן:

און זָאלְסְט אוּנְז בֶּענְטְשֶׁען. לִיעבֶּער גָאט, מִיר זָאלֶען הָאבֶּען אוּנְזֶער פַּרְנָסָה און אוּנְזֶער שְׁפַּייז צוּא זַאט, נִיט צוּא קַיין הוּנְגֶער:

## וְתִשְׁמְרֵנוּ מִכָּל מִינֵי מַשְׁחִיתִים וּמַזִּיקִים:

און זָאלְסְט אוּנְז הִיטֶען. לִיעבֶּער דֶערְבַּארְמְדִיגֶער גָאט, פוּן אַלֶע בֵּייזֶע מַלְאָכִים וָואס זֵיי פַאַרְדַארְבֶּען און טְהוּעֶן שַׁאדֶען אַזוֹי וִוי דוּ הָאסְט גֶעהִיט צוּ דַיין פָאלְק יִשְׂרָאֵל אִין מִצְרַיִם:

## וְאַל תַּשְׁלוֹט אַסְכָּרָה בְּיַלְדֵי עַמֶּךָ:

און אַזוֹי וִוי עֶס הָאט נִיט גֶעוָועלְטִיגְט קַיין מַשְׁחִית אִין דִי בְּכוֹרִים פוּן דַיין פָאלְק יִשְׂרָאֵל וָוען דוּא הָאסְט גֶעטוֹידְט דִיא בְּכוֹרִים פוּן דִי מִצְרַיִם אַזוֹי זָאל נִיט גֶעוָועלְטִיגֶען אִין אוּנְזֶע־

---

משלי מוסר

מְחוּתָּנִים מְשַׂמֵּחַ גֶעוֶוען און אוֹיךְ דֶער שַׁדְכָן הָאט זִיךְ גֶעפְרֶעהְט. הָאט אֵייגֶער גֶעפְרֶעגְט: וֶועמֶעס שִׂמְחָה אִיז אַ גְרֶעסֶערֶע. דִי שִׂמְחָה פוּן דִי מְחוּתָּנִים אָדֶער פוּן שַׁדְכָן? אַ קְלוּגֶער מֶענְטְשׁ הָאט גֶערוּפְן גֶעעֶנְטְפֶערְט. אַז דֶעם שַׁדְכָנִ'ס שִׂמְחָה אִיז אַ גְרֶעסֶערֶע. ווייל עֶר הָאט שׁוֹין דִי

רֶע קִינְדֶער דָאס קְרַאנְקְהַייט וָואס הֵייסְט אַסְכָּרָה אוּן אוֹיךְ קֵיין שׁוּם שְׁלֶעכְטִיגְקַייט:

## זְכוֹר זְכוּת דְגָלֶיךָ הַבָּאִים בְּיַם סוּף:

גֶעדֶענְק אוּנְז, לִיעבֶּער גָאט, דֶעם זְכוּת פוּן דַיינֶע חַיָלוֹת יִשְׂרָאֵל וָואס זַיינֶען זֶעלְבְּסְט גֶעגַאנְגֶען אִין דֶער טִיעפֶענֶעשׁ פוּן דֶעם יַם אוּן הָאבֶּען בִּטָחוֹן גֶעהַאט אוֹיף דִיר אַז דוּ וֶועסְט זֵיי מַצִיל זַיין זֵיי זָאלֶען נִיט דֶערְטְרוּנְקֶען וֶוערֶען:

## וְשָׁמְרֵנוּ שֶׁלֹּא נִטְבַּע בְּמַעֲמַקֵּי מָיִם:

אוּן הִיט אוּנְז אוּן אוּנְזֶערֶע קִינְדֶער מִיר זָאלֶען חָלִילָה נִיט דֶערְטְרוּנְקֶען וֶוערֶען אִין דִי טִיעפֶענֶעשׁ פוּן וַואסֶער:

## וְכָל יְמֵי הַקַּיִץ הַבָּא אַל יֶחֱרְבוּ הַנְּהָרוֹת:

אוּן הֶעלְף אוּנְז, לִיעבֶּער גָאט, אַז עֶס זָאהל גֶעהְן רֶעגֶען אִין דֶער צַייט, עֶס זָאהל פוּן דִיא הִיצֶען פוּן הַיינְטִיגֶען זוּמֶער וָואס קוּמְט נִיט גֶעמִינֶערְט וֶוערֶען דִי וַואסֶערְן פוּן דִי טַייכֶען וָואס דָאס בְּרֵיינְגְט מִיט עֶס זָאל זַיין אַ יַקְרוּת:

## אָנָּא קַבֵּל בְּרָצוֹן אֶת בִּרְכָתִי עַל הַנֵּרוֹת:

אִיךְ בֶּעט דִיךְ, לִיעבֶּער דֶערְבַּארְמִיגֶער גָאט, זָאלְסְט אָנְגֶעהְמֶען מִיטְ'ן גוּטֶען ווִילֶען דִיא בְּרָכָה וָואס אִיךְ הָאבּ גֶע-

---

משלי מוסר

שַׁדְכָנוּת גֶעלְד אָפְּגֶענוּמֶען אוּן עֶר אִיז דֶערְמִיט נִיכֶער, וֶועהְרֶענְד דִיא מְחוּתָּנִים ווַייסֶען נִיט אוֹיבּ דֶער זִיווּג וֶועט עוֹלֶה לְיָפֶה זַיין אוּן עֶס קֶען דָאךְ פַּאסִירֶען אַז זֵיי וֶועלֶען שְׁפֶּעטֶער חַס וְשָׁלוֹם הָאבֶּען צַעַר פוּן דִי פָּאאר פָּאלְק.

דִי אִידֶען וֶוען זֵיי זַיינֶען אוֹיסְגֶעלֵייזְט גֶעוָוארֶען פוּן מִצְרַיִם, הָאבֶּען פַארְשְׁטַאנֶען אַז דִיא גְאוּלָה אִיז נִיט אוֹיף תָּמִיד, אַז זֵייא וֶועלֶען נָאךְ שְׁפֶּעטֶער הָאבֶּען אַ גָלוּת בָּבֶל. דַא-רִיבֶּער אִיז דִי שִׂמְחָה פוּן דֶער גְאוּלָה נִיט גֶעוֶוען קֵיין פוּלֶ'ע שִׂמְחָה, אָבֶּער

בֶּענְטְשְׁט אויף דיא לִיכְט וָואס אִיךְ הָאבּ אָנְגֶעצִינְדְען לִכְבוֹד
דֶעם הֵיילִיגֶען יוֹם טוֹב:

## וְתָאִיר אֶת מַזָלִי שֶׁיִרְאוּ שׂוֹנְאַי וְיֵבוֹשׁוּ:

און אַזוֹי וִוי אִיךְ הָאבּ גֶעטְהָאן דֶערְלַייכְטֶען גָאר מַיין הויז
מִיט דיא לִיכְט זָאלְסְטוּ, דֶערְבַּארְמִיגֶער פָאטֶער, דֶערְלַייכְטֶען
מַיין מַזָל צוּא אַלֶעם גוּטֶען אַז מַיינֶע שׂוֹנְאִים זָאלֶען זֶעהְן און
זָאלֶען זִיךְ שֶׁעהְמֶען אַזוֹי וִוי דִי מִצְרִים הָאבֶּען זִיךְ גֶעשֶׁעהְמְט
אַנְטְקֶעגֶען דִי יִשְׂרָאֵל:

## וְאֶת עֵינֵי בַעֲלִי וְזַרְעִי תָּאִיר בְּתוֹרָתְךָ הַקְדוֹשָׁה:

און דוּ זָאלְסְט דֶערְלַייכְטֶען דיא אוֹיגֶען פוּן מַיין מַאן און
מַיינֶע קִינְדֶער אִין דַיין הֵיילִיגֶער תּוֹרָה אִין דֶעם זְכוּת וָואס
אִיךְ הָאבּ גֶעטְהָאן דֶערְלַייכְטֶען מַיין שְׁטוּבּ מִיט דיא לִיכְט
לִכְבוֹד יוֹם טוֹב:

## וְתָאִיר אֶת חֶשְׁכַת יְרוּשָׁלַיִם וּבֵית מִקְדָשֶׁךָ:

און זָאלְסְט דֶערְלַייכְטֶען דָאס פִינְצְטֶערְנֶעשׁ פוּן יְרוּשָׁלַיִם
און דֶעם בֵּית הַמִקְדָשׁ וָואס זֵיי זַיינֶען פִינְצְטֶער שׁוֹין פוּן אַזוֹי
אַ לַאנְגֶע צַייט:

## וְנַקְרִיב קָרְבַּן הַפֶּסַח בַּמִזְבֵּחַ עַל הָאֵשׁ:

און מִיר זָאלֶען זוֹכֶה זַיין צוּא מַקְרִיב זַיין דֶעם קָרְבָּן אויף
דֶעם פַייעֶר פוּן דֶעם מִזְבֵּחַ, בִּמְהֵרָה בְיָמֵינוּ, אָמֵן וְאָמֵן, כֵּן
יְהִי רָצוֹן:

---

משלי מוסר

דָאס וָואס גָאט אִיז מְפוּרְסָם גֶעוָוא־
רֶען דוּרךְ דיא נִסִים וָואס עֶר הָאט
גֶעטָאהְן, הָאבֶּען זֵיי גֶעוואוּסְט. וָועט
פֶערְפַלַייבֶּען אויף עֶווִיג און בַּארַיי־
בֶּער הָאבֶּען זֵיי זִיךְ דֶערְמִיט מֶעהְר
גֶעפְרֶעהְט אוּן גֶעזוּנְגֶען וָועגֶען
גָאטְ'ס גְרוֹיסְקַייט.

# אַ תְּחִנָּה פַאר טַל.

(דֶעם עֶרְשְׁטֶען טָאג פֶּסַח פַאר מוּסָף)

**בּוֹרֵא** שָׁמַיִם וָאָרֶץ! דוּא בַּאשֶׁעפֶּער וָואס דוּ הָאסְט בַּאשַׁאפֶען הִימֶעל אוּן עֶרְד אוּן אַלְץ וָואס אוֹיף זֵיי גֶעפִינֶען זִיךְ. אֵיינֶע
פוּן דַיינֶע וואוּנְדֶערְלִיכֶע בַּאשֶׁעפֶענֶעשׁ אִיז דִי טְהוֹי, דִי וֶועלְט דַארְף
דָאס זֶעהְר נוֹיטְהִיג הָאבֶען, וּבִפְרַט אִין אֶרֶץ יִשְׂרָאֵל וָואס דָארְטֶען
רֶעגֶענְט וֵוייניג, בֶּעטֶען מִיר דִיךְ גָאט, דוּא זָאלְסְט זֵיי זֶעטִיגֶען מִיט
טְהוֹי כְּדֵי דִי תְּבוּאוֹת אוּן פֵּירוֹת זָאלֶען זַיין זִיעס אוּן גֶעשְׁמַאק. דֶער
וָואס וֶועט עֶסֶען אֲפִילוּ וֵוייניג זָאהְל אַריין אִין זַיינֶע גֶעדֶערֶעם, אַלֶע
גְלִידֶער זָאלֶען דֶערְפוּן וֶוערֶען שְׁטַארְק, גֶעזוּנְד אוּן קְרֶעפְטִיג, וֶועלֶען
זֵיי הָאבֶען כֹּחַ דִיר וָואס מֶעהְר צוּ דִינֶען, וֶועלֶען זֵיי מַשְׁפִּיעַ זַיין אוֹיף
אוּנְז אַז מִיר זָאלֶען אוֹיךְ זַיין גֶעזוּנְד אוּן פְרִישׁ, מִיר זָאלֶען פוּן קַיין
קְרַאנְקְהַייט חָלִילָה נִיט וִויסֶען, מִיר זָאלֶען עֶסֶען אָהְן דַאֲגָה, אָהְן קָאפּ
דְרֶעהֶענִישׁ, אָהְן הַארְץ־וֶועהְטָאג, נָאר מִיט שִׂמְחָה וְשָׂשׂוֹן, מִיט אַ
פְרֶעהְלִיכֶען גֶעמִיטְה, אָמֵן סֶלָה וָעֶד:

# תְּחִנָּה לְשָׁבוּעוֹת.

דִיא תְּחִנָּה זָאגְט מֶען בֵּיידֶע טֶעג שָׁבוּעוֹת נָאךְ לִיכְט בֶּענְשֶׁען
מִיט גְרוֹיס כַּוָּנָה!

## אַתָּה נִגְלֵיתָ בַּעֲנַן כְּבוֹדְךָ עַל הַר סִינָי:

**רִבּוֹנוֹ** שֶׁל עוֹלָם, דוּ בִּיסְט אַנְטְפְּלֶעקְט גֶעוָוארֶען מִיט דֶעם
וָואלְקֶען פוּן דַיין כָּבוֹד אוֹיף דֶעם בַּארְג סִינַי צוּ דַיין
לִיעבּ פָאלְק יִשְׂרָאֵל צוּ גֶעבֶּען זֵיי דִיא הֵיילִיגֶע תּוֹרָה
הַיינְטִיגֶען טָאג:

## בְּקוֹלוֹת וּבְרָקִים וְקוֹל שׁוֹפָר חָזָק מְאֹד:

מִיט דוּנֶערֶן אוּן בְּלִיצֶען בִּיסְטוּ צוּ זֵיי אַנְטְפְּלֶעקְט גֶעוָוא־

רֶען אוּן אַ שְׁטַארְק קוֹל פוּן שׁוֹפָר הָאסְטוּ גֶעלָאזְט הֶערֶען אִין דֶער צַייט וָואס דוּ הָאסְט גֶעטָאן נִידֶערֶען אוֹיף דֶעם הַר סִינַי:

## הֶרְאֵיתָ אֶת גְבוּרָתְךָ וְהוֹדְךָ לְעַם סְגֻלָּתֶךָ:

דוּא הָאסְט בַּאוְוייזֶען דַיין גְרוֹיסֶע שְׁטַארְקַייט אוּן דַיין שֶׁעהֶנְקַייט צוּ דַיין לִיעבּ פָאלְק יִשְׂרָאֵל:

## אָנָּא יְיָ זַכֵּנִי שֶׁאֶשְׁמְרָה אֶת תּוֹרָתֶךָ:

אִיךְ בֶּעט דִיךְ, דֶערְבַּארְעמִיגֶער גָאט, זַיי מִיךְ מְזַכֶּה אִיךְ זָאל הִיטֶען דַיין הֵיילִיגֶע תּוֹרָה אוּן דִיא תרי״ג מִצְוֹת וָואס דוּ הָאסְט אוּנְז גֶעבָּאטֶען:

## הַצִּילֵנִי מִיֵּצֶר הָרָע וְאַל יִשְׁלוֹט בִּי כָּל אָוֶן:

בַּאשִׁירֶעם מִיךְ, לִיעבֶּער גָאט, פוּן דֶעם יֵצֶר הָרָע אִיךְ זָאל נִיט נָאכְגֶעהְן נָאךְ זַיין רַאטֶה אוּן עֶס זָאל אִין מִיר נִישְׁט גֶע־ווֶעלְטִיגֶען קַיין שׁוּם אוּמְרֶעכְט אִין גָאר מַיין לֶעבֶּען:

## אֵל רַחוּם עוֹרְרָה רַחֲמֶיךָ עַל עַם שׁוֹמְרֵי תוֹרָתֶךָ:

דֶערְבַּארְמִיגֶער גָאט, דֶערְוֶועק דַיין פִיעל דֶערְבַּארְמְקַייט אוֹיף דַיין לִיעבּ פָאלְק יִשְׂרָאֵל אוּן גֶעדֶענְק זֵיי דֶעם זְכוּת וָואס זֵיי הָאבֶּען מְקַבֵּל גֶעוֶועזֶען דַיין הֵיילִיגֶע תּוֹרָה:

## יִשְׁמָעֵאל וְעֵשָׂו מֵאֲנוּ לְקַבְּלָהּ וְהֵם קִבְּלוּהָ:

אַז דוּא בִּיסְט גֶעגַאנְגֶען צוּ דִיא קִינְדֶער פוּן יִשְׁמָעֵאל אוּן

---

משלי מוסר

**שָׁבוּעוֹת** לֵייעֶנְט מֶען דִי פַּרְשָׁה פוּן מַתַּן תּוֹרָה. זָאגְט דֶער מֶדְרָשׁ, אַז וֶוען מַלְאָכִים וָואלְטֶען זִיךְ נִיט גֶעוֶועזֶען פַארְשְׁטֶעלֶען פַאר מֶענְשֶׁען אוּן קוּמֶען צוּ אַבְרָהָם, וָואלְט משֶׁה נִיט גֶעקֶענְט גֶעהֶמֶען דִי תּוֹרָה. ווייל וֶוען משֶׁה אִיז אַרוֹיף אוֹיפְ'ן הִימֶעל מְקַבֵּל זַיין דִי תּוֹרָה, הָאבֶּען דִיא מַלְאָכִים גֶעזָאגְט: „וִויא קוּמְט אַ מֶענְשׁ צְווִישֶׁען אוּנְז?” אוּן זֵיי הָאבֶּען אִיהְם גֶעוָואלְט מַזִּיק זַיין. הָאט גָאט גֶעמַאכְט דִיא צוּרָה פוּן

עֶשׂוּ צוּ גֶעבֶּען זַיי דִי תּוֹרָה הָאבֶּען זַיי זִי נִיט גֶעוָואלְט נֶעהְ־מֶען, נוּר דַיין לִיעבּ פָאלְק יִשְׂרָאֵל הָאבֶּען זִי גֶענוּמֶען:

## מָסְרוּ אֶת נַפְשָׁם וְחַיָּתָם עַל קְדוּשַׁת תּוֹרָתֶךָ:

גֶעדֶענְק אוּנְז, לִיעבֶּער גָאט, וָואס פִיעל פוּן דַיין פָאלְק יִשְׂרָאֵל הָאבֶּען אִיבֶּערגֶעגֶעבֶּען זַייעֶר לַייבּ אוּן זַייעֶר לֶעבֶּען וָועגֶען דִי הֵיילִיגְקַייט פוּן דַיין תּוֹרָה אוּן דַיינֶע מִצְוֹת זַיי זָא־לֶען זַיי חָלִילָה נִיט פַארְשְׁוָועכֶען:

## נִשְׁפַּךְ דָמָם כַּמַּיִם בְּרֹאשׁ כָּל חוּצוֹת:

עֶס אִיז פַארְגָאסֶען גֶעוָוארֶען זַייעֶר בְּלוּט אִין יֶענֶע צַייטֶען אַזוֹי וִוי וַואסֶער אִין אַלֶע גַאסֶען דוּרְךְ דִי אוּמוֹת וָואס הָאבֶּען גֶעוָואלְט מַאכֶען אִיבֶּערְפָאהְרֶען זַיי אוֹיף דִיא גֶעזֶעץ פוּן דֶער הֵיילִיגֶער תּוֹרָה:

## לָכֵן קַבֵּל שְׁפִיכַת תְּפִלָּתִי וְזַעֲקָתִי רְצֵה:

דַארוּם בֶּעט אִיךְ דִיךְ, דֶערְבַּארֶעמִיגֶער גָאט, דוּ זָאלְסְט אָנְנֶעהְמֶען מַיין תְּפִלָּה וָואס אִיךְ טְהוּ פַאר דִיר פַארְגִיסֶען אוּן מַיין גֶעשְׁרֵיי פוּן מַיין מוֹיל זָאלְסְטוּ בַּאוִוילִיגֶען:

## וְתַעֲלֶה לְפָנֶיךָ לְרָצוֹן בִּרְכָתִי עַל נֵרוֹתַי:

אוּן עֶס זָאהְל פַאר דִיר אוֹיפְגֶעהְן צוּם גוּטֶען וִוילֶען מַיין בְּרָכָה וָואס אִיךְ הָאבּ גֶעמַאכְט אוֹיף דִי לִיכְט וָואס אִיךְ הָאבּ גֶעבֶּענְטְשְׁט לְכָבוֹד דֶעם הֵיילִיגֶען יוֹם טוֹב:

---

### משלי מוסר

מֹשֶׁה גְלַייךְ צוּא דֶער צוּרָה פוּן אַבְרָהָם אוּן עֶר הָאט גֶעזָאגְט צוּא דִיא מַלְאָכִים: „שֶׁעהְמְט אִיהְר זִיךְ נִיט פַאר דֶעם מֶענְשֶׁען? אִיהְר זַייט דָאךְ בַּיי אִיהְם גֶעוֶועזְן אוּן בַּיי אִיהְם גֶעגֶעסֶען“. דִיא מַלְאָכִים זַיינֶען אַרָאפְּגֶעפַאלֶען בַּייא זִיךְ אוּן הָאבֶּען מֶשֶׁהן גָאר נִיט גֶעטְהָאן. דֶער דוֹבֵּ־גֶער מַגִּיד זָאגְט דַארוֹיף אַ מָשָׁל: עֶס אִיז גֶעוֶוען אַ שַׂר וָואס אִיז

## וְתָאִיר אֶת עֵינֵי בַעֲלִי וְזַרְעִי בְּתוֹרָתְךָ הַקְּדוֹשָׁה:

און דוּ זָאלְסְט דֶערְלַייכְטֶען דִיא אוֹיגֶען פוּן מַיין מַאן און מַיינֶע קִינְדֶער אִין דַיין הַיילִיגֶע תּוֹרָה אַזוֹי וִויא אִיךְ הָאבּ גֶע־טְהָאן דֶערְלַייכְטֶען מִיט דִי לִיכְט נָאר מַיין הויז:

## וְתַצִּילֵנוּ מִמִּיתָה עַל יְדֵי קוֹלוֹת וּבְרָקִים:

און בִּזְכוּת וָואס זֵיי הָאבֶּען מְקַבֵּל גֶעוֶועֶן דַיין הַיילִיגֶע תּוֹרָה וָואס זִיא אִיז גֶעגֶעבֶּען גֶעוָוארֶען מִיט דוּנֶערֶען און בְּלִיצֶען זָאלְסְטוּ אוּנְז בַּאשִׁירְמֶען עֶס זָאל חָלִילָה אוּנְז נִיט שַׁאדֶען קַיין דוּנֶער און בְּלִיץ:

## וּתְבָרְכֵנוּ לְפַרְנָסָה וְכַלְכָּלָה מִיָּדְךָ הַמְּלֵאָה:

און זָאלְסְט אוּנְז בֶּענְטְשֶׁען צוּא פַּרְנָסָה און שְׁפַּייז פוּן דַיין פוּלֶע גֶעבֶּענְשְׁטֶע הַאנְד מִיר זָאלֶען חָלִילָה נִיט דַארְפֶען אָנְ־קוּמֶען צוּ קַיין פְרֶעמְדֶען טִישׁ. צוּ דֶער גָאבּ פוּן אַ בָּשָׂר וָדָם:

## וּתְבָרֵךְ אֶת פֵּירוֹת הָאִילָנוֹת לְטוֹבָה וְלִבְרָכָה:

און זָאלְסְט בֶּענְשֶׁען. לִיעבֶּער גָאט, דִי פֵּירוֹת פוּן דִי בּוֹיי־מֶער וָואס דוּ טְהוּסְט הַיינְטִיגֶען טָאג מִשְׁפָּטְ'ן צוּ גוּטֶס און צוּ בֶּענְשׁוּנְג אַז דִי בּוֹימֶער זָאלֶען אוֹיסְצִיהֶען פִיעל פְּרוּכְט:

## וְתֶחֱזֶינָה עֵינֵינוּ בְּשׁוּבְךָ לְצִיּוֹן בְּרַחֲמִים:

און אוּנְזֶערֶע אוֹיגֶען זָאלֶען זוֹכֶה זַיין צוּא זֶעהֶען אִין דַיין אוּמְקֶעהֶרֶען זִיךְ קַיין צִיּוֹן מִיט גְרוֹיס דֶערְבַּארְמַקַייט:

---

### משלי מוסר

גֶעוֶועֶן אַ גְרוֹיסֶער חָשׁוּב בַּיים מֶלֶךְ. דֶער מֶלֶךְ הָאט גֶעהַאט אַ בֶּן יָחִיד און דֶעם שַׂר הָאט אוֹיסְגֶעוִויזֶען אַז עֶר אִיז מֶעהְר בַּאלִיעבְּט בַּיים מֶלֶךְ

ווי זַיין אֵיינְצִיג קִינְד און עֶר הָאט זִיךְ אַזוֹי בֶּערִיהְמְט פַאר לַייטֶען. דֶער בֶּן מֶלֶךְ הָאט זִיךְ דֶערְוואוּסְט, אַז דֶער שַׂר בֶּערִיהְמְט זִיךְ אַזוֹי און עֶר

## תּוֹרָה תּוֹרָה עִמְדִי נָא לִפְנֵי אֵל שׁוֹכֵן מְרוֹמִים:

תּוֹרָה תּוֹרָה, שְׁטֶעל זִיךְ אַ נִיעדֶער פַאר גָאט וָואס עֶר רוּהְט אִין דִי הוֹיכֶע הִימְלֶען אוּן זַיי אַ גוּטֶע מְלִיצָה פַאר גָאט אוּנְז אוֹיסְצוּלֵייזֶען:

## וְהַעֲלִי אֶת תְּחִנּוֹתֵינוּ לִפְנֵי כִּסֵּא כְבוֹדוֹ:

אוּן בְּרֵיינְג אוֹיף אוּנְזֶערֶע תְּפִלּוֹת וּבַקָּשׁוֹת פַאר זַיין כִּסֵּא הַכָּבוֹד עֶר זָאל זֵיי מְקַבֵּל זַיין בְּרָצוֹן אוּן זָאל מְמַלֵּא זַיין אוּנְזֶערֶע בַּקָּשׁוֹת וָואס מִיר טְהוּעֶן אִיהְם תָּמִיד בֶּעטֶען:

## שֶׁיָּאִיר אֶת מַזָּלֵנוּ לִישׁוּעָה וְלִרְוָחָה:

אַז עֶר זָאהְל דֶערְלַייכְטֶען אוּנְזֶער מַזָּל צוּא אַ גוּטֶע הִילְף אוּן צוּא בְּרֵייטְקַייט. אוּנְזֶער פַּרְנָסָה זָאל אוּנְז גְרִינְג אָנְקוּמֶען אוּן אִיךְ אוּן מַיין מַאן זָאלֶען מִיר זוֹכֶה זַיין צוּ מְגַדֵּל זַיין אוּנְזֶערֶע קִינְדֶער צוּא דֶער הֵיילִיגֶער תּוֹרָה בִּזְכוּת אֲבוֹתֵינוּ הַקְּדוֹשִׁים אַבְרָהָם יִצְחָק וְיַעֲקֹב. אָמֵן וְאָמֵן. כֵּן יְהִי רָצוֹן:

# אַ תּוֹרָה לִיעד פוּן שָׁבוּעוֹת.

**זָאגְט** דִי תּוֹרָה הַקְּדוֹשָׁה: צְוֵויי טוֹיזֶענְד יָאהְר אֵיידֶער דִיא וֶועלְט אִיז בַּאשַׁאפֶען גֶעוָוארֶען, הָאט מִיךְ מַיין בַּאשֶׁעפֶער בַּאשַׁאפֶען אוּן מַאכֶען גֶעבָּארֶען, פַאר צְוֵויי אוּן

---

משלי מוסר

אִיז פוּן עַגְמַת נֶפֶשׁ גֶעוָוארֶען זֶעהְר מָרָה שְׁחוֹרָה. מֶען הָאט גֶעבְּרַאכְט גְרוֹיסֶע רוֹפְאִים אוּן זֵיי הָאבֶען גֶעזָאגְט, אַז דִיא אֵיינְצִיגֶע רְפוּאָה צוּא זַיין קְרַאנְקְהַייט אִיז, מֶען זָאל אִיהְם מַאכֶען צוּם לַאכֶען. דֶער מֶלֶךְ הָאט זִיךְ אַן עֵצָה גֶעהַאלְטֶען מִיט זַיינֶע מְקוֹרָבִים אוּן זֵיי הָאבֶען אִיהְם גֶעבַּאטֶען, אַז עֶר זָאל הֵייסֶען יֶעגֶעם שַׂר דֶעם בֶּערִיהְמְטֶער עֶר זָאל זִיךְ פַארְשְׁטֶעלֶען פַאר אַ בֶּער אוּן מַאכֶען קוּנְצֶען פַאר'ן כֶּן הַמֶּלֶךְ אוּי יֶעץ

צוואנציג דורות, און פאר די שני מאורות. איך האב אין מיר צעהן געבאט, ווער עס וועט דאס האלטען וועט ניט קומען צוא שאנד און שפאט. אויך ווער דאס וועט וויסען וואס אין מיר איז געשלאסען, זיין אויביג לעבען וועט ער דורך מיר געניסען. איך לאז אייך מיינע צעהן געבאט פארשטעהן געבען, וועט איהר וויסען דעם וועג וואס פיהרט צוא לאנגעם לעבען:

דאס ערשטע איז:

**אנכי**, איך בין גאט אליין, און אויס מצרים האב איך אייך אויסגעצויגען דורך געשריי און דורך געוויין. דארום געהערסטו דעם איינעם גאט צוא האלטען, דען פון דיינעט וועגען ישראל האב איך דעם ים געשפאלטען:

דאס צווייטע איז:

**לא** יהיה, זאלסט ניט מאכען קיין פיגור און קיין בילד, נאר איך אליין זאל זיין דיין ציערונג און דיין שילד, דו זאלסט זיך פאר זיי נישט בוקען וויא א קנעכט, דען ברוך הוא וועט דיין פיערטען געבורט מהאן רעכט:

דאס דריטע איז:

**לא** תשא, דו זאלסט ביי גאט'ס נאמען ניט פאלש שווערען, זאלסט גאט'ס געבאט האלטען און צוהערען, דען ווען

---

משלי מוסר

ער וועט דעם שר דערקענען וועט ער געוויס לאבען. דיעזער מיטעל איז געטהאן געווארען. דער בן יחיד האט אויס נקמה שטארק געלאכט און ער איז געהיילט געווארען. ווען דער שר איז ארויסגעגאנגען האט ער געזאגט צוא אנדערע שרים: אצינד בין איך מודה אז דער מלך ליעבט זיין זוהן בעסער וויא מיר, וייל צוליעב זיין געזונדהייט, האט

נִיט װֶעסְטוּ הָאבֶּען אַ שְׁלֶעכְטֶען סוֹף, אוּן בַּאקוּמֶען אַ שְׁװֶער־
רֶע שְׁטְרָאף:

דָאס פִירְטֶע אִיז:

**זָכוֹר**, דָעם שַׁבָּת זָאלְסְטוּ גֶעדֶענְקֶען אוּן הִיטֶען, דֶען דָאס אִיז אֵיינֶע פוּן דִיא גוּטֶע זִיטֶען, זֶעקְס טֶעג זָאלְסְט דוּ טְהָאן דַיין מְלָאכָה, װֶעסְטוּ הָאבֶּען מַזָל אוּן בְּרָכָה:

דָאס פִינְפְטֶע אִיז:

**כַּבֵּד**, זָאלְסְט עֶהְרְלִיךְ הַאלְטֶען דַיין פָּאטֶער אוּן מוּטֶער, װֶעט דִיר גָאט דֶער גוּטֶער, שֶׁענְקֶען לַאנְג לֶעבֶּען, אוּן אַלְ־ דָאס גוּטְס גֶעבֶּען:

דָאס זֶעקְסְטֶע אִיז:

**לֹא** תִּרְצַח, דוּ זָאלְסְט נִיט מָארְדֶען קַיין מֶענְשֶׁען, װֶעט דִיךְ דֶער גְרוֹיסֶער גָאט בֶּענְשֶׁען, װֶען אָבֶּער דוּ װֶעסְט פַארְ־ גִיסֶען בְּלוּט, װֶעט דִיר זַיין אוֹיף בֵּיידֶע װֶעלְטֶען נִיט גוּט:

דָאס זִיעבֶּעטֶע אִיז:

**לֹא** תִּנְאָף, דוּ זָאלְסְט נִיט מְזַנֶה זַיין, דַיין גוּף אוּן נְשָׁמָה זָאלְ־ לֶען זַיין רֵיין, לָאז זִיךְ נִישְׁט פוּן שָׂטָן פַארְפִיהְרֶען, װֶעט מִיט דִיר קֵיינֶע שְׁלֶעכְטֶעס פַּאסִירֶען:

---

משלי מוסר

אִיךְ זִיךְ גֶעמוּזְט בַּארִישׁ מַאכֶען אוּן זִיךְ פַארְשְׁטֶעלֶען פַאר אַ בֶּער:

כָּךְ, אַזוֹיא אִיז גֶעװֶען מִיט דִיא מַלְאָכִים, זֵיי הָאבֶּען גֶעדֶענְקְט אַז זֵיי זַיינֶען בַּיים רִבּוֹנוֹ שֶׁל עוֹלָם גְרֶע־ סֶערֶע יַחְסָנִים װִי דִי מֶענְשֶׁען, אֲפִילוּ דִיא צַדִיקִים, הָאט גָאט זֵיי גֶעצֵייגְט אַבְרָהָם'ס צוּרָה אוּן גֶעזָאגְט: „װֶעהְט אִיהְר צוּלִיבּ דֶעם װָאס דִיעזֶער הָאט זִיךְ מְצַעֵר גֶעװֶען װָאס קֵיין אוֹרְחִים קוּמֶען נִיט, הָאט אִיהְר זִיךְ גֶעמוּזְט פַארְשְׁטֶעלֶען פַאר מֶענְשֶׁען אוּן עֶסֶען בַּיי אִיהְם". דִי מַלְאָכִים הָאבֶּען דַאן אַיינְגֶעזֶעהְן, אַז אַ צַדִיק אִיז מֶעהְר יַחְסָן װִי זֵיי אוּן זֵיי הָאבֶּען דֶרֶךְ אֶרֶץ בַּאקוּמֶען פַאר מֹשֶׁה'ן:

דָאס אַכְטֶע אִיז:

**לֹא** תִּגְנֹב, דוּ זָאלְסְט נִיט גַנָבֿ'עֶנֶען אוּן נַארֶען יֶענֶעם, וֶועסְט דוּ נִצוֹל וֶוערֶען פוּן גֵיהִינוֹם, פָּאלְג וָואס אִיךְ זָאג אוּן גִיבּ קַיין פַאלְשֶׁע מָאס אוּן וָואג:

דָאס נַיינְטֶע אִיז:

**לֹא** תַעֲנֶה, דוּא זָאלְסְט קַיין פַאלְשׁ עֵדוּת נִיט זָאגֶען, וֶועסְטוּ זִיךְ נָאכְהֶער נִישְׁט הָאבֶּען צוּא בַּאקְלָאגֶען, דוּא זָאלְסְט שְׁטֶענְדִיג זַיין עֶהְרְלִיךְ אִין בַּאשֵׁיידֶען, אוּן אוֹיף קֵיינֶעם קַיין שְׁלֶעכְטֶס נִיט רֵיידֶען:

דָאס צֶעהֶנְטֶע אִיז:

**לֹא** תַחְמֹד, צוּ גְלוּסְטֶען דַיין חָבֵר'ס הוֹיז אוּן וַוייבּ הָאסְט דוּ קַיין רֶעכְט, אוֹיךְ נִיט זַיין דִינְסְט אוּן זַיין קְנֶעכְט, אַלֶעס וָואס בַּאלַאנְגְט צוּ דַיין גֶעזֶעלֶען, טְהָארְסְטוּ נִיט וֶועלֶען:



## זֶעהְר אַשֶׁעהְנֶע נַייעֶ תְּחִנָּה פַאר דִיא וָואס הָאבֶּען קִינְדֶער אָדֶער קְרוֹבִים אִין מִלְחָמָה.

**מֶלֶךְ** מְלָכִים, רָם עַל רָמִים, קֶענִיג אִיבֶּער אַלֶע קֶענִיגֶע אוּן הֶעכְסְטֶער אִיבֶּער אַלֶע הֶעכְסְטֶע. דוּא גְרוֹיסֶער גָאט, אַלְמֶעכְטִיגֶער גָאט, וָואס דוּא בִּיסְט בֶּעטִיטוּלְט מִיט פִיעלֶע טִיטוּלֶען אוּן מִיט שְׁלֹש עֶשְׂרֵה מִדּוֹת, בִּיזְט אוֹיךְ בֶּעטִיטוּלְט מִיטְ'ן נָאמֶען „אִישׁ מִלְחָמָה”, דֶער הַארְר, דֶער פִיהְרֶער פוּן מִלְחָמָה. קַיין מִלְחָמָה וֶוערְט נִיט אָהְן דַיין הֵיילִיגֶען רָצוֹן אוּן קַיין מִלְחָמָה וֶוערְט נִישְׁט גֶעווּאוּנֶען אָדֶער פַארְלָארֶען סַיידֶען עַס וֶוערְט אַזוֹי נִגְזַר פוּן דַיין הֵיילִיגֶען נָאמֶען. אַתָּה הוּא ה׳

אֲשֶׁר בְּיָדְךָ נֶפֶשׁ כָּל חָי, דוּא בִּיסְט דֶער גָאט, וָואס אִין דַיין הַאנְד אִיז דָאס לֶעבֶּען, דִיא נְשָׁמָה פוּן יֶעדֶע לֶעבֶּעדִיגֶע בַּאשֶׁעפֶּענִישׁ. קַיין מֶענְשׁ שְׁטַארְבְּט נִיט, וֶוערְט נִיט בַּאשֶׁעדִיגְט אִין גוּף אוּן צוּקְלַאפְּט אֲפִילוּ נִיט אַ פִינְגֶער סַיידֶען עֶס וֶוערְט אוֹיף אִיהְם אַזוֹי נִגְזַר פוּן הִימֶעל. וֶוען אַ סָאלְדַאט וֶוערְט גֶעהַרְגֶ'עט אָדֶער פַארְוואוּנְדֶעט אִין אַ מִלְחָמָה אִיז עֶס אַזוֹי אָנְגֶעשְׁרִיעבֶּען אוּן גֶע'חַתְמֶ'עט גֶעוָוארֶען רֹאשׁ הַשָּׁנָה אוּן יוֹם כִּפּוּר, אַזוֹי וִוי מִיר זָאגֶען אִין וּנְתַנֶּה תוֹקֶף: „מִי בַּחֶרֶב”. וֶוער עֶס זָאל גֶעשְׁטְרָאפְט וֶוערֶען מִיטְ'ן שְׁוֶוערְד אוּן וֶוער דוּרְךְ אַן אַנְדֶער זַאךְ, וַוייל הַרְבֵּה שְׁלוּחִים לַמָּקוֹם, גָאט בָּרוּךְ הוּא הָאט אַ סַךְ שְׁלוּחִים, אַ סַךְ וֶועגֶען וִויא אַזוֹי צוּ שְׁטְרָאפֶען דֶעם זִינְדִיגֶען מֶענְשֶׁען:

**רִבּוֹנוֹ** שֶׁל עוֹלָם, אִיךְ דַיין דִיעֶנְסְט, וָואס שְׁטֶעה אִיצְט אוּן בֶּעט פַאר דִיר, הָאבּ קִינְדֶער (קְרוֹבִים) אִין דֶער אִיצִטִיגֶער מִלְחָמָה. מִיט זֵייעֶר גֶעהְן אִין מִלְחָמָה הָאבֶּען זֵיי מְקַיֵּם גֶעוֶען אַמִצְוָה, וַוייל דִי גְמָרָא הַקְּדוֹשָׁה זָאגְט: „דִינָא דְמַלְכוּתָא דִינָא”, דֶער דִין פוּן דֶער מְלוּכָה, דִיא גְזֵירַת הַמֶּלֶךְ אִיז אַ דִין וָואס מֶען אִיז מְחוּיָב אוֹיסְצוּפָאלְגֶען אַקְּוַּראט אַזוֹי וִויא אַ דִין פוּן דֶער תּוֹרָה, פוּן דֶעסְטְוֶועגֶען וֵוייס אִיךְ, אַז דָאס הָאבֶּען זֵייעֶרֶע זִינְד גוֹרֵם גֶעוֶוען, אַז זֵייא זָאלֶען גֶעשִׁיקְט וֶוערֶען אִין מִלְחָמָה אִין זֵיי זָאלֶען דַארְפֶען ווִילֶענְדִיג אָדֶער נִיט ווִילֶענְדִיג שִׁיעסֶען אוּן טוֹידְטֶען אָדֶער פַארְוואוּנְדֶען מֶענְשֶׁען. אַזוֹי וִויא דִי גְמָרָא הַקְּדוֹשָׁה זָאגְט: „מְגַלְגְלִין זְכוּת עַל יְדֵי זַכַּאי, וְחוֹבָה עַל יְדֵי חַיָּב”, דִיא הֵיילִיגֶע הַשְׁגָּחָה פוּן הִימֶעל בְּרֵיינְגְט גוּטֶעס דוּרְךְ אַ גֶערֶעכְטֶען אוּן שְׁלֶעכְטֶעס דוּרְךְ אַ שׁוּלְדִיגֶען. דֶעריבֶּער בֶּעט אִיךְ דִיךְ, לִיעבֶּער גָאט, מְחַל וּסְלַח, זַיי מוֹחֵל אוּן פַארְגִיעבּ דִי זִינְד פוּן מַיינֶע קִינְדֶער (מַיינֶע קְרוֹבִים) וָואס זֵיי־

נען איצט אין מלחמה און זאל קיינער ניט געטוידטעט אדער פארוואונדעט ווערען דורך זייערע הענד. שיק אויך דיינע גוטע מלאכים אז זיי זאלען זיי באשיצען פון דיא קוילען און פון שווערד פון שונא. העלף זיי, טאטע זיעסער, אז זיי זאלען קומען פון דער מלחמה בשלום אהן א מום און אהן א פלעק פון זינד אויף זייערע נשמות.

**ואם** נגזר עליהם, און אויב עס איז חס וחלילה אויף זיי נגזר געווארען פון בית דין של מעלה אז זיי זאלען געטוידטעט אדער פארוואונדעט ווערען, איז דאך תשובה, תפלה וצדקה מעבירין את רע הגזירה, און היות אזוי ווי מיינע קינדער (מיינע קרובים) און אלע אידישע קינדער האבען דאך ביא אזא קריטישע צייט געווים א הרהור תשובה, און איך, דיין דיענסט, טהו איצט תפלה פאר זייא, און בין זיך מתחייב צו געבען צדקה פון זייערטוועגן, דעריבער זאלסטו, גאטעניו, מבטל זיין דיא גזירה רעה און דו זאלסט מיינע אייגענע און אלע אידישע קינדער וואס זיינען אין דער מלחמה פארשרייבען לחיים ולא למות, לברכה ולא לקללה, אום זייערע ווייבער זאלען ניט פארבלייבען אלמנות און די קינדער יתומים. מאך וואס שנעלער שלום צווישען די שטרייטענדע פעלקער און קיין מענשען-בלוט זאהל מעהר נישט פארגאסען ווערען, ווייל דו איינער און מעהר קיינער קאן דאס באווייזען, ווארום אזוי וויא דו ביסט אן „איש מלחמה", אזוי ביסטו אן „עושה שלום". זאהל דעריבער, רבונו של עולם, אנגענומען ווערען מיין תפלה און דיא תפלה פון אלע אידען, וואס מיר בעטען עטליכע מאהל אין טאג: „עושה שלום במרומיו הוא יעשה שלום עלינו ועל כל ישראל ואמרו אמן".

# תְּחִנָּה חֲדָשָׁה פַאר אַ פְרוֹי וָואס הַאלְט זִיךְ אוֹיף בַּיי קִינְדֶער.

רִבּוֹן הָעוֹלָמִים, הַאר פוּן אַלֶע וֶועלְטֶען, מִיר אַלֶע מֶענְשֶׁען פוּן דֶער וֶועלְט, זַיינֶען דַיינֶע קִינְדֶער, אַזוֹי וִוי מִיר רוּפֶען דִיךְ אִין אוּנְזֶערֶע הֵיילִיגֶע תְּפִלּוֹת „אָבִינוּ מַלְכֵּנוּ“, אוּנְזֶער פָאטֶער אוּן אוּנְזֶער קֶענִיג. מִיר זַיינֶען דֶערִיבֶּער אַלֶע פֶערְפְלִיכְטֶעט צוּ פָאלְגֶען דִיךְ, מוֹרָא הָאבֶּען פַאר דִיר, אָפְּגֶעבֶּען דִיר כָּבוֹד אוּן טְהָאן דַיינֶע גֶעבָּאטֶען, אַזוֹי וִוי דוּ הָאסְט אוּנְז אָנְגֶעזָאגְט אִין דַיין הֵיילִיגֶע תּוֹרָה. דַיין הֵיילִיגֶער רָצוֹן אִיז אוֹיךְ, אַז מִיר זָאלֶען עֶהְרְלִיךְ הַאלְטֶען אוּנְזֶערֶע מֶענְשְׁלִיכֶע עֶלְטֶערֶען, וֶועלְכֶע הָאבֶּען אוּנְז גֶעבְּרַאכְט אוֹיף דֶער וֶועלְט דוּרְךְ דַיינֶע גְרוֹיסֶע גְנַאדֶען, אַזוֹי וִוי דוּ הָאסְט אָנְגֶעזָאגְט אִין דַיינֶע הֵיילִיגֶע צֶעהְן גֶעבָּאט „כַּבֵּד אֶת אָבִיךָ וְאֶת אִמֶּךָ“, דוּ זָאלְסְט עֶהְרְלִיךְ הַאלְטֶען דַיין פָאטֶער אוּן מוּטֶער. אִיךְ וֵוייס נִיט, אוֹיבּ אִיךְ בִּין שְׁטֶענְדִיג יוֹצֵא גֶעוֶוען פַאר דִיר, הִימֶעלְשֶׁער פָאטֶער, אוּן פַאר מַיין פָאטֶער אוּן מוּטֶער, וָואס הָאבֶּען מִיךְ אוֹיף דֶער וֶועלְט גֶעבְּרַאכְט. עֶרְצוֹיגֶען, גֶעזָארְגְט פַאר מִיר אוּן גֶעמַאכְט מִיךְ פַאר אַ מֶענְשֶׁען. אִיךְ בִּין דָאךְ נִיט מֶעהְר וִוי אַ זִינְדִיגֶער מֶענְשׁ מִיט אַ יֵצֶר־הָרָע, וָואס פִיהְרְט אַרוֹיף אוֹיף אַלֶעם בֵּייזֶען. אֶפְשַׁר בִּין אִיךְ גֶעשְׁטְרוֹיכֶעלְט גֶעוָוארֶען אוּן נִיט מְקַיֵּם גֶעוֶוען דִי מִצְוָה פוּן כִּבּוּד אָב וָאֵם וִוי גֶעהֶערִיג אִיז. אֶפְשַׁר הָאבּ אִיךְ גֶעטְהָאן זַאכֶען וָואס אִיז זֵיי נִיט גֶעוֶוען לְרָצוֹן, אֶפְשַׁר הָאבּ אִיךְ מַיינֶע עֶלְטֶערְן פֶערְשַׁאפְט עַגְמַת־נֶפֶשׁ, אֶפְשַׁר הָאבּ אִיךְ זֵיי אוּם־כָּבוֹד פֶערְשַׁאפְט, בֶּעט אִיךְ דִיךְ, אַב הָרַחֲמִים, דֶערְבַּארֶעמְדִיגֶער פָאטֶער, שְׁטְרָאף מִיךְ נִיט אִיצְט מִיט מִדָּה כְּנֶגֶד מִדָּה.

איך, דײן דיענסט, וואס שטעה דא איצט פאר דיר, דארף איצט אנקומען צו די חסדים פון מײנע קינדער. איך דארף זיך בײ זײ אויפהאלטען און אן זײ איז אפהענגיג מײן לעבען און עקזיסטענץ. בעט איך דיר, גוטער פאטער אין הימעל, חזקם ואמצם, שטארק זײ און פעסטיג זײ, שטארק זײ אין כח, אז זײ זאלען זײן געזונד און זײ זאלען קענען פערדינען גענוג אויף זײערע אײגענע הצטרכות און אויף מײנע הצטרכות, און שטארק אויך זײערע הערצער, אז זײ זאלען מיך האלטען עהרליך, אז זײ זאלען מיר געבען ברויט, א שוך און א קלײד בסבר פנים יפות, מיט א פרעהליך פנים און מיט'ן גאנצען הארצען און איך זאל חלילה ניט זײן אויף זײ א לאסט. מיר לעבען אין אזא צײט וואס מאנכע קינדער האלטען ניט עהרליך זײערע עלטערען. אפשר איז עס דער ארט גורם, בעט איך דיך גאט, גיב מײנע קינדער און אײניקלאך א זינען, אז זײ זאלען מיך ליעב האבען, אז איך זאל גײ זײ האבען אזא חן, אזוי ווי זײ האבען בײ מיר, אז זײ זאלען זיך חלילה ניט שעהמען מיט מיר און איך זאל זיך ניט דארפען שעהמען מיט זײ. תן בלבם להבין ולהשכיל גיב אריין אין זײערע הערצער שכל צו פערשטעהן און צו קלוג זײן, אז זײ זאלען מיך האלטען בכבוד, אז זײ זאלען ניט טהאן אזעלכעס וואס איז געגען מײן ראון און דײן הײליגען רצון. איך זאל, רבונו של עולם, ניט זײן אנגעווארפען אויף זײ און זײ זאלען מיך ניט האלטען פאר איבעריג בײ זײער טיש, אזוי ווי זײ זײנען קײנמאל ניט געווען איבעריג בײ מײן טיש. העלף דערבארימדיגער פאטער, אז זײ זאלען אלע געהן אין דײנע דרכים און איך זאל בײ זײ האבען מײן שפײז בנחת ולא

בְּצַעַר. אִיךְ זָאל חָלִילָה נִיט הָאבֶּען קַיין עַגְמַת־נֶפֶשׁ פוּן זֵיי אוּן זֵיי פוּן מִיר אוּן נוּר שָׁלוֹם וְשַׁלְוָה זָאל הֶערְשֶׁען אִין זֵייעֶרֶע הַייזֶער אוּן קַיין בֵּייז זָאל זֵיי קֵיינְמָאל גֶעשֶׁעהֶן.

אוּן טָאמֶער וֶועלֶען זֵיי חַס־וְשָׁלוֹם גֶעשְׁטְרוֹיכֶעלְט וֶוערֶען אוּן מִיךְ נִיט הַאלְטֶען וִוי גֶעהֶערִיג אִיז, אָדֶער נִיט נוֹהֵג־כָּבוֹד זַיין מִיךְ וִוי מֶען דַארְף, בֶּעט אִיךְ דִיר, אַב הָרַחֲמִים וְהַסְלִיחוֹת אַז דוּ זָאלְסְט זָאלְסְט פֶערְגֶעבֶּען זֵייעֶר זִינְד אוּן חַס־וְשָׁלוֹם נִיט שְׁטְרָאפֶען זֵיי צוּלִיעב מִיר. אוֹיב חָלִילָה, דִי שָׁעָה זָאל קַיין שָׁעָה נִיט זַיין, עֶס וֶועט נִגְזַר וֶוערֶען בַּיי דַיין בֵּית־דִין שֶׁל מַעְלָה, אַז מַיינֶע קִינְדֶער אָדֶער אֵיינִיקְלַאךְ זָאלֶען גֶעשְׁטְרָאפְט וֶוערֶען צוּלִיעב מִיר, בֶּעט אִיךְ דִיךְ, הַארְצִיגֶער פָאטֶער אִין הִימֶעל, אַז דוּ זָאלְסְט בֶּעסֶער מִיךְ שְׁטְרָאפֶען פַאר זֵייעֶר זִינְד אוּן זֵיי זָאל קַיין בֵּייזֶעס גֶעשֶׁעהֶן, אָמֵן וְאָמֵן.

# אַ נַייעֶ תְּחִנָּה פַאר אַן עֲגוּנָה וֶועמֶען דֶער מַאן הָאט פֶערְלָאזֶען.

**אַב** הָרַחֲמִים שׁוֹכֵן בַּמְרוֹמִים, דֶערְבַּארִימְדִיגֶער פָאטֶער וָואס רוּהְט אִין דִי הִימְלֶען. דַיינֶע אוֹיגֶען זַיינֶען דָאךְ שְׁטֶענְדִיג אָפֶען אוּן זֵי קוּקְסְט אוּן דוּ גִיבְּסְט אַכְטוּנְג אוֹיף אַלֶע דַיינֶע בֶּעשֶׁעפֶענִיסֶען אוּן מִכָּל־שֶׁכֵּן אוֹיפְ'ן מֶענְשֶׁען וָואס אִיז בֶּעשַׁאפֶען גֶעוָוארֶען אִין דַיין גֶע־שְׁטַאלְט, גִיב אוֹיךְ אַכְטוּנְג אוֹיף מִיר דַיין דִיענְסְט אוּן זֶעה מַיין פַּיין. הֶעלְף מִיךְ, גָאטֶענִיוּ, אִין מַיין נוֹיט אוּן טְהוּ נִיט אָפּ דַיין חֶסֶד פוּן מִיר, אַזוֹי וִוי דוּ טוּסְט נִיט אָפּ דַיין חֶסֶד פוּן אַלֶע דַיינֶע בְּרוּאִים. וְרַחֲמָיו עַל כָּל מַעֲשָׂיו, דַיין רַחֲמָנוּת אִיז אוֹיף אַלֶעם וָואס דוּ הָאסְט בֶּעשַׁאפֶען, הָאבּ־זְשֶׁע אוֹיף מִיר אוֹיךְ רַחֲמָנוּת אוּן פֶערְנֶעהְם מַיין תְּפִלָּה אוּן עֶנְטְפֶער מִיר וֶוען אִיךְ רוּף דִיךְ.

דוּ הָאסְט, רִבּוֹנוֹ שֶׁל עוֹלָם, אָנְגֶעזָאגְט אִין דַיין הֵיילִיגֶע תּוֹרָה

אַז מֶענְשֶׁען זָאלֶען תְּחוּנָה הָאבֶּען אוּן בְּרֵיינְגֶען דוֹרוֹת אוֹיף דֶר וֶועלְט. אִיךְ הָאבּ עֶרְפִּילְט דַיין הֵיילִיגֶען ווילֶען אוּן אִיךְ הָאבּ תְּחוּנָה גֶעהַאט כְּדַת משֶׁה וְיִשְׂרָאֵל אַזוֹי וִוי דוּ הָאסְט גֶעבָּאטֶען. מַיין זִיווּג אִיז אָבֶּער נִיט עוֹלֶה לְיָפֶה גֶעוֶועזֶען אוּן מַיין מַאן אִיז פוּן מִיר אַוֶועק אוּן מִיךְ אִיבֶּערְגֶעלָאזְט אַ לֶעבֶּעדִיגֶע אַלְמָנָה אָדֶער אַן עֲגוּנָה. אִיךְ וֵויים, גוּטֶער גָאט, אַז דוּ אַלֵיין בִּיזְט דֶער אֱמֶת'ער מְזַוֵוג זִיוּוּגִים, אַז אָהְן דַיין הֵיילִיגֶען ווילֶען וֶוערְט קֵיין שִׁידוּךְ גֶעשְׁלָאסֶען, אָבֶּער מִסְתָּמָא בִּין אִיךְ בַּיי דִיר נִיט וֶוערְטָה גֶעוֶועזֶען, מִסְתָּמָא הָאבֶּען מַיינֶע זִינְד גוֹרֵם גֶעוֶועזֶען אַז אִיךְ זָאל פֶערְלִירֶען דֶעם חֵן אִין מַיין מַאן'ס אוֹיגֶען אוּן עֶר זָאל מִיךְ אִיבֶּערְלָאזֶען אַן עֶלֶענְדֶע אוּן אַן אוּמְגְלִיקְלִיכֶע. אִיךְ בִּין אִיצְט אַזוֹי ווִי אַ צוּבְּרָאכֶענֶע שִׁיף אִין מִיטֶען יַם. אִיךְ הָאבּ נִיט צוּ וֶועמֶען צוּ קֶעהְרֶען זִיךְ אוּן וֶוענְדֶען זִיךְ. אִיךְ הָאבּ נִיט פַאר וֶועמֶען מַיין בִּיטֶער הַארְץ אוֹיסְצוּרֶעדֶען, נוּר פַאר דִיר אֵל טוֹב וְסַלָּח, גוּטֶער גָאט אוּן פֶערְגֶעבֶּער.

אַב הָרַחֲמִים וְהַסְלִיחוֹת, פָאטֶער פוּן עֶרְבַּארְמוּנְג אוּן פֶערְצַייהוּנְג. אֶפְּשַׁר הָאבּ אִיךְ פַאר דִיר עֶפֶּעס גֶעזִינְדִיגְט פַאר מַיין חֲתוּנָה, אֶפְשַׁר הָאבּ אִיךְ זִיךְ נָאךְ מַיין חֲתוּנָה נִיט אוֹיפְגֶעפִיהְרְט פִּינְקְטְלִיךְ וִוי אַ אִידִישֶׁע טָאכְטֶער דַארְף זִיךְ אוֹיפְפִיהְרֶען, אֶפְשַׁר הָאבּ אִיךְ נִיט רִיכְטִיג אָפְּגֶעהִיט דִי אַלֶע מִצְווֹת אוּן דִינִים וָואס דוּ הָאסְט אוּנְז פְרוֹיעֶן גֶעגֶעבֶּען, אֶפְשַׁר הָאבּ אִיךְ גֶעזִינְדִיגְט גֶעגֶען דִיר אוּן גֶעגֶען מַיין מַאן מִיט אַ בֵּייזֶע מַחֲשָׁבָה, חַס־וְשָׁלוֹם, אוּן דֶערְפַאר הָאסְטוּ מִיךְ גֶעשְׁטְרָאפְט, בֶּעט אִיךְ דִיךְ אֵל רַחוּם וְחַנוּן, הָאבּ רַחֲמָנוּת אוּן פֶערְגִיבּ מַיינֶע זִינְד אוּן קֶעהְר אוּם דָאס הַארְץ פוּן מַיין מַאן צוּרִיק צוּ מִיר. טָאמֶער הָאבּ אִיךְ גֶעגֶען אִיהם עֶפֶּעס פֶערְזִינְדִיגְט, טָאמֶער הָאבּ אִיךְ אִיהם נִיט גֶעהַאלְטֶען בְּכָבוֹד אַזוֹי וִוי אַ אִידִישֶׁע טָאכְטֶער דַארְף הַאלְטֶען אִיהר מַאן, מַאךְ אִיהם, רִבּוֹנוֹ שֶׁל עוֹלָם, פֶערְגֶעסֶען דִי עַוְלוֹת וָואס אִיךְ בִּין גֶעגֶען אִיהם בֶּעגַאנְגֶען אוּן זֶעה אַז אִיךְ זָאל צוּרִיק גֶעפִינֶען לַייטְזֶעלִיגְקֵייט אִין זַיינֶע אוֹיגֶען אַזוֹי ווִי אִיךְ הָאבּ גֶעהַאט

לייטזעליגקייט אין זיינע אויגען אין דעם טאג פון אונזער חופה. קעהר צוריק אום זיין ליעבשאפט צו מיר און זאל אויף אונז מקוים ווערען ווי עס שטעהט געשריבען אין דיין היילינגע תורה: „והיו לבשר אחד״, מאן און ווייב זאלען זיין אזוי ווי איין גוף, און נור שלום ושלוה זאל ביי אונז הערשען כל־זמן מיר וועלען לעבען.

אויב אימיצער איז שולדיג אין מיין אונגליק, אויב שלעכטע מענשען האבען מיין מאן אראפגעפיהרט פון דרך הישר, אויב בייזע צינגער האבען איהם אפגערעדט פון מיר, פערלאנג איך ניט חלילה אז דו, פאטער אין הימעל, זאלסט זיי דערפאר שטראפען. אבער איך בעט דיר, אז דו זאלסט אומקעהרען זייערע הערצער צו גוטען און זיי זאלען מיר מעהר ניט שטעהן אין וועג און ניט שטערען מיין מאן צו קומען צוריק צו מיר. שטארק, רבונו של עולם, זיין הארץ און די הערצער פון מיינע שונאים, אז זיי זאלען וועגען מיר קיינע שלעכטעס ניט דענקען און איך זאל אויסלעבען מיינע יאהרען מיט מיין מאן אין גליק און אין פריידען, אמן סלה.

# א נייע תחנה פיר אמעריקא ווען מען הערט שלעכטע בשורות פון דער אלטער היים.

רבונו של עולם, דו ביסט דאך א דין אמת און דו טהיסט משפטן די וועלט מיט גערעכטיגקייט. דו שטראפסט די זינדיגע פאר זייערע זינד און דו באצאהלסט מיט גוטעס צו דיא וואס טהוען דיין ווילען. קיין זאך געשעהט נישט אהן דיין היילינגען רצון און אי גוטעס אי שלעכטעס קומט פון דיין האנד, דעריבער האט אונז די גמרא הקדושה אנגעזאגט, אז מען דארף דאנקען און לויבען גאט פאר שלעכטעס אזוי ווי פאר גוטעס. אונזערע חכמים האבען אויך באשטימט דיא ברכה „ברוך דין אמת״ וואס מען דארף מאכען ווען מען הערט חלילה א שלעכטע בשורה. מיר הערען איצט דא אין

אַמֶעריקַא נִיט קַיין גוּטֶע בְּשׂוּרוֹת פוּן דֶער אַלְטֶער הֵיים אוּן אִיךְ גִיעבּ דִיר, רִבּוֹנוֹ שֶׁל עוֹלָם, אַ שֶׁבַח וְהוֹדָיָה. וַוייל דוּ בִּיזְט דָאךְ אַ שׁוֹפֵט צֶדֶק אוּן דוּא וֵוייסְט וָואס דוּא טְהוּסְט אוּן מֶען טְהָאר נִיט נָאכְקְלֶעהְרֶען נָאךְ דַיינֶע מִדוֹת:

**אָבֶער** אַב הָרַחֲמִים וְהַסְלִיחוֹת, אוֹיבּ זֵייעֶרֶע זִינְד דָארְט הָאבֶּען גוֹרֵם גֶעוֶועזֶען אַז דוּא זָאלְסְט זֵיי שְׁטְרָאפֶען, זָאלְסְטוּ זֵיי מוֹחֵל זַיין אוּן זֵיי מִשְׁפָּטְ'ן בְּחֶסֶד וּבְרַחֲמִים צוּלִיעבּ דֶעם זְכוּת פוּן אוּנְזֶערֶע אָבוֹת הַקְדוֹשִׁים, וֶועמֶעס נְשָׁמוֹת עֶס זַיינֶען שׁוֹין לַאנְג אוֹיסְגֶעלַייטֶערְט אוּן צוּלִיעבּ דֶעם זְכוּת פוּן דִיא צַדִיקִים אוּן חֲסִידִים פוּן אִיצְטִיגֶען דוֹר. אוֹיבּ וִויעדֶער זֵיי וֶוערֶען דָארְט גֶעשְׁטְרָאפְט פַאר אוּנְזֶערֶע זִינְד דָא אִין אַמֶעריקַא, בֶּעט אִיךְ דִיר גָאט, סְלַח לָנוּ, מְחַל לָנוּ, כַּפֶּר לָנוּ, פַארְגִיעבּ אוּנְז אוּן זֵיי אוּנְז מוֹחֵל אוּן זָאלֶען אוּנְשׁוּלְדִיגֶע נִיט לַייְדֶען פַאר אוּנְזֶערֶע חֲטָאִים. בַּאהִיט אוּן בַּאשִׁירְם, הַארְצִיגֶער פָאטֶער אִין הִימֶעל, מַיינֶע אֵייגֶענֶע קְרוֹבִים, בֶּעקַאנְטֶע אוּן כָּל יִשְׂרָאֵל, פוּן אַל דָאס בֵּייז. בַּאשִׁיץ דָארְט אַלֶעמֶען אוּנְטֶער דַיינֶע פְלִיגֶעל אוּן זָאלֶען זֵיי נִיט וִויסֶען פוּן קַיינֶע רְדִיפוֹת, פוּן גֵירוּשִׁים, פוּן הוּנְגֶער נוֹיטְה, פוּן קְרַאנְקְהַייט אוּן פוּן קֵיינֶע צָרוֹת. בַּאהִיט אוּן בַּאשִׁירְם אַלֶע אוּנְזֶערֶע שְׁוֶעסְטֶער אוּן בְּרִידֶער אוֹיף יֶענֶער זַייט יַם פוּן פָּאגְרָאמֶען, גֵירוּשִׁים, פֶערְפָאלְגוּנְגֶען, שְׂרֵפוֹת אוּן מַגֵפוֹת. גִיעבּ אַרַיין אִין דִיא הֶערְצֶער פוּן דִי מְלָכִים אוּן שָׂרִים אַ גֶעדַאנְק אַז זֵיי זָאלֶען זִיךְ בַּאגֶעהְן מִיט אִידִישֶׁע קִינְדֶער מִיט גוּטֶען אוּן טְהוּ אָפּ דִי שִׂנְאַת חִנָם פוּן פֶעלְקֶער צוּ אוּנְז. שְׁטֶעמְפֶּעל דַיין פָאלְק יִשְׂרָאֵל מִיט דַיין הֵיילִיגֶער חֲתִימָה אוּן זָאהְל אוֹיף אוּנְז אַלֶעמֶען מְקוּיָם וֶוערֶען דֶער פָּסוּק: „וְרָאוּ כִּי שֵׁם ה נִקְרָא עָלֶיךָ וְיִרְאוּ מִמֶךָ“ אוּן מִיר זָאלֶען נָאר הֶערֶען בְּשׂוּרוֹת טוֹבוֹת מֵעַתָּה וְעַד עוֹלָם:

# תְּחִנָּה פִיר אַ פְרוֹי וָואס זַאמֶעלְט צְדָקָה.

רִבּוֹנוֹ שֶׁל עוֹלָם, אַתָּה צִוִּיתָנוּ, דוּ הָאסְט אוּנְז פַארְזָאגְט אִין דַיין הֵיילִיגֶע תּוֹרָה: „פָּתֹחַ תִּפְתַּח" אוּן „נָתוֹן תִּתֵּן", דוּ זָאלְסְט עֶפֶענֶען דַיין הַאנְד אוּן דוּ זָאלְסְט גֶעבֶּען דֶעם אָרֶעמַ־מַאן וָואס אִיהְם פֶעהְלְט. צְדָקָה גֶעבֶּען, רַחֲמָנוּת הָאבֶּען אוֹיף אָרִימֶע אוּנְגְלִיקְלִיכֶע אִיז אֵיינֶע פוּן דַיינֶע הֵיילִיגֶע מִדּוֹת, וַוייל דוּ בִּיזְט דָאךְ אַ רַחוּם וְחַנּוּן אוּן דוּ הָאסְט רַחֲמָנוּת אוֹיף אַלֶע דַיינֶע בַּאשֶׁעפֶענִישׁ. דָאס וָואס דוּא שְׁטְרָאפְסְט אֵיינֶעם מִיט אָרֶעמְקַייט טְהוּסְט דוּ עֶס נִיט חַס וְשָׁלוֹם אוֹיס שְׁלֶעכְטְס, אוֹיס אַכְזָרִיּוּת, נָאר אוֹיס לִיעבְּשַׁאפְט, אַזוֹי וִוי אִין פָּסוּק שְׁטֶעהְט: „אֶת אֲשֶׁר יֶאֱהַב ה׳ יוֹכִיחַ", וָועמֶען גָאט הָאט לִיעבּ יֶענֶעם שְׁטְרָאפְט עֶר. אוּן דֶערִיבֶּער, וַוייל דוּא הָאסְט דֶעם אָרֶעמַאן לִיעבּ דַארְפֶען מִיר אִיהְם אוֹיךְ לִיעבּ הָאבֶּען אוּן אִיהְם הֶעלְ־פֶען אוּן שְׁטִיצֶען מִיט אַלֶע מֶעגְלִיכְקַייטֶען. צְדָקָה אִיז אֵיינֶע פוּן דִיא דְרַייא זַאכֶען, וָואס מַעֲבִירִין אֶת רוֹעַ הַגְּזֵרָה, וָוען עֶס וֶוערְט חַס וְחָלִילָה נִגְזַר אוֹיף אַ מֶענְשֶׁען שְׁלֶעכְטֶעס, קָאן עֶר זִיךְ אוֹיסְקוֹיפֶען מִיט צְדָקָה. דֶערִיבֶּער אֶפְשַׁר זַיינֶען שְׁטֶענְדִיג פַארַאן אָרִימֶע לַייט, אַזוֹי וִוי אִין פָּסוּק שְׁטֶעהְט: כִּי לֹא יֶחְדַּל אֶבְיוֹן מִקֶּרֶב הָאָרֶץ", כְּדֵי מְזַכֶּה זַיין אַנְדֶערֶע מִיט דֶער מִצְוָה פוּן צְדָקָה. אָבֶּער אַזוֹי וִוי נִיט אַלֶע זַיינֶען פַארְמֶעגְלִיךְ צוּ גֶעְ־בֶּען גֶענוּג צְדָקָה, אִיז זַאמְלֶען צְדָקָה, מַאכֶען אַנְדֶערֶע צוּ גֶעְ־בֶּען צְדָקָה אַזוֹי גוּט אוּן נָאךְ בֶּעסֶער וִויא אַלֵיין גֶעבֶּען, אַזוֹי וִוי דִי גְמָרָא הַקְּדוֹשָׁה זָאגְט: „גָּדוֹל הַמְעַשֶּׂה יוֹתֵר מִן הָעוֹשֶׂה", דֶער וָואס מַאכְט אִימִיצֶען צוּ טְהָאן אַ מִצְוָה אִיז נָאךְ גְרֶעסֶער וִויא דֶער וָואס טְהוּט אַלֵיין דִי מִצְוָה. אִיךְ, דַיין דִיעַנְסְט, וָואס

שטעהט יעצט פאר דיר, האב אויף זיך גענומען אזוי וויא א
נדר צו זאמלען צדקה און העלפען ארימע און נויטלײדענדע
און דו גאט ביזט מיין עדות, אז איך טהו דאס מיט'ן גאנצען
הארצען לשם מצוה און ניט לשם כבוד חס ושלום. בעט איך
דיך, האל הטוב והמטיב, אז דו זאלסט מיט מיר טהאן חסד
און שטארקען מיין הארץ, אז איך זאהל אויך אזוי וויא דוא,
שטענדיג זיין אליין גוט און טאן גוטעס מיט אנדערע. חזקני
ואמצני, שטארק מיך און פעסטיג מיך, אז איך זאל זיך קאָ־
נען עוסק זיין אין דיזער מצוה כל זמן איך וועל לעבען:

**הנני** מפלת תחנתי לפניך, איך מאך פאלען מיין געבעט פאר
דיר, הארציגער פאטער אין הימעל, אז דיינער א גוּ־
טער מלאך זאל מיך באגלייטען, ווען איך געה זאמלען צדקה
און איך זאהל נישט קומען צו אזעלכע מענשען, וואס האבען
ניט צוא געבען און זיי זאלען דורך מיר פארשעהמט ווערען.
אויך בעט איך דיך, רבונו של עולם, אז עס זאהל אויף מיר
ניט פאלען קיין חשד, אז איך פעלש מיין הייליגע שליחות און
וואו איך וועל קומען זאל מען מיך אויפנעהמען בסבר פנים
יפות, אהן שום פארדאכט און אהן שום ספק, אז איך טהו
מיין ארבייט באמונה. שמרני והצלני, היט מיך און באשירם
מיך, אז איך זאל חס וחלילה דורך א טעות מיסברויכען דיא
צדקה־געלד און העלף מיר אויך, אז די מקבלי צדקה זאלען
דורך מיר ניט פארשעהמט ווערען. זאל, גוטער גאט, אויף
מיר מקוים ווערען דער פסוק: „והיה מעשה הצדקה שלום"
און אלעם וואס איך וועל טהאן אין דעם ענין פון צדקה, זאל
איך טהאן בלב שלם, מיט א גאנצע הארץ און ריינעם געווי־
סען. ברוך אתה, אוהב צדקה ומשפט: